ש. ד. זינגער

# דיכטער און פּראָזאַיקער

עסייען

וועגן שרייבער און ביכער

אַרויסגעגעבן פון
בילדונגס־אָפּטיילונג פון אַרבעטער־רינג
175 איסט־בראָדוויי, ניו־יאָרק
1959 — תשי״ט

S. D. SINGER

# POETS, NOVELISTS and CRITICS

## Essays



שער־בלאַט צייכענונג : ח. קיעל

הויפט־פאַרקויף : „ציקאָ״־פאַרלאַג

Published by the Workmen's Circle Educational Department

Printed by Futuro Press, Inc.
476 Broadway, New York 13, N. Y.


200

איך וויל אויסדריקן מיין האַרציקסטן דאַנק דעם אַרבעטער־רינג בילדונגס־קאָמיטעט; דעם בוך־קאָמיטעט: די פריינד ז. יעפּרויקין, ב. כאַנין, לואיס סיגאַל, ד. ניסנעוויץ און י. מלאָטעק, דעם סעקרעטאַר פונעם קאָמיטעט; די פריינד פּ. ל. גאָלדמאַן, יהודה טיבערג, יחיאל גרין, תנחום בערנשטיין און ר. פּעדערמאַן — אַלעמען מיין דאַנק פאַר דער פריינדשאַפט און הילף — ביים אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

אַ באַזונדערן האַרציקן דאַנק דעם בוך־קאָמיטעט און די פאַרוואַלטער פון דער ברייטאָן אַרבעטער־רינג־שול — די ערשטע איניציאַטאָרס אַרויסצוגעבן מיין בוך.

**ש. ד. זינגער,**

ברוקלין, מערץ, 1959

# אינהאַלט:

זייט


I

| | |
|---|---|
| א. ליעסין | 9 |
| ה. רויזענבלאַט | 14 |
| ה. לייוויק | 19 |
| מ. ל. האַלפּערן | 33 |
| א. מ. דילאָן | 40 |
| זישאָ לאַנדוי | 43 |
| מאַני לייב | 50 |

II

| | |
|---|---|
| משה נאַדיר | 57 |
| יעקב גלאַטשטיין | 67 |
| י. י. סיגאַל | 84 |
| אפרים אויערבאַך | 97 |
| ב. י. ביאַלאָסטאָצקי | 105 |
| אליעזר גרינבערג | 109 |
| א. טאַבאַטשניק | 113 |
| בעריש ווײַנשטיין | 122 |
| א. סוצקעווער | 129 |

III

| | |
|---|---|
| יונה ראָזענפעלד | 139 |
| ברוך גלאַזמאַן | 145 |
| דניאל טשאַרני | 153 |
| י. י. טרונק | 159 |
| יצחק באַשעוויס | 179 |
| די כתבים פון חיים קרול | 194 |

זייט


| | |
|---|---|
| י. מעצקער | 199 |
| ח. אַיאַלטי | 204 |
| נ. סיגאַלאָווסקי | 212 |
| חיים פעט | 217 |
| משה דלוזשנאָווסקי | 224 |
| ב. אַלקוויט | 230 |


IV


| | |
|---|---|
| דוד בערגעלסאָן | 239 |
| משה קולבאַק | 246 |
| ש. שאַיעוויטש | 251 |


V


| | |
|---|---|
| ש. ניגער | 263 |
| דר. א. מוקדוני | 279 |
| דר. א. קאָראַלניק | 284 |
| ב. ריווקין | 291 |
| הלל ראָגאָף | 295 |
| נח שטיינבערג | 299 |
| שלמה ביקל | 303 |
| יעקב פאַט | 313 |
| י. ראַפּאָפּאָרט | 318 |
| י. פריילין | 325 |
| פרץ און די יידישע שול | 332 |

# אברהם ליעסין

אַז מען לייענט איצט ליעסינס לידער, נאָך יאָרן נישט לייענען, ווערט דער דיכטער, וואָס האָט געלעבט און געשאַפן אין איזאָלירטער אײנזאַמ־קייט — דעם היינטיקן יידישן לייענער באַזונדערס נאָענט. און נאָענט ווערט ליעסין אונדז מיט דעם טיפן תוכן פון זיינע לידער, און דער עיקר: מיט זיין אַרויסהויבן און באַזינגען געשטאַלטן פון דער יידישער געשיכטע, פון דער נאָענטער און ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

עס זיינען אפשר גערעכט די, וואָס זאָגן אַז מען דאַרף גוט זוכן פאָרם־דערגרייכונגען אין ליעסינס פּאָעטישער ירושה. אָבער ליעסינס דיכטונג פאַרדינט אַן אַנדער צוגאַנג. אַוודאי הערט מען זיך ניט אויף צו חידושן און זיך פרעגן: ווי קומט עס? יאָרן לאַנג איז ליעסין געווען אַ רעדאַקטאָר פון אַ זשורנאַל („די צוקונפט״), דורך וועמענס הענט עס זיינען דורכגעגאַנגען אַ וועלט מיט לידער, פון עלטערע און יינגערע דיכטער, אָבער אין ליעסינס דיכטונג זיינען פאַראַן ווינציק שפּורן פון די פאָרם־שייכותן, פון דער נייער יידישער פּאָעזיע, וואָס מיר געפינען עס יאָ ביי די דיכטער פון זיין צייט. אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער מאָס, ביי ראָזענפעלדן, ביי רייזענען, און מער נאָך ביי יהואָשן. צוריק־געשמועסט אָבער קען מען אין דעם זען דאָס דורכאויס־אייגענע אין ליעסינס ליד. מ׳קען געפינען ביי אים אַ סך איינפלוסן. דער תנך און די רוסיש־קלאַסישע דיכטונג האָבן טיף געווירקט אויף אים. אָבער ליעסין האָט דאָך באַוויזן אַרומצוצוימען זיין ליד, צו איזאָלירן זיך פון זיינע אייגענע צייט־חברים, און במילא אויך פון דעם יינגערן דור דיכטער.

ליעסין ווירקט אויף אונדז מיט דעם טיף־יידישן טאָן און מיט דעם פּאָעטישן פּירוש, וואָס ער גיט בעתן שילדערן תקופות און געשטאַלטן פון דעם לאַנגן יידישן גלות. די קידוש־השם מאָטיוון ליעסינס ווירקן אויף אונדז מיט זייער עקזאַלטירטן און שווער־אומעטיקן ניגון, וואָס זינגט אין זיי. מען פאַרגעסט, בעתן לייענען ליעסינען, דעם ענין אַלט

און ניי. מיר האָבן דאָס געפיל, אַז דווקא ער, דער ניט צופיל פּאָפּו־לערער דיכטער, האָט דווקא דעם מזל באַשיצט צו ווערן פון פאַרגעסנקייט... די צייט שאַצט איבער און לויפט פאַרביי ליטעראַרישע קאַפּריזן פון איין דור און אַ צווייטן. ליעסינס לידער פון אמונה און מסירת־נפש וועלן אים ביישטיין... אַן אָפּקלייב פון זיינע פּאָעטישע ווערק, סיי די וואָס ער האָט געשריבן אין די ערשטע יאָרן פון זיין שאַפן, סיי די, — נאָך דער לאַנגער טראַגישער הפסקה פון זיין איינזאַמען שוויגן, — וועלן ערשט אַנטפּלעקן דאָס אייביק־תוכיקע אין זיין פּאָעטישער ירושה...

* * *

ליעסין האָט גלייך ביים אָנהייב זיינעם זיך געשטעלט אין דינסט, עכט־יידישלעך און תכליתדיק, דעם אַלט־יידישן טרוים פון אַ וועלט־דערלייזונג וואָס וועט אויך צוגלייך אויפריכטן זיין אייגן פאָלק. אין די איבער „פערציק יאָר מדבר", דאָ הי, און אין די יאָרן אויף יענער זייט ים, האָט ער מיט אַ מין אַסקעטישער עקשנות דערשטיקט אין זיך זיינע אייגענע ליידן, און ווי אַן עכטער מוסרניק, האָט ער מפקיר געווען דעם אייגענעם „איך" פאַרן כלל, און רק געבעטן:

„אַ, גיב, איך זאָל זיין פאַר מיין אומה
אַ שטראַלכלעכע כאָטש פונעם שיין,
וואָס זאָל מיר פאַרטרייבן די כמאַרע
פון טויזנטער יאָרן פון פּיין..."

אין אַ ליד וועגן אַ העלד וואָס שמאַכט אין ווייטן סיביר, פאַרזעט אָבער ליעסין אויך ניט די שיינקייט פון וואָרט. אמת, אים ליגט תמיד אין זינען מער דער תוך פון ליד, און דאָס וואָרט איז אָפט ביי אים אַ טפל. דאָך זיינען ליעסינס ערשטע לידער פריי פון דייטשמעריזמען. און די גראַמען זיינע קלינגען עכט, און לחלוטין ניט פאַרעלטערט. אין דעם ליד „אויפן ווייטן צפון", געשריבן אין יאָר 1896, באַמיט זיך דער דיכטער, אַז די פאָרם זאָל זיין דורכויס יידיש. דעם רוסיש־רעוואָלוציאָנערן מאָטיוו פון דעם „שטאַרבנדיקן העלד" זינגט ער איבער אין אַ יידיש וואָס קלינגט ממש ווי אַ היינטיק ליד. מען קען זיך גאַנץ גרינג פאָרשטעלן, אַז אין ווייטן, קאַלטן צפון איז דער דאָזיקער העלד ליעסינס אַ ייד, אַ פּליט, אין סאָוועטישן „גן־עדן". אין דער „קליינינקער יורטאַ" וואוינט גאָר

איינער פון די היינטיקע פאַרשיקטע יידן, און ניט אין דעם אַמאָליקן צאַ־ רישן, נאָר אין איצטיק־סאָוועטישן סיביר:

„אין לאַנד וואו עס קייקלט די לענאַ,
אין מעכטיקן וואַסער דעם קאַלטן
דאָרט שטייט זיך אַ קליינינקע יורטאַ
אין אייביקע שנייען באַהאַלטן...״

אין דעם לעצטן ליד וואָס ליעסין האָט געשריבן, אַ פּאָר טעג איידער ער אַליין איז אַוועק פון אונדז, אויפן טויט פון ב. וולאַדעק, קלינגט ווי אַ רעפריין צו יענעם ליד פון דעם אײַנזאַמען העלד. אויך אין דעם וולאַדעק־ ליד דערציילט אונדז דער דיכטער פון דעם אידעאַליסט, וואָס „קלייבט אויס פרייוויליק די שקלאַפהייט״, און איז גרייט צו ברענגען זיך אַליין פאַר אַ קרבן, אַבי צו דינען די אומה, דאָס פאָלק אין זיין נויט:

„ער האָט די שקלאַפהייט פרייוויליק אויסגעקליבן,
זיך צוגעשמידט צום האַרטן דינסט נאָך יונגערהייט
און ריטערלעך און מיט אַ שמייכל, מיט אַ ליבן,
אַ לעבן האָט ער אָפּגעטראָגן שווער די קייט
און אַלץ געוּרודערט נאָכאַנאַנד
צו ערגעץ אַ פאַרשפּראָכן לאַנד...״

ליעסינס לידער קומען זיך צונויף. זיי פאַרמאָגן אַ זעלטענע שלמות. ביים שוועל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט הויבט ער אָן, דער דיכטער, צו שרייבן אַ ליד וועגן אַ בויסקער שמיד. און ווי ער דערציילט אונדז אַליין, איז ער טיף באַווירקט געוואָרן פון דער טראַגישער מעשה וועגן „אַ בויסקער שמיד, וואָס האָט געשמידט געווער פאַרן זעלבסטשוץ, און איז ביים אונטערדריקן פון אויפשטאַנד אין די באַלטישע פּראָווינצן, פון די קאָזאַקן דערשאָסן געוואָרן...״ דאָס דאָזיקע ליד ווערט פונעם דיכטער ערשט פאַרענדיקט מיט יאָרן שפּעטער, נאָך אַן הפסקה פון איבער דריי צענדליק יאָרן. דער מאַרטירער־טויט פונעם בויסקער שמידט גייט דעם פּאָעט ניט אַרויס פון זכרון, פּונקט ווי עס גייט אים טיף אָן, און עס מאַטערן אים די אַלע אומגעקומענע גרויסע יידישע העלדן און קדושים, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייער נפש פאַר זייער גלויבן. צי דאָס איז רבי עקיבא אין אַמאָליקן ארץ־ישראל, צי הירש לעקערט אין דעם

צאַרישן ווילנע. ער, דער מוסר־נפש, איז דעם דיכטערס ליבלינג, זיין ריטער:

„אין שוואַרצן קוזשנע־הויז
ביים רויטן האָרנע שיין
דאָרט שטייגט מיין העלד אַרויס,
מיין ריטער ליב און פיין...״

דאָס יאָר 1938 ווען דער דיכטער אברהם ליעסין האָט אויף אייביק זיך געשיידט מיט דער וועלט, איז געווען אַ יאָר פון פחד, פון אַ פינצטערן „ערב״, וואָס האָט אָנגעזאָגט ניט קיין גוטס. אין יענעם יאָר, און אויך פריער, האָט ליעסין פאָראויסגעזען דאָס גרויסע אומגליק, וואָס רוקט זיך אָן אויף דער וועלט און פון וועלכן יידן וועלן ליידן מער פון אַלעמען. מען דאַרף בלויז אַ בלעטער־טאָן די יאָר־גענג פון זשורנאַל „צוקונפט״, פון די אָנהויב דרייסיקער יאָרן, און לייענען די „עדיטאָריעלס״, די פּראָזע ליעסינס, וואָס פאַרדינט, ניט ווינציקער פון זיינע לידער, אַ באַזונדערע שטודיע. ליעסינס פּראָזע, די פּאָר קאַפּיטלעך זכרונות וואָס ער האָט נאָך באַוויזן אָנצושרייבן, איז ניט בלויז דער אייגענער פּירוש צו זיינע לידער, זי איז אַליין דיכטונג. אין איר געפינען מיר די וויזיע פונעם פּאָעט. שרייבנדיק וועגן באַשטימטע צייט־געשעענישן, לויכטן אויף, אין די נעכט, די חזיונות פון אַ ווייט־זעעוודיקן.

* * *

ביים לייענען די דריי בענד „לידער און פּאָעמען״ הערט מען אויפדאָסניי די געהיימע שטים וואָס רופט אין די „ווילנער פאַרנאַכטן״, דאָס קול וואָס וועקט און טרייבט יונגע זעכצן־יאָריקע עילוישע בחורימלעך צו פאַרלאָזן דעם ווילנער גאונס קלויז, און אַרויס אין די אָרעמע געסלעך אָנצוזאָגן, צו זיין די מבשרים פון אַ נייער צייט. און ווער זיינען די אָנזאָגערס פון דער גאולה?:

„קינדער פון געטאָ, אין געטאָ אַליין,
יידן־שטויב, חוכא און טלולא,
לעצטע פון לעצטע, אין שקלאַפן המון
זיינען די ערשטע אין גאולה...״

דעם איבערגאַנג זיינעם פון קלויז צום רעוואָלוציאָנערן קרייז גיט ליעסין איבער אין דער סעריע אויטאָביאָגראַפישע לידער. די השפעה

פון סלאָבאָדקע און וואָלאָזשין איז אין ליעסינען קענטיקער ווי די פרעמדע רוסישע השפעה. אין זיינע סאָציאַלע מאָטיוון בלייבט ער דורכאויס יידיש־נאַציאָנאַל. ער נעמט מיט זיך מיט די ווענט פון קלויז און מוסר־שטיבל. אַ מוסרניק בלייבט ער אויך דאַן, ווען אָנשטאָט דעם „ראשית חכמה", הויבט ער אָן לייענען „מאַרטאָווס בריוו":

„איז דאָך קיין ענדערונגען אין מיר ניט פאָרגעקומען,
איך האָב אַן אַנדער מוסר־ספר נאָר גענומען,
אָנשטאָט דעם ׳ראשית חכמה׳, לעז איך מאַרטאָווס בריוו.
און ווידער גריבל איך זיך אומרואיק און טיף,
און מיטן זעלבן סומנעם מוסרדיקן ברומען,
און מיטן זעלבן מתים־ליכט מאָטיוו..."

אמתע דיכטונג דריקט תמיד אויס געפילן און שטימונגען פון כלל. און לידער וואָס ריידן צום געמיט פון טויזנטער אין איין תקופה, האָבן אין זיך דעם קינסטלערישן כוח צו ריידן אויך צו דורות שפּעטער. און ליעסינס לידער, די מער געלייטערטע, די סעריעס די „פּיאָנערן" און „די לידער פון רוסלאַנד" פאַרמאָגן אין זיך יענעם פּאַטאָס, די גליאיקע עקשנות און גלויבן, און יענעם אָטעם פון לעבן, וואָס נאָר אמתע דיכטער פאַרמאָגן.
(1948)

# ה. רויזענבלאַט

ה. רויזענבלאַט האָט אונדז תמיד פאַראינטערעסירט מיט זיין מיטגיין מיטן יידישן ליד, מיט זיין כסדרדיקן זיך איינהערן צו די יינגערע דיכטער וואָס זיינען געקומען נאָך אים. בדרך כלל טרעפט אַזוינס גאָר זעלטן. ס'רוב עלטערע פּאָעטן בלייבן פאַרעקשנט ביי זייער אַנהייב, ביי זייער נוסח, אין וועלכן זיי האַלטן זיך ס'גאַנצע לעבן, מ'זאָל זיי, חלילה, נישט פאַרבייטן אויף עמעצן אַנדערש. אַזוי איז א. ליעסין פאַרבליבן ביי זיין ליטוויש־לומדישן נוסח. אברהם רייזענס לעצטע לידער, טראָגן אין זיך דעם זעלביקן שפּראַכלעכן לבוש פון זיינע ערשטע לידער, מיטן ליטוויש־חכמהדיקן זאָג און מוסר־השכל, ווי אין זיין אַנהייב. איין י. ל. פּרץ האָט געהאַט דעם גרויסן כוח כסדר זיך צו באַניייען, צו עקספּערימענטירן אין דער פּראָזע, אין די ראָמאַנסן און באַלאַדעס. פּרץ האָט, ווי אַ טייל דיכטער, אָפּט געבאָרגט מאָטיוון פון אַנדערע. ער האָט אָבער באַוויזן, אַפילו די פרעמדסטע מאָטיוון צו פאַרהיימישן, אויף אַן אייגענעם אופן, אין זיין אייגן יידיש־פּוילישן לשון.

ה. רויזענבלאַט האָט אונדז אָפּט דערמאָנט אין יהואשן. אויך יהואש האָט באַוויזן יונג צו ווערן אין ליד ערשט אין די רייפע יאָרן פון זיין לעבן. ער האָט אַפילו באַוויזן פאַרויסצולויפן די מאָדערנע שבמאָדערנע. יהואש איז אָפּט געווען אַ מוסטער, מיט זיין חכמה, מיט זיין „ווייזהייט" אין פרייען פערז, פאַר די יינגערע דיכטער, וואָס האָבן אין אים געזען זייער רבין.

אין זיין מיטגיין און אין זיין איינהערן זיך צום נייעם יידישן ליד האָט רויזעבלאַט באַוויזן וויפל כוח יידיש פאַרמאָגט, אַפילו דאָ הי, אויף דעם שטיינערנעם באָדן פון אונדזער יידישער אַמעריקע. לאָמיר געדענקען, אַז רויזבלאַט איז אַהער געקומען אַ ייִנגל פון צוועלף יאָר. און דאָך האָט ער באַוויזן אויפצוהיטן אין זיך זיין היימישן אוקראַאינער יידיש, ווי זעלטן ווער זיינס גלייכן. דערביי איז אויך גרינג צו דערקענען אין רויזענבלאַטס לידער די ענדערונג, די שפּראַכלעכע שינויים, און דעם גאַנג

צו פשטות בכלל, אין דער יידישער פּאָעזיע פאַר די לעצטע דריי־פיר צענדליג יאָר.

עס זיינען טיף געלעגן באַהאַלטן אין דעם דיכטערס זכרון זכרונות און בילדער. מיט זיין כסדרדיגן זיך צופּאַסן, מיט זיין וואַכן געהער האָט רויזענבלאַט אויפגעכאַפּט די נייע קלאַנגען פון יידישן ליד און פון אַלט־נייע יידישע אידיאָמען. ער האָט תחילת נישט געוואָגט די דאָזיגע יוגנט־לעכע זכרונות צו געשטאַלטיקן. עס איז געווען אַן ענין פון יאָ מעגן — אָדער נישט.. נאָר ווי באַלד דער יינגערער דור דיכטער האָט מיט אַזאַ שטיפערישער לייכטקייט געזונגען כמעט זיינע מאָטיוון; ווי באַלד עס איז געוואָרן אין דער מאָדע צוריקצוגיין צו די קינדער־יאָרן און צום אייגענעם קוואַל פון יידישן פאָלקסליד, האָט דער אַלטער געפּאָלגט די יונגע פרייע אייניקלעך, און אויף דאָס ניי זיך דערמאָנט אין די אייגענע דמיונות און האַלב־פאַרגעסענע שטימונגען:

„אַ, גאָט מיין האַר, צינד אָן אַ ליכט אין מיין זכרון,
און פיר מיר צוריק צום שאָטנלאַנד פון יאָרן".

די דאָזיגע תפילה איז דעם דיכטער אויף אַן אמת דערהערט געוואָרן ערשט אויף די עלטערע יאָרן...

אין דעם לידער־בוך „אָדמס קינדער" דערקענט מען באַזונדער אָט דעם אויפגעוואַכטן פּאָעטישן כוח ביי דעם עלטערן ה. רויזענבלאַט, וואָס איז, קען מען זאָגן, אינספּירירט געוואָרן פון דעם יונגן איציק מאַנגערן — אים צו לענגערע יאָרן — און זיינע „חומש־לידער". אַוודאי זיינען רויזענ־בלאַטס חומש־מאָטיוון היפּש אַנדערש פון מאַנגערס זינגענדיק־שטיפערישע און באַנייטע, הויך־קינסטלערישע, חומש־מעשיות. אָבער אויך אין רויזענ־בלאַטס „אָדמס קינדער" לעבן אויף די היימישע לאַנדשאַפטן פון דעם יידיש־אוקראַאינער שטעטל, אין גלות, — ווי ביי מאַנגערן — די רומענישע, און די חומש־געשטאַלטן ווערן אונדז אויך דאָ נאָענט און היימיש:

„און נאַכט אויף נאַכט, האָט זיך אברהם אַ טריבער איינגעהערט
צום זיפצן פון דעם גראָז אין פעלד פאַר שרהס הייל,
צום שטילן קלאָגן פון די ביימער און דעם ווינט,
צום טרויער פון זיין אייגן האַרץ, וואָס שפּינט
דעם גרויען פּאָדעם פון זיין לעצטער שעה,
און צו דער איינזאַמקייט, וואָס האָט צו אים גערעדט
און אים דערמאָנט אַז שרה איז ניטאָ"...

אויך ביי רויזענבלאַטן קומט דער זיידע אַברהם אונדז פֿאָר ווי אַ היימישער ייד, אַן אַלמן, וואָס מיר געדענקען פֿון אונדזער היימיש־יידישן שטעטל אין פּוילן...

דער זקן הדיכטער ה. רויזענבלאַט האָט באַוויזן רייף צו ווערן אין ליד דווקא „אין שענסטן טאָג פֿון האַרבסט", ווי עס הייסט דאָס לעצטע און רייפֿסטע בוך לידער זײַנס. דאָס דאָזיקע האַרבסט־בוך פֿאַרמאָגט דעם פֿרישן לעבעדיקן אַטעם פֿון פֿרילינג. און „לאָוו כל אדם זוכה". נישט יעדערער פֿון די עלטערע דיכטער ביי אונדז, און נישט נאָר ביי אונדז, האָבן זוכה געווען אויף דער עלטער זיך צו באַנייען און יונג צו ווערן אין ליד ווי ה. רויזענבלאַט, ע"ה.

מיר האָבן אים געגלויבט ווען ער האָט אונדז דערציילט פֿון זײַנע שטרויכלונגען, פֿון די „מאָגערע זאַנגען" פֿון זײַנע לידער אַמאָל, אין די יינגערע יאָרן:

„איך האָב געאַקערט און פֿאַרזייט
די ערשטע לידער מײַנע.
די זריעה האָב איך מיטגעבראַכט
מיט זיך פֿון אוקראַינע;

די ערשטע לידער זײַנען פֿרי
אין פֿרילינג אויפֿגעגאַנגען,
נאָר זאַמדיק איז געווען די ערד,
און מאָגער מײַנע זאַנגען".

אין תוך גייט דורך דעם דאָזיקן שווערן וועג, צום לויטערן ביסל אייגנס, יעדער שעפֿערישער יחיד. אויך דער וואָס איז געבענטשט מיט טאַלאַנט מוז זיך ראַנגלען מיט זײַן מלאך, ווי אַמאָל אונדזער פֿאָטער יעקב ביים טייך יבוק, ביז ער קומט ביי די ראַנגלענישן, ביז דאָס וואָרט פֿאָלגט אים און ווערט אייגן, ווערט דעם שרייבערס אייגענער נוסח.

די ענדערונגען צום גוטן אין רויזענבלאַטס לידער זײַנען געקומען מדרגהווייז. נאָך די סענטימענטאַלע ראָמאַנסן, געשריבן אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט רויזענבלאַט שפּעטער אָנגעהויבן חוץ זינגען — אויך דערציילן; נישט אין פּראָזע, נאָר אין ברייטע עפּישע שורות. און דערציילט האָט ער פֿון זײַן אייגן לעבן דאָ אין דער נייער וועלט. צו י. י.

שוואַרצס "קענטאָקי", וואָס דערציילט פון אַ נייעם יידיש־אַמעריקאַנער „אלה־תולדות", פון אַ ייד דזשאָשואַ און זיינע הויז־געזינדן: צו ראַבאָיס יידישע היגע פרעירי־מעשיות, פון דער ווייטער וועסט, איז דורך רויזענ־בלאַטס אויטאָביאָגראַפישע פּאָעמעס געשטאַלטיקט געוואָרן דער אַמאָלי־קער, יידישער אימיגראַנטן־דור פון בראָנזוויל, און דער צווייטער דור נאָך אים, וואָס איז געוואָרן אַ תושב אין די שטעט און שטעטלעך ביים פּאַסיפישן ברעג, אין דער זוניקער קאַליפאָרניע. דאָך, צוזאַמען מיט דער היגער לאַנדשאַפט, איז אויפגעגאַנגען אין אים די אַמאָליקע היים פון זיינע קינדער־יאָרן:

„עס איז ניט שייך געדענקען דאָס, וואָס דו האָסט פאַרגעסן,
וואָס ליכטיקער, עס איז דער שניי, אַלץ גרינער די ציפּרעסן,
וואָס ווייטער איך דערווייטער זיך פון מיינע קינדער־יאָרן,
אַלץ גרינער, גרינער ווערן זיי ביי מיר אין זכרון"...

דאָס יינגל חיימל איז, צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמע און דער משפחה, אַנטלאָפן פון אוקראַאינע, אין פחד פון די פּאָגראָמען, אין די אַכציקער יאָרן. דאָך קען דער דיכטער די היים זיינע נישט פאַרגעסן:

„איך וועל דיך קיין מאָל ניט פאַרגעסן,
כאָטש דו ביסט מיר אַ שטיפמאַמע געווען,
מיין גרויסע, רייפע, אוקראַאינער ערד"...

אָדער:

„איך בין דיין זון, דעם מילנערס זון,
און פראָסט ווי דו און דיינע,
מיין לשון ברייט — פּאַדאָליער סטעפּ,
און פשוט ווי אוקראַאינע".

און אַזוי דערמאָנענדיק זיך איז ה. רויזענבלאַט דערגאַנגען צום סאַמע אורשפרונג פון וואָרט, און צו אַ פשטות אין ליד וואָס וועט בלייבן לדורות אין דער יידישער פּאָעזיע:

„איך האָב אַליין זיך אין אַ וואָרט,
פאַרשלאָסן און פאַרריגלט,
און וועל לדורות בלייבן דאָרט
אַ שטומער סוד פאַרזיגלט".

ה. רויזענבלאַט האָט תחילת גאַרנישט געוואָלט מרעיש־עולם־זיין מיט זיין ליד, נישט לערנען און נישט אויסבעסערן די וועלט, ווי די מאָדע איז דעמאָלט געווען, אין די סוף נײַנציקער און אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דערפאַר האָבן אים די קריטיקער דעמאָלט נישט געשענקט צופיל ליבע. אַזאַ איז שוין דאָס מזל פון די דיכטער, וואָס באַווייזן זיך אפשר צו פרי אין די יאָרן ווען אין תקופה געזעגנט זיך מיט דער צווייטער. די ייִנגערע דיכטערס, די פון איראָפּע איינגעוואַנדערטע מיט די איינפלוסן פון דער דײַטשישער און רוסישער פּאָעזיע, — זיי איז דער אַמעריקאַנער רויזענבלאַט געווען פרעמד. די השפעה פון דער ענג־לישער און אַמעריקאַנער דיכטונג, וואָס מ׳האָט שטאַרק געפילט אין רויזעבלאַטס ערשטע לידער, האָבן די „יונגע״ דעמאָלט געהאַלטן פאַר אַ חסרון. ערשט שפּעטער איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אויך אין דעם פּרט. סײַ־ווי — מיט דער אויטאָביאָגראַפישע, היימישע זכרונות האָט רויזענבלאַט געעפנט פאַר זיך דעם וועג צו אַלע לייענער. מ׳האָט זיך דערמאָנט, אַז אין תוך איז ער אַלע יאָרן געווען דער שטילער, ראָמאַנטישער דיכטער, דער וואָס זעט אין אַלץ דאָס גוטע און שיינע, און מ׳איז אים מוחל געווען די באַפליגלטע, סענטימענטאַלע ראָמאַנסן פון דעם שפּאַנען „אויף אַ וועג אַ שטילן און אַן איינזאַמען״, כאָטש די צייט איז דעמאָלט גאַרנישט געווען אַזאַ שטילע...

שפּאַנען אַליין, פון קיינעם נישט געמוטיקט, נישט פון זיינע צייט־קאָלעגן, און ווינציקער נאָך פון די ייִנגערע — דאָס איז געווען דער ביטערער גורל פון דעם דיכטער. אָבער ה. רויזענבלאַט האָט דאָך באַוויזן, אין זיין איינזאַמען שפּאַנען און בלאָנדזשען, צו דערגיין צו אַזאַ שלמות אין ליד וואָס נישט אַלע דיכטערס זיינען זוכה.

# ה. לייוויק

### א.

דער פּאָעט און דראַמאַטורג — גורלדיק־גאַנץ און טיף פאַרבונדן איז אַלץ וואָס ה. לייוויק האָט געשריבן. סיי דאָס ליד זיינס, סיי די רייד פון די פיל צאָליקע געשטאַלטן אין זיינע דראַמאַטישע ווערק, פאַרמאָגן אין זיך אַ זעלטענע שלמות. דאָס איז צו באַוואונדערן. ווייל קרוב צו פיר צענדליק יאָר איז שוין ווי ה. לייוויק איז שעפעריש־רייך און פּראָדוקטיוו ווי אַ פּאָעט און דראַמע־שרייבער. און דאָך ליגט אויף אַלץ וואָס ער האָט געשריבן דער חותם פון יענער שלמות וואָס פאַרוואַנדלט דאָס וואָרט זיינס אין אַ העכערער פּאָעטישער שליחות.

ה. לייוויק איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור עפּעס אַנזאָגן, פרעגן און אָפּפרעגן.

אַפילו די אויטאָביאָגראַפישע לידער לייוויקס פאַרמאָגן דעם גרויסן כח זיך צו פאַרוואַנדלען אין אויסדערוויילטע רייד. אַן אומפאַרשטענדלעכע קראַפט, ווי ביט פון דאַנען, פילט אַן דאָס וואָרט זיינס, שטאַרקט און קרעפטיקט עס. לייוויקס לידער זיינען, דאָס רוב, נישט בלויז לידער פשוטו כמשמעו. זיי זיינען צוגלייך אַנטפּלעקעריש אין זייער תוך. פון דעם נעמט זיך וואָס קריטיקערס פאַלן אָפט אַריין געצוואונגענערהייט אין סתרי תורה. נישט וואָס זיי טרייבן איבער. ניין. אויפן וועג צו קלאָרקייט גייט דער לייענער מיט מיטן דיכטער דורך אַלע זיינע טראַנספאָרמאַציעס, ראַנגלעניש און ספקות. ער, דער לייוויק־לייענער, זעט אויך, צו זיין גרויסער פרייד, דעם וואונדערלעכן נצחון פון דעם פּאָעטס כסדרדיקן זיך געפינען, מען הערט, אַ שטייגער, ווי אין דעם ליד „אייביק״, פון אַ שטענדיקן שטייגן און פאַלן; פון ליגן „ווי אַ דאָרן פאַרדרייט״, אָדער פון דעם פאַר־

גלייכן זיך צו אַן אַקער אַ שאַרפן וואָס גראָבט דורך די ערד... פול מיט פּיין אָבער אויך מיט ניט ווינציקער פרייד איז די דאָזיקע בילדלעך־דראַמאַטישע שאַפונג אין וועלכער לייוויק מאָלט אַ פּאָרטרעט פון זיך אין דעם ליד „אייביק". דאָס איז אַ ליד וואָס איז אייַנציק אין גרויס אין דער יידישער דיכטונג. דאָס ליד „אייביק" אַנטפּלעקט נישט בלויז דעם דיכ־טערס אייגענע וועלט אַליין, נאָר איז אויך כולל יעדן פון אונדז. און דאָס איז דאָך די העכסטע מדרגה אין דער דיכטונג; דאָס איז דאָך די מדרגה פון דעם „צווייגעשטאַלטיקן", וועגן וועלכן דער דיכטער האָט געזאָגט נאָך מיט יאָרן צוריק אין זיינע ערשטע לידער און האָט ערשט שפּעטער באַוויזן צו שאַפן אין זיך גופא אָט די דואַליסטישע געשטאַלט:

„אויף אַלע גערזיכטן — מיין אויסזען,<br>
אין אַלעמענס אויגן — מיין בליק.<br>
מיין טרויער אין אַלעמענס הערצער,<br>
מיין טרויער — אַן אָנזאָג אויף גליק".

ה. לייוויקס ראַנגלענישן מיטן וואָרט, גלייך פון די ערשטע שניי־לידער זיינע ביז די פּאַרטיפטע פילאָסאָפישע שפּינאָזע־מאָטיוון אין דעם בוך „לידער פון גן־עדן", זיינען פאַר זיך גופא דראַמאַטישע פאַרמעסטן פון הויכן פאַרנעם. זיי דערמאָנען אין דעם ניט־צופרידן שטעלן זיך מיט איין מאָטיוו, נאָר ווייטער שפּאַנען, פאַלן, אויפהייבן זיך, כדי צו פאַר־מעסטן זיך אויפסניי און געפינען אויסדרוק פאַר די אַלע איבערלעבע־נישן, אידעען און קאָנפליקטן וואָס קומען פאַר אין און אַרום אים:

„איך גיב צוזאַמען מיין געזיכט<br>
מיט סוד פון וואַנט, מיט סוד פון מויער;<br>
איך הער אַ קול, איך בין דאָס ליכט,<br>
וואָס פליסט פון טויט אַריין אין דויער..."

(שפּינאָזע).

צו קענען הערן דאָס דאָזיקע קול פון דער אייביקייט, ווייזט ווי נאָענט די לידער לייוויקס זיינען אין דער בחינה פון זעאונגען; זיי ווערן די חזיונות פון איינעם וואָס שטייט מיט די פיס אויף דער ערד און וואָס מיטן קאָפּ זיינעם רירט ער אָן די הימלען... קליינינקייטן, פּראָסטע ערדישע

איבערלעבענישן ווערן אויסגעהוילט פון זייער חומר און דורך דעם דיכטערס פּאָעטישן שפּרוך דערהויבן צו סימבאָליק.

גלייך ביי זיין וואונדערלעכן אָנהייב, אין די לידער־סעריעס „ערגעץ־ווייט", „הינטערן שלאָס", „אויף די וועגן סיבירער" און „אין שניי" האָט לייוויק באַוויזן צו פאַרוואַנדלען דאָס וואָרט זיינס אין אַן אָנזאָגעריש שליחותדיקער צווייאיקייט. זיין ליד איז תמיד געכפּלט. עס איז וואָרט על גבי וואָרט. און ניט גרינג איז דעם דיכטער אָנגעקומען די דאָזיקע וואָרט־טאָפּלקייט.

אויבנאויף איז פאַראַן פּשטות. טאָג־טעגלעכע פאַרצייכענונג פון אויסטערלישע בימערע טעג אין וויטן סיביר. דאָס זיינען לידער אַריינ־געזונגענע אין אַן אומענדלעך שנייאיקער לאַנדשאַפט, אין וועלכער ער איז אַ באַפרייטער אָנגעקומען, און דאָך פאַרבליבן אַ געפאַנגענער. געווען „הינטערן שלאָס". די תפיסה־איבערלעבענישן ווערן אויך איבערגעגעבן אין קורץ־געפּאַסטע לידער־שורהלעך, עכט־יידיש און תוכיק. ביידע, סיי די תפיסה, סיי דער פרייער אומענדלעכער שניי־סטעפּ, וועקן אויף מיסטיש־פאַרהוילענע רעיונות, זיי שיילן זיך אַרויס אַפילו דורך די פּשוטסטע טאָג־טעגלעכע איבערלעבענישן, און דריקן אויס דעם געמיט־צושטאַנד פון שטומע דוממס אַרום זיך אַזוי ווי זיי זיינען, אָבער מער נאָך דאָס, וואָס זיי ווערן בעת דאָס ליכט פון זעאונג פאַלט אויף זיי. די תפיסה־צעל ווען וועלכער דער דיכטער זינגט מיט אַזאַ לויטערער פּשטות ווערט, אומבאַמערקט, מער ווי די איינע צעל; די גרויסע וועלט שרומפּט דאָ איין, און זי צעטיילט זיך אין קעמערלעך, קעמערלעך, אין וועלכע אַלע מענטשן אומעטום זיינען אויף אייביק געפאַנגען. אויך די בלענדנדיקע שניי־לאַנדשאַפט ווערט אַ כישוף־קרייז פון וועלכער קיינער קען נישט אַרויס. און נישט בלויז דער יחיד איז דאָ אַ געפאַנגענער, נאָר אַ רבים:

„איינגעשמידטע זיינען מיר,
יעדער אין אַ קאַמער זיצט באַזונדער..."

לייוויקס גרונט־מאָטיוו האָט דאָ זיין מקור. דאָס איז דער מאָטיוו פון דעם איינזאַמען. אַליין, אַליין אין דער וועלט. עס איז לייוויקס טיפסטער פּאָעטישער ניגון וואָס ער זינגט אים איבער אין אַלע זיינע ווערק. אומעטום דאָמינירט ביי אים דער איינזאַמער. „אויף די וועגן סיבירער" האָט לייוויק שוין דעם דאָזיקן ניגון געהערט אין זיך:

„ווען וועט עס איינפאַלן
ביינאַכט אַליין
מיך אין וועג באַגעגענען
זיך לאָזן גיין ?
— — — — — —
קומט ווער אָן ?
קיינער ניט..."

נישט נאָר דאָ, „אויף די וועגן סיבירער", קומט צום אויסדרוק דער מאָטיוו פון איינזאַמקייט. אויך אין די שפּעטערדיקע ווערק איז דער דאָזיקער מענטשלעכער מאָטיוו פון זיין אַליין אין דער וועלט, — פון וואַרטן ביז אַ מענטשלעכע האַנט וועט זיך אויסשטרעקן צו דעם וואָס ליידט און וואַרט אויף אויסלייזונג, — כסדר איבערגעזונגען געוואָרן אין לייוויקס לידער.

„אַליין בין איך ווייט אין דער פינצטער."

דער אַליין־מאָטיוו קומט אויך צום אויסדרוק ביי לייוויקן אין זיינע דראַמאַטישע ווערק. כמעט אין יעדער דראַמאַטישער שאַפונג לייוויקס איז דאָ איינער אַ העלד וואָס פילט זיך איינזאַם צווישן די אַרומיקע, וואָס גייט אַרום אַ נישט־פאַרשטאַנענער, און וואָס איז אומגליקלעך צוליב דער איינזאַמקייט זיינער, ווי, למשל, אין דער דראַמע „אַנדערש". אַלע קאָנפליקטן, אַלע שאַרפע ווידעראַנאַנדן צווישן מענטשן קומען פאָר צוליב אָט די אומגליקלעך־איינזאַמע מענטשן וואָס געפינען קיין אָרט ניט פאַר זיך.

די שטאַרקסטע שטעלעס אין לייוויקס „גולם" — איינס פון די ערשטע דראַמאַטישע ווערק פון דעם דיכטער — זיינען די, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דורך רייד די איינזאַמקייט פון דעם גולם. זיין תמיד אַליין זיין, דאָס בעטן זיך זיינס ביים מהר"ל ער זאָל זיין מיט אים. ער זאָל אים ניט פאַרלאָזן. עס טראָגט זיך דעם גולמס געשריי: „פאַרלאָז מיך ניט!" די גאַנצע מורא פון מין מענטש אין זיין גרויסער איינזאַמקייט הערט מען דאָ אין די בקשה־געשרייען און רייד פון דעם גולם. און צי איז עס דער „מהר"ם מראָטנבורג", אָדער „אַבעלאַר און העלואיז" אַלץ איינס איז עס רק די איינזאַמקייט פון די מאַרטירער־העלדן

וואָס טרייבט דעם דיכטער אַזוי שטאַרק זיך צו פאַרנעמען און צוצוהערן זיך צו זייערע ליידן, צו מאָלן דעם פּחד פון זייער אַליין זיין אין דער וועלט.

אין די מער רעאַליסטישע דראַמעס, ווי „שאָפ" און „שמאַטעס", זיינען עס ווידער די פּאָר איינזאַמע העלדן וואָס זעען זיך אָן מער און וואָס געדענקען זיך מער. וואָס איז מרדכי מאַזע, אויב ניט דער איינזאַמסטער ייד צווישן די שמאַטע־קלייבערס? זיין שווייגן הייבט אים אַרויס פון די איבעריקע דערשלאָגענע יידן. עס שרייט דאָס שווייגן זיינס בקולי־קולות. עס איז דער ערשטער פּראָטעסט פון דעם „גרינעם" יידן אין לאַנד דאָ, וואָס פּאָדערט ווירדע צו זיך און צו זיין שטאַם. אַ ניי בלעטל אין דער יידישער ליטעראַטור פון אַמעריקע האָט ה. לייוויק מיט אָט דעם טיף־אַריסטאָקראַטישן און שטאָלצן יידן אָנגעהויבן. מרדכי מאַזעס איינזאַמקייט האָט אַ שליחות; זי רופט צו אַן איבערשאַצונג פון ווערטן; טאַטע, קינדער און די גאַנצע פּראָבלעם פון דער צוקונפט פון יידישקייט דאָ אין לאַנד, ווערט אויף אַ טיף־קינסטלערישן אופן אַוועקגעשטעלט.

די העכסטע מדרגה אין דער דיכטונג האָט ה. לייוויק דערגרייכט אין דעם בוך „לידער פון גן־עדן". דאָס איז זיין „תהלים", זיין „תפילה לעני כי יעטוף". די „גן־עדן"־לידער דערמאָנען שטאַרק אָן דער לויטערקייט, אָן דעם מיסטיש־פאַרהוילענעם זען פון זיינע ערשטע לידער אין דעם בוך „הינטערן שלאָס". אינטים־מענטשלעך, תהילימדיק — הערן מיר דאָס דערציילן פון די מאַוימדיקע ליידן, פון מענטשן וועלכע שטייען שוין אויפן שוועל פון טויט; באַצוואונגענע און מיט אַזאַ גליקזעליקייט אין די אויגן, פון אַ וועלט וואָס ווערט אויסגעלייזט, פון אַ נייעם גאולה־שפּיל, אין שקיעהדיקע פאַרבן. דער דיכטער האָט דאָ פאַרגעסן אָן די דרויסנדיקע וועלט־פּראָבלעמען, אָן יענער זייט גראַטעס וואו עסווימלט מיט פאַלשקייט און צביעות; אָן דעם גאַנצן טומל פון די מענטשן־קינדער אין די גרויס־שטעט. דאָס איינזאַמסטע פון איינזאַמען, דאָס לײַדנדיקסטע פון אַלע ליידן, און דאָס אינעווייניקסטע ממעמקימדיקע געוויין פון אַלע וועלט־געוויינען האָט דאָ דער דיכטער דערהערט. ווי אַמאָל אין זיין אָנהייב „אויף די וועגן סיבירער", ווען ער האָט אין דער נאַכט פון שטערן „פעלד און שטערן", געהערט „פאַרצווייפלטע געשרייען", אַזוי האָט ער ווידער אַליין, אַן אויסגעטיילטער, איבער אַ נייס דערהערט דאָס טראַגישע קול פון היינטיקן מענטש און זיין גורל.

דאָס בוך „אין טרעבלינקע בין איך ניט געווען״, איז אין תוך אַ המשך פון די „גן עדן לידער״. דער גרויסער חורבן האָט געפונען דעם טיפסטן אָפּקלאַנג ביים דיכטער וואָס האָט אין משך פון יאָרן כסדר געזונגען וועגן מענטש וואָס קען צוריק ווערן אַ „קין״, אַ וועלט־מערדער. לייוויקס עקידה־מאָטיוון, נאָך פאַרן גרויסן אומגליק, זיינען דאָך עדות פון זיין שרעק פאַר דעם חורבן וואָס רוקט זיך אָן אויף דער וועלט, און באַזונדערס אויף דער יידישער וועלט.

די לידער לייוויקס פון די לעצטע יאָרן זיינען נאָך אַלץ פול מיט גלויבן אין דער הייליקייט פון לעבן. שטאַרקער נאָך איז איצט די באַזונדערע שליחות פון זיין וואָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

(1948)

## ב.

## די חתונה אין פערנוואַלד

נאָכן איבערלייענען די דראַמאַטישע פּאָעמע „די חתונה אין פערנוואַלד״ פון ה. לייוויק, איז אויפן געדאַנק נישט געקומען, אַז די דאָזיקע פּאָעטישע מיסטעריע זאָל ווען עס איז קענען געשפּילט ווערן*), באַזונדערס ביים איצטיקן צושטאַנד פונעם היגן יידישן טעאַטער. טעכניש איז דאָס נייסטע ווערק לייוויקס נאָך שווערער אויפצופירן ווי „דער גולם״. דער פּאַרנעם איז דאָ אַ גרעסערער. אין תוך האָבן ביידע דראַמאַטישע פּאָעמעס אַ טיפע אינערלעכע שייכות. און נישט בלויז ווייל מיר באַגעגענען דאָ אויפסניי דעם אַלטן אליהון, און משיחן דעם אייביק־יונגן, אין געשטאַלט פונעם יונגן פּליט. דאָס אויך. בדרך כלל אָבער איז ה. לייוויק נאָך אַלץ פאַרבליבן אין קרייז פון זיינע טראַגיש־פּאָעטישע זעאונגען. אין ליכט פון די לעצטע גרויליקע געשעענישן איז די פּראָבלעם פון מערדער און זיין קרבן, נאָך מאומדיקער און שאַרפער. וואָס, אַ שטייגער, איז דער עלילת־דם אין מיטל־עלטערלעכן פּראָג אין פאַרגלייך צו בוכענוואַלד? אשוויענטשים?...

צו דער אַלטער, אייביקער וואונד פון יאָרהונדערטער — איז צו־

---

*) די חתונה אין פערנוואַלד איז אויפגעפירט געוואָרן פון דער „פאָלקסבינע״ ביים אַרבעטער־רינג, ווינטער 1950.

געקומען אַ שפּאָגל־נייע: דאָס שולד־געפיל ביי די לעבן־געבליבענע. ווי קען מען לעבן? ווי זאָל מען לעבן נאָך אַזאַ גרויסן אומגליק? געקעכט זיינען אפשר די, וואָס היבן אָן צילן די טעג און יאָרן פון נאָך מיידאַנעק... אַלץ וואָס געשעט אַרום אונדז דאַרף און זאָל געזען ווערן מיט די אויגן פון נאָך מיידאַנעק...

אין לייוויקס דראַמע „דער נס פון געטאָ”, און אין זיין לידער־בוך „אין טרעבלינקע בין איך ניט געווען”, איז די שולד לגבי דעם בלייבן לעבן, שיר נישט דער איינציקער מאָטיוו ביים דיכטער. אין דער „חתונה אין פערנוואַלד” האָט דער דאָזיקער מאָטיוו געקראָגן זיין טיפסטן אויסדרוק. קינסטלעריש איז דאָס נייסטע ווערק לייוויקס פון די גרעסטטע פון אַלע זיינע דראַמעס. עס איז אַ שליח־ציבורדיקער אויסגעשריי וואָס נעמט אַרום דעם גאַנצן צער און פּיין וואָס אַ הייַנטיקער ייד, אַ ניצול־געוואָרענער, — אַ ייד פון נאָך מיידאַנעק, — האָט איבערגעלעבט. עס איז אַ צייט־מאָטיוו, וואָס האָט גלייכצייטיק זיין טראַגישן המשך אין די פריער־דיקע מיטאָס־שאַפונגען פונעם דיכטער.

צום שולד־געפיל איז צוגעקומען נאָך אַ מאָטיוו: די מוראדיקע עלנטקייט אין די לאַגערן נאָכן גרויסן חורבן. מען האָט זיך צונויפ־געקליבן, די רעשטלעך, די איבערגעבליבענע, — נאָר יעדער איז שרעקלעך אַליין. דער דיכטער פון „אויף די וועגן סיבירער” האָט אַ באַזונדערן געהער אויפצוכאַפּן די דאָזיקע אַלייניקייט אין אַ טויטער וועלט...

„די חתונה אין פערנוואַלד”, נישט געקוקט אויף איר טראַגיזם, איז גלייכצייטיק די מיסטעריע פון טרייסט. דער דיכטער האָט די דאָזיקע טרייסט געשאָנקען דער שארית הפליטה. די געשטאַלט פון אליהו איז דאָ אַ מער האָפערדיקע ווי אין „גולם”. אמת, די טרייסט איז, ווי די חתונה גופא פון דעם פּליט אברהם, — „אַ שמחה מיט אַ צער צו גלייך”... עס איז אַ חתונה אויף וועלכער אליהו, דער אייביקער טרייסטער, זאָגט: „אַז ווי, אַז וואויל, אַז ווי צו גלייך”... אָבער אַ שמחה איז עס. און עס איז דער געבאָט פון דער שעה: ווייטער לעבן. און געבענטשט ווערן די ניצול־געוואָרענע „צו זיין לעבעדיקע יידן”.

אַרום צוויי הויפּט־געשטאַלטן שפּיגלט זיך אָפּ די דאָזיקע מיסטעריע פון טויט און לעבן, פון צער און טרייסט — אברהם און דער אומבאַ־קאַנטער ייד. דער אומבאַקאַנטער איז אַ הרוג — וואָס איז נאָך צו קבורה נישט געקומען. ער דרייט זיך אַרום און שרעקט די לעבן־געבליבענע. ער שטורעמט די הימלען אַז ס'איז מער נישט כדאי צו לעבן. ער לאָזט

קיינעם נישט פֿאַרגעסן... דער ייד אברהם האָט געהאַט אַ ווייב שרה און אַ ייִנגעלע יצחקל. די רוצחים האָבן שרהן צוזאַמען מיטן ייִנגעלע פֿאַרברענט. אויפֿן וועג צום לאַגער פֿערנוואַלד באַגעגנט אברהם אַ צווייטע שרה. לאָזט זיך אויס — זי איז דאָס ווייב פֿון דעם אומבאַקאַנטן ייד. טויט און לעבן מישט זיך דאָ אויס. אברהם טראָגט אין האַרצן אַ בענקשאַפֿט צו ווייב און קינד. און שרה, דאָס ווייב פֿון דעם הרוג, זוכט אויך איר מאַן אין וואַלד.ביידע קענען קיין רו נישט געפֿינען. ביידע טראָגן זיי צוזאַמען דאָס שולד־געפֿיל פֿאַר בלייבן לעבן... דער אומבאַקאַנטער ייד וואַקסט אויס פֿאַר זיי, ער שרעקט און מאָנט. אין זיין גרויסער עלנטקייט בעט אברהם:

„אַן אָרעמער ייד בין איך, גאָט מיין האַר, און ס׳ברענט אויף מיין לייב נאָך דער יודע־נומער, און כ׳קאָן נישט פֿאַרטראָגן מיין עלנט, אָט דאָ אינעם גי־צלמות — איך קאָן נישט. כ׳מוז עמעצן האָבן צו זיך — אַ לעבעדיק נפֿש, צו וואַכן איבער דעם און צו ליב האָבן עס, אַפֿילו ווען שוואַך איז מיין האַנט און געבראָכן״...

אָט אַזוי באַגעגענען זיך די יידן נאָכן חורבן. און די ערשטע חתונה אין אַ דייטשישן לאַגער ווערט געפּראַוועט. אברהם געפֿינט אַ צווייטע שרה. די צוויי פּרעמדע מיט די פּאַטריאַרכאַלישע נעמען פֿון חומש אַרויס, זיי געהערן זיך נישט אַליין אין זייער צער און בענקשאַפֿט; די שארית הפּליטה האָט אַ שליטה איבער זיי. די חתונה ווערט געגרייט אין דעם „גי־צלמות״ — אין שאָטן פֿון די אומגעקומענע. אַזוי ווילן די טויטע. אויך זיי בענטשן די לעבן־געבליבענע און גיבן זייער הסכמה פֿאַרן לעבן. און אליהו הנביא און משיח צדקנו זיינען דאָ צו געבן זייער ברכה אויף דער ערשטער חתונה נאָכן גרעסטן יידישן חורבן — — —

דורך בילדער און געשטאַלטן, אומגעקומענע און לעבן־געבליבענע, צווינגט אונדז דער דיכטער אריינצוקוקן אין דעם תהום פֿון ליידן און מיטצוגיין אויף דעם וועג פֿון קרבן. און ווי אַמאָל פּרץ אין זיין „ביינאַכט אויפֿן אַלטן מאַרק״, רופֿט ער אַרויס, אין פֿיבערהאַפֿטן דמיון געשפּענצטער־פֿאַרשווינען וואָס קומען נישט שרעקן, נאָר וואָס בעטן זיך אַז מיר זאָלן זיי נישט פֿאַרגעסן, און אַז זיי זאָלן לעבן אין אונדז — ווייל נאָר אין זכות פֿון געדענקען קען מען ווייטער לעבן, קען די חתונה אַ שמחה זיין!...

ג.

# אין די טעג פון איוב

אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע „אין די טעג פון איוב", קערט זיך אום דער דיכטער ה. לייוויק צו די מאָטיוון פון מענטשלעכע ליידן וואָס מיר געפינען אין אַלע זיינע ווערק. די איוב־פּאָעמע איז געשריבן בדרך משל, ווי עס איז, פון מקדמונים אָן, דאָס ספר איוב, אין וועלכן יידן זוכן, אין די אבל־טעג, אַ טרייסט און אַ באַשייד פאַר זייער צער. מען הערט דאָ די אַלטע און אייביקע טענה צום בורא עולם: פאַרוואָס שטראָפט ער דעם רעכטפאַרטיקן און דעם גערעכטן? וואָס איז דער זין פון די אומזיסטע ליידן און מאַטערנישן פון דעם בן אדם אויף דער ערד? און ווער טרייבט דעם מערדער, דעם אייביקן קין, צו מאָרד און שפיכת דמים?...

דאָס גייע אין דער פאַנטאַסטישער פּאָעמע, איז דאָס זוכן אויך אַן ענטפער אויף דער רעטעניש פונעם מענטש גופא, וואָס האָט זיך גאַר נישט געענדערט, זינט די וועלט שטייט, ביז אין אונדזערע טעג. אָן דעם חשבון מיט גאָט, איז ער, דער מענטש, געבליבן דיזעלבע רעטעניש: די טעג פון איוב זיינען אויך געמיינט פאַר די איצטיקע טעג, נאָך די אַלע גרוילן פון דעם היינטיקן דור. מיר הערן דאָ די האַרבע טענות צו אים, דעם בחיר־היצירה: פאַרוואָס „שרייט ער געוואַלד און מאָנט גערעכטיקייט אין פּיין פון זיינע יסורים"? און פאַרוואָס שרייט ער, דער מענטש, ווינציקער, און ניט מיט אַזאַ רעש „אין פּיין פון אַ צווייטנס אומזיסטע יסורים"? איובס ווײ־געשרייען צו גאָט האָט דעם דיכטער פאַרפאָלגט, — ווי מיר לייענען עס אין די אַריינפיר־שורות צום בוך, — „זינט מיינע חדר־יאָרן". און נאָך מער פאַרפאָלגט האָט אים, לייענען מיר ווייטער, „דעם יונגן יצחקס גיין צו דער עקדה". דאָס צוזאַמענברענגען די דאָזיקע געשטאַלטן, יצחקן, — מיט דער „טרויעריקער שטילקייט אויף זיין פּנים", און איובן דעם אייביקן מאָנער, וואָס וויל וויסן פאַרוואָס גאָט שטראָפט אים אומזיסט. — דאָס ווערט געטאָן בכוונה, און מיט אַ רמז... דאָ ווערט געוויזן ווי ווייט די שכחה ליגט איינגעוואָקסן ביים אַמאָליקן און ביים היינטיקן מענטשן; ווי גיך ער איז עלול צו פאַרגעסן זיין אייגענעם פחד (יצחק), און ווי ווינציק דער מענטש איז נאָך אַליין ניט בכוח מיטצופילן יענעמס ליידן.

קראַנק איז די וועלט, און געפינט זיך אין מינוטן פון ערב חורבן,

ווייל דער מענטש קען נאָך אַלץ ניט אינגאַנצן מיטפילן יענעמס יסורים. לייוויק זוכט זיך דאָ צו דערגרונטעוועוען צום סאַמע מענטשלעכסטן מאָטיוו. נישט בלויז רחמים, סתם רחמנות, נאָר פשוט מיטלעבן און מיטליידן יענעמס ווייטיק אויף זיך. פשוטו כמשמעו. ביי דער ערשטער באַגעגעניש פונעם שטן מיט יצחקן, דעם געפּרואווטן אין ליידן, און אין נסיון, פרעגט אים דער שטן:

„ווי שיקט זיך עס, וואָס ערגעץ ליגט
אַ קרבן־מאַן אין טויט־יסורים
און רייסט פון זיך די הויט און שטיקער לייב,
גייט דאָ זיך שטיל אַרום אַ צווייטער קרבן־מאַן
אַן איינגערואיקטער, אַ תפילהדיקער, אַ פאַרחלומטער״ — — —

ווי אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע „די עקדה״ איז אויך דאָ דער שטן נישט קיין פינצטערע געשטאַלט. ער טוט זיין שליחות אָבער אין זיינע טענות קומט צום אויסדרוק דעם דיכטערס טענות. דורכן שטן זעט מען די פאַנאַטישסטע זעאונגען, די האַלוצינאַציעס פון אַ משונה־דיקער וועלט. אין תוך הערן מיר דאָ, אין דער איוב־פּאָעמע, באַקאַנטע מאָטיוון וואָס געפינען זיך אין די לידער־ביכער פון ה. לייוויק. זיי אַלע טראָגן דעם טיפן טראַגישן חותם פון דעם דיכטערס וואָרט. דאָ ווערן נאָר די אידייען־זוכענישן, די עטיש־לירישע לידער־תפילות געשטאַלטיקט אין די ביבלישע און פאַר־ביבלישע בילדער. מיר הערן דאָ אַשטייגער די נאָכקלאַנגען פון די שולד־מאָטיוון אין דעם לידער־בוך „אין טרעבלינקע בין איך ניט געווען״. עס גיט אַ לייכט אויף די וואונדערלעכע פּאָעטישע שורה וועגן דער „נבוכדנצר־חיה״ וואָס איז „סיי ווי דאָ״, כאָטש דער רשע היטלער, ימח שמו, „איז שוין מער ניטאָ״... און אָט הערן מיר אויף דאָס ביי דעם דיכטערס מאָנענדיקן ליד „דער חשבון איז נאָך אַלץ מיט דיר, באַשעפער״... דער דאָזיקער חשבון ווערט דאָ, „אין די טעג פון איוב״, דורך די פילצאָליקע געשטאַלטן טיפער אַרויסגעבראַכט, די טענות און מענות באַקומען דאָ אַ מער־פולערן, קינסטלערישן תיקון אין דער דראַמאַטישער פאָרם. דאָס זיינען די זעלבע תוכנדיקע לידער, נאָר דאָ נעמען זיי אָן דעם לבוש פון מענטש־געשטאַלטיקונג, אָנשטאָט ער, דער דיכטער אַליין, זאָל פרעגן און טענהן, לאָזט ער רעדן און טענהן די, אויף וועמען עס איז אויסגעגאָסן גאָטס צאָרן, די וואָס זיינען איינגעטונקען אין דעם ים פון יסורים.

איובס וועלט־קשיה, „הודיעני על מה תריבני״ — לאָז מיר וויסן פאַר וואָס דו קריגסט זיך מיט מיר — בלייבט נאָך אַלץ אָן אַן ענטפער. און נישט בלויז איובס אייביק פרעגן ווערט דאָ פאַרהיינטיקט און צו־געבראַכט צו אונדזערע אייגן־טראַגישע איוב־טעג; לייוויק רופט אויך אויס אין זיין פּאַטעטישן דמיון אַלע בעלי־מום, אַ וועלט פון ליידנדיקע, בלינדע, הינקענדיקע וואָס שווידערן אויף די הימלען מיט זייער געשריי. און ניט בלויז דעם מענטש, נאָר אויך די שטומע חיה, דאָס באַשעפעניש אָן אַ צונג, קריגט לשון דורך לייוויקן און פאָדערט יושר. עס עפנט זיך דאָס מויל ביים אייזל, פאַבלהאַפט, דורך דעם חזיון־בילד פונעם דיכטער און עס רעדט און פאָדערט יושר. און רעדן רעדט אויך דער קעמל, און מער פאַר אַלע דער שעפּס. דער לאַם, דער אייביקער קרבן וואָס האָט יצחקס אָרט פאַרנומען אויפן באַרג מוריה. די רייד פונעם שעפּס זיינען פון די הערלעכסטע אין דעם ווערק און זיי בעטן זיך מ׳זאָל זיי זאָגן און איבער־זאָגן. דער שעפּס טענהט צו יצחקן:

„געדענקסט דאָך גוט, ווי איך האָב דיך פאַרביטן.

— — — — — — — — — — —

איך האָב געהערט ניט איין מאָל ווי דו קליגסט זיך אויף יענע
רגע׳ס, ווען דו ביסט געלעגן און געוואַרט,
אַן אויסגעשטרעקטער מיטן האַלדז אַקעגן מעסער געהערט
געהערט ניט איין מאָל ווי דו טענהסט וועגן ליגן ווי אַ שעפּס.
און איצטער שווייגסטו — — — — — — —
און אפשר בין איך גאָר דער ערשטער אָנזאָג וועגן דיר,
דעם אָנוואונק אויף דעם חלף־שאַרף וואָס מוז ווען דעם האַלדז
איבערשניידן סיי ווי סיי,
אויב ניט אין דער מינוט, איז — שפּעטער.
אויב ס׳מעסער האָט דיך אויסגעמיטן אויפן באַרג מוריה,
צי האָט זיין שאַרף ניט אויפגעדעקט פאַר דיר,
די שעכטונג, וואָס איז גרייט פאַר דיר, אין ווייטע דורות,
דורך מעסערס לאַנגע, ווי די לאַנגע נאַכט?״...

וועגן אָט דעם „שפּעטער״, וואָס איז דער טראַגיש־יידישער היינט, אויף וועלכן לייוויק איז אַזוי מרמז, — און אויף אַזאַ טיף־דורכגעטראַכטן און פּאַטעטיש־פּילבאַרן אופן, — וועגן אָט דעם „שפּעטער״ רעדט אויך קין, וואָס באַווייזט זיך דאָ אין דעם פאַר־ביבלישן מיטאָס־שפּיל, און

זוכט רעכטפאַרטיקן דעם ערשטן מאָרד. עס קומט אויפן זינען בייראָנס „קין", נאָר טיפער און היינטיק־יידישער איז די לייוויק־קין־געשטאַלט. קין רעדט צו יצחקן, אָבער זיין טראַגישער מאַנאָלאָג קען אויך געווענדט ווערן צו אַלע שפּעטערדיקע, און דער עיקר, צו די היינטיקע קינס, פון די נייע סדומס אין דעם איצטיקן יאָרהונדערט:

„צי נאָר פון מיינעט וועגן האָב איך דערהרגעט הבלען?
און ניט צוליב די שפּעטערדיקע דורות אייערע?
צו מאַכט לייכטער אייך דעם וועג צו מאָרד,
באַפרייענדיק אייך פון דער שווערקייט פון מיין התחלה?..."

* * *

אין דער דאָזיקער פּאָעמע, „אין די טעג פון איוב", זיינען זיך צונויפגעקומען אַלע לידער־זעאונגען ביי דעם דיכטער דורך דער לאַנגער פּינצטערער נאַכט, פון וועלכער ער האָט מער ווי איין ליד געזונגען. איצט, ווען עס הייבט שוין אָן גראָען אויף טאָג, ווען די בלוטיקע שטורעם־ווינטן זיינען שוין פאַרביי, און עס הייבט זיך אָן צוריק איינשטעלן און איינשטילן דאָס לעבן, לאָזט עס אַלץ דעם דיכטער־שליח־ציבור פון דער „גאולה קאָמעדיע", פון דעם משיח־חלום, וואָס איז געבליבן נישט מער ווי חלום, נישט רוען! און דורכן מויל פונעם שטן, וואָס איז, אגב, די לעבעדיקסטע און אינטערעסאַנטסטע געשטאַלט אין דער פּאָעמע, ווערן אָפּגעפרישט און באַנייט די אַלטע טענות צום בורא עולם, וואָס דער שטן האַלט אין איין פרעגן און קריגט אַלץ קיין ענטפער נישט:

„צי קענסטו אַ געשעעניש פאַרוואַנדלען אין אַן אומגעשעעניש"?

עס ווערט אָפּגעוואָרפן אין דער איוב־פּאָעמע, דאָס אָננעמען פאַר גוטס די שטילקייט נאָכן שטורעם. לייוויק הערט נישט אויף אויך אין דער פּאָעמע צו דערמאָנען, צו וועקן און צו מאָנען ביי דעם געוויסן פון דער וועלט:

אַפילו ווען פאַרברענטע קינדער וואָלטן אויפגעלעבט צוריק,
צי קענען בטל ווערן די יסורים זייערע פון נעכטן."

דער דיכטער הערט כסדר דעם „איינגעשטילטן געיאָמער". איובס געזונט ווערן, און יצחקס אָפּקומען בלויז מיטן פּחד פאַרן טויט, איז נישט קיין ענטפער. די שורה מיט „די פאַרברענטע קינדער" ווירקט שטאַרק ביים לייענען, איז נישט בלויז אַ משל וועגן דעם גאָטספאַרכטיקן מאַן פון עוץ, וואָס האָט אויסגעהאַלטן זיינע יסורים און בשום אופן נישט

ווידערשפּעניקט קעגן דעם האַר פון די וועלטן: די פאַרברענטע קינדער — איז „הוי, ווײ געשריען״, ווי לייוויק דריקט זיך אויס אויף זײן איכהאיש־העברעאיש־ייִדישן וואָרט זיווג — דער וואָרער בלוטיקער אמת פון אונדזערע טעג.

* * *

צו באַוואונדערן איז איצט די מייסטערשאַפט ה. לייוויקס. „אין די טעג פון איוב״ קומט צום אויסדרוק דאָס קעגנוואָרטיקע מיטן עבר. די בלוטיקע וואָר פון היינט מיט די מיטאָס־געשטאַלטן, די פאַבלהאַפט־משלימדיקע פון אַמאָל. דער קלוגער טרויעריקער משל מיטן בלוטיקן נמשל זײנע באַהאַפטן ווי אַ ליד־סימפאָניע פון וואונדערלעכע רייד און קלאַנגען. בעתן לייענען פילט מען די רייפע קינסטלערישע אידייען־מסקנאס, דעם סך־הכל פון יאָרן־צענדליק פורעמען דאָס וואָרט עס זאָל נאָכגיביק זײן, און אויסדריקן די אַנצאָליקע מעדיטאַציעס, דעם וויי־און טרויער־שפּיל פון דעם גרויסן פּילן און כסדרדיקן גריבלען זיך אין דעם פּיצל היינט פון דעם בן אדם און זײנע ליידן:

„וואָס איז אייביקייט אַליין,
אויב ניט צעשטויבטע ברעקלעך סוף?״

אַזוי פון אָנהייב, פון „די סיבירער וועגן״, פון „אַבעלאַרס״ יסורים־וועג און די עקשנות פון „מהר״ם מרוטנבורג״ ביז אין די איצטיקע באַרואיקטע און איינגעשטילטע מאָטיוון, וואָס דער דיכטער האָט ווי אַן אַקאָרד געלאָזט אויפזינגען אין די סוף־בילדער פון „די חתונה אין פערנוואַלד״, און איצט ביים אָנהייב פון „אין די טעג פון איוב״, און אויך ביים סוף פון דער דאָזיקער מיסטעריע פון טויט און פון לעבן, פון קרבן און פון נסיונותדיקע יסורים, וואָס זוכן זייער באַשייד.

שוין אין די שפּינאָזע־ און אין די נאַטור־לידער פונעם בוך „לידער פון גן עדן״, האָט זיך אָנגעהייבן ביים דיכטער דער שטיל־שלווהדיקער מאָטיוו פון זוכן אַן ענטפער אויף אַלע רעטענישן פון לעבן — אין דער נאַטור, אין די צמחים און גראָזן פון וואַלד און פעלד, און אַפילו אין די האַרטע שטיינער־דוממס:

„התגלות, נעם מיך אונטער דײנע פליגל,
דעק אויף פאַר מיר די ווייכקייט וואָס אין שטיין...״

דאָס איז אַ ליד, וואָס דער דיכטער זינגט צו זײן אייניקל, און עס קלינגט ווי אַ נייער האָפערדיקער „נחמו, נחמו״ צו די דורות נאָך

**אונדז, אָנזאָגנדיק דעם פּילקאָלירנדיקן רעגנבויגן נאָך די בלוטיקע וואַסער־שטורעמס:**

„התגלות, זיי דער גוטער רעגנבויגן
נאָך מבול־טעג, דער צייכן וואָס זאָגט צו
אַ נייע ערד מיט חסד און מיט רו."

**מיט דער דאָזיקער תפילה הייבט זיך אָן די טרויעריקע „איוב־דראַמע", און מיט ענלעכע שטיל־אָוונטיקע תפילה־לידער פאַרענדיקט זי דער דיכטער. יצחקס מנחה אין אָוונטיקן פעלד, ביים פאָטער אברהמס פרידלעכע געצעלטן, איז גובר אַלע צווייפלען און אַלע נישט פאַרענטפערטע טענות. דעם דיכטערס וואָרט קומט טאַקע צום אויסדרוק אין אַלע געצעלטן, פונעם שטנס טראַציקייט ביז יצחקס דאַוונדיקע רייד ביים דערזעען דעם קאַראַוואַן מיט דער באַשערטער רבקהן אויפן קעמל. אָבער גובר איז דאָס שעפעריש־באַגערנדיקע ביסל טרייסט פון דעם פּאָעט, וואָס ער האָט לכתחילה מכוון געווען ווי אַ באַגלייט־טאָן, און ווי אַן עפּילאָג, ביים שרייבן די איוב־דראַמע. דאָס ליד „התגלות" ביים אָנהייב, און יצחקס לידער־תפילות ביים סוף, הילן איין און נעמען אַרום דאָס ווערק אין איין שטיל־טרייסטנדיק געזאַנג, וואָס בלייבט שטאַרק אין זכרון, נאָך די אַלע ספקות און טיף־מאַטערנדיקן טענהן און פרעגן. און עס ווילט זיך פאַרענדיקן אונדזער באַוואונדערונג פאַר דעם פּאָעט — אין געמיט פון אָט די נייע תפילהדיקע טרייסט־ווערטער פון יצחקן:**

מיין תפילה אין דער שעה
ווען כ'טו דיין גנאָד דערקענען.
— — — — — — — —
צו הייליקן דאָס אָרט —
צעעפן אַלע שטעלן,
פון פרייד דאָס שטילע וואָרט
מיין מוטער זאָל דערהערן.
— — — — — — — —
צעעפן מער נאָך, גאָט,
אין פרישן גראָז דיין שפע,
און בענטש און שיץ מיין טראָט
אויף פעלדער פון באר־שבע.

# מ. ל. האַלפּערן

ס׳איז אַוועק אַן איינזאַמער, טרויעריקער דיכטער־רעבעל — אַזוי האָט מען געטראַכט פון אים, אין יענעם סוף־זומער, פון יאָר 1932, ווען משה לייב האַלפּערן איז פּלוצים געשטאָרבן אין פריען עלטער פון זעקס און פערציק יאָר. מיט זיין גאַנצן פּאַטאָס און גבורה האָט אַלע מאָל אַזאַ טרויעריקע קלוגשאַפט אַרויסגעוויינט פון זיינע לידער. זי האָט צו גאָרנישט דערפירט, די דאָזיקע טרויעריקע קלוגשאַפט. די „גראָבע רייד״, וואָס איי־ניקע קריטיקער טייטשן אויס ווי עטיש־נביאישע אויסברוכן, האָבן זיך ביי אים אויסגעלאָזן גלייך נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזט די ציישונג, אין וועלכער ער האָט געדרוקט די מערסטע שרייענדיקע לידער. דער וועג צוריק צו די ליבע־לידער, צו די ראָמאַנטישע — איז געווען פאַרשטעלט. די פאַרביטערטקייט, די גאַנצע מערכה פון אַ דיכטער, וואָס לעבט רק מיט זיין ליד; דער פּאָעט, וואָס קען קיין שום פשרה מיטן לעבן ניט מאַכן, — דאָס אַלץ האָט קיין ראָמאַנטיק ניט געקענט מער אַרויסרופן. האָט ער, האַלפּערן, געשריבן אומקלאָרע, גראָטעסק־מאַסקירטע לידער, וואָס דעם זין זייערן, אַפילו נאָך די אַלע פירושים, איז אויך איצט שווער צו באַנעמען. פון דעם בוך „אין ניו־יאָרק״, דאָס בעסטע פון אים, ביז די לידער אין „די גאָלדענע פּאַווע״, און ביז די צוויי בענד, וואָס זיינען אַרויס נאָך זיין טויט, — איז גאָר אַ גרויסער מהלך. און עס קומט אַ יישר כוח דעם פאַרלאַג „מתנות״ פאַרן איבערדרוקן דאָס בוך „אין ניו־יאָרק״. און וויל ווער דערזען די אמתע גרויסקייט פון דעם פּאָעט משה לייב האַלפּערן, מוז ער לייענען דאָס דאָזיקע בוך.

* * *

עס געדענקט זיך אַן אָוונט, אין די סוף צוואַנציקער יאָרן, אין פּע־טערסאָן, נ. דזש. האַלפּערן שטייט און רעדט פאַר אַן עולם יידישע אַרבע־טער. ער רעדט, דוכט זיך, קלאָר, נאָר עפּעס איז שווער צו באַנעמען וואָס ער וויל. אפשר איז דאָס געווען די שולד פון די צוהערער. געווען די יאָרן

דאַן, די יוגנטלעכע, פון לייענען און אויפנעמען לידער פון ה. לייוויק, מאַני לייב, זישאַ לאַנדוי און אַנדערע יידישע דיכטער. — „אַז מען איז הונגעריק עסט מען ברויט און נישט קיין צימעס" — האָט האַלפּערן אַ זאָג געטאָן נאָך דער לעקציע, ווען מיר, אַ גרופּע יונגע לייענער, האָבן אים אַרומגערינגלט און געפרעגט מיינונגען וועגן דעם און יענעם יידישן פּאָעט. באַזונדערס וועגן זישאַ לאַנדוין, פון וועמעס לידער מיר פלעגן זיך דאַן שטאַרק באַגייסטערן. אין יענעם אָוונט האָט האַלפּערן גערעדט, ווי מיר געדענקט זיך, וועגן דער אויפגאַבע פון פּאָעט וואָס דאַרף שרייבן מיט ניט קיין געפליגלטע רייד, נאָר שטראָפן דאַרף ער, און אויסשרייען דעם ווייטיק פון די, וואָס הונגערן אוןליידן. אינמיטן פון זיין לעקציע האָט האַלפּערן געלייענט אַ ליד זיינס, איינס פון דער גרויסער צאָל טרויעריקע לידער וועגן דער זון וואָס פאַרגייט. אויך דאָס ליד איז געווען אַן אָוונט־ליד. נישט מער עס האָט דעם גאַנצן עולם ממש שאָקירט, ווען האַלפּערן האָט דעם זון־פאַרגאַנג, די רויטקייט וואָס אין הימל, פאַרגליכן צו „גאָטס גאָלדענעם הינטן"...

איבערגעלייענט דאָס ליד, איז ער געבליבן שטיין, און געשפּירט, אַפּנים, דעם עולמס געפּלעפּטקייט. האָט ער געשוויגן אַ ווייל, און זיך אַליין גענומען פרעגן, האַלב־פאַרשעמט, און ווי מיר האָט זיך געדוכט, אין פּנים רויט ווערנדיק: „נו", — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — זעט דען נישט אויס די זון אַזוי, ביים פאַרגיין, אונדז איבערלאָזנדיק איינזאַמע, אין דער פינצטער? יאָ, יאָ, גאָט אַליין קערט זיך אָפּ פון אונדז און דרייט זיך אויס..."

אין דעם אופן פון זיין פרעגן און ענטפערן זיך אַליין איז געלעגן אי פאַרשעמטקייט, אי תמימות, אַז מען האָט אים אין האַרצן, מוחל געווען די אַלע שאָקירנדיקע פּראָפּאַניש־פּראָסטע רייד, און ווי אונדז האָט זיך געדוכט, היפּש געשמאַקלאָזע. און ווי לידער, ומיט זייער גאַנצער „שטאַרקייט" — שוואַך אין אויסדרוקן, צו וועלכע מען קערט זיך ניט אום און וועלכע מען וויל פאַרגעסן.

אַוודאַי האָט האַלפּערן פאַרמאָגט סאַטירע און ער האָט געקענט אויסלאַכן די פּוסטע פראַזן פון כלומרשטע אינטעליגענטן, און סתם פאַלשקייטן. אין אים האָט געברויזט אי אַ דיכטער, אי אַ פּרעדיקער, וואָס פּילט זיך ווי באַעוולהט פון לעבן. און ווי אַ פּרעדיקער, אַ רעבעל, האָט ער גענוצט „שטאַרקע רייד", און פאַרשוועכט דערביי אַלע הייליקייטן, און צוגערויבט ביי די פּשוטע פאָלקס־מענטשן, ביי די אַרבעטער, פאַר וועלכע

ער האָט געדעדט און געשריבן, דעם מינדסטן געפּיל פאַר שיינקייט וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. אָבער אַפילו אין דעם אויסלאַכן אַלדאָס הייליקע און שיינע איז דאָך געקומען צום אויסדרוק אין אים דער פּאָעט וואָס באַוואונדערט די שיינקייט פון ים, די שלוה, די רואיקייט פון דער נאַטור אין די פאַרנאַכטן. אויך אין בוך „די גאָלדענע פּאַווע" זיינען פאַראַן לידער, וואָס זיינען ווי אַ גוטער המשך פון די לידער אין דעם בוך „אין ניו־יאָרק". האַלפּערן האָט מיט אַלע כוחות דאָס עסטעטישע אין זיך געוואָלט פאַרלייקענען, פאַרטרייבן, פאַרשרייען. און דאָך איז דאָס געפּיל פאַר שיינקייט אין וואונדער געקומען צוריק אין אויפגעלויכטענע שורות, אַזוי ביזן לעצטן ליד וואָס ער האָט געשריבן. סיי־ווי, די בעסערע לידער האַלפּערנס זיינען דאָך די צאַרטערע, און גאָר באַזונדערס זיינע ליבע־לידער, וואָס האָבן זעלטן זייער גלייכן, אין דער יידישער פּאָעזיע. האַלפּערנס ליבע־לידער זיינען תפילות, פּרעפּלענדיקע, שטילע, וואָס מען ווערט ניט מיד זיי אויך איצט צו לייענען און איבערלייענען. ביי לאַנדוין, ביי מאַנגערן קען מען, אגב, אויך געפינען ליבע־לידער, וואָס זיינען אין פּאָעטישן געמיש, און אויסדרוק, נאָענט צו האַלפּערנס לידער;

„מיין לעבן איז אַ ווילדער וויסטער קריג,
און ווי שיינקייט פון אַ פרילינג־אָוונט
קומט דיין שטילקייט איבער מיר,
און רואיק ווערט מיין האַרץ
און גוט אַזוי,
אַז ס׳ווילט זיך אויסשטרעקן די הענט,
אַרומנעמען די גאַנצע וועלט,
און ווינענדיק דערציילן איך
פון יענעם טיפן, טיפן ווייי
וואָס האָט ביז איצט מיין האַרץ געקוועלט".

דאָס זיינען שורות פון אַ ליד, געשריבן, אַן ערך, מיט פערציק יאָר צוריק. און עס איז צו באַוואונדערן האַלפּערנס וואונדערלעך יידיש לשון. ער איז געווען אויך אַן אמת צווישן די ערשטע, וואָס האָבן באַפרייט דאָס יידישע ליד, פון דעם דייטשמערישן שאַבלאָן. זעלטן קען מען געפינען, אין יענע יאָרן, אַ ליד וועגן ליבע ביי יידישע דיכטער, וואָס זאָל ניט קלינגען דייטשמעריש און פרעמד. די דייטשמעריזמען געפינען מיך אויך ביי מאָריס

ראָזענפעלדן, מיט וועמען האַלפּערן פאַרמאָגט אַ סך קרובהשאַפט, כאָטש האַלפּערן האָט אָפט געקריגט קעגן ראָזענפלדן. די „מירטן", און דער „רוע פלאַץ" ראָזענפעלדס, האָט האַלפּערן פאַרביטן אויף מער היימישע אויסדרוקן. די ראָמאַנטיק האַלפּערנס איז פון אָנהייב אָן געווען עכט ייִדיש. און פאַראַן אַ קינדישער חידוש וואָס איז, צוגלייך, פול מיט חכמה, וואָס האַלפּערן האָט אויפגעהיט אין זיך ביז זיין יונגען טויט. אין איינס פון זיינע לעצטע לידער איז דער דיכטער זיך מודה:

„איך ווייס ניט וואָס איך וויל,
נאָר ווען די זון פאַרגייט —
איז אויג און מויל ביי מיר
ווי ביי אַ גולם אויסגעשפּרייט"...

אינמיטן דער נשמהדיקער ביטערניש פון דעם „הויקער דו, אויף מיין נשמה" און נאָך די „שטאַרקע" לידער־אויסגעשרייען און נאָכן אויסלאָזן פון די „גראָבע רייד", האָט האַלפּערן אַנדערש נישט געקענט, ווי פאַרקוקן זיך, ווי אַמאָל, אויף דער זונס פאַרגיין. די צייט גיט ער דאָס איריקע. ער ווייס, אַז לעצטנס איז נישט שיין מער צו פראַווען אַזעלכע „אַלטמאָדישע" שטיק, בלייבט אים איבער נישט אַנדערש ווי מאַסקירן זיך אין אַ גולם...

אין דער שטיל, פאַר זיך אַליין, האָט ער אָבער, ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, געשריבן לידער, וואָס דערמאָנען דאָס שענסטע און בעסטע פון זיין ערשטן בוך. אין תוך — בלומען, פאַוועס, ווינט און רויך, פרויען, שביי און מער פון אַלץ דער טויט, וועמען ער האָט געמאָלט „ביט גרוי און ניט פינצטער, נאָר פאַרבן־רייך שיין", זיינען געווען זיינע שטענדיקע מאָטיוון, ווי ביי אַלע עכטע דיכטער.

* * *

משה לייב האַלפּערן האָט פאַרמאָגט צאָרן. ער האָט אַרויסגעוויזן אין זיין ליריק אָן אַ שיעור פאַטאָס, אַזאַ, וואָס מיר געפינען נאָר אין ביאַליקס און אין ראָזענפעלדס נאַציאָנאַלע לידער. האַלפּערן האָט געוויטיקט אויף דעם יידנס גורל אין דער וועלט. און ער האָט געלאָזט הערן זיין הילכיק קול, וואָס האָט גאַליק אַ שילט געטאָן. האַלפּערן האָט אויסגעלאַכט די וויסטע דאַליע פון דעם יידישן אימיגראַנט. אָט זינגט ער וועגן דער רייכער, יידישער ירושה וואָס יעדער אַהערגעקומענער ייד האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. די דאָזיקע לידער זיינען ממש ווי אַ סתירה צו די שפּעטערדיקע,

אַפּלאַכנדיקע, גראַטעסקע, וואָס זיינען פול מיט שנאה צו דעם וואָס מיר רופן טראַדיציע. אָבער שטאַרקער און דויערנדיקער זיינען דווקא יענע לידער, אין וועלכע ער האָט געזונגען פון דער בענקשאַפט אַהיים און אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק די אויסגעוואָרצלטקייט און די טיפע אַנטוישונג פון דעם יידן מיט די גליקן דאָ אין נייעם לאַנד.

די גייסטיקע צעריסנקייט פון אַ גאַנצן יידישן דור איז צו דערקענען אין האַלפּערנס ערשטע לידער. ער האָט דווקא, אין אָנהייב, יאָ דערזען און דערפילט די ירידה, די פּוסטקייט פון דער יידישער גייסטיקייט, וואָס פאַרשווינדט און רינט אויס דאָ, אויף די גאַסן פון דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק. אין זיינע בעסערע לידער זוכט האַלפּערן דעם המשך דאָ הי. ביים דערמאָנען זיך די היים, גייט אים נאָך די האַק פון גזלן. נאָך ביאַליקן האָט קיינער אַזאַ ווייסטע זעאונג פון יידישן חורבן אין ליד ווי האַלפּערן נישט געזען. און ווען מען לייענט איצט, אויף דאָס ניי, די לידער־סעריע „אַ נאַכט״, ווערט מען דורכגענומען פון די טראַגישע, גראַטעסקע בילדער און דעם גאַנצן שוידער וואָס דער דיכטער האָט מיט פיר צענדליק יאָר צוריק געזען און פאָרויסגעזען. ממש מיידאַנעק־לידער זיינען זיי! אַ געוויין טראָגט זיך פון דער פּאָעמע „אַ נאַכט״, אויף דעם איבערבלייב דאָרט, אויף יענער זייט ים. עס שרעקט אים מיט אַלע טויטן־שרעקן, ווי ער וואָלט פאָראויסגעפילט דעם שוידערלעכן חורבן:

„און קינדער לאָז איבער דאָרט, אויף יענער זייט ים, אַליין,  
אַ טאַטן אויף דער עלטער שוין, און ווער אַן אַלטע מאַמע אויך.  
וואָס וואָגלט דאָרט אַרום, ווי אין גרויען טאָג, אַ וואָלקן רויך  
און טראַכט פון דיר, פון מיר, און פון אונדז אַלע דאָ, מיט טיפער פּיין...  
און גייט אין טרוים צוריק צו אונדזער קינדער־וויג, און וויגט אונדז איין,  
און וויינט אין זיך אַריין, און בעט ביי גאָט עס זאָל אַ נס געשען,  
זי זאָל זיך כאָטש נאָך איינמאָל פאַרן טויט, מיט אירע קינדער זען...״

נאָך די צאַרטע, פאַרבענקטע רייד רייסט זיך אַ קללה פון די ליפּן. עפּעס גזלט צו דאָס נייע לאַנד דאָ, אַזוינס, וואָס איז מער פון גאָלד:

„צי דען וואָלטסטו, מאַמע, מיר גלויבן געוואָלט,  
אַז אַלצדינג ביי אונדז ווערט פאַרוואַנדלט אין גאָלד,  
אַז גאָלד ווערט פון בלוט און פון אייזן געמאַכט,  
פון בלוט און פון אייזן ביי טאָג און ביי נאַכט?״...

„גינגילי״, „דער גאָסנפּויקער״, „דער אומרו פון אַ וואָלף״ און צענד־ליקער אַנדערע לידער דערציילן פון דעם געראַנגל פון די צוויי סתירה־דיקע כוחות אין אים. האַס און ליבשאַפט, פאַרחלומטע בענקשאַפט, און — דער פאַרלאַנג ציניש און אַפילו גראָב אויסצולאַכן די פאַלשקייט וואָס ער זעט אין לעבן דאָ. שרייט ער, האַלפּערן, אין לידער, און וויל אַליין זיך איבערשרייען. בעט גאָט, אין מאָדנער תפילה, אַז — „עקלען זאָל פון מיינע רייד״. אָבער די דאָזיקע תפילה ווערט ניט דערהערט. דאָס עכטע און שיינע אין אים פאַרבלייבט. און וויסט איז נישט געבליבן דאָס אָרט, וואו דער דיכטער האָט אַ פּוס געשטעלט. גובר אין אים איז דאָס צאַרטע און איידעלע דיכטערישע וואָרט, דאָס פאַרחלומטע, וואָס וועט בלייבן אַן אוצר פון דער יידישער דיכטונג.

אין אַ פאָרוואָרט צו אַ זאַמלונג לידער פון ז. ווײַנפּער, אין יאָר 1932, דערציילט האַלפּערן:

„איך געדענק, קליינערהייט — איין מאָל, ווען מיר, קינדער פון גאַס, זיינען אַרויסגעקומען אַלע מיט פאָנען לכבוד שמחת תורה, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריג, וועמענס ס׳איז די שענסטע פאָן, האָב איך זיך דער־מאָנט, אַז איך האָב נאָך דעם פּורים־גראַגער פון פאַראַיאָרן, האָב איך אים אַרויסגעבראַכט ער זאָל העלפן איבערשרייען״.

די גראָבע רייד און אַזוי אויך אַ סך פון די שרייענדיקע לידער האַל־פּערנס, זייען, אין תוך, געווען ניט מער ווי דער זעלבער „פּורים־גראַגער״, וואָס האַלפּערן האָט אַרויסגעבראַכט, קליינערהייט, אום שמחת תורה. און אויף אַ צייט האָט האַלפּערן טאַקע איבערגעשריען, אויב ניט אַלעמען, איז זיך אַליין, געוויס.

און ווען עס איז שטיל געוואָרן אין אים דאָס גראַגערן, איז ער, האַל־פּערן, פאַרגאַנגען אין אַן אַנדער וועלט, צו אומקלאָרקייט, צו סתם רייד, פאַנטאַסטישע, צו וויזיעס מאָדנע, געזעענע אויפן וואָר; צו האַלוצינאַציעס, ווי די, וועלכע ער האָט געלאָזט אויפגיין, פריער נאָך, אין זיין פּאָעמע „אַ נאַכט״, און שפּעטער אין בוך „די גאָלדענע פּאַווע״, און אין די צוויי לעצטע לידער־ביכער, אַרויסגעגעבן נאָך זיין טויט.

האַלפּערן האָט אין די לעצטע יאָרן פון זיין יונג שפּעריש לעבן גע־זונגען פון אַ פּעטער זרחי, פון אַ „חכם־גולם״, אַן אויסגעטראַכטן, וואָס זיצט ביים ים און הערט געוויינען, און וואָס זעט משונהדיקע בילדער. וואָס האָט האַלפּערן דעם דאָזיקן זרחין געפירט צום ים? איז עס געווען דעם דיכטערס זעאונג פון אַן אַנהייב? אָדער, אפשר, גאָר פון אַ סוף, פון אַ

פֿאַרשווינדן דאָ אין ים אַריין, פון אַ פאַרגיין, מיטן גאַנצן גייסטיקן האָב און גוטס, ביים ברעג פונעם פרייען און רייכן לאַנד?

אַזוי־אָ איז ער, האַלפערן, פֿאַרבליבן אין דער ליריק, אין די טראַגישע זרחי־בילדער, מיט אַ טרויעריקער קלוגשאַפט, ווי אַ גרייז און אַ קינד וואָלטן געפירט אַ דיאַלאָג צווישן זיך. האַלפערן פֿאַרענדיקט אין אומקלאָרע זעאונגען, אין אַ פֿאַנטאַסטיק פון משלים און רעטענישן, קיין מאָל נישט אויפצוקלערן, און קיין מאָל זייער באַשייד נישט צו געפינען. ביז דער טויט איז געקומען, פלוצים, ווי אַן אַלטער באַקאַנטער, וועמען ער, דער דיכטער, האָט אַמאָל נאָך „באַגריסט מיט אַ האַנט און געפרעגט ווי עס גייט", און אים אַוועקגענומען אין יענעם סוף־זומערדיקן ערב־האַרבסט פון יאָר 1932; אַ טאָג, וואָס וועט בלייבן אַן אומפאַרגעסלעך־טרויעריקער ביי יעדן וואָס לעבט מיטן יידישן ליד.

(1932—54)

# א. מ. דילאָן

אברהם משה דילאָן — דער נאָמען טראָגט אין זיך פיל מער ווי די ליטעראַרישע ירושה, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן זיינע פריינט, לייענער פון יידישן ליד; ס'איז נאָך אַלץ גרינגער וועגן אים צו שרייבן ווי וועגן זיינע לידער. איז עס דערפאַר, וואָס מיר האָבן גאָר גרויסעס דערוואַרט פון אים? טראַכט מען פון זיינע לידער — שווימט אויף די מאַסיווע, הויכע געשטאַלט מיט דער אויפרעגנדיקער שטים, מיט דעם אָפּגעהאַקט־הילכיקן, דונערדיקן געלעכטער. ווי ביים לעבן — אַזוי אויך איצט, פאַרשטעלט די געשטאַלט דילאָנס זיינע לידער.

זיין ליד באַקומט מער לעבן דורך דער דערמאָנונג וועגן אים. ער איז צונויפגעוואַקסן מיט יעדן ליד זיינעם, ווי זעלטן ווער פון זיינע צייט־חברים, און — ניט אָפּצוטיילן! מער־נאָך: ער איז פאָרויסגעגאַנגען זיינע גוט אויפגענומען ווערן אין אַ סביבה —וואָס דאַרף ניט קיין לידער. איז לידער, די קורץ־שורהדיקע, ס'רוב קאַרגע אין אויסדרוק, און באַשאַפן אַרום זיי אַטמאָספערע. דילאָנישע אַטמאָספערע, כדי זיי זאָלן ווי געהעריק דילאָן אַליין שוין נישטאָ, דאַרפן די, וואָס האָבן אים געקענט, עס טאָן פאַר אים איידער מען נעמט לייענען זיינע לידער.

דער ניט פשרה־מאַכער מיט דער צייט! אַזאַ האָב איך אים געזען. ער האָט ניט געוואָלט און ניט געקענט שלום ווערן מיט די נייע אומשטענדן, וועלכע האָבן פאַרוואַנדלט פּאָעטן אין צייטונג־הענט אָדער גאָר אין אַקטיאָרן־אימפּראָוויזאַטאָרן. ער איז געבליבן, ווי אַ פּאָר געציילטע חברים זיינע, ביים ליד אַליין. דילאָן האָט ניט באַדאַרפט איבערטאָן איידער ער האָט זיך באַוויזן אין דער מסיבה פון שרייבער. ער איז תמיד אויסגעוואָקסן אין דער דיכטערישער פּאָזע זיינער. מיט זיין אָפּטן פאַרכליניען זיך בעת'ן ריידן, מיט זיין קלאַפּן אין טיש אַריין, מיטן אויפרעגן זיך, ווען ער האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון אַ גוטן פּאָעט, פון אַ גוטער שורה אין אַ ליד — איז ער געווען אויסטערליש, האָט ער אויסגעזען ווי ניט פון היינט!

די גרופּע דיכטער, באַקאַנט אַלס „יונגע", האָט פאַרלוירן אין אים דעם לעבעדיקסטן פאַרערער און פאַרטיידיקער. ער איז געווען איינער פון זיי. דילאָן האָט באַגערט ליטעראַרישע מחלוקתן און זיך געערגערט, ניט אַזוי אויפן ניט־פּריילעכן מצב פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמע־ריקע, ווי אויף דעם, וואָס ס'איז גלאַט שלום צווישן איין שרייבער־גרופּע און דער צווייטער. ער האָט ניט געזען, אַז ס'איז נישטאָ צוליב וואָס צו פירן קריג...

דילאָן האָט באַוויזן כעס. און אים האָט געקאָסט פיל מי צו בלייבן ביים אַלטן פּאָעטישן לעקסיקאָן. ער האָט זיך געקלאַמערט אָן אַלטע פאָרמען, כדי ניט פאַרלירן, ווי אַ טייל דיכטער, זיין ביסל עכטקייט. דיכ־טער זוכנדיקע, די, וואָס בייטן פאָרמען, זוכן בלינדערהייט און געפינען זעלטן זייער אויסדרוק, האָבן מקנא געווען דעם פשוט'ן אופן, ווי דילאָן האָט אויסגעלעבט זיין ליד. פאַרן אָפּדרוקן אַ זאַך, פלעגט ער פאַרלייענען אויפן קול פאַר זיינע פריינט, אין קאַפע, אויפן גאַס און ביי אַלע געלעגנ־הייטן. און יעדעס מאָל, ווען אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָ און דאָרט איז אַ וואָרט איבעריק, ניט אויפן ריכטיקן פּלאַץ, אָדער דאָס וואָרט דאַרף פאַרביטן ווערן אויף אַן אַנדערס, פלעגט ער די די צוהערער זיינע איבער־פרעגן צום צוויפלסטן מאָל:

— הערט, מ'קען זאָגן „דער צער פאַרצערט"? האָ?

— אפשר „דער צער באַגערט"? ווי מיינט איר?

אַזאָ איז די טבע פון ס'רוב דיכטער. ער האָט אָבער זיינע פּאָעטישע רגילותן מער אויסגעלעבט, מער דעמאָנסטרירט. דילאָן האָט אַלע לידער, אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, געדענקט אויף אויסווייניק. דעם לעצטן זומער — דעם לעצטן שוין פון זיין לעבן — האָט ער ביי אַ טישל אין איינע פון די קאַפּע־הייזער אויף דער פערצנטער גאַס פאַר מיר איבער־געלייענט אַן ערך דאָס גאַנצע בוך לידער, וואָס ער האָט זיך געגרייט אַרויסגעבן און וואָס זיינע חברים האָבן ערשט איצט, נאָך זיין טויט, צום גרויסן צער, באַוויזן צו טאָן. אַ תנאי האָבן מיר אויסגענומען אָפּצורוען זיך יעדע האַלבע שעה. דאָס איז געטאָן געוואָרן צוליב זיין געזונט. ער האָט געלייענט האַסטיק און מיט האַרץ. און אַ האַרץ האָט ער געהאַט אַ שוואַכס. פלעגט פיינלעך זיין צו זען, ווי זיין האַנט פאַלט נאָך יעדן ליד אויף זיין ברוסט, די אויגן פאַרמאַכט, און דאָס ברייטע, פולע פּנים פאַר־גליווערט און פאַרשפּיצט אַרויפצו. דאָס דאָזיקע בילד האָט זיך איבער־חזרט אומעטום בשעתן פאַרלייענען; אין גאַס, אין הויז און אין קאַפע.

דילאָן האָט זיך גע׳חבר׳ט מיט סאַמע יינגערע שרייבער, מיט די, וואָס האָבן אָפּט דעם געפּיל, אַז זיי זיינען שוין פון די לעצטע. ווי אַ געטרייער שומר האָט ער געוואַכט איבערן ביסל אייגן־פּאָעטישער עשירות. ער האָט ניט צוגעלאָזט קיין פּסעודאָ־שרייבער אין זיין אויס־געקליבענעם פּאַרנאַס. אין דעם פּרט איז ער געווען אַריסטאָקראַטיש־רייך. געטראָגן אויף זיך אַן אומגעזעענעם כהונה־מאַנטל וואָס באַר ווייניקע האָבן אים דערזען. אַ שטאָלצער דאָן קיכאָט אין אויסערלעך וואָכעדיקע קליידער, אין אַ גרוי־געוואָרענער סביבה. דער דיכטער אַלף כף האָט זייער געלונגען אויסגעדריקט — אין איינס פון זיינע לידער, דאָס דאָ־זיקע, ריטערלעך־דאָן קיכאָטישע אין דילאָנען: אַ ווייט ווידערקול. דער עכאָ פון די „יונגע״ס אַנטשוויגן ווערן ווי אַ גרופּע. ער האָט נאָך גע־טומלט, ווען אַלץ אַרום שלאָגט אָפּ מיט שווייגן. ער האָט פּאַרטיידיקט, זיך געקאָכט ווי איבער תמיד דויערנדיק־לעבעדיקס. אים זיינען כלל פרעמד געווען די אַלע רייד פון אונטערגאַנג, פון ניט האָבן קיין לייענער, וכדומה. דאָס שרייבן גופא איז געווען זיין עיקר. דילאָנס וועלט: די קאָפּע, חברים, אַ שטיקל ברויט — (מיר האָבן אים זעלטן געזען עסן...) — און דאָס ליד! זיינע בעסערע לידער זיינען די פינצטערע, די וואָס „פלעכטן פון חושך אַ קרוין, די יאָמערנדיקע, וואָס קלאָגן אויפן טרויעריקן מזל פון מענטש, אָבער געשריבן זיינען זיי, פון אַ דיכטער, וואָס דאָס עצם שאַפן איז געווען איין גרויסע פאַרכליענטע פרייד:

„דו וועסט ניט פאַרלענדט — וויל דו ביסט ווי גאָט,
איבער אַלעליידן, איבער נויט און שפּאָט:
אויב דיין צער גייט נאָך, גייט דיין פרייד פאָרויס״.

ער האָט ניט געוואָלט הערן פון דער שפּאָט אַליין. אַ פּאָר האַלפּערנ־ישע שטימונגען: „כ׳וועל טאַנצן אין די גאַסן״, „ס׳האָט דער טיוול גע־קלאַפּט אין מיין פענצטער״ און — גענוג! דילאָן זינגט וועגן ליבע, מיט ליבע־לידער פאַרענדיגט ער. אָבער ער ווערט ניט קאָמיש. ער בלייבט עכט. אַז אַזאַ מקונן, אַזאַ בידנער זינגער דערזעט אַ זון־שטראַל, מאַכט ער אונז מיטשמייכלען, מיטוואונדערן. זיינע ליבע־לידער ווערן נעאָ־ראָ־מאַנטיק אין לעצטן גלגול. מער וועט שוין קיינער אַזוי אַלט־ניי, אַזוי נאַ־איוו־גלויביק ניט זינגען, סיידן אַ חיים קרול.

(1935)

# זישא לאַנדוי

די וואָס האָבן אים געקענט האָבן אים ליב געהאַט. אומפּראָדוקטיוו ווי ער איז געווען די לעצטע יאָרן, איז זיין עצם געשטאַלט גענוג געווען פאַר אונז צו דערמאָנען ווער ער איז. ער האָט כסדר דערמאָנט אָן דער בלי־עפּאָכע פון די „יונגע״, פון יענער גרופּע יידישע שריפטשטעלער, וועלכע האָבן אָנגעפאַנגען אַ ניי קאַפּיטל אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

מען האָט געוואוסט, אַז ער איז שטערבלעך קראַנק, און זיין אויסזען האָט ניט איינעם פון זיינע פריינט טרויעריק געמאַכט, ווען מען האָט אים באַגעגנט אין גאַס אָדער אין קאַפע. זיין קול, וואָס איז אַלע מאָל געווען אַ שטילס, אַ שושקעדיקס — איז נאָך מער איינגעהאַלטענער, פליסטערנ־דיקער געוואָרן. ס׳האָט תמיד געווייעט פון אים מיט שטילקייט, מיט אַריסטאָקראַטיזם און סוד. ער האָט גאַנץ אָפט פּאָזירט. האָט זיך געוואָלט גלויבן, אַז אויך זיין בלייכקייט, זיין אַראָפּגעפאַלנקייט און קראַנקער בליק איז אפשר אויך אַ פּאָזע. די דאָזיקע „פּאָזע״ איז אָבער געווען זייער — עכט!

מיט זיין אַוועקגיין פון אונז איז אַנטשוויגן געוואָרן אַן עסטעט פון פרייד. אַ צאַרטער דיכטער פון דינסטן און ריינסטן געפיל. פון דער גאַנצער גרופּע „יונגע״, וועמעס הויפּט טאָן־געבער ער איז געווען, האָט לאַנדוי זיך אויסגעטיילט ווי אַן איינציגער מיט דעם ביסל חדוה, מיט דער אינערלעך־קוועלנדיקער פרייד און געזונטן לעבנס־געפיל, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, ווי אַן עכטער יורש פון די רבישע הויפן, פון וואַנען ער האָט אָפּגעשטאַמט.

אַ חסיד אין נייע, פאַרשטעלטע, ריטערלעכע קליידער, האָט לאַנדוי געשטריטן אין דער מלחמה קעגן דער נעאָ־מתנגדות, קעגן דער קלאָגלאָ־זיקייט פונם יידישן ליד, אין דער היגער יידישער ליטעראַטור פון פאַרן ערשטן קריג.

דער ניטקאָמפּראָמיסלעכער. קיינער פון זיינע קאָלעגן האָט זיך

נישט אַזוי עקשנותדיק געהאַלטן ביי דעם עסטעטיציזם, ביי דער ריינער קונסט־לשם־קונסט טעאָריע, ווי ער. אָנגעהויבן האָט די גאַנצע גרופּע „יונגע" אין איין טאָן. די פּראָזע־שרייבער, אַזוי גוט ווי די דיכטער, זיינען געווען געטריי דעם אויטאָביאָגראַפיש־לירישן אני־מאמין: פון זיך, פון די אייגענע איבערלעבענישן, פון דער אייגענער וועלט דאַרף מען דערציילן. אָבער גיך האָבן אייניקע געגומען מאַכן קאָמפּראָמיסן מיט דער צייט, מיט די נייע אומשטענדן און איינפלוסן. לאַנדוי האָט אַרום זיך ניט געוואָלט קוקן. אויף זיין חשבון איז דעריבער געפאַלן מער חוזק, מער שפּאָט, באַזונדערס פון די סאָציאַלע קריטיקער, ווי אויף די איבע־ריקע נאָענטע קאָלעגן זיינע, וועלכע האָבן יאָ פּרובירט צאָלן אַ צינז דער צייט — אירע אידייען און פּראָבלעמען.

צוליב זיין עקסטרעמען האַלטן זיך ביי דער שיינקייט פון וואָרט און ביי מאָטיוון איבערצייטלעכע און אייביקע, האָט מען אים אָבער אַן אַ שיר אונטערשאַצט. מען האָט רק געדענקט די שוואַכערע לידער זיינע, די פּאַלעמישע, אין וועלכע ער האָט אינזינען געהאַט אויסצודריקן זיינע גע־דאַנקען וועגן דיכטונג. און מ'האָט פאַרזען אין אים דאָס נאַטירלעכע, די פרייד און שיינקייט פון זיינע בעסערע לידער.

זישאַ לאַנדויס פריידיקע לעבנס־געפיל טראָגט אונדז צוריק צום קוואַל פון חסידות, וואָס האָט אין תוך, געוועקט און גערופן מהנה זיין פון דער וועלט און אירע פריידן.

אויסערלעך איז געווען אין לאַנדוין אַזוי פיל פרעמדס, גויעש'ס. בלויז אייניקע געציילטע לידער פאַרמאָגט לאַנדוי וועגן בעל־שם, דעם סטריקאָווער רבין און אַנדערע. אין זיינע ערשטע לידער איז געווען אין אים אַזוי פיל שקאָצישקייט, אַזוי פיל גאָרניט יידישלעכס, ווי מיר זיינען געוואוינט צו געפינען ביי די מערסטע יידישע דיכטער ביז אַהער, און וואָס טראָגן נאָך עד היום אויף זייערע דיכטערישע פּלייצעס דעם עול פון אייביקן גלות.

פאַרגעסן האָט מען אָבער איין ליכטיקן קוואַל, וואָס האָט נאָך ניט אויפגעהערט צו שלאָגן און האָט זיך באַנייט מיט מער פרישקייט צווישן אונזערע מאָדערנע אידישע פּאָעטן — דעם פרישן, חדוהדיקן קוואַל, וואָס דאָס חסידות פאַרמאָגט אין זיך. דעם פשטותדיקן, וואָס געפינט ערשט זיין אמתן אָפּקלאַנג אין אונדזער ליד, ווען דאָס עכטע אין דער יידישער פּאָעזיע, ווען דאָס לעבנספולע, פריידיקע הייבט אָן דערהערט צו ווערן.

פאַר זישא לאַנדוין דעם לעבנספולן, דעם דיכטער פון הנאה, דעם

שטענדיקן באַזינגער פון פרויען, — איז דער בעל־שם טוב, וואָס האָט גערופן צו חדוה, צו דער באַוואונדערונג פון דאָס שיינע אין דער וועלט, כדי שטאַרקער צו דינען גאָט מתוך שמחה, פאַר לאַנדוין, איז דער בעל־שם געווען די ערשטע, כישופדיקע פערזענלעכקייט באַזונגען צו ווערן פון אַ מאָדערנעם יידישן דיכטער.

עס איז אָבער אויך דער זעלבער כישופדיקער רייץ, וואָס לאַנדוי געפינט אין די ענגלישע, ריטערליכע פאָלקס־באַלאַדן, וועלכע ער האָט אַזוי מייסטערהאַפט איבערדיכטעט. די דאָזיקע באַלאַדן פאַרמאָגן אין זיך אַן עקזאָטישע שיינקייט, פול מיט ווייטער, לאַנג־פאַרגאַנגענער ראָמאַנטיק. און כאָטש ווי באַלאַדן, ווי דער שטייגער, איז דער סוף אַ טרויעריקער, פונדעסטוועגן געדענקט זיך בלויז דאָס גערייס נאָך ליבע, דער גענוס פון לעבן אין די דאָזיקע באַלאַדן.

לאַנדויס ליד האָט אָטעם, יידישן אָטעם, אויך ער דינט גאָט דורך פרייד. און הנאה האָט ער פון גאָטס וועלט און אירע באַשעפענישן. ער זעט די פרוי — די שרה בת טובים — אין שטענדיקער יונגקייט:

„הויך איבער אונדז האָט זיך צעוויגט
אין ווייטן רוים אַ פורפור־פלאָם;
אויף וואָלקנס די לבנה ליגט
ווי אין פעלד אַ ווייסער בלאָם"...

לאַנדוי פרישט אָפּ אַלטע קלאַנגען. אויף דאָס ניי זינגט ער פון „פאָרצעלייענע מאַרקיזן", פון „גרין־בלויע קרעלן", און פון „מיידלעך ווי האַלבע לבנות". ער דערמאָנט אונדז די צייט ווען דאָס וואָרט פון דיכטער, האָט אָפּגעקלונגען אין די הערצער פון פשוטן פאָלק:

„אָ, לופטיק ריין איז ס'וואָרט אַליין,
דאָס וואָרט, דער אייביקער רעפרעין,
פון יענעם וואָרט, וואָס איך האָב — און דו
געהערט אַמאָל, ניט דאָ נאָר אַנדערש וואו
און לאַנג שוין, לאַנג צוריק"...

לאַנדוי זינגט וועגן קעניגן און קעניגינס, קאָלאָמבינעס, גראַפן און ריטער, וואָס שטאַרבן אין נאָמען פון ריינער ליבע. וועגן נאַכטיגאַלן און פאַוועס מיט גאָלדענע פליגל. וואו האָט ער זייער קול פאַרנומען?

ווען האָט ער זייער געזאַנג געהערט? אַ סך איראָניע געפינען מיר אין „בלויען נאַכטיגאַל". וויפיל דינקייט, אָבער פון געפיל און אמתער גי־זאַנג פון פאַרליבטקייט מיר הערן פון זיין „רויטן נאַכטיגאַל"! פלוצים האָט אָט דער אַלטער פויגל פון פּאָעטן, אָנגעהויבן, דורך לאַנדוין, צו זינגען נייע לידער. דאַכט זיך: די וועלט איז אייביק וועלט! און דאָס שיינע ווערט קיינמאָל ניט פאַרלאָרן אינעם מויל פון דעם עכטן דיכ־טער. לאַנדוי האָט אויפגעפרישט אָט די אייביקע אָנזאָגער פון פרילינג, אָט די דערמאָנער פון צאַרטער תמימות און פאַרליבטקייט. ווי וועלנדיק אַנטלויפן פון דער וואָכעדיקייט, פון דער טרוקן געוואָרענער צייט, וואָס איז אַזוי ניט מסוגל פאַר פּאָעזיע, וואָס האָט איצט אַזאַ קאַלטן, טויבן געהער פאַר דעם וואַרעמן, צאַרטן קלאַנג פונם דיכטערס וואָרט.

איז ער אַנטלאָפן צוריק צו די אַלטע, גוטבאַקאַנטע נאַכטיגאַלן און פאַרליבטע ריטער, און זייער געזאַנג אויפגעפרישט פאַר אונז אויפדאָסניי, און אויפגעעפנט אַן אַלטע וועלט פון צאַרטע, דינע געזאַנגען, ווען דער מענטש איז נאָך נאָענט געווען און צונויפגעוואקסן מיטן גרין פון פעלד און וואַלד.

דעם פולסטן אויסדרוק פאַר זיין שאַפן, פאַר זיין אינערלעכער שפע און לעבנספולקייט האָט לאַנדוי געפונען אין אָט די לידער. ער איז צוגע־קומען צו דער עכטקייט פון דעם באַזינגער פון אַלץ וואָס איז שיין און פריידיק. מיר הערן דאָ פון זיין צוגעבונדקייט צו דער נאַטור און צו די באַשעפענישן אין איר. דעם ברודערקעניג האָט ער, דער דיכטער, — דאָס לאַנד און דעם טראָן אָוועקגעגעבן, און ס'גיט דער ברודער־קעניג אים מתנות פיל און מיידלעך ווי האַלבע לבנות:

„האָט אויך געוואָלט דער הויפנאַר געבן,
אַ קעניג, שענק אים ניט אַוועק.
גיב ליבערשט מיר דעם פאַלק, — אַז שוועבן
זאָל ער פאַר מיר דורך מיינע טעג"...

לאַנדוי רופט צוריק די ווייט־פאַרשוואונדענע קאַלירדיקע פייגל, וואָס זיינען צוזאַמען מיטן כישוף פון וואָרט פאַרשוואָונדן. און ווידער הערן מיר זייער ליד, דאָס ליד פון פאַרבענקטער פרייד און שפעדיקער לעבנספולקייט.

יאָ, אין די ענגלישע פאָלקס־באַלאַדן, וואָס לאַנדוי האָט אַזוי וואונ־

דערלעך איבערזעצט, געפינען מיר אים, לאנדוין, אליין. עס איז דאס אינערלעך־פריידיקע, דער חסידישער ניצוץ וואס טליעט אין זיין עכט־פאעטיש ווארט. די דאזיקע פרעמדע, ענגלישע מאטיוון, וואס האבן אים פאראינטערעסירט אין די לעצטע יארן פון זיין לעבן, זיינען געווען ניט מער ווי די אויסערלעכע שיינע משלים, פאר דער אינערלעכער בענקעניש נאך פרייד. פונקט ווי די משלים אין די וואונדערלעכע, פאנטאסטישע חסידישע מעשיות פון פרינצן און בת מלכות. אויך די בן מלכס און בת מלכות אין די חסידישע מעשיות האבן אפגעקלונגען אזוי עקזאטיש און ווייט אין אונדזערע אויערן.

לאנדוי האט געזונגען פון די פריידן פון דער וועלט. זיין ליד וועגן ר׳ ישראל בעל שם טוב איז נאך איצט איינציק אין אונדזער דיכטונג. עס איז געזאנג צום לעבן. אין עקסטאז האט דער דיכטער דא דערהערט דעם בעל־שם׳ס ליבשאפט צו דער וועלט און צו די באשעפענישן אין איר. די פרייד פון לעבן הערן מיר דא:

„פאר קעלטן און היצן, פאר זון און פאר רעגן,
פאר טאג און פאר נאכט דיר א לויב.
פאר אלץ וואס דו שיקסט דעם מענטשן אנטקעגן
א לויב דיר, א לויב דיר, א לויב".

דער עסטעט־פאעט איז אנטשוויגן געווארן אין טעג, ווען דאס עכטע דיכטערישע ווארט הויבט אן צוריק דערהערט ווערן. אויף דעם האט ער דאך געווארט. געווארט און — ניט דערווארט זיך. די בענקענישן נאך רואיקע צייטן ווערן נאך לאנג אנהאלטן. בלוטיק און גרויזאם איז אונדזער צייט. אומפארשטענדלעך און טראגיש־פינצטער. ערגעץ גייט אפ א פאלק אין בלוט. מחבלים שווארצע גרייטן שחיטות אויף א פריידלעכער וועלט. נאר דאס עכטע שעפערישע ווארט פון דיכטער הויבט מען אן גראד אויפזוכן, רעווידירן. דאס ליד פון לעבן און פון ליבשאפט זוכט מען אומעטום. אויך לאנדויס לידער, אין זייער „אנטיקווארישער", פארשטעלט־ריטערלעכער פארם — זיינען דאך לידער פון יחיד־לעבן און פון ליבשאפט.

* * *

מען דארף גערעכט זיין צו דעם דיכטער. אויב דיכטונג האט גרעניצן, איז זישע לאנדוי געווען אין זיין דיכטונג די גרעניץ פון דעם איבערברוך, וואס איז פארגעקומען אויך אין אונדזער לעבן.

דער עסטעטיציזם פון די „יונגע״ האָט געהאַט דעם שלעכטן מזל געבוירן צו ווערן אויפן שוועל פון ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. די דאָזיגע גרופּע דיכטער האָבן קיין צייט ניט געהאַט גרונטיק זיך צו באַפעסטיגן און צו שלאָגן וואָרצלען. געבוירן געוואָרן איז די ריכטונג פון די „יונגע״ ווי אַ רעאַקציע צו די איינזייטיקע־טענדענצן אין דער יידישער פּאָעזיע פון פאַרן קריג. חוץ אייניקע אויסנאַמען, וואָס האָבן געהאַט דעם כוח פון אַריבערוואַקסן די סביבה זייערע, איז די דיכטונג דאָ הי, און אויך אין אייראָפּע, געשטאַנען אויף אַ ניט־הויכער מדרגה. אויף די פינגער איז געווען צו ציילן ריינע ליריקער, וואָס האָבן געהאַט באַציאונגען צו דער שפּראַך אין וועלכער זיי שאַפן, און וואָס זאָלן זיך מיען אַריינצוברענגען אין יידיש די קלאַסישע פאָרמען פון דער וועלט־פּאָעזיע. די נייע יידישע ליטעראַטור האָט דאָך לכתחילה געפונען איר אויסדרוק מער אין דער פּראָזע ווי אין ליד. אויך אין דעם פּרט אַנדערש ווי אַלע אַנדערע ליטעראַטורן. אין דער צייט ווען דאָס יידישע ליד איז נאָך אַלץ געשריבן געוואָרן אין פאָלקס־טאָן, אין נוסח פום פאָלק, האָט שוין ה. ד. נאָמבערג געהאַט פאַרעפנטלעכט זיין „פליגעלמאַן״״ און דוד בערגעלסאָן זיין „נאָך אַלעמען״.

איצט איז פאַרקערט. דאָס ליד אונדזערס האָט אָנגעיאָגט די פּראָזע. די גוטע כוונות פון דער גרופּע „יונגע״ זיינען מער מקוים געוואָרן ווי זיי אַליין האָבן זיך געוואונטשן. די יידישע נאָך־מלחמה ליריק פון אייראָפּע האָט דאָ אויך משפּיע געווען צום גוטן.

אַוודאי האָט עס מאָדנע געמוזט אויסזען אין די יאָרן פון וועלט־קריג, ווען לאַנדוי האָט געשריבן פון געניצן, פון טרינקען טיי און עסן איינגעמאַכטס, האַקן האָלץ און גיין אויף שפּאַציר. מען האָט אָבער פאַרזען דעם גורל פון יענער גרופּע דיכטער, מיט לאַנדוין בראש, וועמען עס איז אויסגעקומען צו גיין קעגן דער צייט און קעגן דער סביבה.. אין זייערע הערצער האָבן זיי געטראָגן אַן אייגענע זעלבסטשטענדיגע שליחות פאַרן יידישן וואָרט: פאַרפיינערן, אַריינברענגען שיינקייט, פשטות, און וואוילקלאַנג אין יידישן ליד.

* * *

זינגענדיג וועגן פאַוועס און נאַכטיגאַלן, וועגן גראַפן, ריטער, קאָלאָמבינען און אַרלעקינס, איז לאַנדוי אין תוך געווען יידיש. עס איז געווען אַ מאָדנע עקשנות אין אים. אין טעג ווען די פאָדערונגען פון פּראָלעטאַרישער קונסט זיינען אַזוי שאַרף און ברייט פּראָקלאַמירט געוואָרן, זאָל

זישאַ לאַנדוי זיך פֿאַרנעמען מיטן איבערזעצן, בעסער, איבערדיכטן, אַלט־ענגלישע באַלאַדן... וואו די הויפּט־מאָטיוון זיינען ליבע און דער גליק־זעליקער געפֿעכט פֿון טויט איבער ליבע. איז דאָס געווען רעזיגנאַציע? „זעלבסט־רעטונג״? פֿיל פֿון די היינטצייטיקע דיכטער איז ער פֿרעמד געבליבן. ער איז פֿאַר אַ סך פֿרעמד געבליבן מיט זיין אייגנאַרטיקן, ווי מ׳האָט חושד געווען, אָפּטימיסטישן טאָן. די גאָר נייע ריכטונגען פֿון אינטעלעקטואַליזם, נעאָ־סימבאָליזם פֿון די פֿאַרשיידענע פּרואוון פֿון פֿרייען פֿערז, פֿון נייע ריטמען אויף אידיש אויף איין זייט — און פּראָלעטאַריש־סאָציאַלע תביעות, די עטיש־באַגרינדעטע, פֿון דער אַנדערער זייט, — זיינען אים פֿרעמד געבליבן.

ער האָט געוואַרט אויף אַ צוריקקער. אויף אַן איבערראַשונג פֿון ווערטן. זיין ליד, ווי עכט און שיין, איז ווייט און צו־פֿאַרשטענדלעך גע־בליבן הענגען ערגעץ אין רוים. ניט אָן השפּעה: פֿאַרקערט, ניט איינער פֿון די אינגערע דיכטער האָט מיטן ברען פֿון יונגטלעכקייט פֿאַרטיידיגט די עסטעטיק, די וואָרט־פּשטות פֿון לאַנדוין, זיין ליד און אָבער ניט דער־הערט געוואָרן ווי עס דאַרף צו זיין! נאָך ניט גענוג אויסגעוואַרט האָט זישאַ לאַנדוי דעם שטורעם פֿון דער צייט:

„פֿאַראַנען ווערטער וואונדערבאַרע דינע,
קוים זאָגסטו זיי, ווערט לייכטער דיין געמיט,
זיי זאָגן אָבער זאָגסטו קיינמאָל ניט״...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, נאָך אינגאַנצן ניט אַרויסזינגענדיק זיינע וואונדערבאַרע דינע ווערטער — זיין וואָרט. דאָס ליד זיינס, צויבערנדיק, גראַציעז, אין צאַרטקייט געבוירן, — איז ווי אין אַן אַנטיקן־וועלט אַריינ־געזונגען געוואָרן.

(1937)

# מאַני לייב

נאָך די שלושים און — עס ווילט זיך ניט גלויבן, אַז מער וועט מען שוין ניט באַגעגענען מאַני לייבן אויף איסט בראָדוויי, אין „קאַפע" אָדער אין רעדאַקציע פון „פאָרווערטס". האָט מען דאָך מאַני לייבן געזען אין דער חברותא פון שרייבער אָפטער ווי מיט יאָרן צוריק. מאַני לייב האָט עפּעס ווי געוואָלט אָפּדינען די שרייבער־קאָלעגן פאַר די יאָרן וואָס ער, — ווי די מערסטע קאָלעגן זיינע פון דער גרופּע „יונגע", — האָט אויס־געמידן דאָס ליטעראַרישע קהלן זיך. אַ סך צייט און ענערגיע, גאָר ניט לויט זיינע יאָרן, האָט מאַני לייב לעצטנס אַוועקגעגעבן לטובת דער יידי־שער ליטעראַטור, זיין געזונט ניט געזשאַלעוועט, און געזען צו העלפן דעם און יענעם דיכטער, אין דער אַרבעט פון אַרויסגעבן דאָס בוך זיינס. ס'איז אפשר צו פרי נאָך צו דערציילן.אָבער נאָענטע פריינט פון דעם פאַרשטאָרבענעם דיכטער ווייסן דערפון. און אַז מען האָט אים געפרעגט: מאַני לייב, פאַרוואָס טוט איר דאָס? איז דאָס ניט צופיל קרבן פון אייך? פאַראַן דאָך גענוג יינגערע קאָלעגן, וואָס קענען און דאַרפן דאָס טאָן, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: — עט, איך בין דאָך נאָך אַ יונגערמאַן"...

ס'איז אמת געווען. כאָטש די עלטער האָט זיך אַ רוק געטאָן אויך אויף אים, דעם שטענדיקן יונגען אין אויסזען. די הויכע שלאַנקע פיגור האָט זיך אַ בויג געטאָן. דאָך, אַז מ'פלעגט זיצן מיט אים און רעדן האָט מען געהאַט דאָס געפיל, אַז ער האָט זיך ווינציג־וואָס געענדערט דורך די אַלע יאָרן וואָס עס איז ניט אויסגעקומען אים צו זען. דער זעלבער צוק מיט די אַקסלען און מאַך מיט דער האַנט, ווען אים האָט אויסגעפעלט אַ וואָרט, כדי קלאָר צו מאַכן וואָס ער וויל זאָגן; דער זעלבער לייכטער שמייכל און חנעוודיקער פאַרשנורעוועט די ליפּן ווי מיט איבער דריי צענדליק יאָרן צוריק, ווען מיר האָבן אים געזען צום ערשטן מאָל. דער שרייבער פון די שורות קען ניט פאַרגעסן די פרייד דעמאָלט, מיט יאָרן צוריק, די

דערוואַרטונג צו זען דעם דיכטער, רעדן מיט דעם פּאָעט פון „יינגל צינגל כוואַט", פון „עוועניו בי", און פונם ליד „טויבנשטילע, בלויע אָוונט־שטונדן". אין אַ הויז אין שיפּסהעד בעי, ניט ווייט פון ים, בין איך געזעסן און געהערט מאַני לייבן דערציילן פון זיין יוגנט אין דער שטאָט ביעזשין, אין אוקראַינע. דאָס וואָס ער האָט ניט באַוויזן צו דערציילן „אין דער מעשה וועגן זיך", אין זיין פּאַרוואָרט צו זיין בוך, „וואונדער איבער וואונדער", האָב איך געוואָלט הערן פון אים אַליין עפּעס מער נאָך וועגן זיך, כדי בעסער אים צו קענען, און אַזוי אַרום אפשר בעסער און טיפער פאַרשטיין זיינע לידער. אָבער אַלץ וואָס ער האָט גערעדט איז געווען ווי זיין ליד — איינגעהילט אין שיין־קלינגענדיקע און האַרציקע רייד, האַלב וואָר, האַלב חלום, אַ צויבער־מעשה פון אַ יינגל אַ שטיפער. אַ באַרויש־טער פון לידער, און פון די שרייבער קאָלעגן טאַבאַטשניק, שטיקער, פּי־שערמאַן וואָס כ'האָב געטראָפן אין מאַני לייבס הויז, — בין איך אַהיים געפאָרן. יענער פרילינג־טאָג, און שפּעטער דער פאַרנאַכט, דאָס פאָרן אויף דער „פערי" איבערן האָדסאָן, וואָס האָט מיך געפירט אויף יענער זייט, צום ברעג פון ניו דזשוירזי, לויכט ווידער אויף, און קומט צוריק, ווי ס'וואָלט נעכטן געווען...

די „מעשה וועגן זיך" אינם לידער בוך „וואונדער איבער וואונדער", איז נאָך אַלץ אַ שיינע מעשה. אָבער מער נאָך העלפן די דאָזיקע בלעטלעך פּראָזע, — און פּראָזע האָט מאַני לייב געשריבן אין זעלטענע פאַלן, — צוצוקומען נעענטער צום לאַנד פון דיכטער, צו דער סביבה און צו די קוואַלן פון זיין ליד. אַלץ בעסער פאַרשטייען מיר דאָס גוטמוטיקע, בענק־שאַפטלעך־הומאָרפולע שילדערן די היים פון זיין יוגנט, די פרייד פון יונג און אַלט און זייער גרינגן און נאַטירלעכן באַנעמען די שיינקייט פון גאָטס וועלט און אירע ברואים:

„וואונדער איבער וואונדער
אומעטום איז אַלץ,
אין אונדזער ברויט דעם שוואַרצן,
אין אונדזער ווייסן זאַלץ".

צו דער דאָזיקער פּשטות איז מאַני לייב געקומען נאָך אַ סך אומעט, טרערן און געוויינען אין זיין ליד. אין תפילות אומקלאָרע, פאַרנעפּלטע. דאָס דאָזיקע, אין תוך טיפע, באַנעמען די וועלט מיט איר צער און פרייד

איז געקומען צום דיכטער ערשט אין די רייפערע יאָרן זיינע, ווען זיין ליד איז געוואָרן יידישער און פולער אין אינהאַלט. און מיר דערמאָנען זיך אויפסניי די היים־מאָטיוון, אין די לידער־מעשיות, וואָס זיינען כלומרשט געמיינט פאַר קינדער אָבער וואָס דערוואַקסענע הערן אויך ניט אויף צו לייענען און צו באַוואונדערן זייער שיינקייט און פשטות. בעסער פאַרשטייען מיר דורך דער „מעשה וועגן זיך“, די נאַטור־שילדע־רונג אין גאַטס שיינעם דרויסן, וואָס איז רעאַל און דאָך פול מיט אייגן־באַשאַפענע וואונדער און לעגענדעס פון גרויע געשטאַלטן, בעטלער, וואָס שלייכן זיך אויף די וועגן, „מיט די טאָרבעס אויף זייערע האָרבעס“. אָט די באַקאַנטע, גוטמוטיקע שיר־ניט באַהאַלטענע למד־וואָווניקעס, וואָס מ׳טרעפט אַזוי אָפט אין מאַני לייבס לידער, און וואָס אָן זיי, טראַכט מען, וואָלט דאָס אייביקע מעשהלע, פון גוטסקייט און רחמים, וואָס די וועלט דערציילט, ניט געקאָנט איבערגעגעבן ווערן פון איין דור צום אַנ־דערן. שווער צו זאָגן אויף וויפיל ר׳ נחמן בראַסלאַווערס מעשיות די „מעשה פון חכם און תם“ און אַנדערע — (דער חכם און דער תם, צוויי באַליבטע העלדן אין מאַני לייבס לידער־מעשיות) — האָבן משפיע געווען אויף מאַני לייבן. אין מער ווי איין ליד מאַני לייבס, — איבערהויפּט אין די לידער וועגן דער היים זיינער פון אַמאָל, פון ניעזשין, און די סביבה אַרום, — דאָרט וואו דער דיכטער דערציילט וועגן יאַרידן, און פון יידן סוחרים, וואָס פאָרן האַנדלען, — פאַרמאָגן אין זיך שפּורן פון דער פאַנ־טאַסטיק און דעם אַלעגאָרישן מעשה־עלעמענט, וואָס מיר געפינען אין ר׳ נחמנס „סיפורי מעשיות“. אַפילו דעם דיכטער׳ס יידיש, דאָס וואונ־דערלעך־ריטמישע מוזיקאַלישע לשון זיינס, מיט די אַלע סלאַוויזמען, וואָס זיינען אָפט אויך ליטוויש פאַרצויגן, — גרונטיקט ערגעץ אין בראַסלאַ־ווערס אַלט־יידיש.

יידישער און אַלץ טיפער אין זייער תוכן ווערן מאַני לייבס לידער. באַ־זונדערס די, וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט אינעם זשורנאַל „אינדזל“, אין די צוואַנציקער יאָרן. צי איז עס געווען נאָר אַ צופאַל וואָס יידישע קינ־דער, אומעטום, אין אַלע לענדער פון דער וועלט, וואו יידיש האָט געקלונגען אין די מיילער פון אונדזער יונגוואַרג — האָבן געפונען אין מאַני לייבן זייער דיכטער? ווייל צוגלייך צו שלום עליכמען איז די ליבשאַפט צו מאַני לייבן געוואַקסן ביים יידישן קינד. אָדער אפשר איז עס געווען אַן אַנדער סיבה. מאַני לייבס תפילות צו געפינען פשוטערע ווערטער פאַר זיין ליד ווערט מיט יעדן ליד זיינעם אַלץ מער דערהערט. אין די רייפסטע

יאָרן זיינע קומט ער צוריק צום אַלטן גראָז און זינגט אַ לויב צו אים, מיט אַ באַנייטער יוגנטלעכער פרישקייט:

„דאָס פאָלק נאָר און די קינדער
און דער פּאָעט — דער תם —
אין פשוטקייט פון האַרצן
זיי האָבן ליב דעם גראָז.

דאָס פאָלק — זיין ריינע חכמה
איז ווי די וועלט די גרויס.
דורך גראָז צו שיינע ווערטלעך
זי שיינט נאָך מער אַרויס...״

אויף אַ וואונדערלעכן אופן קומט צום אויסדרוק, אין ליד „קום, פשטות קלאָרע״, די געגאַרטע, געלייטערטע פשטות פון זיין ליד. דאָס אידישע וואָרט פאָלגט דעם דיכטער און שיינט אויף פאַר אים מיט קלאָרקייט, און אַלע פאַרבאָרגענע קלאַנגען און טענער, זינגען אויף:

„קום, פשטות קלאָרע מיט דיין בלאַנקן מעסער,
שנייד אויף דעם שוואַרצן פלאָנטער פון מיין זעל,
מיין וועלט פון אונטער טונקעלע און שווערע שלעסער
זאָל אויפשטראַלן פאַר מיר ווי זונען פאַר מיין שוועל״.

אין דעם דאָזיקן ליד, ווי אין אַ סך צענדליקער לידער און סאָנעטן, וואָס מאַני לייב האָט געשריבן אין די לעצטע יאָרן, איז די געגאַרטע און גע־האָפטע פשטות געקומען. ס'איז געווען דער זעלבער מאַני לייב, וואָס פריער, „דער ריטער פון געבענקטן בלוי״, דער וואָס זעט שיינקייט אומע־טום און מער נאָך אין „אָרעמע שטיבער״. דער צויבערער פון יידישן וואָרט. האָט מען דאָך אין דער יידישער פּאָעזיע אַזאַ מוזיקאַלישקייט, אַזאַ פאַרוואַנדלען „מוזיק אין ווערטער״ ביז אים אַזוי זעלטן געהערט. צו דעם אַלעם אָבער איז אויך צוגעקומען תוכן, און יידישער תוכן אין זיין ליד.

דער גרעסטער אויפטו פון די „יונגע״, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן געזוכט זיך צו באַפרייען פונעם לייכטן פאָלקסליד מיט די פּאַרטיקע גראַמען. צו זינגען פון זיך, פון אייגענעם געמיט און ניט פרעדיגן גע־

דאַנקען אין לידער. ניט מאָראַליזירן, נאָר געפינען אויסדרוק פאַר צער און פרייד פונעם יחיד. אָבער דערביי ניט פאַרלירן די פשטות פון וואָרט און די עכטקייט, וואָס דאָס בעסערע און עכטע פאָלקסליד פאַרמאָגט. נעמען דאָס וואָרט פונעם פאָלקס מויל, און עס לייטערן.

מיר זעען ערשט די רייכקייט פון מאַני לייבס פאָעטישער ירושה אין די צוויי נייע שיין־אַרויסגעגעבענע לידער־ביכער, וואָס זיינען דערשינען נאָך זיין טויט. און טרויעריק ווערט ביים לייענען מאַני לייבס לידער, טראַכנדיק, אַז ער אַליין, דער פאָעט, וואָס האָט ביים פאָלק געוועקט די „קוואַלן פון וואָרט" — ער אַליין איז מער ניטאָ.

(1955)

# משה נאַדיר

טראַכט מען פון נאַדירן, קומען צוריק יענע זעלטענע, פריידיקע מינוטן, די וואונדערלעכע איינדרוקן בעתן לייענען זיינע ווערק; אַזוי פון יענעם טאָג אָן ווען מען האָט, יינגלווייז נאָך, געהערט צום ערשטן מאָל זיין נאָמען, און געלייענט דאָס דינע ביכל „ווילדע רויזן" און אַנדערע ביכער זיינע מיטן שוואַרץ־גלאַנציקן איינבאַנד. איך ווייס נישט פון נאָך אַ שרייבער — חוץ שלום עליכמ׳ען, וועמען מען האָט געלייענט, אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, מיט אַזאַ חשק און מיט אַזאַ באַגייסטערונג ווי משה נאַדירן.

יאָ, עס קומען צוריק די שטאַרקע איינדרוקן בעתן לייענען נאַדירס ווערק, איבעראַנייס; גאָר באַזונדערס די ביכער „טעג פון מיינע טעג", „אונטער דער זון", „ריווינגטאָן סטריט" און „מודה אני". אין די לעצטע, דוכט מיר, דאַרף מען זוכן דעם גאַנצן נאַדיר, דורך אַלע זיינע פאַר־שידענע ליטעראַרישע עקסקורסיעס, די זיגזאַגישע, פון הין און צוריק. ווייל ווי פראַגמענטאַריש, ווי נישט פאַרענדיקט — איז דאָך פאַראַן גאַנצקייט און גרויס־קינסטלערישע שלמות אין די דאָזיקע אויטאָביאָ־גראַפישע רעמיניסענצן פון ליד און פּראָזע.

„נאַראַיעוו", פון בוך „טעג פון מיינע טעג", איז טיילווייז אַ מין המשך פון בוך „אונטער דער זון", אין וועלכן נאַדיר האָט, אויף זיין העכסט אָריגינעלן אופן, — אָנגעהויבן שילדערן די סביבה, די היים זיינע אין דעם גאַליציאַנער שטעטל, וואָס ער האָט פאַרלאָזט אין עלטער פון דרייצן יאָר. דאָס שטעטל וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען ביזן סוף פון זיינע טעג. נאַראַיעוו איז געווען „די קרוינשטאָט פון מיין לעבן", רופט ער אויס אין זיין תפילהדיק־טרויעריקן „בין השמשות" (אין בוך „מודה אני", דערשינען אַ יאָר נאָך נאַדירס טויט, רעדאַקטירט פון פרוי געניאַ נאַדיר מיט אַ פאָרוואָרט פון ל. פיינבערג, ניו־יאָרק, 1944). דאָס שטעטל נאַראַיעוו איז געווען פאַר נאַדירן אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון וועלכן ער האָט געשעפּט עמערווייז. צו נאַראַיעוו האָט נאַדיר זיך אומגעקערט

פון אַלע ווייטע און פרעמדע וועגן. נאַראַיעוו האָט געגערט זיין גרויסן טאַלאַנט, און אַלע זיינע דערפאַרונגען, אַלע דערגרייכונגען האָבן אים צוריקגעבראַכט אַהין אין זיין „האָפּנדופּטיקן" געבורט־שטעטל.

נאַדיר האָט גוט געוואוסט — ווי אַלע מייסטער — דעם טיפן סוד, וואָס אַזוינס היים, און די ערשטע קינדער־יאָרן, מיינען פאַר'ן שעפערישן מענטשן; — „אין אַ שטעטל", — זאָגט נאַדיר, — „וואַקסט מען אַריין, שלעפּט מען עס מיט זיך וואוהין מ'גייט, ווי אַ בלאָ געדענקמיר'ל, אין וועלכן לאַנד אַריין מען ווערט פאַרוואָגלט. נאָך אַזוי פיל יאָרן לעבן אין ניו־יאָרק, האָט נאַדיר געוואוסט, אַז „אַ גרויסע שטאָט איז דאָך ענט־ווערער אַ סך קליינע שטעטלעך, אָדער בלויז אַ וואָרט".

די העלדן אין בוך „אונטער דער זון", זיינען ס'רוב דיזעלבע וואָס אין „נאַראַיעוו". כאָטש זיי טראָגן אַנדערע נעמען. דער זעלביקער רבי, און דערזעלבער חדר, וואו דאָס יינגל איציקל האָט געלערנט. און ווי ניט ליב דער חדר איז אים געווען, פונדעסטוועגן פילט מען נישט קיין שנאה בעת ער דערמאָנט די יאָרן זיינע אין חדר. פאַרקערט, איציקל האָט אָפּט רחמנות אויפן קראַנקן רבין, ווען ער איז גרייט צו העלפן מיט וואָס ער קען נאָר, דאָס זעלבע — דער רביצין. און פאַרגלייכט מען דאָס בילד וואָס נאַדיר מאָלט פונעם אַלטמאָדישן חדר, מיט די שטעטלשע בילדער פון די קלאַסיקער, — און שפּעטער פון רייזענען און אַשן — וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן די אַנדערשקייט, די נייקייט אינעם אופן פון שילדערן. נאַדיר זעט די הילפלאָזע פאַרלוירנקייט פון די עדה יידן אין שטעטל. און כאָטש עס פעלט נישט אינעם דערציילן דאָס קאָמיש־טראַגישע, דאָס געוויין דורך געלעכטער — ווי אין די מערסטע ווערק וואָס נאַדיר האָט געשריבן — געדענקט מען אָבער מער דאָס רחמים־געפיל פון דעם יינגל צו אַלץ וואָס לעבט און אָטעמט אונטער דער זון. נאַדיר זאָגט נישט קיין מוסר זיינע יידן. דאָס לאָזט ער איבער צו זיין פעטער איציק, דעם משכיל, וואָס רעדט פון ווין און פון דער דייטשער שפּראַך מיט דער זעלבער התפעלות ווי אַלע משכילים אַמאָל. עס איז אָבער אויך נישטאָ ביי נאַדירן די באַקאַנטע ראָמאַנטיק, דאָס באַזונגען די אידיליע פון שטעטל. נאַדיר זעט נאַראַיעוו ווי אַ חלום אין וועלכן ער זוכט אַ טרייסט אין די הבל־הבלים־טראַכטענישן וועגן קורצן שפּאַן פון מענטשנס לעבן. אַזוי פון אָנהייב אָן, פון די מעדיטאַציעס און דעם לירישן השתפכות־הנפש אין זיין בוך „פון מענטש צו מענטש" — ביז די לעצטע טרויעריקע לידער אין די ביכער „נאַדיר־גאַנג" און „מודה־אַני".

די פרילינגען, זומערס, האַרבסטן און ווינטערס, צווישן די האָפּנ־פעלדער פון נאַראַיעווו, לעבן אויף דורך דער געשטאַלט פון דעם צוועלף יאָריקן ייִנגל. צו די קינדער־געשטאַלטן שלום נחום וועוויקס, און שלמה ר' חיימס, — ביי מענדעלען און שלום עליכמען, — קען מען גרייליך צורעכנענען דאָס סענסיטיווע, אין לעבן פּאַרליבטן, יצחק מאירס. פון חדר מיטן קראַנקן רבין פירט אונז נאַדיר אַריין אין די ציכטיקע פיר ווענט פון זיין שטיבל, צו טאַטע־מאַמע, און צום, פריער דערמאָנטן, פעטער איציק, וואָס האָט, קענטיק, געהאַט אויף אים, ייִנגלווייז, די גרעסטע ווירקונג. דער פעטער איציק מיט זיינע חכמות, מיט זיין לערנען דעם יונגען איסאַק ווי זיך אויפצופירן אין לעבן, איז אַ געשטאַלט אַ הויך־קינסט־לערישע, פון אים האָט נאַדיר איבערגענומען, שוין גאָר פרי, די ביטערע חכמה פון לעבן, די שאַרפע סאַטירע וואָס מיר געפינען אין זיינע ווערק. „דעם פעטערס בריוו פון וויען" — דערציילט אונדז נאַדיר, — „זיינען געווען ווי פעכערס איידעלע וואָס בלאָזן אויפן פייער, נייִן, זיי זיינען אַליין געווען געשניטן פון פאַרגליווערט פייער". די חכמות זיינע: — „דאָס לעבן איז אַ ביטערע פרי, וואָס איז גוט פאַרן געזונט. און דער טויט — דער גוטער יאָר זאָל אים נעמען, איז אַ ביזור־בזיון. יעדער אָנשטענדיקער מענטש דאַרף זיך שעמען אין זיין ווייטן האַלדז אַריין צו שטאַרבן"...

וועגן דער מאַמען שרייבט נאַדיר:

„מיין מאַמע איז געווען אַן אומרואיקע, אַ צעוואָרפענע, ביי דער מאַמען איז נישט געווען קיין שום אָרדענונג אין טראַכטן, אָדער טאָן, זי פלעגט אָפט האָבן אָנפאַלן פון חדוה, פון טרויער".

דער פאָטער ר' מאיר, איז געווען אַמאָל אַ סוחר, געוואָרן אַ יורד, און זיך גענומען צו לערערייִ, געלערנט דייטש מיט אַ רייכן פּראָפּאַסאָר קינדער.

„מיין טאַטע האָט געגלויבט אין דער וועלט, ווי אין עפּעס אַ פעסטע אייביקע זאַך, האָט געטאָן אַלצדינג שטיל, מיושבדיק. ביי דער מאַמען איז מער ווי אַ היינטיקער טאָג נישט געווען, און דער היינט איז אויך געווען הינטער אַ מאַטן נעפּל".

אָן ספק, אַז דער מאַמעס „אומרואיקייט" און „צעוואָרפנקייט", — די נישט אָרדענונג אין טראַכטן, — (כאָטש דאָס טראַכטן גופא, די שפע פון טיפע, אָריגינעלע געדאַנקען אין נאַדירס ווערק האָט זעלטן זיינס

גלייכן אין דער יידישער ליטעראַטור) — איז בולט אין נאַדירן ביז גאַר: „ווי אַזוי וועל איך דערציילן״? — פרעגט ער אין די אַריינפיר שורות פון „אונטער דער זון״, — און ער ענטפערט: „איך וועל דער־ציילן ווי ס׳וועט זיך לאָזן, אַמאָל דאָס פריערדיקע שפּעטער, אַמאָל דאָס שפּעטערדיקע פריער. אפשט צונויפגעמישן און פאַרקרומלעכן, וואָס מאַכט עס אויס? די וואָג־שאָל איז סיי־ווי־סיי פון די קייטלעך אַראָפּ. נאָר דאָס צינגל צאַפּלט זיך, מיינט, אַז ס׳וועגט עפּעס אָפּ. לערנט זיך אויס זאָגן צו זיך אַליין: דאָס נעכטיקע טרעפט ערשט מאָרגן, דאָס מאָרגנ־דיקע האָט שוין געטראָפן. נישטאָ קיין פּלאַץ אין דער אַוועקגערונענקייט פונעם וואַסער, אַ חוץ די שיינקייט פון וואַסערשוים״.

„אונטער די זון״ קען מען לייענען איבערהיפּנדיק, ווי לידער, — די בילדער פון נאַראַיעוו באַזונדער, — און די, אין וועלכע נאַדיר פילאָזאָפירט וועגן בראָדוויי און גריניטש ווילעדזש — ווי עסייען און מעדיטאַציעס. ס׳איז ווי נאַדיר וואָלט זיך וועלן ראַטעווען, אַנטלויפן פון דעם גרויסן ליגן וואָס די פּסעוודאָ־לייט, די כלומרשטע מאָלער, אַקטיאָרן און שרייבער, טראָגן אַנטקעגן דעם עולם אונטער דער מאַסקע פון קונסט. מיט די זכרונות פון זיינע קינדער־יאָרן ווייזט נאַדיר אַלץ וואָס איז עכט און ערלעך. ווי תמימותדיק־ריין, ווי גרויס איז די ערשטע ליבע פון דעם יינגל איסאַק צו דער פופצן־יאָריקער לייטשע, דעם רייכן פּאָסעסאָרס טעכטערל, אין פאַרגלייך צו די פאַלשע ליבעס פון דעם באָהעמישן געזינדל אויף בראָדוויי און גריניטש־ווילעדזש! און ווי ערלעך, פול מיט עקזאָטישער שיינקייט, לייענען זיך די שטעלן וועגן דעם ווילדן ציגיינער־מיידל, רודאַ, וואָס פאַרנאַרט דאָס יידישע יינגל, און זי לאָזט אים איבער אַ נאַקעטן אין האַרבסטיקן פרימאָרגן,ביים טייך, און נעמט צו פון אים די קליידער מיט די לעצטע פּאָר ראַניש.

אין תוך זיינען דאָ צוויי משה נאַדירס — ווי ביים זיידן מענדעלע, — צוויי קינסטלער־געשטאַלטן וואָס שמועסן זיך דורך כסדר, און פירן דיאַלאָגן צווישן זיך: יצחק רייז און משה נאַדיר. ביין, יצחק רייז איז אינגאַנצן נישט אַנטשוויגן געוואָרן אויך שפּעטער אונטער נאָמען משה נאַדיר; יצחק רייז דער ליריקער וואָס פאַרמאָגט די וואַרעמסטע סענטי־מענטן צו אַלץ וואָס דערמאָנט אים אין זיין יוגנט, צוגלייך מיט משה נאַדיר דעם סאַטיריקער, וואָס פאַרמאָגט דעם כוח צו דערזען דעם שקר פון לעבן, אונטער וועלכע עס איז מאַסקע, און דער וואָס לאַכט אָפּ אויפן שאַרפסטן, ביטערסטן אופן, פון אַלץ וואָס איז פאַלש אַרום אונדז. קיין

שום סתירה איז איןביידע נאַדירס נישטאָ. און די נביאות פון יענע קריטיקער וואָס האָבן געטענהט, אַז די איראָניע האָט צעשטערט די ליריק פון זיינע לידער — איז נישט מקוים געוואָרן. אדרבא, אַז מען לייענט נאַדירס לעצטע לידער זעט מען ווי די איראָניע טרעט אָפּ, און די שטילע ליריק, די תפילהדיקע, קומט אַלץ מער צום אוסדרוק.

* * *

פאַראַן פרייד ביים לייענען נאַדירס ווערק, די פרייד אָבער, דאָס שטילע געלעכטער, אין די „מעשהלעך אָן אַ מאָראַל", און אַנדערע גראָ־טעסקע בילדער, — די אויסגעטראַכטע מענטשן פון אַ וועלט ווי נישט פון דאַנען — ווערן תמיד באַגלייט פון אומעטיקע אַקאָרדן. נאַדירס הומאָר פאַרמאָגט אי חדוה אי טרויער; „איך וויים נישט" — זאָגט נאַדיר — „וואָס אַזוינס עס איז הומאָר. איך וויים נאָר אַז מיר אַלע זיינען דאָס געלעכטער פון דער גאָטהייט און אונדזערע מיזעראַבעלע לעבנס זיינען די אותיות וואָס שטעלן צונויף דעם געלונגענעם אָדער נישט־געלונגענעם לעבן־און־טויט וויץ". דורך די רייד פון דעם „געניאַלן אידיאָט", „לייזער עליע", „מעלאַכרינע" און ענלעכע לעכערלעכע „קוויערס", גיט נאַדיר זיין אייגענעם טיפן פירוש אויף דער כלומרשטער ווייזהייט פון די וועלט־חכמים, וואָס הערן נישט אויף זיך צו גריבלען און צו זוכן דעם זין פון לעבן, און וואָס בלייבן בלייבט פון זיי — ווי אין האַלפערנס אַ ליד — (אַ־נאָענטער דיכטער־קרוב משה נאַדירס) — דער נול, וואָס יעדער נאַר קען פאַרשרייבן.

אין „נאַראַיעווו" געפינען מיר אַלע וואונדערלעכע אייגנשאַפטן פון דעם שפּראַך־מייסטער, וואָס געפינט אויסדרוק, אין די פשוטסטע ווער־טער, איבערצוגעבן געפילן, שטימונגען, חלומות אויפן וואָר. אין פרט פון לשון, — פון אָפּפרישן און באַנייען דאָס וואָרט, אין קלאַנגען, ריטמען, פון פריער קיין מאָל נישט געהערטע, פון שפּילן אויף אַלע סטרונעס פון אונדזער יידיש, — האָט נאַדיר תמיד אַרויסגערופן דעם גרעסטן חידוש. און ס'איז גאָר נישט שייך צו רעדן פון תלמידים. נאַדיר איז געווען אַ יחיד במינו. אַ רבי אָן תלמידים. דער דיאַלאָג צווישן דעם רבין ר' עוועדיע און ר' זימל, דעם ייד פון דער קרול־הוטע דעם רבינס „סטייטש", און „איז דערפון געדרונגען": די רייד וועגן דער באַן „וואָס בויעט זיך אין פיטיטער, וואָס גייט, זאָגט מען, אויף שוועלן, שוועל איין, שוועל אויס; — ר' עוועדיעס ביטול־היש, זיין אויסלאַכן די באַן, און „דאָס מאַשינדל, וואָס רעדט פון זיך אַליין" — ווייזן ווי נאַדיר האָט גע־

קענט זיך איינהערן — ווי מענדעלע בשעתו — אין דעם לשון פון אַמאָליקע יידישע דורות, און דערביי פאַרגרינגערן, פאַרן היינטיקן לייענער, מיט אַ פשטות אין אַ נוסח, וואָס געהער נאָר אים אַליין.

„ריווינגטאָן סטריט" איז אַ דראַמאַטישער וואָרט־ספּעקטאַקל; אַ וואָרט — אַ שפּיל. אַ וואָרט — געזאַנג. אַ דור אַ גאַנצער, אין טרויער און אין פרייד, ווערט דאָ אַרויסגעפירט אויף דער בימה פון לעבן, און אין נאַאיווו־קאָמישן אויסזען — פאַרגעשטעלט. אַלץ קוקט דאָ אויס אַזוי גליקלעך־נאַריש, אַזוי ערלעך־פאַלש; שרייבער, אַקטיאָרן, פּאָליטישנס, ווערן דאָ כאַראַקטעריזירט אין געציילטע שורות. דער פעדלער ייד דער־ציילט, אַ שטייגער:

„איך געדענק נאָך די צייט
ווען דוד קעסלער
פלעגט שפּילן אַלפורנוס,
אַלע נאַכט מיט נייע ווערטער,
און מיט אַ נייער סאָרט באָרד,
און מיט נייער מימיקע, כדי די פּיעסע
זאָל זיך האַלטן פריש."

אָדער:

„רעוורענד מאַסליאַנסקי,
פלעגט זיך רייסן די האָר פון קאָפּ,
טופּען מיט די פיס,
און האַלטן דעם דערשראָקענעם גאַסט
ביי דער האַנט,
און שרייען אויף אים מיט ווילדע קולות
— ברוכים הבאים טייערע פּראָהנט!"

די פּאָעמע „ריווינגטאָן סטריט" איז אַ וויטער שפּרונג. ס׳איז נאָך אַ קאַפּיטל זכרונות, פון זיין נישט פאַרענדיקטער אויטאָביאָגראַפיע. דורך די רייד פון דעם יידן מיטן פעדלער־קוישל רעדט די יוגנט נאַדירס, וויינט דורך געלעכטער אַלץ וואָס איז אַוועק. ביי דעם דאָזיקן ייד, ווי ביי נאַדירן, זיינען די געדאַנקען:

„אַנגעקנוילט,
צונויפגעקוועטשט ווי אָדלערס אין שוואַלבן־נעסטלעך".

נישטאָ קיין בנין אין אָנגענומענעם נוסח. פאַראַן אָבער אַזאַ

צוּיבערנדיקער, זיגזאַגישער געדאַנקען־שפּיל, וואָס ווערט ביי נאַדירן די שלימות אַליין. דער פעדלער־ייד איז געראָטן אין אים אַליין, וואָס איז:

„צו קליין,
פאַר אַזוינע גרויסע געדאַנקען
וואָס באַפאַלן מיך אָפּט
און שפּאַרן זיך דערך מיר
צו צווייִ אין דער ברייט" — — —

אָבער זיי שפּאַרן זיך דורך. און ווי אין אַלע גרעסערע און קלענערע ווערק נאַדירס דערציילט ער אויך אין „ריווינגטאָן סטריט" נישט איין מעשה. נאַדיר בליקט אַריין ווי אין אַ טומאַן, אין אַ תוהו־ובוהו, און ער שיילט אַרויס פון דאָרט דעם קערן. בלייבן בלייבט ווי דאָס לעבן גופא — אַ מעשה בתוך מעשה. די אַמאָליקע יידישע איסט־סייד אַנטפּלעקט זיך דורך דער פּריזמע פון אַ קלוגן אַלטיטשקן, וואָס איז, לויטן נאַדירן, נישט מער ווי „אַ טומאַן־מענטש". יאָ, בנמצא, און — נישט. דער דאָזיקער ייד, מיט זיין געדענקען די איסט־סייד, געהער שוין גופא צו יענע געשטאַלטן וואָס דער דיכטער האָט געזען „אויפשטיין פון קבר", בעת ער איז געגאַנגען „אויף קבר אבות צו זיינע יאָרן די וויסטע". דער פעדלער־ייד פאַרשווינדט, גלייך נאָכן אויסשפּרייטן די איסט־סייד ריווינגטאָן סטריט פּאַנאָראַמע, „אין טריפנדיקן, דיקן טומאַן אַריין".

אין דער נאָך נישט דערשינענער פּאָעמע אין בוך־פאָרם, „אַ וועלט מיט אַרבעט" (געדרוקט אין זשורנאַל „דער האַמער") נעמט נאַדיר חשבון פון זיך און זיין שאַפן. מיר נעמען אַרויס נאָר שורות לדוגמא, צו דער־מאָנען דעם גרויסן פאַרנעם פון דער דאָזיקער פּאָעמע, וואָס איז פאַרן היינטיקן יידישן לייענער, צום באַדויערן, אומבאַקאַנט. „אַ וועלט מיט אַרבעט" איז אין תוך אַ המשך פון „ריווינגטאָן סטריט".

„איך גיב דעם ווינט צו מישן די בלעטער פון מיין לעבן
און וואו ער טרעפט איז רעכט. נאָר פאַוויטינעס
פאַרווישן אָפּט אַן אות, אַ וואָרט, אַ טייטש
ליגט אָפּט פאַרגראָבן אין די ענגע נעט פון איינבאַנד־קנייטש.
און אָפּט אַ פלעק פון חלב, אַ מתמידס לעכט,
און אַלץ איז ווי אַ קינדערש געפעכט" — — —

* * *

נאַדיר דער עסייאיסט און קריטיקער, דער פּאָרטרעטיסט פון שרייבער און אַקטיאָרן, איז נישט געבליבן שטיין מיט זיין ערשטן בוך „מיינע

הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס בלוט", אַ בוך וואָס רעכנט זיך נאָך איצט צווישן די געציילטע מוסטערן אין דער יידישער קריטיק. אין די עסייען און פּאָרטרעטן וועגן שרייבער, (האַלפּערן, אַש, רייזען, שאַפּירא) אין בוך „טעג פון מיינע טעג", זעט מען אויסדאָסניי נאַדירן דעם אייגנאַר־טיקן קריטיקער וואָס כאַראַקטעריזירט שרייבער און זייערע ווערק דורך בליצאַרטיקע בילדער און פּירושים. די דאָזיקע עסייען — באַזונדערס די עסיי וועגן אברהם רייזענען, — זאָגן אונדז פיל, פיל מער, אַשטייגער, ווי די לאַנגע, גראָב־בייכיקע שטודיעס, די כלומרשט אָביעקטיווע און אַקאַדעמישע, וואָס זיינען ביי אונדז לעצטנס אין דער מאָדע, און וואו דער בעל־הקריטיקער, צי ליט־היסטאָריקער, זעט זיך גופא נישט אָן. נאַדיר איז פּערזענלעך, נו, אַוודאי. יעדער אמתער קריטיקער איז עס, אויב ער איז נאָר נישט, קיין קאַלטער לונג־און־לעבער. דעם פּאָרטרעט וואָס נאַדיר מאָלט פון ה. ד. נאָמבערג, למשל, זיינע באַגעגענישן מיט אים אין ניו־יאָרק, און אין מאָסקווע, איז אַ מוסטער ווי אַזוי צו דערגיין צו וועלכן־עס־איז שרייבערס „איך". דאָסזעלבע קען מען זאָגן וועגן נאַדירס עסיי „מיט אברהם רייזענען". די אגב־אורחאדיקע באַמערקונגען וועגן שרייבער אין די יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג, זיינען פּאַר זיך אַליין מער ווי אינטערעסאַנט. מ'איז איבערראַשט פון נאַדירס אַ זאָג, וועגן יוסף ראָלניקן:

„באַוויזט זיך יוסף ראָלניק — גרוי ערדיש ווי האָפּיז. קליין־
אומעטיק. זיינען זיינע געזאַנגען פּראָסט און נוצלעך ווי לייוונט.
ביטערלעך־געטריי און נאָענט צו זיך אַליין, ווי אַ קראַנקער"...

דאָס בילד פון דעם באַנקעט לכבוד רייזענען, מיטן בוקעט בלומען פון וועלכן רייזען וויל פּטור ווערן (ווייל אַהיימטראָגן אין זיין צימער קען ער נישט. „די מיסעס" וועט אים האַלטן פאַר אַ משוגענעם), איז געשריבן מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און קענטשאַפט פונעם דיכטער פון ליד „הוליעט, הוליעט", און די מעשיות פון „היימישע מענטשן", — אַז יעדער סטודענט, צי וועלכער עס איז צוקונפטיקער רייזען־ביאָגראַף, וועט אָסור זיך קענען באַגיין נישט צו לייענען דעמדאָזיקן רייזען־פּאָרטרעט. דאָס איז קריטיק פון אַ העכערער מדרגה. דעם גאַנצן רייזענען געפינט מען דאָ, און די זייטיקע שרייבער־העלדן, די וואָס נאַדיר דער־מאָנט נאָר מיט אַ שורה־צוויי, — העלפן שאַפן דידאָזיקע שרייבער־פאַמיליען־דראַמע, די טרויעריק־פריילעכע, פון דעם אומפאַרגעסלעכן אברהם רייזען.

„אברהם רייזען מעלדעט זיך" — שרייבט נאַדיר — „אַ קליין קעסטל פאַרב, אַ צוויי דריי פּינדזלען — ער מאָלט אויף די אייגענע מאַנדזשעטן, אויפן קראַגן, באַשיט עס מיט שטויב, מיט זאַלץ, טריקנט עס אָפּ, און — די בילדלעך פליען אַוועק אין דער אייביקייט."

* * *

קורץ זיינען געווען די יאָרן פון דעם דיכטער זינט ער האָט געשריבן, אין גרויס איינזאַמקייט, די אויטאָביאָגראַפישע עסיי „מודה אני", וואָס געפינט זיך, ווי אַן אַריינפיר, צום בוך וואָס טראָגט דעם זעלבן נאָמען. די אַנטוישונג, די פאַרצווייפלונג איז ביי אים גרויס. ער האָט געגלויבט אין גאָט פון קאָמוניזם, און אים געטריי געדינט מיט זיין טאַלאַנט, און, ווי טויזנטער, האָט ער דערזען דעם אמת. נאַדיר האָט טייער באַצאָלט — ביז ער האָט דערזען דעם דאָזיקן אמת. די טיפע אַנטוישונג, ווען „די בלום פון מאָסקווע האָט באַקומען אַ גיפטיקן גערוך", האָט זיך, אייגנט־לעך, אָנגעהויבן נאָך אַ סך פריער פאַר די יאָרן 1939־40, בעתן היטלער־סטאַלין־פּאַקט. דאָס פאָרוואָרט צום בוך „נאַדיר־גאַנג" זאָגן עדות אויף דעם. און דעם באַנייטן, טרויעריקן דיאַלאָג, וואָס ער פירט דאָרט מיט זיך אַליין, זאָגט ער: „ס'איז דיר נישט געראָטן, יצחק רייז, מיין טייערער! דיין שלאָגן זיך קאָפּ אין וואַנט — ווען די וואַנט איז אויך באַשטאַנען פון לעבעדיקע מענטשן — — — יצחק רייז, דו, הימל־אַנגעשיכורט יינגל, וואָס דו האָסט אויף אַ ווערבל געוואָלט דערפּייפן דיין וועג צו עפּעס דאָרט אַן אייביקייט — — — זיך מיט ווינטמילן געשלאָגן, וועלכע האָבן דיין מעל געמאָלן, צעברעכנדיק זייערע פליגל אינאיינעם מיט דיין אָרעם שטיקל ברויט".

אין לידער טרויעריקע דריקט נאַדיר נאָך מער אויס זיין איינזאַמ־קייט. „וואו זיינען די דיכטער פון נעכטן"? רופט ער אויס, — „איך בין אַזוי עלנט אָן זיי! אָט, אָט, מ'פאָרט שוין באַלד צוריק פונעם יאַריד". נישטאָ מער דאָס פּעכטן, די ביטערע איראָניע צו חברים־דיכטער מיט וועלכע ער האָט געקריגט:

„משה לייב — דו פויגל פון שטורעם,<br>
און זישאָ — מיין קלוגע טויב,<br>
ווי קענט איר דען שוויגן אין קברים<br>
אַז עס זינגט אונטער אייך דער שטויב?"

די וואָס האָבן נאָענט געקענט נאַדירן אין די דרייסיקער יאָרן קענען עדות זאָגן אויף זיין איינזאַמקייט, אויף זייןליידן אין דער שטיל,

אויף די ספקות וואָס האָבן אים שוין דאַן נישט געגעבן קיין רו. זיין בעטן זיך ביי קאָלעגן דיכטער איז געקומען ווי אַ תפילה פון האַרצן: „אין דער הייליקער מלחמה" — איז ער זיך מתודה — „וואָס איך האָב געפירט פאַר אַ בעסערער מענטשהייט, האָב איך געזינדיקט קעגן דעם איינציקן מענטשן. פאַרגיט מיר, איך בעט אייך, אויב אין קאָנט. איך פאַרזיכער אייך, אַז די בייטש, וואָס האָט אייך געשלאָגן האָט זיך אַליין מער שאָדן געטאָן, ווי אייך" — — —

די יאָרן 1937־1941, ביזן טאָג פון זיין פלוצעמדיקן, פריצייטיקן טויט, שבועות 1943, האָט נאַדיר ס'רוב געשריבן לידער. און ווידער קומט נאַראַיעוו אים צו חלום. ווידער האָט יצחק רייז דער ליריקער די אויבער־האַנט איבער נאַדירן דעם סאַטיריקער, וואָס האָט יאָרן לאַנג געמוזט זיין, — גערנוויליק, צי פאַרקערט, — „דער שאַרפריכטער, וואָס מוז ריכטן שטרענג און שאַרף". די לעצטע לידער נאַדירס, פאַרן טויט, זיינען תפילות יידישע, מאָטיוון האַרציקע, דאָס זיינען לידער פון פיין און צער, און פון מוראדיקער איינזאַמקייט:

„איך וואַרט, איך וואַרט, אַליין, אַליין
צי וועט מיר גאָט אַנטקעגן גיין?

אַ צוויי דריי טריט כאָטש ביז צום שוועל,
איך טראָג אים שניי־בלימעלעך אין זעל,
שמע ישראל — דער סוף פון ליד
אַזוי מוז שטאַרבן יעדער ייד".

* * *

דאָס פאַרשוויגן נאַדירן, אַפילו צו זיין יאָרצייט, האָט נאַדיר אַליין ווי פאַראויסגעפילט. אין דעם פאָרוואָרט צום לידער־בוך „אַ לאָמפּ אויפן פענצטער", לייענען מיר אין דריבנעם רש"י־כתב:

„אַ משפחה מיט יאָרן וועלן שטעלן אַ טריט, און פון מיר וועט בלייבן אַ ליגן, אַ לעגענדע".

ליגנס וועגן נאַדירן, — מעשות, נישט געשטויגענע, — הערט מען נאָך איצט, דאָ און דאָרט. צו געברויכן ב. ריווקינס ווערטער: „נאַדיר האָט איבערגעלאָזט אַ סך ברוגזן, אַז אַפילו נאָכן טויט קאָנען די באַ־ליידיקטע אים נישט מוחל זיין". דאָס איז דווקא אַ גוטער סימן. די ליגנס וועלן פאַרגיין און פאַרגעסן ווערן. די שיינע לעגענדע, פון נאַדירן דעם גרויסן קינסטלער, וועט בלייבן.

# יעקב גלאַטשטיין

## א.

גוט איז מיטצוגיין דעם שפּאַן־וועג פון אַ דיכטער וואָס האָט אונדז תמיד פאַראינטערעסירט. און פאַראינטערעסירט האָט אונדז יעקב גלאַט־שטיין, ווייל אין אים, — צווישן די געציילטע יידישע דיכטער אין אַמע־ריקע — האָבן מיר דערפילט אַ דורכאויס היגן, יידיש־אַמעריקאַנער שרייבער, מיט דער גייסטיקער יניקה און השפּעה פון דער היגער אַנגלאָ־אַמעריקאַנער קולטור. און האָבן מיר דאָ אַ יוגנט — ווער ווייס? — וואָס לייענט יידישע פּאָעזיע, ווי די טבע איז פון יוגנטלעכע, פאַרקאָכטע אין לידער — איז גלאַטשטיין זייער פּאָעט! אין גלאַטשטיינס לידער, אין די עסייען, און אין די ביכער „יאָש", — קומט צום אויסדרוק גאָר אַ סך פון די געפילן און שטימונגען, אַפילו פון די גייסטיקע ראַנגלענישן, און די אידעען־מסקנאס, פון דעם היינטיקן יידישן דור אין אַמעריקע; דער דור, וואָס איז דאָ גייסטיק רייף געוואָרן, אָפּט געבלאָנדזשעט, און לסוף גע־בליבן אין יידישן גבול; יענער דור וואָס האָט, גלייכצייטיק, טיף אין האַרצן, אויך געטראָגן די אַלט־דורותדיקע שעפעריש־יידישע ירושה פון יענער זייט ים.

נישטאָ אין גלאַטשטיינס לידער פון דעם איינגעשטעלטן נוסח פון יענע לידער, געשריבענע לויטן מוסטער פון דער איראָפּעאישער פּאָעזיע, פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג. פון דעם נעמט זיך, אפשר, וואָס די קריטיק אונדזערע, מיט די יידיש־איראָפּעאישע טראַדיציעס, האָט, תחילת, נישט געוואוסט אויפצונעמען, ווי געהעריק, גלאַטשטיינס לידער. זיינע ערשטע „פרייע פערזן" האָבן שטילערהייט דעם געניטן פּאָעזיע־לייענער פאַר־שאַפט נישט ווינציקער „געגנוס" ווי די געגראַמטע, מעטריש־אויסגע־האַלטענע לידער. גלאַטשטיינס ניי־פּאָעטישע עברי האָט אימפּאָנירט. אָט איז ער, דוכט זיך, אַזוי פשוט, און דאָך — פאַרמאָגט דאָס ליד פון דעם דעמאָלט יונגן פּאָעט — ממש די חכמה פון אַ גרייז! יאָ, — די

קונצן וואָס ער מאַכט מיט די פּשוטע יידישע ווערטער האָבן אַביסל צע־טומלט די באַיאָרטע פּאָעזיע־געניסער. ביסלעכווייז, אָבער, האָט מען גע־נומען זיך אַלץ מער צוהערן צו די נייע קלאַנגען און ריטמען פון גלאַט־שטיינס לידער, און דאָס גלייכן אויך צו די לידער פון זיינע „אין־זיך" חברים, און די יינגערע דיכטער, וואָס זיינען אויפגעקומען נאָך זיי; די, וואָס האָבן באַוויזן — אי צו זיין גוטע תלמידים פון די „יונגע", אי אָנצו־נעמען זיך פון דעם נייעם, היינטצייטיקן, אין דער יידישער, און ניט־יידי־שער פּאָעזיע, בכלל.

נאָך דער שטילער, איינגעוויגטער ליריק פון די „יונגע", — פון „שטילער, שטילער, רעדט נישט הויך" — די אין תוך נעאָ־ראָמאַנטיקער, וואָס מיר האָבן באַוואונדערט אין די צוואַנציקער יאָרן, — האָבן די „פרייע פערזן" גלאַטשטיינס שוין דעמאָלט געהאַט דעם כוח אונדז אויס־צוניכטערן מיט זייער פּקחות און שאַרפזין. אינטערעסאַנט: דאָס ערשטע ליד, מיט וועלכן גלאַטשטיין הייבט אָן זיין ערשטע לידער־זאַמלונג („יעקב גלאַטשטיין 1921) טראָגט דעם נאָמען „אונדזער דור". דאָס גאַנצע בוך איז אַזאַ מין טרויעריק דערמאָנען, און אַ שרעקעוודיק אָנען ווי „עס צי־טערט די קנויט פון אונדזער דור"... די ערשטע לידער גלאַטשטיינס האָבן תחילת געוועקט דעם פאַרלאַנג צו לייענען נאָר אַזעלכע לידער אין וועלכע מיר זאָלן אויף אָן אמת דערפילן דעם אָטעם פון דער צייט. פון דעם קליינעם שטימונגס־ליד האָט אונדז אָפּט געצויגן צו די לענגערע עסיי־איסטישע לידער, די ניט־יידישע, אין וועלכע מיר האָבן שטאַרקער דער־הערט דאָס קול פון היינטיקן מענטש אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. יענע תקופה מיט אירע אומאויפהערלעכע גייסטיקע קריזיסן, און מיט אַלע אירע מאַטערנדיקע וועלט־ און מענטש־פּראָבלעמען. ד. ה. לאָר־רענסעס זאָג, אַז: "Ours is essentially a tragic age.", — אָט די זוכעונישן קינסטלעריש תופס צו זיין די קעגנוואַרט, האָבן מיר, אויף אַן ערלעכן אופן, געזוכט אויך ביים יידישן שרייבער, אָבער, צום באַדויערן, גאָר זעלטן זיי געפונען. אויסנאָמען? אַוודאי זיינען זיי געווען. אין כלל גענומען איז טראַגיש דער גורל פון דעם יידישן שרייבער, וואָס תמיד פאַרשפּעטיקט ער. עס מינערט, חלילה, נישט זיין ווערט. אָבער די אַנאַ־לאָגיע צום נישט־יידישן שרייבער איז שטענדיק מיט אַ דור פריער.

מיט גלאַטשטיינען און מיט אַ סך דיכטער, עלטערע און יינגערע, — וואָס האָבן זייער בענקשאַפט נאָך דער אייראָפּע פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג, פאַרביטן אויף דעם פאַרלאַנג צו דערקענען זיך, דאָ היי, — מיט זיי

איז שוין גרינגער געווען צו דערזען, און במילא צו דערשפּירן, דעם איצ־טיקן טראַגיש־יידישן היינט.

## ב.

אין גלאַטשטיינס דיכטונג איז זעלטן צו געפינען סתם סענטימענטאַלע בענקשאַפט־לידער. זיין ליד איז פריי פון דער נאָסטאַלגיע וואָס מיר געפינען אַזוי פיל אין דער יידיש־אַמעריקאַנער פּאָעזיע. און דאָך פאַר־מאָגן זיינע לידער דעם היימיש־יידישן אַראָמאַט. נישט שטעטל — נאָר יידישע היים־פאַרוואָרצלטקייט, וואָס שטייגט אַריבער די סתם בענקע־נישן, און וואָס איז כולל און דריקט אויס אַ מער טיפע יידישע דויערנדי־קייט. יאָ, פאַראַן אַ באַהאַלטענע בענקשאַפט אין גלאַטשטיינס לידער צו זיין, איצט־חרובער, היימשטאָט לובלין; ניו יאָרק־לובלין. ווי ביי משה נאַדירן אין זיין „ריווינגטאָן סטריט" און „נאַראַיעוו". זיי ווערן איינס. און דאָס איז נישט קיין אויסדרייען זיך צום רוקן פון אַמעריקע, פון זינגען כסדר, נאָך יאָרן אַוועקזיין, וועגן יענע „אוקראַינער נעכט", פון ניעזשין, טאַרנאָוו, קאָלאָמיי און זלאָטשעוו. ווי וואונדערלעך, און ווי וואויל עס זיינען אַ שטייגער, די לידער מאַני לייבס און ראובן אייזלאַנדס. מיט גלאַט־שטיינען (און נאַדירן פריער) — איז עס שוין גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס איז שוין אַ מער רייפער צוריקקער פון אַ היינטיקן, פון אַ דאַאיקן יידישן פּאָעט, וואָס באַוויזט יענעם קינסטלערישן קפיצת הדרך, פון הין און צוריק, וואָס איז אין תוך מער אַ „צוריק" ווי „אַהין"...

דאָס פראַגמענטאַריש־אויפבליצנדיקע ביי נאַדירן ווערט ביי דעם יינגערן יעקב גלאַטשטיין, באַזונדערס אין זיינע פּראָזע־ביכער — המשכ־דיק פאַרגאַנצט. אויך ביי נאַדירן אין זיין „אונטער דער זון", און אין „טעג פון מיינע טעג", איז קענטיק דער נייער נוסח פּראָזע וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן מיט דזשיימס דזשאָיסן, און ווי משה נאַדיר, אַזוי האָט אויך יעקב גלאַטשטיין דעם דאָזיקן נוסח פון דעם נאַראַטיוון „הין און צוריק", אין רעטראָספּעקט פון חלומען אויפן וואָר, און פון פאַרלענגערן די חלומדיקע מינוטן אין טעג און אין יאָרן, — אויף אַ וואונדערלעכן אופן פאַרהיימישט, און אין אַן אייגן יידיש לשון באַנייט, אין אונדזער ליטעראַטור. די צוויי ביכער „יאָש", טויכט אויף אַ שטיק פריערדיק לעבן פון אַ נאַאיוו־תמימות־דיקן יידישן דור, מיט די געשטאַלטן וואָס שטייען ממש אויף תחית המתים. דערביי דערפילט מען גלייכצייטיק דעם דיכטערס אייגענעם קוק, די סאַ־טירע זיינע אויף יענעם דור מיט זייערע פירער און געפירטע. ווי היינעס

„די רייזע אוין הארץ", זיינען די „יאַש"־ביכער מער ווי סתם אַ נסיעה־שילדערונג. אין די דרייסיקער יאָרן, פאַרט מיט מיטן דיכטער די וועלט זיינע פון פריער; די ביטערע חכמה, די אַפּאַטיע, און די יאוש־שטימונגען פון אונדזער אייגענעם „יידיש־פאַרלוירענעם דור". גלאַטשטיינס דיכטע־רישער לעבנס־געפיל, דער קוק זיינער אויף דער ליידיקייט פון „זיין" און פון „ווערן" — האָט אים אַ טרייב געטאָן צו אַנטלויפן פון זיך, צוריק צום ווייטן אַמאָל. צו דעם לובלין פון זיינע קינדער־יאָרן:

„אויב שרייבן פאַר דער אייביקייט
מיינט שרייבן ווי מ׳וואָלט אַליין געווען אייביק,
וואָלט איך זיך פאַרלייגט אויף אַ קליינינקייט
ווידער און אָבער אַמאָל וואָלט איך צוריקגעקומען צום זעלביקן:
מעסטן אין צייט פון אַ דערוואַקסענעם
די פרייד פון אַ טאָג קינדהייט"...

דאָס זיינען שורות וואָס מיר געפינען אין זיין לעצטן בוך „דעם טאַטנס שאָטן" (1953). אָבער, שוין אין די „יאַש"־ביכער איז אויפגע־גאַנגען אין אים אָט דער צוריקקער און די בענקשאַפט נאָך דער „פרייד פון אַ טאָג קינדהייט". אַ פרישער קוואַל פון מאָטיוון, יידישע אין אינהאַלט, היים־פאַרוואַרצלטע, האָט די דאָזיקע נסיעה קיין פוילן געגעבן דעם דיכ־טער אין יענע אָנהייב דרייסיקער יאָרן. האָט ער דען פאַרגעסן דעם יאוש, די אַפּאַטיע, די לאַנגווייל פון לעבן? ניין! „ווי אומבאַגרייפלעך, איינגעגעסן טרויעריק איז דאָס לעבן". דאָס ליד פון דער ניו יאָרקער „עוועניו" („יידישדייטשן") האָט אים נאָך אַלץ נאָכגעקלונגען ביזן מאָכיק־טיפן פוילישן וואַלד, פאַרנאַכט־צו, אין וועלכן ער איז אַנטרינען. אַ וואָגן וואָס האָט אים געפירט פון דער שטאָט קוזמיר צוריק צום פענסיאָנאַט, איז געלאָפן באַרג־אַראָפּ, און געדוכט האָט זיך אים, אַז אַלץ וואָס ער האָט געזען „איז זיך מאָדנע צוזאַמענגעפאַלן מיט אַ באַרג אַראָפּיקייט אין מיין אייגן לעבן, און אַז דאָס אַלץ איז אין ריטם פון גאַנצן יידישן לעבן, אפשר גאָר פון דעם פאַרנאַכט איבער דער וועלט" — — —

דער דיכטער פילט פאָרויס דעם פאַרנאַכט וואָס רוקט זיך אָן אויף די יידן אין פוילן. ווי אַ פינצטערע נבואה לייענען זיך יענע שטעלן אין צווייטן בוך „ווען יאַש איז געפאָרן". דאָס איז דער חזיון פון דעם פאָעט, ביי וועמען דאָס יידישע, און איבערצייטלעך תוכיקע, די נאַציאָנאַלע מאָטיוון, הייבן אָן פאַרנעמען אַלץ מער אָרט אין זיין שרייבן.

אין די ביכער „יאָש" ווערן פאַרצייכנט די רעיונות פון דעם יידישן און ניט־יידישן „פאַרלוירענעם דור" צווישןביידע וועלט־מלחמות. גלאַטשטיינס עסייאיסטישע פּראָזע, אין די דאָזיקע כלומרשט רעפּאָרטערישע רייזע־נאָטיצן, איז דער יידיש־קינסטלערישער בייטראָג, — אפשר דער איינציקער פון דעם מין — אין אונדזער ליטעראַטור. אָט ווי עס זיינען, אַ שטייגער, מאַלקאָלם קאָוליס עסייען אין זיין בוך "Exile's Return". דער דור וואָס האָט געבלאָנדזשעט און איז ערשט נאָכן צווייטן וועלט־קריג געבליבן אַ היגער, אַן איינגעוואָרצלטער אין לעבן. אין די „יאָש"־ביכער רעדט די דאָזיקע יידישע און ניט־יידישע יוגנט. אין הינטערגרונט זעט מען אויך דעם עלטערן דור, וואָס רוקט זיך אַוועק אַלץ ווייטער און ווערט נעלם פון אויג.

דער צווייטער טייל „יאָש" איז געשריבן אין אַ מער מיושבדיקן טאָן. ניטאָ דאָ דער רייזע־פיבער פונעם ערשטן טייל. עס איז אַן איינגעשטילט בוך, אין וועלכן מען פילט די שרעקעוודיקע שטילקייט ווי פאַר אַ גרויסן שטורעם. גלאַטשטיין האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם אַלטן, צום ווייפילטסטן מאָל, באַשריבענעם „שטעטל" — ווי דאָס יינגסטע אייניקל פון די קלאַסיקער, — און דערזען עס, אין יאָר 1939, ערב דעם בלוטיקן אויסברוך פון דער לעצטער וועלט־שחיטה. ווי קולבאַק אַמאָל, אין זיין „דיסנער טשיילד העראָלד", מאָלנדיק די שטאָט בערלין ערב דעם אויפשטייג פונעם רוצחישן היטלעריזם, אַזוי האָט אויך גלאַטשטיין דערזען זיין היים־שטאָט לובלין אין לעצטן שקיעה־פלאַם, און געאָטנט דעם פּחד און די וויסטע שרעק פון די שוואַרצע, אַרויסהויבנדיקע גזעטאָ־ווענט אין פּוילן דער מדינה.

אַ מעשה? ניטאָ קיין מעשה. גלאַטשטיין באַגעגנט אַ יידן, שטיינמאַן, אַ זעלטענעם, אַ לעצטן פון אַ דור. עס האָט זיך דעם דיכטער געלוינט די נסיעה, טראַכט מען זיך, אַבי צו האָבן באַגעגנט אַזאַ מחיהדיק־קלוגן יידן, איידער ער געזעגנט זיך אָפּ מיט דער וועלט. שטיינמאַן איז אַ ייד אַ חקרן, מיט טיפן, יידישן זין פאַרן לעבן. אַ שרייבער פון חסידישע מעשות. ער פאַרמאָגט אַ וועלט מיט הלצה און שאַרפזין (אַ נאָענטער קרוב צו גלאַטשטיינען...). ערגעץ אַ גאָט־זוכער, און שיעור־נישט אַ כופר, וואָס באַווייזט די סאַמע לעצטע מינוט, פאַרן אַריבערשפּרונג, נישט צו לייקענען, נייערט צו גלויבן, גלויבן:

„אַפילו פון דער בלאָטע וועל איך זינגען צו דיר,
מיין גאָט, אַפילו פון דער בלאָטע"...

מיט אַט די ווערטער הייבט זיך אָן דער צווייטער טייל „יאוש“. שטיינ־מאַן איז דערצו אַ חלוש וואָס איז פריילעך. אַ ייד וואָס קען שמייכלען דעם טויט אין די אויגן. וואו געפינט מען זיי, אַט די יידן, היינטיקע טעג? אויף אַ מינוט פאַלט אונדז איין, צי איז ניט אַט דער שטיינמאַן אין גאַנצן אָן אויסגעחלומטע. גלאַטשטייניש געשטאַלט, וואָס לעבט אויס זיין פולן לעבן ביז דער לעצטער רגע, בעת ער פאַרמאַכט זיינע אויגן, צום טאַקט און ריטם פון אַ פאַרדבקהטן חסידישן ניגון?...

שטיינמאַנס אויטאָביאָגראַפישע מאָנאָלאָגן און מעשיות לייענען זיך ווי טיילן פון אַ „העכסט שפּאַנענדען“ ראָמאַן, כאָטש געשריבן זיינען זיי אַזוי היפּוכדיק פון דעם אַזויגערופענעם, משטיינס געזאָגטן „ראָמאַנען־סטיל“. גלאַטשטיין לעבט אויף העלדן פון אַמאָל (הערצל, גרעץ), אָן דעם אַנשטעל פון דעם היסטאָרישן ראָמאַניסט. אַ לעבעדיקער מענטש, אַ ייד פון אונדזער דור, נישט פון ביכער אָן אַרויסגעגראָבענעם, דערציילט פון זיין יוגנט. און מיר זעען אַ שטיק יידיש לעבן אין דייטשלאַנד, סוף ניינצנטן יאָרהונדערט.

אין שטיינמאַנען האָט גלאַטשטיין אויסגעדריקט זיין אייגענעם ווענד און קער אין יידישן לעבן. שטיינמאַנס רייד וועגן יידישן קיום, דויער און ליידן זיינען ווי איין גרויסער אַריינפיר צו גלאַטשטיינס נאַציאָנאַל־יידישע שטימונגען וואָס מיר געפינען שפּעטער אין זיינע לידער, געשריבן אין די פערציקער יאָרן.

ג.

אין דעם בוך „יידישטייטשן“ (1938) זינגט גלאַטשטיין דאָס ציטיק־סטע ליד, כאָטש ער נוצט אומישנע אָן אַרכאַאיש לשון. ער פאַרשלייערט היינטיקע שטימונגען אין אַלט־יידיש. ער שטויבט אָפּ אַלטע ווערטער וואָס קריגן אַ נייעם זין. מיר האָבן דאָ לידער צו יוגנט און וועגן יוגנט: „אַ יינגעלע און אַ זעמעלע“. אַ יינגלס מורא. פריילינגדיקע געפילן פון יונגע מיידלעך. פאַר אַ זעכצניאָריק מיידל פאַרענטפערט ער זיך, אַז ער איז „געקומען צו שפּעט“. ער וועט „קומען פאַראַיאָרן“ ... פאַראַן דאָ, אין דעם בוך, אַ סך פון געקליגלטן, פון איבערגעשפּיצטער חכמה. אין דעם פרט איז גלאַטשטיין דאָ: אי אַ מחדש, אי ער איז המשך פון פריער. ער דער־מאָנט אָפּט אין די פאַריונגטע נאַדיריזמען. אין זישאָ לאַנדויס שעפּטשענ־דיקע ווייזהייטן. אין דעם בוך „יידישטייטשן“, איז צו דערקענען וויפיל קינדהייט עס ליגט אין אים פאַרבאָרגן. קינדישע תמימות וואָס גרענעצט

זיך מיט דער חכמה פון אַ גרייז. גלאַטשטיין טרייבט דאָ קאַטאָוועס מיטן וואָרט. ער וויל זיך פאַרלאַכן. פאַרלאַכן אַפילו דעם געגאַרטן אמת, וואָס אַט־אָט דוכט זיך אַז ער האָט אים געפונען. אָבער אין מיטן דערינען גיט ער זיך גאָר אַ דריי אויס מיטן רוקן און גיט, כלומרשט אין הלצה, אַ לאַך אויפן קול! — אויף די פאַלשע פירער פון אונדזער לעבן, און אויף די נאַראָנים — די געפירטע. דאָס אינטימסטע און פאַרשלייערט־סטע — ווערט אויפגעדעקט. ער אַנטבלויזט פאַלשע אילוזיעס, לאַכט אויס פאַלשע איינרעדענישן, אויף גליק, אויף הנאה פון לעבן. דאָ איז גלאַט־שטיין טיפער פון זיינע פאַרגייער.

אין תוך זינגט אין אים אַ קוים־געהערטער וויינענדיקער ניגון. אויס־גאַנגלאָזיקייט. סוף: ניין! ער שרייבט נישט קיין אומעטיקע לידער פון טרויער און בענקשאַפט. גלאַטשטיינס ליד איז ראַפינירט, הימל־וויט פון שאַבלאָן. און ער וועט אַזאַ נאַרישקייט נישט באַגיין. דער טרויער אויפן אומזין פון לעבן, דאָס אַריינקוקן אין דער ליידיקייט פון אונדזער זיין, איז עכט. דאָס לעבן הערט גאָר אויף צו זיין טראַגיש. מ׳קען אַריבער־טראָגן דאָס ציינישסטע אין גלאַטשטיינס ליד, ווייל ס׳האָט דעם חן פון פאָעזיע, און פאַרמאָגט יענעם טיף־מענטשלעכן הומאָר וואָס איז אַלץ און אַלעמען מוחל. גלאַטשטיינס ציניזם, אין אַ סך פון זיינע לידער, האָט דער דיכטער ביים איצטיקן דור גענומען, און ער גיט עס אים אָפּ צוריק... ער האָט נאָר די נאַקעטקייט, מיטן אָנרופן זאַכן ביים נאָמען, געגעבן די סאַמע נייעסטע פאָרעם, וואו פשטות באַגלייט תמיד די וואונדערלעכע בילדער און אימאַזשן.

גלאַטשטיין קערט זיך אום, אין זיין לידער־בוך „יידישטייטשן״, פון די גרויס־שטאָטישע, פרעמדע זינד־געפאַרן, פון אַלע קלוגע דערפאַרונגען וואָס ער האָט בירושה פון דער צייט גענומען. אָבער דער ריח פון אַ היימישן „שלוש־סעודות״ איז שטאַרקער, איז שטאַנדהאַפטיקער ווי די גאַנצע היינטצייטיקע, ליכטיקע פרעמדע. אים גייט נאָך דער סמאַלענדיקער ריח פון די „פאַרטריפטע לייכטער״, און ער געדענקט דעם איינזאַמען שטערן דורכן פענצטער:

„דרויב און אויבס און שלוש־סעודות,
דורכן פענצטער רייט אַ שטערן,
דער אָפּגעריסענער אורח — שבת־קודש,
וועט דאָ פאַרפאַלן ווערן...״

מ'קאָן זאָגן אַז פון דעם בוך „יידישטייטשן" אָן באַוויזט זיך אַ נייער גלאַטשטיין. ער געזעגנט זיך מיט דער פרעמד, מיט די וואָרט־שפּילערייען לשם פּאָרעם. אַלץ מער תוכיקער און טראַדיציאָנעלער ווערט זיין ליד. גלאַטשטיין פאַרמעסט זיך — אויף זיין פּאָעטיש־הומאָריסטיטן, דורכאויס אָריגינעלן אופן, צו זינגען, — נישט כמורנע, פּאַרוואָלקנט, — נאָר ליב־טיק, מיט אַ טאָן פון רחמים וועגן דעם סדר העולם. אין דער פּאָעמע „יאָסל לאָקש פון כעלעם" — רעדט דאָס רייפע, פּאָעטישע קול פון אַ דיכ־טער וועמען מיר הערן מיט אָפענע אויערן:

איך פאַרשטיי נישט, גאָט, דיין כעלעם!
אָבער איך ווייס, עס איז רחמנות
אויף יעדן גרעזל,
אויף אַ מילב, אויף אַ פערד,
אויף אַ וואַסערטרעגער, אויף אַ למדן,
אויף אַ פּראָסטאַק, אויף אַ דלפן,
אויף אַ נגיד.
יעדער איינער ווייס דעם גאַנצן אַלץ..."

אין אַלטן כעלעם האָט גלאַטשטיין פאַר זיך קיין טרייסט נישט גע־פונען. נאָר דאָס עצם קינדישע זוכן האָט דאָך אָנגעכאַפּט דעם גרויס־שטאָטישן קלוגן „אַלץ־וויסער" ביים לאַץ, און אים אַ צווינג געטאָן צו טראַכטן פון די אייביק־מענטשלעכע פּראָבלעמען, פון גוטס און פון שלעכטס, און פון דעם ביסל רחמים צו מענטש און זיינע ליידן.

דורך הלצה, דורך אַ קלוגן פינטל מיטן אויג, דורך לאַנגווייל און יאוש איז גלאַטשטיין צוגעקומען צו דעם דאָזיקן עטיש־יידישן מאָטיוו.

ד.

אין די פּערציקער יאָרן הערט מען אין גלאַטשטיינס לידער דאָס קול פון אַן אמת־פּאָעטישן שליח־ציבור, וואָס דאַוונט, וואָס זאָגט אַ נייע „קינה" פאַרן צעבראָכענעם יידישן געמיט. זיינע „געדענק־לידער", די לידער ביכער „שטראַלנדיקע יידן" און „דעם טאַטנס שאָטן", וועלן בלייבן „יזכור־לידער" נאָך אַ טראַגיש־יידישן היינט. דער נסיון פאַר יעדן יידישן דיכטער איז געווען גרויס; דורך ליד, דורך וואָרט, אויסוויינען

דעם גרעסטן יידישן אומגליק און דאָך גישט פאַרלירן די אייגענע דיכטע־רישע שטים. געציילטע נאָר האָט זיך איינגעגעבן אויסצושווייגן דעם שטורעם, אַז דער צער פון מיליאָנען זאָל ווערן זייער אייגענער צער. אין נוסח פון איינעם וואָס וויל פאַרצייכענען, פאַרשרייבן און איבערגעבן אויף שטום־לשון דאָס האַרצרייסנדיקסטע געוויין, קומט גלאַטשטיין דערמאָנען:

„גיב אַ פייגעלע אַ בוים,
און צום הימל נאַריש זינגט עס,
אָבער דו, נעם אַ פּנקס און פאַרשרייב
דאָס לעגענדאַרע אומגליק"...

ווער קען פאַרגעסן גלאַטשטיינס ליד „אַ גוטע נאַכט וועלט"? לזכרון אויף דורות וועלן בלייבן אַזעלכע שורות:

„אַ גוטע נאַכט, ברייטע וועלט,
נישט דו, נאָר איך, פאַרהאַק דעם טויער,
— — — — — — — — — — — —
חזירישער דאַטש, פיינטלעכער לאַך,
עמלק גנב, לאַנד פון זויפן און פרעסן,
שלאַברע דעמאָקראַטיע, מיט דיינע
קאַלטע סימפּאַטיע קאָמפּרעסן"...

אַזוי האָט פאָראויסגעפילט — נאָך אין די דרייסיקער יאָרן, אַ יידי־שער דיכטער, וויפיל סימפּאַטיע אַ פאָלק וועט קריגן פאַר זיינע מיליאָנען קדושים...

ה.

די רייפסטע און שענסטע לידער גלאַטשטיינס, ממש אַ דימענט אין זיין פּאָעטישער קרוין, זיינען די בראַצלאַווער־לידער, עס איז זיין „שיר־השירים". דאָס מעדיטירנדיקע טראַכטן אויפן קול. די רייד פון דעם „בראַצלאַווער צו זיין סופר" איז געוואָרן דאָס שטיל־בלחשדיקע ליד פון דעם דיכטער צו זיין נאָענסטן און אינטימסטן לייענער... גלאַטשטיין האָט דורך די בראַצלאַווער לידער דערגרייכט דעם שענסטן חלום וואָס אַ דיכטער קען זיך נאָר ווינטשן. דער תמיד־דערציילערישער עלעמענט, דער מאָנאָ־לאָג, און די פּראָזע־טיילן אין זיין דיכטונג, פּונקט ווי די פּאָעטישע עברי

אין זיין פּראָזע, שאַדט אסור נישט איינס דאָס אַנדערע. זיי זיינען בשום אופן נישט אין אַ סתירה, ווי אַ סך מיינען. פאַרקערט, די פאָרעם פון רעדן, און די פאָרעם פון זינגען פאַרמאָגן ביידע גלאַטשטיינס ריטם, זיין אייגן מוזיקאַלישן ריטם, וואָס וועט זיך דערקענען צווישן פרעמדע הונדערטער לידער און פּראָזע־טיילן אין וועלכער עס איז אַנטאָלאָגיע.

גלאַטשטיינס ר׳ נחמן איז אַן אייגענע אויסגעחלומטע געשטאַלט. עס איז אפשר נישט דער בראַצלאַווער פון די „סיפּורי־מעשׂות״. אָבער דער דיכטער האָט באַוויזן ר׳ נחמנען אַרויסצוהייבן פון דער לעגענדע אַרויס און געלאָזט אים ריידן פשוטע, וואָכעדיקע רייד וואָס זיינען געוואָרן שבת־יום־טובדיקע, נשמה־יתירהדיקע.

עפּעס פון ר׳ נחמנס „מעשׂה־קטנות״ האָט גלאַטשטיין אויפגעכאַפּט און געוויזן אונדז ווי מענטשלעך־גרויס דער בראַצלאַווער איז געווען. אין די נעכט — דערציילט אונדז גלאַטשטיין — האָט ר׳ נחמן מורא צו בלייבן „מיט די רעיונות אַליין״. און מיר זיינען מכוון, עכט־חסידיש, ווי דער דיכטער וואָלט געוועקט די ר׳ נתנס, די לייענער, אַז זיי זאָלן נישט איינדרימלען ביים יידישן וואָרט, ביים יידישן ליד, וואָס צאַנקט איצט, און וואָס בעט זיך מ׳זאָל עס נישט פאַרלעשן...

„נתן, ביסט נעבעך מיד, ס׳קלעפּן זיך די אויגן,
שלאָפסט איין.
לאָמיך נישט איבער מיט מיינע רעיונות אַליין,
וואַך מיט מיר, פאַרבלייב,
נתן, פאַרשרייב״...

אַלץ וואָס גלאַטשטיין שרייבט איצט — איז אין דער בחינה פון די בראַצלאַווער לידער. ער האָט זיך אַריינגעזונגען אין די חסידיש־בראַצלאַווער מאָטיוון און עס זינגט אַרויס פון יעדן ליד איין שטילער רעיון, איין געזאַנג, וואָס מינטערט און טרייסט, וואָס פרעגט, און וואָס ענטפערט אָפּ, צום טרויעריק־פריידיקן געמיט פון דעם היינטיקן יידן.

* * *

אין זיין בוך „ווען יאָש איז געקומען״ דערציילט גלאַטשטיין ווי ער האָט אין אַ פּוילישן וואַלד געהערט זינגען דעם אַלטן נאָכטיגאַל — אויפן וועג קיין קוזמיר:

„ער האָט געזונגען טרוקן״, — הייבט אָן גלאַטשטיין זיין איינדרוק פון איינהערן זיך אין דעם נאַכטיגאַלס זינגען, — „עט־לעכע קורצע טרעלן, וואָס האָבן זיך איבערגעחזרט, ווי ער וואָלט איינגעשטעלט די טעמע. מערקווירדיק, אין דעם געזאַנג איז נישט געווען קיין סימן פון סענטימענטאַלקייט. עס איז מיר פשוט געווען אַ וואונדער וואָס אַזאַ קאָפּ־זינגער איז באַרעדט געוואָרן פון סענ־טימענטאַלע דיכטער. יעדע פראַזע איז געווען לענגער און קאָמפּלי־צירטער פון דער פריערדיקער. נאָך יעדע פראַזע האָט ער אונטער־געוואָרט צו כאַפּן דעם מוזיקאַלישן אָטעם, אָדער זיך איינהערן אַליין וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס האָט געמאַכט. עס האָט פשוט געריסן ביים האַרץ, וואָס מען האָט דעם פויגל אַזוי באַליידיקט, פאַרסאַכאַרינט און פאַרלאַקריצט פאַר דער וועלט, בעת ער האָט אַזאַ אומפּאָפּולערע און קלוגע מוזיקאַלישע עברי״.

אויך גלאַטשטיין פאַרמאָגט אין זיין שרייבן אַ זעלטן „קלוגע מוזי־קאַלישע עברי״, וואָס האָט דערצויגן מער ווי איין דור לייענער.

## „פון מיין גאַנצער מי״

אין דעם דאָזיקן שיין־באַצירטן, שפּעדיקן בוך, זיינען אַריין כמעט אַלע לידער וואָס דער פּאָעט יעקב גלאַטשטיין האָט געשריבן במשך פון 37 יאָר. „ס'איז אַ צוריקשפּאַציר אין אַ נאָסטאַלגישער אָרדענונג״ — זאָגט גלאַטשטיין אין דעם אַריינפיר צום בוך.

כראָנאָלאָגיש, הייסט עס, דאַרף מען דאָס בוך לייענען אויף — צוריק. פונעם דיכטערס ערשטן בוך, וואָס טראָגט דעם נאָמען „יעקב גלאַטשטיין״, ביז צו דער נייער סעריע לידער „ערדענע רייד״, וואָס זיינען אין בוך־פאָרעם נאָך נישט דערשינען. „פון מיין גאַנצער מי״, נעמט אַריין אונטער זיין שוץ אַלע לידער־ביכער — אַכט אין דער צאָל. דער נאָמען — דערמאָנט אונדז גלאַטשטיין — קלינגט „קוהלתדיק״. דער לייענער וואָס קאָן אים, ווייס עס אָבער שוין לאַנג: פון די ערשטע ביז די איצטיקע, פּילט מען אין זיינע לידער דעם ניגון פון חומש, און פון די נביאים, מיטן צוגאָב פון יידישן פאָלקס־ליד. גלאַטשטיין האָט פון תחילת אָן זיך צוגעהערט צום „תנכישן טראָפּ״. אַפילו אין זיינע ערשטע „פרייע פערזן״, אין די יאָרן פון שפּראַכלעכע זוכענישן און עקספּערי־מענטן, האָט מען געהערט ביי אים דעם ניגון פון תנ״ך. אַזוי ביז זיינע נאַציאָנאַלע חורבן־מאָטיוון, איצט, אין זיין יוגנטלעך־רייפן עלטער:

„דאָס געזאַנג אין מיין קול, וואָס איז מעבר מיטן טראָפּ,
דער ניגון פון זכרון, דאָס נאָגנדיקע ברומען,
די דורכגעזילבערטע קרוין, וואָס דו זעסט אויף מיין קאָפּ,
פונוואַנען האָט זיך עס צו מיר גענומען?"

אַן ענטפער אויף דעם קאָן מען געפינען, אַ שטייגער, אין ליד „טירטל־טויבן", געשריבן אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן, אָדער אין ליד מיטן ציפערדיקן נאָמען „1919". שוין דעמאָלט איז דעם דיכטער אייגן געווען דער „תנ"כישער טראָפּ". — „מער נישט ווי אַ וואָרט" — זינגט ער, „און ס'לאָזט נישט אָפּ, מיט דעם ווייכן קנייטש פון טירטל, מיט דעם לאַסטשענדיקן קנייטש"... אַוודאי האָט זיך עס ווינציקער אָנגעזען, דעמאָלט, אין די יאָרן פון די ליטעראַרישע „געפּעכטן", וואָס ער, לעיעלעס, און די חברים „איגזיכיסטן", האָבן געפירט מיט זייערע דיכטערישע צייט־גענאָסן, עלטערע און יינגערע פּאָעטן. געווען יאָרן פון זוכן און זיך געפינען. דאָ און דאָרט האָט גלאַטשטיין געוויזן, אַז ער קען אויך זיין ווירטואָזיש־אומקלאָר, און מיטהאַלטן מיט דער נייעסטער פּאָעטישער מאָדע. פאַראַן לידער ביי אים, פון יענע יאָרן, וואָס דאַרפן אַ פירוש. אָבער אַפילו אין די אומפאַרשטענדלעכסטע לידער, האָט מען דערקענט דעם וועג צו פּשטות, דאָס דערגייען צו אַן עכט־יידישלעך „זאָגן", וואָס פאַרמאָגט גלאַטשטיינס אייגן קול און זיין אייגענעם ניגון.

די מעלאָדישקייט פון גלאַטשטיינס לידער דאַרף מען נישט זוכן ביי אים רק אין גראַם, אָדער אין דעם מוסטער פון אַלטע, איינגעשטעלטע נוסחאות, אין קלאַסישן זין. די צופעליקע גראַמען אין זיין ליד איז זיין אייגנס. זיין אייגענער נוסח וואָס מ'קאָן נישט צושרייבן עמיצן אַנדערש, די רייך־עסיאיסטישע רייך־פאַרטראַכטקייט פון זיין ליד בוי־טיקט זיך אין די דאָזיקע האַלבע און צופעליקע גראַמען. זיין ליד פאַר־מאָגט אי די פּשטות פון דעם אַנטיקן, קלאַסישן לשון, אי ווערטער־קלאַנ־גען — סאַמע נייעסטע. אָט די צונויפפאָרונג פון אַלטע ווערטער מיט נייע קלאַנגען זיינען ביי אים אַ שם־דבר. שוין אין זיין ערשטן בוך לידער האָט גלאַטשטיין געוויזן די דאָזיקע אייגנשאַפט, וואָס האָט זיך געשטאַרקט אין אים אין לויף פון יאָרן. פון דעם ליד „צעלא צעלדי", מיט דעם אייגנ־אַרטיקן ריטם, מיט די גראַמען וואָס קומען ווי עס לאָזט זיך, — ביז זיין ליד צו מאָצאַרטן, געשריבן אין די פערציקער יאָרן, לאָזט זיך דאָס דער־קענען. ס'איז פאָלג מיך אַ גאַנג! אַ היפּשער שפּרונג. אָבער געבליבן איז

אין אים דער זעלבער וואונדערלעכער ניי־מוזיקאַלישער געהער, דאָס טיף איינהערן זיך אין וואָרט. אין „מאָצאַרט" דערגרייכט גלאַטשטיינס ליד צו אַ מדרגה פון אינעווייניקסטער מוזיק, וואָס איז ממש איינציק אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע. — „ס׳האָט זיך מיר געחלומט" — שרייבט גלאַטשטיין — „גוייִם האָבן מאָצאַרטן געקרייציקט און אים באַגראָבן אין אַן אייזל־קבר". יידן האָבן אָבער געמאַכט אים פאַר „גאָטס־מענטש":

„ווי וואונדערלעך איז פון געטלעכן מענטש,
זיין מוזיקאַלישער טעסטאַמענט.
ווי דורכגענאָגלט מיט געזאַנג
זיינען זיינע לייכטע הענט.
אין זיין גרויסער נויט,
האָבן ביים געקרייציקטן זינגער
געלאַכט אַלע פינגער.

„אין זיין ווייִנענדיקסטן טרויער,
האָט ער נאָך מער ווי זיך אַליין
ליב געהאַט דעם שכנס אויער".

און גלאַטשטיין רופט אויס:

„ווי אָרעם און ווי קאַרג
אַנטקעגן מאָצאַרטס פאַרבלייב
איז די דרשה אויפן באַרג".

דאָס לידער־בוך „פון מיין גאַנצער מי" איז אַ זעלטענע גוטע טעמע פאַר סטודענטן פון יידישער פּאָעזיע. דאָ טראָגט דער דיכטער אַנטקעגן פאַרטיקערהייט זיינע לידער אין אַזאַ סדר, אַז מ׳קען גרינג זען די מדרגות פונעם דיכטערס אָנהייב און פון זיין שפּעטערדיקן שטייגן. אין דעם בוך רעדט אויך, אומדירעקט, אין קלאָרע רמזים, אי דער עסייאיסט און קריטיקער, אי דער שרייבער פון אַ נייעם נוסח־פּראָזע. פאַראַן לידער וואָס זיינען פּאָרטרעטן פון שרייבער און דיכטער, ווי די לידער וועגן דאָסטאָיעווסקין, אברהם סוצקעווער, משה לייב האַלפּערן. גלאַטשטיין שרייבט וועגן זיי מער באריכות אין זיינע צוויי עסייען־ביכער „אין תוך גענומען". אָבער אויך די לידער־עסייען ווייזן זיין טאַלאַנט נישט פון דעם סתם מבין,

נאָר דאָס טיפע פאַרשטיין פון שרייבער און זייערע ווערק. און פאַראַן אויך לידער אין דעם בוך, וואָס דערמאָנען אונדז אין גלאַטשטיינען דעם פּראָזע־שרייבער, פון די ביכער „ווען יאָש איז געפאָרן״, און „ווען יאָש איז גע־קומען״, אין וועלכע ער שילדערט דעם יידישן היינט אין אַמעריקע, דעם טרויעריקן באַרג אַראָפּ, און דעם נייעם טיפּ אַמעריקאַנער יידן — דעם טראַגיש־קאָמישן, און קרובהש־פּרעמדן.

סאַטירע איז איינע פון די אייגנשאַפטן מיט וועלכער גלאַטשטיין האָט זיך אויסגעצייכנט אין אַ סך פון זיינע ערשטע לידער־זאַמלונגען. די יאָרן פון יידישן חורבן האָט די סאַטירע זיך ווינציקער געהערט. איצט, אין די נייע לידער, הערט מען ווידער זיינע אָפּרופן, סיי אויף די קרומקייטן פון דעם יידישן היינט אין אַמעריקע, סיי אויף די ערלעכע זוכענישן און בענק־שאַפטן פון נייעם דור יידן אין אַמעריקע.

אין די נייע לידער רעדט דער דיכטער פון די תפוצות. כאָטש גלאַטשטיין האָט נישט ווייניקער פון אַנדערע דיכטער זיך אָפּגערופן מיט פרייד אויפן גרויסן נס פון מדינת ישראל, פילט מען אַ טאָן פון צער און פון מורא אין זיינע איצטיקע לידער אויפן גורל פון יידיש אומעטום, אויך אין מדינת ישראל: „נעם מיך אַרום מיט ווערגנדיקער געטריישאַפט, לשון מיינס, ווער מיר אַן איפּערזיכטיק ווייב״ — רופט ער אויס אין אַ ליד. און ווי וואויל גלאַטשטיין דריקט אויס דעם טראַגישן גורל פון יידיש אין די איצטיקע טעג. דאָס געיעג פון „ווערן איבערזעצט״: „לאָז מיך ווערן שטום־לשון פאַר דער וועלט, אַפילו אין דער בעסטער אי־בערזעצונג״, איז זיין תפילה. און פאַראַן אַ ליד אינעם בוך „רעד צו מיר יידיש״, וואָס ענטפערט אויף אַ וואונדערלעכן אופן אויף דעם אייביקן זיווג פון העברעאיש און יידיש, וועלכע טאָרן קיין מאָל נישט צעטיילט ווערן. ווי גרינג, ווי „אָן מי״ און ווי קלאָר גלאַטשטיינען קומט אָן צו זאָגן הויך אויפן קול אַזוינס, וואָס דריקט שווער אויפן האַרצן פון יעדן פון אונדז, ועמען ביידע לשונות, יידיש און העברעאיש זיינען אייגן! דאָס ליד פאַרמאָגט טענות פון אַן אייגענעם, און עס וואָלט באַדאַרפט איבערזעצט ווערן אויף עברית פאַר אונדזערע סאַברעס אין מדינת ישראל. אַוודאי וועלן זיי דער מוטער שרהס האַרציקן, פאָלקסטימלעכן תחינה־לשון קוים, קוים פאַרשטיין. נאָר אפשר וועט פאָרט דערגיין צו זיי דער קלאַנג פונעם פאָלקסליד, דער חן פון תחינה־יידיש, וואָס דאַרף, און וואָס טאָר נישט פאַרגעסן ווערן:

„רעד צו מיר יידיש, מיין יידיש לאַנד,
און איך וועל צו דיר רעדן עברית במילא.
אברהם מיט שרהן קומען מיר אַנטקעגן
פון דער מערת המכפלה.

גאָט־העלף, זיידע באָבעשי,
אברהם גייט שווייגנדיק די גאַס אַריבער,
נעם זיך נישט צום האַרצן יאַנקעלע,
זאָגט שרה, ער איז מבין כל דיבור.
— — — — — — — — — — — — — — — —
גלויב מיר, יאַנקעלע, ס'וועט קומען אַ צייט,
אין כאַמישאָסער־לאַנד פון ראַזשינקעס און פייגן,
אַז אַלע עברית־קינדער
וועלן אויפהערן יידיש שוויגן".

גלאַטשטיינס ליריק, זיין יחידיש טראַכטן און פילן, קומט צום אויס־דרוק נישט בלויז ווען ער זינגט וועגן זיך אַליין. דער דיכטער קומט צום וואָרט, מיט זיינע מעדיטאַציעס אויך דאָ, ווען ער שרייבט וועגן אַנדערע; ווען ער גיט איבער די שטימונגען און טראַכטענישן פון איצטיקן דור בלאָנדזשער, גאָט־זוכער און בעלי־תשובה: „פון גלויבן ביז לויבן איז פאַלג מיך אַ גאַנג. כ'גלויב, נאָר איך לויב נישט". אַזעלכע און ענלעכע שורות געפינען מיר אין בוך לרוב. אין דער לידער־סעריע „דער בראַצ־לאַווער צו זיין סופר", ווערט דער ענין „גלויבן און לויבן" נאָך מער פאַר־טיפט. דאָס זיינען איצטיקע יידישע צייט־מאָטיוון פון נאָכן חורבן וואָס מאַטערן סיי דעם פשוטן יידן, דעם „עמך", סיי דער אינטעליגענץ, וואָס זוכט דעם פאַרלאָרענעם גן־עדן. און לייענט מען די אַלע אָפּטיילונגען אין בוך, קומען צוריק צו אונדז די אָפּגעלאָפענע יאָרן מיט די טראַגיש־יידישע געשעענישן, און דער דור וואָס איז געווען אַ לעבעדיקער עדות פון די דאָזיקע געשעענישן. מען הערט דעם אָטעם פון דער צייט, די שטימונגען, חלומות און אַנטוישונגען. און ער, דער דיכטער איז דער שליח־ציבור וואָס רעדט אין נאָמען פון דעם דאָזיקן דור.

וואָס זיינען די „בראַצלאַווער לידער" — די שענסטע און טיפסטע אין בוך — אויב נישט דער ערשטער אָנזאָג אויף דעם יידישן־זיך־פאַר־טראַכטן, אויף די תשובה־שטימונגען פון צוריקגיין צום אייגענעם קוואַל,

פון דעם „שינוי עריכין", וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם היינטיקן יידן, דאָ, הי, נאָך אין די דרייסיקער יאָרן? וואָס איז דאָס ליד „אַ חלום", אויב נישט דער חלום פון דעם דיכטער צו זען דאָס פאָלק ווידער אויפגעריכט? אַ חידוש וואָס דאָס דאָזיקע ליד (פון בוך „געדענק־לידער") איז נישט אַריינגענומען געוואָרן אין דער זאַמלונג. ס'איז איינס פון די אָריגינעל־סטע און קרעפּטיקסטע לידער וואָס גלאַטשטיין האָט געשריבן. ס'איז מערקווירדיק פריש און היינטיק, כאָטש געשריבן האָט גלאַטשטיין דאָס ליד נאָך פאַרן חורבן, אין די יאָרן ווען ס'איז נאָך געווען ווען צו שטראָפן... „אַ חלום" פאַרמאָגט אָבער נישט בלויז די קלוגע סאַטירע פון אַ פּאָעט אַ בעל־מוכיח. עס פאַרמאָגט אויך באַוואונדערונג צום באַ־שעפער פונעם ליד „אל הציפור" — חיים נחמן ביאַליק. ס'איז עסייאיס־טיש און געדאַנקען־רייך, ווי אַלץ וואָס גלאַטשטיין שרייבט.

ביאַליקס פויגל האָט זיך געעלטערט — נישט צו דערקענען! ער האָט געקראָגן „אַן אינטעליגענטן שנאָבל", און ער טראָגט אַ „מאָנאָקל אויפן בלינדן אייגל". אָבער דער דיכטער דערקענט אים, און ער באַגריסט אים גוט־ברודעריש, האַרציק, ווי אַ נאָש־בראַט — אַ יידישער פויגל:

„מיוחסדיקער פריינד, מיין אַלערטיפּסטער באַוואונדער,
וואָס פאַר אַ גרוסן ברענגסטו פון דער וועלט דער רונדער?
פאַרברענט אויף אַ קויל אַ האַלבע מאה יאָרן,
זייט דו האָסט אויפגעעפנט דאָס שענסטע יידישע מויל,
אויב דו האָסט אַ זכרון, געדענקסטו,
ווי דו האָסט, אַ פריילינג־פויגל, אָנגעקלאַפּט
אין פענצטערל פון זיין מוח.
חכמה האָט ער געהאַט, וואָרט האָט ער פאַרמאָגט.
וואָס אַזוינס האָסטו אים געזאָגט,
וואָס האָט אין אים גענערט יידישלעכע פרייד
און דורותדיקן טרויער"?

אָט די „יידישלעכע פרייד און דורותדיקן טרויער" פילט מען אין דעם גאַנצן בוך, אין יעדן עמוד, אין יעדן ליד, די גאַנצע בענקשאַפט נאָך פאָלק, נאָך יידן, נאָך לשון, קומט דאָ צום אויסדרוק. און שווערער נאָך איז דער עול צו שטראָפן אַ פאָלק וואָס קערט זיך אָפּ פון זיין שפּראַך, און שווערער נאָך איז איצט צו זיין אַ שליח־ציבור פון אַ קליינער, נישט דאַוונדיקער עדה...

דאָס בוך „פון מיין גאַנצער מי" ווייזט אונדז שטייגנדיקע מדרגות פון דעם פּאָעט; פון זיין כסדרדיקן, יוגנטלעכן זיך איינהערן אין יידישן לשון, פון זיין שפּעדיקער רייכקייט פון אויסדרוק און פון זיין גראָבן טיף אין תנכישן „טראָפּ" און אין פּאָלקסליד. און דאָך — איז פאַראַן טרויער אין אַ סך לידער־תפילות: „מיר האָבן שוין באַלד אָנגעוואָרן אַלע ווערטער", — רופט ער אויס. און עס קומען קליינע שורות, קאַרגע אין אויסדרוק — דער מעדיטירנדיקער „הבה, לאָמיר", וואָס זאָגט אַ סך אין ווינציק רייד:

„לאָמיר זיך אַרומוואָרענען
מיט אַ שטיקל פּאַרקאַן,
ניט קיין געטאָ, חלילה,
נאָר אַזוי אַ שטילע וואַנט.
לאָמיר זיך אָוועקזעצן צווישן זיך
און מיט פאַרשטאַנד
אויסטראַכטן ווי צו שטאַרקן
אונדזערע אָפּגעשוואַכטע הענט".

אַזעלכע שורות פאַרמאָגן דעם כוח צו שטאַרקן די אָפּגעשוואַכטסטע הענט. דאָס ליד „הבה, לאָמיר", קומט זיך צונויף, איז אַ טייל פון דעם פּאָעטישן דיאַלאָג וואָס ער ווידמעט, אָן אַ נאָמען, זיין נאָענטן חבר, דעם פּריציייטיק פאַרשטאָרבענעם דיכטער י. י. סיגאַל. סיגאַל מיט זיין חסידיש ליד, מיט זיין „זאָגן" איז גלאַטשטיינען די לעצטע יאָרן זייער נאָענט געווען; אין טעג, ווען אויך ער איז געוואָרן נאַציאָנאַל־יידיש און אחריותדיק אין טיפסטן זין פון וואָרט. גלאַטשטיין איז דערגאַנגען צו דער תפילה פון „הבה, לאָמיר זיך אַן עצה געבן, לאָמיר זיך קליגן". דאָס דאָזיקע זוכן אַן עצה אין אַלט־חומשדיקע טייטשן, איבערגעגעבן אויף היינטיקן יידיש, איז גלאַטשטיינס גרעסטע דערגרייכונג אין יידישן ליד.

# י. י. סיגאַל

## א.

י. י. סיגאַלס פּלוצימדיקער טויט איז אַ גרויסע עבידה. אָבער גאָר פּיינלעך איז זיין אָוועקגיין פאַר די פּאָר געציילטע פריינט וואָס ער האָט איבערגעלאָזן און וועלכע ער וועט שטאַרק פעלן. באַזונדערס וועט ער פעלן די שטילערע אין אונדזער שרייבער־צעך, די וואָס מיידן אויס כבוד־זוכעריי און טומל. מאָדנע, דווקא ער, דער אומעטיקסטער צווישן היינטיקן דור יידישע פּאָעטן האָט פאַרמאָגט דעם כח צו שטאַרקן און טרייסטן די שוואַכערע אין גלויבן, די וואָס ספקן וועגן גאַנצן ענין שרייבן. ס'איז געווען גוט צו טראַכטן, אַז ערגעץ, אין מאָנטרעאל איז דאָ אַ סיגאַל וואָס לייענט און פאָלגט נאָך אַלץ וואָס איז עכט און ערלעך אין אונדזער ליטע־ראַטור. סיגאַלס אַ בריוו איז געווען אַ פריידיקער רוף אין דעם מדבר פון שוויגן און מידע טראַכטענישן וואָס פלעגן פייניקן ניט איינעם פון דעם ייִנגערן דור שרייבער. באַזונדערס די, וועלכע עס איז באַשערט געווען פאַרוואָרפן צו ווערן אין די קליינע שטעטלעך, ווייט פון ניו־יאָרק.

איך בלעטער איצט די צענדליקער בריוו סיגאַלס אין די טרויעריקע טעג בשעתן לייענען די הספדים נאָך זיין פריצייטיקן טויט, און אַ געפיל פון בושה און געפאַלנקייט נעמט מיך אַרום טראַכטנדיק וועגן דער מערכה פון אָט־דעם עכט־יידישן פּאָעט. מיט די אַלע לאָרבערקרענץ און לויב פאַר זיינע לידער־ביכער איז ער געבליבן איינזאַם, און אין די בעסטע צייטן קוים געהאַט זיין אויסקומעניש, אַפילו אין דער קולטורעלער מאָנט־רעאל, אַ שטאָט, וואָס שאַצט און שעצט אירע שרייבער תושבים. די איינזאַמקייט איז ביי סיגאַלן ניט געווען קיין דיכטערישע פּאָזע. אפשר, ווער ווייס, איז דאָס דער גורל פון יעדן אמתן דיכטער, פאַר וועמען דאָס ליד איז אַ קאַפּיטל תהילים אין וועלכן ער ווײנט אויס, „שטיל פון האַרצן אַרויס", זיין געבעט. איך האָב אים, סיגאַלן, געזען פון דער נאָענט, און ניט איין מאָל געהערט אים זיך באַקלאָגן אויף דער דאַליע זיינער. ווי פרעמד עס איז אים אָפט די „קולטורשטשינע", דאָס קהלן זיך לשם

קולטור, און ווי דערווידער אים איז די כלומרשטע אינטעליגענץ, מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס קויפט שוין יאָ אַמאָל אַ יידיש בוך. — „פאַרוואָס האָבן מיר ניט דאָס מזל אַז יידן זאָלן — ווי די שכנים אונדזערע, די פראַנצויזן און ענגלענדער — אַליין, פון אייגענעם ווילן, קויפן אַ לידער־בוך״ ? — פלעגט ער פרעגן אין שטילן פאַרדרוס. ווייל דאָס אַרויסגעבן און פאַרשפרייטן די צאָלרייכע לידער־ביכער האָט קיין מנוחה אים ניט געגעבן. און ניט איין מאָל האָט מען זיך געחידושט, בשעתן זען אים אַ פאַרשמייעטן אין די בייטאָגן — וואו נעמט ער צייט צו זיין אַזוי פּראָדוקטיוו? סיידן אין די נעכט.

ניט קיין זכרונות בין איך אויסן דאָ צו שרייבן. נאָר די בריוו סיגאַלס אויפן טיש מאָנען און ווירקן מיט זייער אומעט ניט ווייניקער פון זיינע לידער. זיי דערציילן און אַנטפּלעקן אַ סך. יעדער בריוו סיגאַלס איז אַ שליסל צום פּאָעטישן אוצר פון זיינע הונדערטער לידער. ס׳איז אָבער כדאי אויך, „למען הגשיכטע״, ווי ער וואָלט געזאָגט, די דאָזיקע בריוו אַמאָל צו פאַרעפנטלעכן.

* * *

נאָך יאָרן פון אַדורכשרייבן זיך, אַז איך האָב סיגאַלן באַגעגנט אין יאָר 1945, האָט ער ניט אַנטוישט ווי עס טרעפט אַמאָל מיט שרייבער וועלכע מען האָט ליב אַ לעבן לאַנג. נאָר ביי דער ערשטער באַגעגעניש ווערן זיי דיר פרעמד. אין די לאַנגע שמועסן מיט אים, ביי אים אין שטוב, — וואָס איז, אגב, לעצטנס געווען ממש אַ „בית־ועד״ פאַר אַלע שרייבער־געסט פון ניו יאָרק, — און אויף די לאַנגע שפּאַצירן אין די פאַרנאַכטן אויף די גאַסן און געסלעך פון מאָנטרעאַל, אַרום די קלויסטערס אויפן באַרג, און, להבדיל, אַרום די קליינע, אייגגעהויקערטע בתי־מדרשים־לעך, וואָס ער האָט אַזוי וואונדערלעך באַזונגען אין זיינע לידער־ביכער — האָב איך סיגאַלן ערשט ריכטיק דערקענט און טיפער נאָך באַנומען זיין אָרעם, תפילהדיק און הכנעהדיק ליד.

חוץ סיגאַלן האָט מיך אין דער יוגנט, דאָ אין אַמעריקע, שטאַרק פאַראינטערעסירט נאָך איין יידישער שרייבער. דאָס איז געווען ברוך גלאַזמאַן ע״ה, וואָס ווערט, אגב, לעצטנס אַזוי זעלטן דערמאָנט. עפּעס פלעג איך זיי ביידן, סיגאַלן און גלאַזמאַנען, צונויפנעמען אין געדאַנק. גלאַזמאַנס אומעטיקע פּראָזע ; דער ייד „אויף די פעלדער פון דזשאָרדזשיאַ״, די „ניין יידן״, וועלכע עס פעלט תמיד אַ צענטער צום מנין; דאָס אויס־

גאַנגלאָזע, טרויעריקע בילד וואָס גלאַזמאַן האָט אונדז געוויזן פון דער יידישער אַמעריקע, האָב איך, ווי אַן עכאָ, געהערט שפּעטער אַרויס־ווינען אין סיגאַלס ערשטע לידער־זאַמלונגען. סיגאַלס לידער האָבן גע־קלונגען ווי טיף־אומעטיקע אַקאָרדן צו גלאַזמאַנס לירישע פּראָזע פון „פונאַנדערפאַל" און פאַרגיין. סיגאַל האָט אַלץ מער גענומען זיך קלאַמערן אינעם „ליכטיקן נעכטן" פון זיינע חסידישע מאָטיוון. ער האָט באַוויזן קינסטלערישן קפיצת־הדרך פון מאָנטרעאַל צוריק אַוועק צו שפּאַנען אין אַלט־קאַרעץ, אין דער מסיבה פון בעל שם טוב, ר' נחמן בראַצלאַווער, און ר' פּנחס קאָריצער. גלאַזמאַנען, אַ צוגעשמידטן צום היגן שטיינערנעם באָדן, איז שווערער אָנגעקומען צו געפינען פאַר זיך אַ קינסטלערישע אַנטרינונג.

* * *

שרייבנדיק וועגן סיגאַלס לידער־בוך „מיין ניגון" („צוקונפט, 1935) האָב איך געהאַט צו אים טענות. ווי נאָענט ער איז מיר געווען מיט דעם עכט יידישן טאָן אין פאַרגלייך מיט אַ סך דעמאָלטיקע, פרעמדע, באָדנ־לאָזע לידער, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק אַז ער איז ממש אַנטי־סאָציאַל. דאָס איז געווען אַ גרויסער חטא אין די דרייסיקער יאָרן פון פראַלעטפּעגישע העגעמאָניע. סיגאַל האָט געשריבן דאַן אין אַ ליד:

„דער דור וואָס שטויסט זיך אין די גאַסן
ער איז מיר ווי אַ פאַלק אַ פרעמדס..."

סיגאַל איז פאַרבליבן פון די געציילטע וואָס האָבן ניט מיטגעפויקט אין דעם צייט־באַראַבאַן. אין דעם אַרטיקל וועגן אים, פרעג איך:

„...איז ער, סיגאַל, אַ פּחדן? מיר פרעגן דאָס מחמת די צאָל אַפּאָלאָגעטישע לידער אין בוך. ער פאַרענטפערט זיך. כסדר זוכט ער התנצלות ביי דער צייט. און רק ער האַלט אין בעטן צו זיין אַ לעצטער. אַ לעצטער — פון וואָס? פון אַן אָפּגעגאַנגען שיין לעבן, פון אַן אין גאָטס דרכים גייענדיקן דור" — — —

אַן ענטפער אויף די טענות פון דעם אַנטלויפן און זיך אויסדרייען מיטן רוקן צו דער צייט, געפין איך אין אַ בריוו צו מיר (דאַטירט סעפּט. 1935). און אָט איז אַ טייל פון דעם בריוו:

„...איר טראַכט, אַז איך בין אַ פּחדן? מיינט איר טאַקע? מיר דוכט, פאַרקערט. אין אַזאַ צייט טאָן ווי איך טו — לאָזן די צייט און איר שמייסער און שמוצער הינטער זיך, — איז דאָס פּחדנות? איך בעט זיך ניט אָפּ ביי דער צייט, נאָר איך קערעווע זיך אויס מיטן פּנים צו איר, צו דער צייט און פאַרענטפער זיך, ווייל זי, די צייט, איז מיר אַ שטיקל קרובה, און איך הער אַ סך מאָל אירע רופן, כ'קאָן אָבער גיין מיין וועג, ווי איך — קאָן און פאַרשטיי. איך וועל זיך אָבער אומקערן צו איר אַמאָל, ווען אַלע — — — און זייערס גלייכן וועלן שוין אָוועקקריכן פון דאָרט. איך וועל דאַרפן אָפּליגן וועגן און נאָכפרעגן זיך ביי וועג־מענטשן. עס וועט אָבער שוין זיין אַן ענין...”

ניט נאָר אין די לידער, אויך אין זיינע עסייען און בריוו איז סיגאַל געווען באַרעדעוודיק. באַרעדעוודיק און שטענדיק פיל זאָגנדיק. עס האָט געשטימט מיט זיין אייגן געמיטלעכן טאָן, מיט דער שלוה און דאָרפישער רו, ווי די חכמה פון אַ גרייז. בשעתן רעדן מיט אים האָט מען זיך ניט געקאָנט אָפּחידושן פון דער קלוגשאַפט און שפּיל פון ווערטער. סיגאַלס יידיש איז נאָר פון אויבנאויף גרינג און פשוט, אין דער אמתן איז פאַראַן אַזאַ איידעלע ראַפינירטקייט, אַזאַ טיף זיך איינהערן אינעם וואָרט און זיין שורש. סיגאַל האָט געלאָזט לויפן די ווערטער זיינע אין אַ ריטם פון כמעט אויסרעדן זיך און אַראָפּרעדן זיך, פאַר גאָט און פאַר לייט. זיי זיינען אָבער מעשה־וואונדער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טיף טרייסטנדיקע רייד.

ער האָט געווירקט מיט זיין פשטות און ניט איינער פון אונדזערע מאָדערנע, הויך־באַגאַבטע דיכטער איז באַווירקט און פאַרברידערט גע־וואָרן אין גייסט פון סיגאַלס איינגעשטעלטן יידיש־חסידישן און דאַוונדיקן ליד־נוסח.

אין זיין „ספר יידיש”, דאָס לעצטע לידער־בוך, האָט סיגאַל אויף אַן אמת זיך אָפּגערופן אויף די שטימונגען און איבערלעבונגען פון אונדזער טראַגישן דור. ער האָט זיך אומגעקערט צו דער „צייט”, און דערהערט איר יאָמערן. אין נוסח פון באַרדיטשעווער פאַרצייכנט ער:

„ממזרח אין טרויער,<br>ממערב — אין אומעט<br>מצפון — אין מדבר

מדרוס, מדרוס ?
אַ צלם פון סטעזשקעס
און פעלדער אָן קברים.
און סיפינצטערט מיין מוח
מיטן אַש פון לובלין
און מיט וואַרשעווער רויך..."

זאָלן די שורות פון אַ ליד זיינס זיין אַ קדיש אויף דעם ניט געשטילטן צער פון זיין אַזוי פּריציייטיק פאַרשניטן לעבן:

„זיי וועלן זיכער דיך באַגלייטן
אין לעצטן וועג, און בלייבן שוין
ווי גוטע היטער ביי דעם גן־עדן
ביים גרינעם שאָטן פון דיין שטיין"

ב.

פון די ערשטע ביז די „לעצטע לידער" סיגאַלס לאָזט זיך דערקענען דער יידישער נוסח פון זיין ליד. אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס איז דאָס ליד סיגאַלס געוואָרן ווי אַ באַנייענדיקע שאַפונג פאַר זיך אַליין — נוסח קאָרעץ־מאָנטרעאל — אַן אומעטיקע תפילה, אין וועלכער אַ דורות־אַלטער ניגון האַלט זיך כסדר אין איין באַנייען:

„וואָס איך זאָל נישט זאָגן
אַלץ וועט ווערן לויטער ניגון
אַלץ וועט ווערן לויטער תהילים..."

דאָס זיינען שורות פון אַ ליד אין דעם בוך „מיין ניגון", וואָס איז באמת פאַרבליבן סיגאַלס שענסטע זאַמלונג צווישן אַלע זיינע לידער־ביכער. אויב ניט אַ לויטערער תהילים, אָבער אַ חידושמדיק־גרויס און אייגן יידיש ליד איז דאָס „זאָגן" זיינס יאָ געוואָרן. אַ ליד וואָס איז יידיש אין תוך און אין פאָרם. סיגאַלס לידער רעדן צום געמיט סיי פון דעם הייניקן, כלומרשט פרייען און וועלטלעכן יידן, סיי צו דעם, וואָס איז טראַדיציאָנעל פאַרוואָרצלט אין יידישן גבול.

שוין אין זיין צווייטן בוך לידער, אין דעם באַנד וואָס טראָגט דעם פשוטן נאָמען „ליריק", האָט זיך אַנטפּלעקט דער יידישער תוכן פון זיין ליד. מיט דעם ליד „והחסידות" האָט זיך אָנגעהויבן סיגאַלס „זאָגן". ער האָט תחילת ניט געזונגען לויטן מוסטער פון לידער־שרייבן, נאָר באַ־

רעדעוודיק געלאָזט פאַלן אין שטילקייט, פּסוקימוויז, זיינע לידער־שורות, די ווערטע פּשוטע, אין אַ מין „זאָגעכץ".

ר' ישראל בעל שם טוב, וואָס פיגורירט אַזוי פיל אין סיגאַלס לידער איז אויסגעוואקסן ביי אים צו אַ געשטאַלט וואָס איז דורכויס אייגן. סיגאַל האָט דעם באַשעפער פון חסידות אַרויסגעהויבן פון דער לעגענדע אַרויס און אים געלאָזט דאַווענען אין אַ באַנייטן סידור־יידיש. ביי סיגאַלן איז דער בעש"ט אַן אומעטיקער ייד, וואָס פירט זיך אַרום מיט אַ פאַרעלע ליים און פּראָוועט עניוות. ער האָט צו אים די זעלבע הכנעהדיקע פיעטעט וואָס צו אַלע פרומע געשטאַלטן. ר' פּנחס קאָרעצער און ר' נחמן בראַצלאַווער. דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן די אַלע שמשימלעך, קליין־שבתלעך און נביאימלעך. דאָס איז איין תוך איין און דיזעלבע געשטאַלט וואָס דער דיכטער האָט אויסגעחלומט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, און אין וועלכע ער האָט געזוכט אַן אויסדרוק, אַ תיקון פאַר זיין ליד. אויף היגער ערד, אין דער שטאָט מאָנטרעאַל, האָט זיך סיגאַל אַרומגערינגלט מיט קאָרעצער שול־געסלעך און בית־עלמינס. דער דיכטער איז זיך משפּחהש מתקרב צו די אַלע גוטע יידן וועגן וועלכע ער זינגט נאָך יעדע פאַר יחוד־שטי־מונגען. ער לעבט אין די צייטן פון אומאַן, צי אין קאָרעץ. ער וויל „קיין היינטיקער ניט זיין".

אין זיינע לידער איז סיגאַל געווען אַנדערש מיטן בכיוונדיקן אויס־מיידן סאָציאַלע מאָטיוון אין אַ צייט ווען זיי זיינען אַזוי שטאַרק געווען אין דער מאָדע. איז ער דען געווען אַנטי־סאָציאַל? דאָס קען מען ניט זאָגן. אָט האָט ער דאָך געזונגען פון אָרעמקייט, פון נויט. ער האָט נאָר געגלויבט, ווי אַלע קלוג־געוואָרענע, אַנטוישטע, אַז דער „גן־עדן" — אין די ביכלעך, גייט נאָך אין די קינדערשע שיכלעך, און וואַקסט אַזוי פּאַוואָליע"... דאָס וואָס ער האָט אים געמאַכט פאַר אַן אַנדערן, פאַר שיעור נישט אַן אַנטי־סאָציאַלן דיכטער — לויטן נוסח פונעם פּראָלעטפּען אין די סוף צוואַנציקער יאָרן — איז דאָס פאַרזינגען די נויט אין טוגענד; דאָס אַרויפציען אויף דער אָרעמקייט אַ הויך פון אַלטער אמונה און קדושה. די נויט שטייט אין ביי סיגאַלן ווי ביי נחום איש־גם־זו. ער טראָגט זי ניט ווי אַ לאַסט. ער נעמט זי אָן הכנעהדיק פאַר ליב. דאָס האָט מיט יאָרן צוריק, און אויך ביז דאָ ניט לאַנג, געקלונגען היפּש פרעמד. דער דיכטער האָט געוואוסט דערפון. פאַר זיין תמיד שטיין אָן אַ זייט, פאַר זיין ניט מיטפּויקן אין דעם צייט־באַראַבאַן, האָט ער זיך געזען:

„אַן אַרויסגעשטויסענער נאַר,
אַ בטלן פון הינטערן וואַנט
מיט אַן עלנט און ציטריק וואָרט
אין דער טרויעריק קינדערשער האַנט״.

ער האָט געוואוטס אַז זיין „וועג ניט זיך ברייט נישט עפענען״, און זיין חלום איז געווען צו זיין:

„אַ לעצטער און אַ וויטער
מיטן פנים צו אַ נעכטן
און אַ מידן בליק צום מאָרגן...״

— — — — — — — —

סיגאַלס דיכטונג איז פול מיט ווידערקלאַנגען, וועגן אַלטע געשטאַלטן, לעבן־געבליבענע אין דער לעגענדע, אַרום וועלכע דער דיכטער לייטערט זיין צעבראָכן געמיט. ער קוקט אויף צוריק, און ער זעט זיך אַ יינגל, פון אַ טאַטן אַ סופר, אַ געבויגענעם, אַ ריינעם איבערן פאַרגעלטן פאַרמעט. ר׳ פנחס קאָרעצער, דער בראַצלאַווער, דער בעל שם זיינען, דעריבער, ניט קיין טעמעס סתם עפּעס וואָס צו פאַרענטפערן, סיגאַל זינגט וועגן זיי, ווי ער גופא וואָלט געווען איינער פון יענעם דור גוטע יידן. אין אַ ליד מאָלט ער זיך אויס, אַז ער איז בעל־שמס אַן אייניקל:

„ס׳איז אפשר פאַראַן, אין מיין וויט זיך פאַררופן
אַ שאָטן פון נאָענטקייט
און ס׳איז דער בעל־שם טוב מיין זיידע,
דער בראַצלאַווער — אַ קרוב אַ נאָענטער...״

סיגאַל האָט אויפגעשפּאַנט אין זיין דיכטונג אין אַ טריב־אומעטיקער קליין־שטאָט, און געוויזן אונדז שאָטנס, ממש לעבעדיקע, אויף בית־עלמינס, אין שיין פון אַ תמיד־שבתדיקן בין השמשות.

ער איז אָבער היינטצייטיק דווקא אין זיין אַנטלויפן. אין זיין אָפּקערן זיך פון דער צייט האָט ער איבערגעלאָזן סמנים פון זיין צוגע־בונדנקייט צו איר. דאָס זיינען די טראָפּנס חוזק, דאָס ביסל איראָניע וואָס ער ווייזט אַרויס ווען ער נעמט זינגען פון דער איצטיקער יידישער קעגנוואַרט. אין אַזעלכע לידער ווי אין „אַ מעשה״, „אַ שטאָט־מענטש״

(„מיין ניגון"), גיט סיגאַל אונדז בילדער פון דער נייער סביבה. דידאַקטיש‏ע לידער ווייזן אונדז די סיבה פון דעם דיכטערס אָפּקערן זיך פונעם היינט און דאָס כסדרדיקע ווענדן זיך צום נעכטן.

ניין, ער האָט ניט שלום געמאַכט מיט דער צייט, מיט דער סביבה, אָבער ניט ווילנדיק איז ער דאָך געוואָרן איר אויסדרוק. דאָס קען מען אַרויסלייענען אין די, אמת־זעלטענע, סאָציאַלע לידער. זיי געפינען זיך אין אַ טייל פון די צוועלף לידער־ביכער, וואָס סיגאַל האָט אונדז געלאָזן בירושה:

„מיט מיינע בני דור, האָב איך סיי ווי
קיין פּיפּיק ניי־מאָדישע וואויל־יונגערישקייט
לאַנג נישט געפּראַוועט".

דאָס קען מען אויך זען אין דער גרויסער צאָל אַפּאָלאָגעטישע לידער וואָס סיגאַל האָט געשריבן. כסדר זוכט ער התנצלות ביי דער צייט, ווי שוין דערמאָנט, און ער האַלט זיך אין איין פאַרענטפערן, צו זיין דער לעצטער. אַ לעצטער פון וואָס? פון אַן אָפּגעגאַנגענעם שיין לעבן, פון אַ אין גאָטס־דרכים גייענדיקן דור; אַ באַדויערער, אַ מילדער אומעט שפּרייטער, וואָס קומט ווי טרייסט צווישן בענקענדיקע, אויסגעוואָרפענע, איינזאַמע אין דער נייער און פרעמדער היים, און ער טוט תפילה, עס זאָל אים באַשערט ווערן צו קענען זיין:

„דער פיין פון די,
וואָס זיינען אַראָפּגעגאַנגען.
— — — — — — — — —
כ׳וויל זיין זייער טרויעריק ליכט
און מיטגיין מיט מיין ליד,
ווי מיט אַן אַלטן לאַמטערן,
אויפן וועג פון וויסט און נאַכט..."

וואָס האָט אים געלאָקט אַזוי די „וויסט פון נאַכט"? דער טויט פון זיין קינד, טשאַרנעלע, האָט גורם געווען די אַלע טויט־מאָטיוון אין די ערשטע לידער־זאַמלונגען. דאָס האָט דער טויט פון זיין קינד אים היימיש געמאַכט מיט בית־עלמינס, און אים פאַרברידערט מיטן אייביקן לעבן פון

לאַנג שוין געשטאָרבענע, און געגעבן זיינע לידער, — די קירצערע, די מער קאָנדענסירטע, דאָרט וואו ער איז ווינציקער בעל־דברן — אַ דויערנ־דיקן ווערט. דער טויט איז אין סיגאַלס לידער אַ היימישער גוטער ברודער. כיגאַל דערציילט אַז ער קומט פון אַן אָרט וואו ס׳איז „ענג פאַרוואקסן, גאַס — בית עולם״ איז אַ וואונדער וואָס דער דיכטער האָט דערפילט לעבן צווישן בערגלעך קברים? מאָטיוון פון אייביק־זיין, פון אייביק לעבן. און מער ווי איין ליד ווידמעט סיגאַל די צוויי קלאַסישע, ראָמאַנטישע „יאַלדן־קינדער״ — דאַן קיכאָט און סאַנשאָ פאַנטשאָ. זיי די ריטערלעכע העלדן, לעבן דאָך אין יעדן דור. סיגאַל אידענטיפיצירט זיך מיט זיי. זיי זיינען בלויז אַנשלאָפן געוואָרן, ווי ער אַליין, אַ שטייגער, האָט זיך לעבעדיק־פאַרדרעמעלט, פאַרחלומט אין אַלטע געשטאַלטן:

„די טויטע אונטער די בערגלעך ערד
זיינען געשלאָפן און געאָטעמט גרינג
ווי קינדער קליינע אין דער נאַכט — — — —״

מילד, אַן טרערן איז סיגאַל אַפילו אין זיינע אומעטיקסטע מאָטיוון, ניט געוויין, נאָר אומעט לויטערער. ווי שווער ער ווירקט מיט זיין אומעט, פאַרמאָגט זיין ליד אויך בטחון. אָט בעט ער: „פאַרזיי אין מיין אָרעמער נשמה די לויטערע פרייד פאַר אַ צווייטן״. און סיגאַלס ליד איז באמת געוואָרן דאָס דאַוונדיקע געבעט פאַר יעדן וואָס האָט אויערן צו דערהערן דעם ניגון פון זיין ליד.

פאַראַן אַ ליד ביי סיגאַלן אויף וועלכן עס איז באַזונדערס כדאי זיך אָפּצושטעלן. דאָס ליד הייסט: אַ קלאַנג״ („מיין ניגון״, זייט 172). אין דעם ליד האָט סיגאַל דערגרייכט זיין העכסטן פּאָעטישן אויסדרוק. אַלע זיינע מאָטיוון, דער תמצית פון אַלע זיינע חסידות־לידער, אַלע זיינע רעיונות וועגן וועלט און מענטש קומען זיך דאָ צונויף. די פאַנטאַסטיק פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער גיסט זיך דאָ צונויף, ווערט דורותדיק באַהעפט מיט דעם דיכטערס אייגענער בענקעניש נאָכן „אייביקן קוואַל״, — ווי יענער בן מלך אין רבי נחמנס מעשה, — קאָר ער אויך ניט צוקומען צום קוואַל:

„וועלט, איך וואָלט דיך ווי אַ שאָף
אויף דער האַנט גענומען
און געטראָגן באַרג אַרויף
צום גאָלדענעם ברונעם.

כ'וויס און זע, אַז דו ביסט מיד,
און פאַרשמאַכט דיין גומען,
איך, ווי דו, בין מיד און — קאָן
צו קיין קוואַל ניט קומען — — — ״

דער גורל פון יידיש איז ביי סיגאַלן געווען אַ שטענדיקע טעמע. אין זיין „ספר יידיש״ זיינען ס'רוב לידער אין בוך איין גרויסע ליבשאַפט צו יידיש. „ספר יידיש״ איז דערשינען נאָכן חורבן פוילן און אוקראַינע. דאָס בוך איז פול ווי אַ מילגרוים מיט וואונדערלעכע לידער. און טאָפּלט איז דער צער פון זיין יידיש ליד אין די יאָרן נאָכן חורבן. נישטאָ מער קיין יידן אין די אַלע אַלטע יידישע ישובים וואָס ער האָט אויפגעלעבט אין זיין דיכטונג. מיט פּאַטאָס רופט ער אויס:

„יידיש, ווען אַלע וועלן דיך פאַרלאָזן,
וועלן זיך אָפּזאָגן פון דיין שליחות
וועסטו מיר נאָך בלייבן כלו יחוס...״

נישט בלויז יידיש האָט געמאָנט געטריישאַפט, אויך די שטעט, די אַמאָליקע, די שטעט וואָס זיינען איצט אָן יידן, האָבן ווי געבעטן ביים דיכטער ער זאָל זיי נישט פאַרגעסן:

„מיר האָבן געהייליקט דעם שטויב
פון די טרויעריקע טאָלן אוקראַינע.
ווי זאָלן מיר נישט בענקען נאָך פוילן
וואו אונדזער גרעסטער בית־עולם פינצטערט?
ווי זאָלן מיר נישט חלומען כעלעם?
ווי זאָלן מיר נישט בענטשן מעזריטש?
איז פאַראַן נאָך אַ העכערער מקום
ווי אין נידריקן עמק של קאָרעץ?״

מדינת ישראל געפינט אָן אָפּקלאַנג אין סיגאַלס לעצטע לידער. ער פרייט זיך מיטן גרויסן נס. אָבער אין דער פרייד פאַרגעסט ער נישט צו פאַרצייכענען פאַר זיך, און אפשר נאָך מער פאַר די, וואָס דאַרפן מ'זאָל זיי דערמאָנען, — נישט צו פאַרגעסן די טייערע ירושה פון גלות:

„כ'וועל עולה זיין קיין ארץ ישראל
און בענקען נאָך גלות השכינה
נאָכן בעל שם טובס גאָלדענעם ברונעם
נאָכן בראַצלאַווערס פּראָסטן קבר
נאָכן גאַנצן פֿאָלק אין אַש־גרוב
און אַ גאַנצן אבר..."

סיגאַל איז געבליבן געמיטלעך און באַרעדעוודיק אויך אין זיינע „לעצטע לידער". ער זינגט און רעדט זיך גלייכצייטיק, אַראָפּ פון האַרצן, עכט „יידישלעך", פאַר גאָט, פאַר לייט. פאַראַן אַן אייגנאַרטיקער ריטם אויך אין די לענגערע זאַכן זיינע, געוויס, אָבער סיי אין די קלענערע לידער, סיי אין די פּאָעמעס איז כאַראַקטעריסטיש דער דיאַלאָג וואָס ער פירט מיט זיך אַליין, און באַזונדערס — דאָס שטענדיקע אויסטענהן זיך פאַר גאָט, היימישלעך, גוט־ברודעריש, צו וועמען ער שיקט פון די טיפענישן זיין שטיל הכנעהדיק געבעט. דווקא דאָס באַרעדעוודיקע אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, האָט געשטאַרקט זיין ליד און עס דערפירט צו דער הויכער קינסט־לערישער מדרגה ווי מיר געפינען עס אין זיינע לעצטע לידער.

סיגאַלס לידער פאַרמאָגן די פשטות און די שיינקייט ווי זי איז פאַר־בליבן אין דער יידישער טראַדיציע. אַ שיינער ייד מיינט גאָר עפּעס אַנ־דערש. סיגאַל ענטפּערט, אומדירעקט, יענע דיכטער, דאָ הי, און אין מדינת־ישראל, וואָס פרעמדן זיך אָפּ פון יידישע מאָטיוון. זיין תפילה —

„פאַרהיל מיך אין שיינקייט
פון פרידלעכע מידות —
— — — — — — — — — —
פאַרהיל מיך אין פשטות
פון אָרעמע מידות
צו לעבן אין שאָטן
ביי אַ ליכטל פון חסידות".

ג.

סיגאַל היט זיך נישט צו פאַרשווערן דעם הייליקן אָנדענק פון די מיליאָנען אומגעקומענע מיט סתם ווערטער־גראַמען. דווקא ער, דער אומעטיקסטער צווישן דיכטער, וואָס זאָגט אויף זיך אַז ער איז „אַ פאַרדאגהטער, פאַר־

זארגטער ייד", — זוכט טרייסט פאר אונדזער דור, טרייסט פאר יידן און פאר יידיש לשון. די לעצטע לידער סיגאלס זיינען פול מיט טרייסטנדיקער ליבשאפט צו יידן און יידיש. „איטלעך יידיש װארט איז צו אן אוצר גלייך" — רופט ער אויס אין איינס פון זיינע לעצטע לידער. און ער בעט פאר יידיש, און שטעלט זיך איין פאר יידיש. „אט רעדן יידיש גלאט אזוי, דאס הארץ צו דערקוויקן".

דאס איז געװען א נייער טאן אין סיגאלס דיכטונג. און ניט קיין פוסטע האפערדיקייט איז עס געװען, נאר א טיף אויסבעטן זיך אביסל טרייסט אויף א ליכטיקן מארגן װאס װעט דאך אמאל קומען:

„איך הויב דיך אויף, און טראג דיך גרינג
װעל דיך דורך דעם חורבן אריבערטראגן,
און װעסט נאך מיטן יינגסטן קינד
א נייעם מודה אני זאגן..."

די יידישע פארם, דער נוסח־קארעץ — בלייבט װי אין זיין אנהייב, אין די חסידות־מאטיװן. ער האט באװיזן צו קאמבינירן, צו באהעפטן עברי־טייטש יידיש מיט העברעאיזמען אויף א שפאגל נייעם אופן. סיגאל האט יידיש געגעבן א זכות, און די העברעאיזמען — לעבן. זיין ליד געװוינט פון דעם יידיש־העברעאישן זיװוג זייער א סך.

אין דעם בוך „לעצטע לידער", װאס א רעדאקציע קאלעגיום (שלמה װייסמאן און מרדכי חסיד) האט צונויפגעשטעלט (און װי זיי אינפארמירן אונדז, איז פאראן נאך א צװייטער באנד איבערגעבליבענע לידער ארויס־צוגעבן), זיינען פאראן, דא און דארט, לידער װאס דער דיכטער אליין, זיינען מיר זיך משער, װאלט זיי אפשר איבערגעלאזן אין טישקעסטל. בדרך כלל אבער האט די רעדאקציע קאלעגיום, די נאענטע פריינד פון פאר־שטארבענעם דיכטער, זיך געהאלטן ביים נוסח פון סיגאלס ביז אהעריקע פאעטישע װערק.

עס איז געװען א גרויס חידוש אט די שפע פון לידער װאס דער פריציייטיק פארשטארבענער פאעט האט באװיזן אנצושרייבן. מ'קען גריי־לעך צוזאמענשטעלן אן אנטאלאגיע פון חסידות־מאטיװן אין סיגאלס װערק, װאס װעט זיין א כבוד פאר דעם דיכטערס אנדענק. פאראן המשך אין די „לעצטע לידער" ביז זיינע סאמע ערשטע. און טרויעריק װערט

ביים לייענען די לעצטע לידער, מען נעמט זיך אָן מיט די סיום־שטימונגען פון זיין וואָרט:

„איך האָב באַלד שוין פון זיך אויסגעזונגען
אַלע לידער, אַלע מיינע ניגונים.“

סיגאַל האָט אָבער דאָך נישט באַוויזן איינגאַנצן אויסצוזינגען זיין ניגון, און ווי שפּעדיק און פּראָדוקטיוו ער איז געווען איז ער צו־יונג אַוועק פון אונדז.

(1954—35)

# אפרים אויערבאַך

**א.**

אפרים אויערבאַכס עסייען „געטראַכט מיט עברי טייטש", רופן אַרויס ביים לייענער די גוטע איינדרוקן פון זיינע לידער. באַזונדערס פון די יידישלעכע, תפילהדיקע לידער, מיט וועלכע אויערבאַך האָט זיך קונה־שם געווען אין די ביכער „לויטער איז דער אַלטער קוואַל", און „יעקבס געצעלטן". זעלטן ווען ווי עס געלינגט אַ דיכטער זיך אַליין אַזוי קלאָר צו פאַרטייטשן, און אַזוי געניי אָנצואווייזן דעם מקור פון זיין ליד, — ווי אפרים אויערבאַך האָט עס באַוויזן אין דעם בוך „געטראַכט אויף עברי טייטש". עס ווערט אונדז פאַרשטענדלעך די פשטות, און דער פרום יידיש־טראַדיציאָנעלער טאָן, וואָס מיר הערן אַזוי אָפט אין זיינע לידער.

די עסיי „די מעשה פון אַ שטוב", למשל, דערמאָנט אונדז גלייך אין דעם ליד „אַ שטאַרקע צייט", וואָס איז ווי אַן אַריינפיר־געזאַנג צום בוך „לויטער איז דער אַלטער קוואַל". אמת, אַ גוט ליד לעבט אין זיין אייגענעם זכות. און ס'רוב פון אפרים אויערבאַכס לידער פאַרמאָגן דעם דאָזיקן זכות. און אויך דאָס ליד „אַ שטרעקע צייט", גיט איבער דעם דיכטערס אויפגעוואַכטן יידישן געמיט, די כסדרדיקע בענקשאַפט זיינע נאָך שלימות און נאָך יידישן תוכן. עס איז אין תוך אַ תפילה, אַז ער זאָל בכוח־זיין שפעטער אויפצונעמען די פסוקימדיקע רייד, דעם ברוך יום־טוב, — די פרייד און דעם טרויער, — וואָס ליגט באַהאַלטן אין די דורות־אַלטע דאַוונדיקע רייד.

אויערבאַך איז יונג אַוועק פון זיין בעסאַראַבער היים, און פון דער שול, וואָס איז געשטאַנען משופע „אויף אַ בערגל". אָבער סיי דער היים, סיי דער שול, האָט ער נישט פאַרגעסן, ווי ער האָט נישט פאַרגעסן די שיינקייט פון די שפעדיקע בעסאַראַבער פעלדער:

„אַ קוק אויף צוריק, די שיין — אַ טרונק,  
אַ טראַכט: ווי אָרעם מיין היים איז.  
אַ וואָרט האָט זיך געריסן צו דער צונג:  
אַ שטיבל באַגראָבן אין שמות".

די אַלטע שמות האָבן געמאַנט אַ תיקון. און אויערבאַך האָט באַוויזן, אין ליד און אין פּראָזע, צו געבן אַ דיכטערישן רוח חיים סיי דאָס אָרעמע שטיבל פון זיין בעלצער היים, סיי די פאַרשטויבטע שמות, וואָס האָבן, מיט אַ קלאָרקייט און פּשטות, צוריק גענומען לויכטן מיט זייערע אַלטע סידור־פּסוקים, באַגלייט פון אַן אייגן־דיכטערישן פּירוש און טיפער אמונה אין יידישן וואָרט.

יאָ, פאַראַן לידער ביי אויערבאַכן וואָס געווינען גאָר אַ סך בעתן שותפותדיקן צוזאַמענלייענען פון ליד און עסיי. די עסיי „די מעשה פון שטוב" האָט אויערבאַך געשריבן ווי דאָס ערשטע קאַפּיטל צו דער נאָך־נישט־געשריבענער אויטאָביאָגראַפיע: — „ס'איז אפשר נאָך צו פרי" — זאָגט אונדז אויערבאַך — „צונויפצונעמען די פעדים פון מיין לעבן". אָבער דאָס ביסל וואָס ער דערציילט אונדז יאָ, בתכלית הקיצור, העלפט אונדז זען אים אין זיין גאַנצקייט; דאָס גיין זיינס אויף דעם שמאָלן, דאָרפישן שליאַך; דאָס האַלטן זיך זיינס אין גבול פון דעם בעסאַראַבער קליין־שטעטלשן ישוב. אויערבאַך איז נישט דער איינציקער וואָס האָט — ווי י. י. סיגאַל, ע"ה, — אים צו לענגערע יאָרן — נישט געוואָלט מיט־פויקן אין דעם „צייט באַראַבאַן". אויערבאַכס האַלטן זיך ביי די עכט־יידישע מאָטיוון, ביי די סידורדיקע תפילות פון תנ"כישע געשטאַלטן, איז ביי אים געקומען צום אויסדרוק אויף אַן אַנדער אופן ווי ביי די דיכטער־קאָלעגן, וואָס זיינען אים קרובהש־נאָענט. ער האָט נישט געדאַרפט ווערן קיין בעל־תשובה; „קיין אַפּיקורס בין איך קיין מאָל נישט געווען", — לאָזט ער אונדז וויסן. און מיר מעגן אים גלויבן. ער געהער אויך נישט צו די נעאָ־ראָמאַנטיקער. אויערבאַכס יידישע מאָטיוון דאַרף מען אויפנע־מען בתכלית הפשטות. ווי די מערסטע יידישע שרייבער — דערציילט ער אונדז — „האָב איך אַריינגעשפּאַנט אין לעבן אין מיטן דער גרויסער שריפה, ווען די אַלטע יידישע בנינים האָבן זיך אָנגעהויבן צו ברעכן אין די פלאַמען פון דער השכלה, — נאָר צו שאַרף איז דער ריס נישט געווען. די משכילים אונדזערע האָבן נישט געהאַט אין זיך דאָס בייזקייט אויסצו־רייסן האָרע־קאָרע דאָס יידישע לעבן". פון זיין טאַטן, לאָזער דער שוחט, דעם ליובאַוויטשער חסיד, האָט אויערבאַך די ליבשאַפט צו פּשוטע יידן:

„דער טאַטע האָט זיך געפירט מיט חבדישער פּשטות. אַקוראַט ווי אין שטוב זיינען געווען אָנגעלייגט די גרעסטע לומדים, אַזוי זיינען געווען ביי אונדז אין שטוב שטענדיקע אַריינגייער — באַל־

מעלאָכעס. גבֿירישע יידן האָבן זיך געמישט מיט ביטערע אָרעמע־לייט. דער סטעלמאַך איז געזעסן ביי איין טיש מיטן פּאַרמעגלעכן פּאָסעסאָר. דער פּשוטער ייד האָט זיך ביי לאָזער דעם שוחט אין שטוב געפילט דערהויבן. און אויך איך פּרוואו אין מיינע לידער געבן אַ תיקון דעם פּראָסטן יידן, האָב איך עס איבערגענומען בירושה פונעם טאַטן".

די השפעה איז געקומען נישט בלויז פון טאַטן אַליין, נאָר פון דער גאַנצער פרום־יידישער סביבה; פון די פעטערס און פון די אורחים אין טאַטנס שטוב. וועגן איינעם אַזאַ אורח, מרדכי טאַלייסניק, האָט אויערבאַך אָנגעשריבן איינס פון זיינע שענסטע לידער. די אַלע נאָענטע, שטעטלשע געשטאַלטן האָט ער געשילדערט אין דעם גרויסן פאַרלאַנג צו זען זיך ווי איינעם פון זיי. וועגן זיין פעטער, אהרן־בער, שרייבט אויערבאַך מיט גרויס ליבשאַפט. אויך אין ליד „לויטער גוט" דערפילט מען דעם געוואַל־דיקן פאַרלאַנג פונעם פּאָעט צו פאַרמאָגן די מידות־טובות פון זיין גרויסן פעטער:

קליין און ברייט, ווי אַ האלבער דעמב,
איז דער פעטער אהרן־בער געווען,
אויף דער גאַנצער גובערניע, געשמט
האָט זיין חסידישער ברען.

— — — — — — — — — — — — — —

און געזאָגט האָט דער פעטער אהרן־בער:
לויטער גוט — איז זיין אַ ייד.
גוטס איז פרייד — וואָס איז דאָ שווער?
שלעכטס איז עצבות, גאָט באַהיט.

כ'הער זיינע רייד נאָך איצט אין מיין בלוט,
ווי ער רעדט, און אַ שטרויעלע קייט,
גיב מיר, גאָט, די פרייד פון גוטס,
און דעם טרויער פון שלעכטס פאַרמייד".

פון אַזעלכע לידער איז אויערבאַכן גרינג געווען איבערצוגיין צו די סידור־פּסוקים, און זיי, — לידריש, דורך אייגענער איבערלעבונג צו פאַר־טייטשן אויף היינטיקן עברי־טייטש, אין וועלכע דער היינטיקער לייענער

— דער אָפּגעפּרעמדטער און אויסגעטונענער פון יידישער טראַדיציע — זאָל צוריק דערפילן כאָטש אַ ניצוץ פון פרומקייט און אַ ווילן אויף אַ נייעם חשבון־הנפש. אויערבאַך איז איצט נישט דער איינציקער דיכטערישער שליח־ציבור, וואָס דאַוונט אין אַ נייעם סידור־יידיש. ער האָט אָבער דעם גרויסן פאַרדינסט וואָס ער איז פון די ערשטע וואָס האָבן באַנייט דעם תפילהדיקן יידישן מאָטיוו אין יידישן ליד. ער איז געבליבן אַלטמאָדיש נישט בלויז מיט זיינע תנ״כישע, פאַרטיפט־ערנסטע ארץ ישראל גע־שטאַלטן — נאָר אויך מיט זיין נישט פאַרגעסן די בעסאַראַבער יידישע היים, און די רייך־שעפעדיקע ערד:

„כבין נאָך אַלטמאָדיש, די דאָרפישע קוויטן,
כ׳גראָב נאָך די ווערטער, ווי גויים די בייטן,
ס׳האָט שוין די וועלט נייע ווערטער געפונען,
איך אָבער, האַלט נאָך ביי ווינטן און זונען!

## ב.

דאָס בוך עסייען „געטראַכט אויף עברי־טייטש״ דערמאָנט אונדז אויערבאַכס עקשנותדיקן בלייבן, די אַלע יאָרן, ביי זיין גלויבן אין די אידעען און חלומות פון זיין יוגנט. פון יענע יוגנט־לידער, אין בוך „קאַ־ראַוואַנען״, ביז דער סעריע לידער פון דער פּאָעמע „ווייסע שטאָט״ — זיינען אַ סך וואַסערן אָפּגעלאָפן. און דאָך איז דאָ המשך און גאַנצקייט פון די ערשטע לידער אויערבאַכס ביז די איצטיקע. אין בוך „קאַראַוואַנען״ איז אויערבאַך עפּיגאָניש־טריי די נאַציאָנאַלע מאָטיוון פון די קלאַסיקער־פּאָעטן. זיינע יוגנט־לידער פאַרמאָגן די תמימות פון יענעם דור. ער איז אָבער נישט געווען בלויז סתם אַ נאָכזינגער און אַ נאה־דורש. כדאי צו דערמאָנען דעם לייענער, אַז אין יאָר 1912 איז אויערבאַך אַוועק קיין ארץ ישראל, געווען דאָרט אַ פּשוטער ערד־אַרבעטער, אין פאַרשיידענע קאָלאָ־ניעס, און שפּעטער, ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיך אָנגעשלאָסן אין יידישן לעגיאָן, און זיך געפונען אין די קריגס־פּאָזיציעס ביי גאַליפּאָלי. זיינע יוגנטלעכע לידער פון יענע יאָרן גיבן איבער דעם דיכטערס איבערלעבונגען: „דאָ — אַ האַרץ, און דאָרט — אַ לאַנד. דאָ אַ בענקענדע נשמה, דאָרט — אַ גרוי־פאַרשוואַרצטע וואַנט״. דעמאָלט האָט אַ דיכטער, אין זיין ליד צום לאַנד פון די אבות, נישט געקענט פאַרבייגיין

די טויזנט־יעריקע בענקשאַפט פון דעם יידן, אומעטום, צו דער איבערגע־בליבענער הייליקער וואַנט — דעם כותל־מערבי.

ווי פשוט און כלומרשט „אַלטמאָדיש" עס איז איצט אויערבאַכס ליד איז ער גאָר אַ סך אַוועק פון אַ טייל נאַאיווע פּערזן, אין בוך „קאַראַוואַנען". מ'זעט די דערגרייכונג פון דעם דיכטער ביים פאַרגלייכן יענע לידער, אַ שטייגער, מיט די לידער פון בוך „יעקבס געצעלטן". פאַראַן אין די איצ־טיקע לידער אַ זעלטענע פשטות וואָס קלינגט ניי: אַ שלל פון נייע גראַ־מען, העברעאיש־יידישע, וואָס געהערן אים אַליין, און וואָס זיינען זיין לויטער אייגנס. דאָך איז כדאַי אַ היפּשן טייל פון די ארץ ישראל לידער פון בוך „קאַראַוואַנען", אַרויסגעגעבן אין אַ נייער אויפלאַגע. דאָס בוך „קאַראַוואַנען" איז איצט נישט בנמצא. און עס זיינען פאַראַן אין דעם דאָזיקן בוך אַ גרויסע צאָל לידער וואָס רעדן צום געמיט פונעם הייניטיקן יידישן לייענער אפשר פּיל, פּיל מער, ווי אַ טייל לידער, אַ שטייגער, אין בוך „דער רויטער פאָדים", וואָס איז אַרויס אין יאָר 1927. די צוואַנציקער יאָרן זיינען בכלל געווען יאָרן פון מידקייט און אָפּהענטיקייט אין געמיט, נישט בלויז פון אויערבאַכן אַליין. געווען יאָרן דעמאָלט, ווען דאָס נאַציאָ־נאַלע יידישע ליד איז אַנטשוויגן געוואָרן. אָנשטאָט דעם האָט מען גע־הערט, דאָ הי, און אויך אין אייראָפּע, פון ס'רוב יידישע דיכטער, די אינ־טערנאַציאָנאַלע און קעמפעריש־פּראָלעטאַרישע גאולה־רופן אויסצולייזן די וועלט פון אַלע פיינען. געווען דעמאָלט אַ צייט אַזאַ ווען יידישע דיכ־טער האָבן בכיוון דערשטיקט אין זיך אַלע יידישע סענטימענטן פאַרן עבר, און געשריען בקולי־קולות, אַז מען דאַרף איבעררייסן מיט דער גייסטיקער ירושה פון די פריערדיקע יידישע דורות. פון דעם „סאָנעטן־רינג" אין בוך „דער רויטער פאָדים", פון דער לידער־סעריע „אַ מענטש איז מיד", קען מען נאָך איצט אַרויסלייענען די דעמאָלטיקע מידע און טרויעריקע שטימונגען פון דעם דיכטער. דאָס וועלן בלייבן „וואָס ער איז". און דאָס נישט אונטערוואַרפן זיך דער מאָדע פון דער צייט:

— „ווי זאָל איך זינגען"? — פרעגט ער אין ליד, — אַז „אין שווייגן איינגעהילט איז מיין וועלט". פון די צוואַנציקער יאָרן זיינען ביי אויער־באַכן פאַראַן אַ סך אַזעלכע לידער וואָס גיבן איבער די נסיונות און ראַנג־לעניש מיט זיך אַליין און מיט דער סביבה:

„ס'האָרץ האָב איך אויף זיבן ריגלען
פאַרמאַכט פאַר זיי, צו בלייבן שטום.

ווי זאָל איך פון ווייט דערהערן,
דעם רוף פון רויטן איבערבוי,
און מיינען, אַז כ׳וועל אַנדערש ווערן,
אַז בלייבן וועל איך שוין אַזוי״.

ער האָט אויסגעשוויגן, זיין יידיש ליד, און אויסגעוואַרט „עד יעבר זעם״, ביז ער האָט צוריקגעפונען דעם פאָדים, וואָס פאַרבינדט די איצ־טיקע ארץ ישראלדיקע לידער מיט די אַמאָליקע. נישט געשוויגן האָט אָבער אויערבאַך דער פּובליציסט, און עסייאיסט. אויערבאַך האָט קיין פּשרות מיט דער שפּראַך פון זיין ליד נישט געמאַכט. ער איז פון די הייסטע קעמפער פאַר יידיש אומעטום, און ער פאָדערט, ווי אַן אייגענער, דאָס רעכט פון יידיש אויך איצט אין מדינת ישראל. אין די עסייען קומט נאָך שאַרפער צום אויסדרוק זיין איינשטעלן זיך פאַר דער שפּראַך פון די יידיש־רעדנדיקע עולים אין דער ניי־געשאַפענער יידישער מדינה. דאָס לייענען מיר אין דעם עסיי „דער מעקסיקאַנער קויש״, אין זיין וויכוח מיט בן־גוריונען, ביי וועמען ער פאָדערט אַז: „אין דער יידישער מדינה זאָל מען יידיש נישט באַצוואונגען. אין דער יידישער מדינה זאָל דער ייד וואָס קומט אַהין מיט זיין אייגענעם גייסטיקן אוצר נישט בלייבן שטום, נישט פאַרווילדעוועט ווערן נאָר דערפאַר, וואָס סיי מלוכהדיק און סיי געזעלשאַפטלעך באַצוואונגט מען דאָס לשון זיינס״.

דאָס דאָזיקע איינשטעלן זיך פאַר יידיש איז נישט אין קיין שום סתירה צו דער פרייד פון דעם מקוים־געוואָרענעם חלום. די פּאָעמע „ווייסע שטאָט״ גיט איבער די דאָזיקע פרייד, וואָס עס פילן די ערשטע בויער, די וואָס האָבן מיט זייער בלוט און שווייס געלייגט דעם יסוד פאַר דער ניי־געשאַפענער יידישער מדינה. אין דעם פּאָרטרעט פון דעם יידן פולני, — וואָס שטייט אויף רחוב אַלענבי, און דער צוואַקסענער שטאָט תל־אָביב, אין טאָג פון ערשטן יובל־יאָר, — דערקענט מען אים, דעם דיכטער אַליין. אין דער פרייד פולניס גנבעט זיך אויך אַריין טראָפּנס פון עצבות, דער אומעט פון די ראשונים, די „ותיקים״, וואָס דערקענען נישט די קליינע ביימעלעך וואָס זיי האָבן מיט די אייגענע הענט פאַרפלאַנצט, און זיי פילן זיך אָפּט ווי פרעמדע מחותנים אויף דער פריילעכער חתונה:

„וואָס האָסטו, פולני געוואָלט?
מיט די הענט דיינע האָסטו אין עמק

דעם זומפּ אויסגעשעפּט.

— — — — — — — — — — — — — —

און דער הונגער? יעדער דור האָט אַ הונגער,
אַן אייגן פאַרמעג.
יעדער דור פאַר זיין הונגער
געפינט אַ באַשייד".

די פרייד שטייגט אָבער אַריבער דעם צער. די פּאָעמע „ווייסע שטאָט" איז אַ געזאַנג צו דעם אַמאָליקן און היינטיקן תל־אביב:

„כאַפּ זיך אויף ווייסע שטאָט, און דערוואַך,
גיי אַנטקעגן די סאַברעס, די בליער,
ס'קומט צו דיר הגנה און פלמ"ח
מיט תש"ח, מיט פינפטן אין אייר".

אויערבאַך פאַרגעסט נישט אין דעם קיבוץ־גליות, די יידן וואָס קומען איצט אין דער ניי־געשאַפענער מדינה. דאָס זיינען יידן פון די תפוצות, די זין און אייניקלעך פון יעדע גלות־יידן וואָס האָבן אויסגע־חלומט די מדינה, אָבער וואָס זיינען אין תוך קיינמאָל ניט געווען פאַר־קנעכט צום גלות, נאָר געטראָגן דעם יידישן עול ווי שטאָלצע יידן. אין דער עסיי „אַ שמחת־תורה אין אַ סוכות־נאַכט", באַדויערט דער דיכטער די אַמאָליקע משכילישע יונגעלייטלעך אין זיין היים־שטאָט בעלץ, וואָס האָט אָנגעוואוירן דעם „טאַלאַנט צום גלות", די אַלטע טענה צו די, וועלכע פאַרלייקענען די אָנגעזאַמלטע רייכע קולטור־ירושה וואָס דורות יידן האָבן געשאַפן במשך פון הונדערטער יאָרן. אויערבאַך פרעגט די אַלטע קשיה, וואָס מען קען זי נאָך איצט פרעגן: „ווער איז געווען מער אין גלות? די פרייע יונגעלייט וואָס האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון יידישקייט, אָדער יענע פרומע יידן וואָס האָבן שמחת־תורה ביינאַכט מבטל געווען דעם גויאישן שכן; „ווער, — פרעגט אויערבאַך, „איז פסיכיש געווען פרייער? ווער איז פסיכיש געווען מער אין גלות ביים גוי"?...

די פּאָעמע „ווייסע שטאָט", איז אַ רייך־פּאָעטישער צוריקקער צו די ארץ־ישראל לידער פון זיין יוגנט. און כאַראַקטעריסטיש זיינען יענע שטעלן אין דער פּאָעמע אין וועלכע אויערבאַך געפינט אויסדרוק,

אי פאַר דער אומעט טראָץ די פאַרוויקלעכטע חלומות, אי פאַר דער גרויסער פרייד, פאַר דעם שהחינו פון אַ דור, וואָס האָט זוכה געווען דעם נס. אין די „געהויקערטע גאַסן פון יפו" הערט דער דיכטער אַ יידיש. וואָס איז ווי „אַ פאַרביקער טעפּעך". אין דער פרייד פון קיבוץ־גליות פאַרגעסט ער נישט דאָס לשון פון די מידע, אַלטע עולים, די צעבראָכענע אין ים פון יסורים, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אַהיים:

אין דעם וואָלענעם, טאָלענעם וואָלינער לאָמעד,
אין דעם שאָפּענעם, אָפּענעם בעסאַראַבער פּעי,
אין דעם פּוילישן סאַמעך, וואָס וואַרעמט ווי סאַמעט,
אין דעם צעצויגענעם, סטויגענעם פּאָדאָליער הי,
אין דעם ליטווישן קאָמעץ, — אויף קופּער געהאַמערט,
אין דעם צײרי, מיט וואָוו, — אַ ווינט אַ פאַרוויי,
אין דעם כיריקל־יינגל, אין סעגל דעם וואַיווער.
אין מעלופּן, וואָס אומעט אין זיך איז ער גובר, —
אין דעם קלאַנג, אין דעם אות,
גרינט דאָס יידישע גראָז".

צו אויערבאַכס פינף און זעכציקסטן יובל איז באַזונדערס אָנגענעם צו דערמאָנען די דאָזיקע שפע פון אַלט־נייע, חידושימדיקע ווערטער־קלאַנגען, און גראַמען, וואָס דער דיכטער האָט, — ווי מיט אַ צויבער־שפּרוך, — אַנטקעגן געטראָגן דעם לייענער אין זיין לעצטן געזאַנג צום ערשטן יובל־יאָר פון דער יידישער מדינה. און טאָפּלט־אָנגענעם איז די געזונטע, ערדישע פרייד, דאָס „גוֹבר זיין דעם אומעט", וואָס מיר געפינען אַזוי אָפט אין אויערבאַכס איצטיקע לידער און עסייען.

# ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי דערמאָנט אונדז אין דעם דריטן דור יידישע דיכטער אין אַמעריקע. אַ דור נישט קיין איבעריק מזלדיקער. אָן די פּיאָנערישע אויפטוען פונעם ערשטן, און אָן די עכט־ליטעראַרישע דערגרייכונגען פונעם צווייטן דור יידישע דיכטער, באַקאַנט אונטערן נאָמען: די „יונגע".

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי האָט זיין אָנהייב נישט געפונען לייכט. ער האָט געוויס דאָן, אין די יאָרן פונעם ערשטן וועלט־קריג, געהערט די ניט־מונטערע טענער פון „פונאַנדערפאַל", ווי עס הייסט איינע פון די ערשטע זאַכן פון דעם אַזוי ווינציק אָפּגעשאַצטן ברוך גלאַזמאַן. ערגעץ אין ניו־יאָרק, צי אין מאָנטרעאַל, זיין וואוין־אָרט, שרייבט דאַן י. י. סיגאַל זיינע ערשטע אומעטיקע פּיוט־לידער, זיינע דאַוונדיקע זאָגעכצן, ווי אַ לעצטער וויינענדיקער קדיש־זאָגער. און אַזוי איין צייט־קאָלעגע ביאַלאָסטאָצקיס נאָכן אַנדערן. דאָס ערשטע און צווייטע קאַפּיטל יידיש־ליטעראַריש שאַפן, דאָ אין דער נייעם היים, שוין איבערגעמישט; דעם יידישן לייענער האָט מען לאַנג שוין צוריק „אויפגעקלערט"; דאָס יידישע וואָרט געלייטערט און פאַרפיינערט; אַלע בענקענישן נאָך דער אַלטער היים אויף יענער זייט ים — אויסגעזונגען; אַלע ליכטיקע דערינערונגען — געשטאַלטיקט. וואָס אַזוינס איז געבליבן צו טאָן, אויב ניט גובר זיין אין זיך אָט די אַלע אומעטיקע אַקאָרדן, אָט די לעצטע בענקענישן אויף צוריק? וואָס אַזוינס איז געבליבן צו טאָן פאַר ביאַלאָסטאָצקין און זיינע צייט־קאָלעגן, אויב ניט אויפהערן צו קוקן אויף זיך ווי אויף תמיד־פרעמדע, אַהערגעקומענע, פאַרשפּעטיקטע, אָדער סתם געטרייע נאָכ־פאָלגער פון דעם פריערדיקן דור פּאָעטן?

פון זיין ערשטער לידער־זאַמלונג „ביים ברייטן וועג", ביז זיינע לעצטע לידער־זאַמלונגען, האָט ביאַלאָסטאָצקי אַ קער געטאָן זיין בליק אויף דער היגער ערד, אויף דעם היינט, אויף דער גרויער יידיש־אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט. ער האָט מער געזונגען וועגן דער גרוי־

סער שטאָט און זעלטענער וועגן קליינעם שטעטל פון וועלכן ער קומט. האָט ער זיין אַמאָליקע היים אין דער ליטע פאַרגעסן? ניין. ער האָט נאָר דעם מאָטיוו פון „היים־ווײ״ פאַרוואַנדלט אין „דאָ־ווײ״, גע־ברויכנדיק זיינע אייגענע ווערטער. ער האָט געזוכט אין ליד און אין פּראָזע, אין פיין־געשריבענע עסייען, צו באַווייזן, אַז מיר האָבן געאַנקערט דאָ, אויף אַ נייעם באָדן, און פון דאַנען דאַרף מען זינגען. ביאַלאָסטאָצקי האָט זיך געווידמעט דער גרויס־שטאָט, אירע גאַסן און געסלעך. דאָס דרויסנדיקע ראַשיקע לעבן. ער האָט געטאָן דאָס, וואָס ער האָט שפּעטער אַזוי ערלעך און אויף אַן אייגענעם אופן געפּרעדיקט אין זיינע עסייען, שרייבנדיק וועגן דער גרויס־שטאָט:

„שטאָט איז געקומען צו בלייבן. שטאָט איז דאָ. דער מענטש מוז די שטאָט מיט זיין ליד באַזינגען (ניט נאָר באַזינגען), ווי ער האָט דעם מדבר באַזינגט, מענטש איבער דער שטאָט״...

ביאַלאָסטאָצקיס לידער פון דער גרויס־שטאָט זיינען וועגן דער יידישער ניו־יאָרקער איסט־סייד, וועלכע אונדז האָט זיך געדוכט אַז מען האָט אַן איר פאַרגעסן. די יידישע איסט־סייד האָט באַקומען ביי דעם דיכטער אַ ניי פּנים, אַ נייעם תיקון. עס איז ניט געטאָ, גלות. ביאַלאָסטאָצקי, אין זיין הייסן קלאַמערן זיך אָן די שטאָט־מאָטיוון, פילט אַ נייע פרייד ווען ער זעט די יידישע פּעדלערס אויף לודלאָוו סטריט. ער זעט אין זיי, אין די וואָכעדיקע יידן־פּעדלערס, „סוף פון דער באָבישער מעשה״, לעגענדע. אַנדערש, גאַנץ אַנדערש ווי די דיכטער פאַר אים, זעט ער גאָר וואונדער אין די גרויע יידישע הינטערגעסלעך אין דער ברייט און גרויס פון דעם וועלט־כרך. ביאַלאָסטאָצקי האָט באַוויזן אויפצו־כאַפּן די לעצטע רעשטלעך בילדער פון דעם עלטערן דור יידן אויף די גאַסן פון ניו־יאָרק, אַזוי, אַז עס קען אים, און דעם דור נאָך אים, נאָך געדייען אויף שפּעטער אויך. היינט לייענען זיך די דאָזיקע שטאָט־לידער זיינע — פּריש און ניי. ניי — ווייל מיר קוקן איצט אויף יעדן ביסל יידישקייט, דאָ הי, ווי אויף דעם „שארית״, ווי אויף דאָס איינציק איבערגעבליבן שטיקל פאַרמעגן. האָט ביאַלאָסטאָצקי דעמאָלט עס פאַר־אויסגעפילט, ווי יעדער דיכטער, ווען ער האָט זיך געבעטן:

„ברידער, לאָמיר זיך איינגעוואוינען צו וואוינען אויף דער ערד״...

צו וואָס טאָקע האָט דער דיכטער באַדאַרפט בענקען אַהיים, אַז ער האָט גאָר דערזען די היים זיינע דאָ הי אויף „ראַטגערס סקווער״?

„דער מאַרק אויף סאָפאָלק סטריט וואו יידן קויפן עסן,
די אַלטיטשקע האָט ווילנער ברייטלעך צו פאַרקויפן״.

**און אויף לודלאָוו סטריט:**

„יידן מיט פעלצלעך און יידן מיט בערד,
יידענעס בייכיקע — שוועסטער און ברידער,
גיי איך אויף לודלאָוו סטריט — וואָכיקע ערד
מיט מיינע פרעמדע, דערווייטערטע לידער...

איר זייט געקומען מיט האַק און מיט פאַק,
שטערנס פאַרשוויצטע אין זוניקן תמוז;
לאָמיר זיך זעצן ביי אייך אויף אַ זאַק,
הערן די רייד פון די טאַטעס און מאַמעס.

טונען מיט עפל און בערגלעך מיט קרויט,
פורן און וועגעלעך — גאַס פון יאַרידן!
ווערטער פאַרוואַקסענע, פראָסט ווי דיין ברויט,
שטוביקע, גלייביקע ערדישע יידן...״

**צו וואָס בענקען נאָך ווילנע סתם, אַז ער קען זען ווילנע דאָ הי, און שפירן דעם ריח פון ווילנער ברייטלעך דאָ אויף ניו־יאָרקער ערד?...**

**זיין אני־מאמין פון אַ היינטצייטיקן יידישן דיכטער האָט ביאַלאָסטאָצקי געגעבן אין דער סעריע עסייען „איך און מיין חבר״ („לידער און עסייען״, באַנד צוויי, ניו־יאָרק, 1932). אין דער דאָזיקער סעריע עסייען, וואו ער פירט געשפּרעכן און דיאַלאָגן גאַנצע, האָט ער זיך באַמיט גובר צו זיין אין זיך דעם איינפלוס פון דעם דור דיכטער פאַר אים, וועלכע האָבן די גרויע ווירקלעכקייט, די וואָך, געוואָלט מיט אַן אויסגעטראַכטן שבת פאַרשלייערן; אָדער גאָר זוכן סתם אַן אויסגעחלומטן דערלייזער. אים, ביאַלאָסטאָצקין, איז ליבער צו שטיין על פּרשת דרכים — אַבי אַליין. ביאַלאָסטאָצקי מאָלט גאַנץ טרעפלעך דעם דור דיכטער פאַר אים; אָט איז דער עסטעט־פּאָעט, וואָס זיצט ביים קאַמין אויף אַ טעפּעך און וויל ניט זען, בשום אופן, דאָס לעבן אַרום. און אָט איז דער צווייטער, אַ דערשראָקענער, וואָס שרייט בקולי־קולות און שרייט זיך אַליין אַריבער. טעאַטראַליש. פאַלש. ניין. אין ביידנס וועגן וויל ער ניט גיין. ער האָט זיך**

**ליבערשט אויסגעקליבן אַ דריטע דיכטער־געשטאַלט, אַ מער נאָענטע צו זיך:**

„צווישן אַלעמענס טריט — זיין טראָט. לעבט מיט דעם גאַנצן לעבן פון מענטשן, שיידט זיך ניט אָפּ פון קיין זאַך. זעט די צייט, פילט די צייט אין וועלכער ער לעבט, אָבער ער לאָזט זיך ניט אויפפרעסן פון דער צייט, שלעפּט זיך אויך ניט נאָך פון הינטן, נאָר לעבט מיטן טאָג, כסדר, אָן קנופּן, אָן גראָבנס, אָן גרענעצן...“

**ביאַלאָסטאָצקי האָט באַוויזן אין די שפּעטערדיקע לידער, צו פאָלגן דעם אייגענעם געבאָט און די אייגענע רייד. ער האָט געזוכט אין דער היגער ווירקלעכקייט כוח פאַר זיין ליד און געפונען דעם כוח האָט ער, ניט ביים דור פאַר אים — נאָר גאָר פריער, ביי דעם ערשטן פּיאָנערן־דור, ביי אַזאַ פּאָעט ווי מאָריס ראָזענפעלד, אַשטייגער, צו וועמען ער האָט אַרויסגעוויזן אָן אַ מאָס פּיעטעט און אַזאַ פיינע פאַרשטענדעניש. אויך ער, ראָזענפעלד, האָט געלעבט מיטן „היינט“, מיט דער „וואָך“, וואָס האָט דעם שטראַל פון „שבת“, און געדינט האָט ער דעם מענטשן, דעם פשוטן, פאַרהאָרעוועטן אימיגראַנט פון זיין צייט. דאָ איז ביאַלאָסטאָצקיס ליד פול מיט היגער לעגענדאַרער וואָר. אַזוי איז אויך זיין ליד „באָנציע שווייג“, אין וועלכן ער שטעלט אויף אַ ליכטיקן מאָנומענט דעם אייביקן העלד פּרצעס. פרץ, און מער נאָך ראָזענפעלד, איז זיין המשך, זיין אידעאַל. שרייבנדיק לידער פונעם היינט און פאַרן היינט, קוקנדיק אויף די איסט־סיידער יידישע גאַסן, האָט ער אויף „טשערי סטריט“, אין הויז וואו ס'האָט ראָזענפעלד געוואוינט, געליטן, און געזונגען, — דערפילט, אַז:**

„דורך טעג פון פיין, דורך פיין פון יאָרן,
אין גלי פון פלאַמענדיקע אויגן,
האָט ליד ווי לאַווע דורכגעבראָכן...“

**אויך ביאַלאָסטאָצקיס ליד האָט זיך דורכגעבראָכן, איז געקומען צום אויסדרוק אין זכות פון דעם זעלבן גלויבן וואָס יענער פּיאָנערן־דור יידישע דיכטער האָט פאַרמאָגט. ביאַלאָסטאָצקיס ליד פונעם היינט, פון דעם גרויען אָרום, האָט אַזוי אָרום געקראָגן אַן אינהאַלט. ביאַלאָסטאָצקי איז פון די געציילטע יידישע דיכטער היינט צו טאָג, וועמעס וואָרט, אין ליד און אין פּראָזע, קוואַלט מיט גלויבן.**

# אליעזר גרינבערג

עס איז פינצטער דאָס געמיט פון יעדן יידן וואָס טראַכט און פילט וואָס עס איז צו יידן געשען. וואָס ווייטער פון מיידאַנעק — אַלץ פינצטערער. במילא פילט אַזוי דער יידישער שרייבער, פּאָעט, וואָס איז דער שליח־ציבור פון פאָלק און דריקט אויס זיין געמיט און זיינע תביעות צו דער וועלט. ניטאָ קיין סך יידישע דיכטער וואָס זאָלן נישט, די לעצטע יאָרן, האָבן פּרובירט אויסדריקן דעם גרויסן — דעם גרעסטן יידישן אומגליק.

פון אַלע פאָרמען אין דער ליטעראַטור — קומט דערביי צוערשט דאָס ליד, וואָס איז דער ערשטער מעדיום. די פּראָזע רופט זיך שפּעטער אָפּ. ניט בלויז דערפאַר וואָס עס איז גרינגער דורכן ליד אָפּרופן זיך אויף גרויסע קאַטאַסטראָפעס. די ערשטע מקוננים אונדזערע זיינען אויך אַמאָל געווען די פּייטנים. די פּאָעטן זיינען תמיד די ערשטע טרויעריקע שוואַלבן וואָס פליען אָן. עמאָציאָנעל, זיינען דיכטער ווי באַרופן אויסצושרייען די ערשטע אונדזער חורבן, ניט באַנעמענדיק אַפילו אינגאַנצן ווי שטאַרק און ווי גרויס ער איז. ערשט שפּעטער קומט די כראָניק, דאָס כלומרשט־איינגעהאַלטענע, קאַלטע אַראָפּשרייבן אויף פּאַרמעט וואָס מ׳האָט צו אונדז געטאָן.

עס וועלן זיכער בלייבן לזכרון אויף דורות די אַלע יידישע קינות מיט וועלכע עס איז פול די יידישע דיכטונג אין די פערציקער יאָרן. פון ז. סעגאַלאָוויטשן ז״ל, און זיינע קינה־לידער, ביז אליעזר גרינבערגן און זיין זאַמלונג לידער „די לאַנגע נאַכט״. גרינבערג, וואָס האָט ביז איצט ווי אויסגעמיטן דורכאויס נאַציאָנאַל־יידישע מאָטיוון, פון פאָלקס־אומגליק און פון בענקענישן צום פאָלק, אויך ער האָט דערפילט די נייע שליחות פון יידישן דיכטער, אויסצודריקן דעם צער און דעם פיין פון אַ פאָלק, וואָס הערט נישט אויף צו ציילן זיינע קדושים.

דאָס לידער־בוך „די לאַנגע נאַכט״, דאָס פערטע שוין פון דעם דיכטער, עפנט זיך מיט „לידער פון היינט״, און שליסט זיך מיט „לידער פון נעכטן״. ווי איר זעט, גיט דער דיכטער פריער דעם „היינט״ דעם

אויבנאָן. כאָטש עס איז דאָך שכלדיק זיך פריער אָפּצופּאַרטיקן מיטן „נעכטן" און זיך שפּעטער נעמען פאַרן „היינט". אָבער אליעזר גרינבערג, ווי אַ סך פון זיינע צייט־קאָלעגן, איז איצטער יידישער ניט בלויז שפּראַך־לעך — דאָס איינציקע שטיקל טרייסט וואָס די ניי־יידישע ליטעראַטור אונדזערע האָט אָפּגעשפּאָרט פאַר די לעצטע פאָר יאָר. דער ייִנגערער דור, און באַזונדערס דער, וואָס האָט פריער, פאַרן גרויסן אומגליק, געזונגען סתם וועגן וועלט און מענטש, האָט דער טראַגיש־יידישער היינט אים איצט אויפגעטרייסלט און אויפגעוועקט. מיר האַלטן איצט ביי די אַמאָליקע טראַדיציאָנעלע „נאַציאָנאַלע מאָטיוון" אין גייסט פון אַ מאָריס ראָזענפעלד, נאָר מיט היפּשע שפּראַכלעכע פאָרם־דערגרייכונגען.

אליעזר גרינבערגס ליד, וואָס האָט גענומען זיך רייפן, ווערן קענ־טיקער און אייגענער אין די דרייסיקער יאָרן, האָט זיך גענערט פון הומאַניסטיש־עטישע מאָטיוון; כדאי צו דערמאָנען די פּראָזע־אַרבעטן גרינבערגס, די פיינע קריטישע עסיי וועגן משה לייב האַלפּערן, וואָס האָט ווי באַגלייט זיין ליד, און איז געווען, ווי עס איז דער פאַל ביי דיכטער־עסייאיסטן, דער פּירוש צו אַלע זיינע לידער. גרינבערג האָט געהאָט ליכטיקע האָפענונגען, גלויבן; אַ ביסל פאַרנעפּלט, ניט אין גאַנצן אין דער אָריענטאַציע פון „לינקס", אָבער היפּש פרעמד דער יידישער ירושה, און נעגאַטיוו צו די, וואָס מיידן אויס סאָציאַלע מאָטיוון. אין דעם אַריינפיר־ליד צום איצטיקן בוך לידער געפינען מיר שורות וואָס דער־ציילן פון אָט דער הומאַניסטיש־עטישער אָריענטאַציע. ביזן יאָר 1939 האָבן, אגב, אַ סך דיכטער יידישע זיך געהאַלטן צווישן „לינקס" און „רעכטס", און געווען זיכער אויף דעם „ליכטיקן פאַרטאָג" וואָס האָט זיך אויף דער וועלט געשטעלט:

אַזאַ פאַרטאָג געווען, אַזוי פיל ליכטיקע פרימאָרגנשטערן,
אַזוי פיל העלער צחאָג, אַזוי פיל ליכטיקער פאַרשפּרעכן . . .

ווער האָט דאָס געגעבן דעם „פאַרשפּרעכן"? ווער אַזוינס האָט דאָס אָנגעצונדן „די ליכטיקע פרימאָרגנשטערן"?

דער טראַגיש יידישער היינט האָט אַלץ צעשטערט. האָט אויסגעלאָשן די לעצטע ליכטיקע שטערן, און גרינבערגן דערנענטערט צו יידישער פאַרטראַכטקייט, צום אייגענעם טרויעריקן אָרום; זיינע „לידער פון היינט" זיינען פול מיט עכט יידישן צער, מיטן טרויער פון אונדזער היגער יידישער

סביבה און מיט יענע קלאַג־מאָטיוון, און אַנטווישונג אין דער גרויסער וועלט, מיט וועלכער עס איז פול די גאַנצע הײַנטצײַטיקע יידישע דיכטונג:

כ׳האָב שלאָפן זיך געלייגט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט,
און אויפגעוועקט האָט מיך דער גרויל פון מיטלאַלטער...

דער „צוואַנציקסטער יאָרהונדערט" איז אַפילו פאַר אַ סך יידישע דיכטער נאָך פאַרן גרויסן אומגליק אונדזערן, אויך שוין קיין „צוואַנציקסטער יאָרהונדערט" נישט געווען. משה קולבאַק, למשל, האָט נאָך פריער, דאָס געאַנט, און געזונגען פון זיין „קראַנק־זיין, ווי דאָס קראַנקע יאָרהונדערט"... און פון דער איצט טמאדיקער בערלין שוין דאַן, אין די צוואַנציקער יאָרן, געזונגען פון דער „אייראָפּע" וואָס זינדיקט ווי דאָס „אַלטע סדום"...

דער „גרויס פון מיטלאַלטער" האָט געבוירן אַזעלכע סומנע טרויעריקע לידער ווי: „לאַנדשאַפט מיט פליטים", „די טויטע שטאָט" און נאָך און נאָך. ביז דאָס פאָרטרעטן־ליד, „היינריך היינע אין פּאַריז", וואו גרינבערגן געלינגט קינסטלעריש צו שילדערן די געשטאַלט פון אַ היינטיקן פאַרוואונדעטן יידן. די שטעלן וועגן היינעס אַדורכשרייבן זיך מיט קאַרל מאַרקסן, אָטעמען מיט וויזיע און יידישן טראַגיזם, און איז אַן אַנקלאַג קעגן אַלע יידישע פאַררעטער, וואָס טראַכטן אויס שלעכטס אויף יידן, אין נאָמען, כלומרשט, פון יושר און גערעכטיקייט:

אָ מאַרקס, ווי האָבן מיר געקאָנט פון אונדזערע געשלאָגנסטע אַנטרינען,
און אויסקויפן דעם פּדיון מיט טויף־וואַסער און שמד?...

ניט אין יידישע ליכטיקע געשטאַלט פון דער ליטעראַטור האָט צוריק אויפגעלויכטן פאַרן היינטיקן יידישן דיכטער, ווען עס האָבן זיך געטראָגן די פינצטערע בשורות אַז וואַרשע, דאָס יידישע וואַרשע איז חרוב, און אַז גאָרניט, גאָרניט איז געבליבן פון איר יידישער פּראַכט...

דאָס ליד „י. ל. פּרץ און באַנטשע שווייג אין דער יידישער געטאָ" איז אַזאַ מין ליד. בכלל געלינגט גרינבערגן צו געבן גוטע פּאָרטרעטן פון געשטאַלטן אין לידער. באַנטשע שווייגס רייד צו פּרצן, זיינען רייד וואָס ליגן איצט אַלעמען אויפן צונג. גרינבערג גיט זיי נאָר אויסדרוק. גרינבערגס ליד, וואָס איז דאָס רוב באַרעדעוודיק און פאַלט אָפט אַריין

אין אַ פּראָזע־ריטם, איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר היינטיקע, יידישע, רעזומירנ־דיקע טראַכטעניש.

ווי יעדער דיכטער זוכט ער דאָס עקזאַקטע וואָרט פאַר דעם פולן אויסדרוק פון זיין געמיט. און באַרעדעווודיק איז ער ניט פון אייגענעם ווילן. אין דעם ליד „אויף מיין גאַס" גיט גרינבערג אַ בילד פון „זקנים און זקנות", אין אַ שפּעטן האַרבסט, וואָס לאָזן זיך צום „שולעכל ביים פּאַרק". דאָס שולעכל ברענגט דעם דיכטער דעם גאַנצן צער און ווייטיק פון דעם יידישן טרויעריקן היינט. און ביז צער־טיף איז די תפילה, וואָס סיי דער דיכטער, סיי די דאַוונער שיקן צו די הימלען:

וואו נעמט מען אַ פּינקס־שרייבער,
אָן אַ מינדסטן שמץ האַרץ — אָן אַ מינדסטן שמץ בושה,
וואָס זאָל לדור דורות פאַרשרייבן נישט נאָר די מיליאָנען מיתות,
נאָר די גרוילן און די טייוולישע רשעות
ווי דער שונא האָט באַליידיקט, געפּייניקט און צו שאַנד געמאַכט
דיין פאָלק ישראל, ביז דער טויט האָט זיי פון גיהנום אויסגעלייזט.

דאָס איז אַ ליד וואָס כאַראַקטעריזירט גרינבערגן דעם באַרעדעווודיקן אין ליד. זוכנדיק דעם פּנקס־שרייבער, ווערט ער אַליין אַ בעל־פּנקס וואָס באַשרייבט די צרות־רבים פון אַ פאָלק.

לירישער און מער אין ריטם פון ליד איז גרינבערג אין דער צווייטער אָפּטיילונג פון בוך אין די „לידער פון נעכטן". דאָס זיינען לידער, אין וועלכע גרינבערג האָט דערגרייכט אַ זעלטענע שלמות פון פאָרם. „אין וואַלד פון שטיין", „מיין דור", „לויטערע פאַרנאַכטן", „פאַרפרוירן געזאַנג" — דאָס זיינען לידער וואָס פאַרמאָגן דעם כח אַריינצוברענגען אַ שטילע האַרציקע וואַרעמקייט אין די גרויע קאַלטע מויערן־ווענט פון דער גרויס־שטאָט.

אין די לידער „ליפּקאַן מיין היים", וואָס לייענען זיך ווי „ווידויס", בעט גרינבערג מחילה ביי זיין שטעטעלע אין בעסאַראַביע: „פאַרגיב מיר, היים, וואָס כ'האָב דיך ניט באַזונגען". ס'איז די פאַרלוירענע „היים" וואָס וועט תמיד לעבן אין זכרון פון די, וועמען די גרויס־שטאָט האָט אויף אַ צייט פאַרשלונגען. אָבער מען קערט זיך צוריק צו איר; מען קומט צוריק צו דער פּשטות פון איר שיינקייט, ווייל זי האָט, סוף־כל־סוף, דעם דיכטער מער געגעבן ווי די גרויס־שטאָטישע ליכטיקע פרעמד.

# א. טאַבאַטשניק

## א.

די יידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע איז אין די יאָרן 50־1940 בלי ספק, באַרייכערט געוואָרן מיט וויכטיקע פּאָעטישע ווערק. ס'איז אָבער אַ דיכטונג וואָס פאַרמאָגט, דאָס רוב, דעם חותם פון קאָלעקטיווער שאַפונג. די מערסטע יידישע דיכטער האָבן זיך אָפּגערופן אויף די יאָרן פון גרויל און אומגליק. זיי האָבן אָבער גערנוויליק געלאָזט הערן דאָס קול זייערס אין ציבורדיקע, טרויעריקע געזאַנגען; זיי האָבן אין קינה־לידער, אין „יזכורס" גערעדט אין נאָמען פון דעם לעבן־געבליבענעם, גראַטעוועטן יידן אויף דער זייט ים, וואָס מער ווי שרייען האָט ער נישט געקענט. ס'איז טאַקע נישט געווען קיין „ווערטער פאַר דעם לעגענדאַרן אומגליק", ווי יעקב גלאַטשטיין דריקט זיך אויס אַזוי וואונדערלעך אין איינס פון זיינע „געדענק־לידער". אָבער אויסשרייען דעם אומענדלעכן צער פון די „מי־ליאָנען טויטן" איז דאָך געווען אַ מוז ביי די מערסטע היגע יידישע דיכטער.

און לייענט מען די אַלע לידער־ביכער פון די לעצטע יאָרן ווערט מען אויף אַן אמת דורכגענומען פון דעם טיפן פיין און טראַגיש־אחריותדיקן געפיל וואָס די דיכטערישע שליח־ציבורס אונדזערע האָבן אַרויסגעוויזן אין די דאָזיקע פינצטערע יאָרן פון חורבן און נאָכן חורבן. פאַר זיך גופא, געוויס, איז יעדער אויף זיין שטייגער נישט געבליבן שטיין אויף אַן אָרט: צוזאַמען אָבער פאַרמאָגן די אַלע לידער־ביכער צווישן זיך אַ סך בשותפותדיקס. זעלטן האָבן יידישע דיכטער אַזוי אינטים זיך צונויפגערעדט אין איין יאָר־צענדליק, ווי אין די יאָרן צווישן 1940־1950.

נישט אַלע לידער ווערן, נאַטירלעך, האָבן דאָס מזל צו בלייבן לדורות. ווייל נישט אַלע זיינען געווען בכוח געגנוג זיך צו צאַמען — און צוריק־צו האַלטן דעם הייסן שטראָם פון ווערטער וואָס האָבן זיך געבעטן אַרויס־צושרייען. די מער־באַרופענע אָבער, די וואָס האָבן תמיד געציטערט איבערן וואָרט ווי איבער עפּעס לעבעדיקס, האָבן זיך געהיט צו פאַר־

שוועכן אין סתם גראַמען דעם גרויליקסטן פֿאָלקס־אומגליק; די מער־טאַלענטירטע האָבן אינסטינקטיוו אָנגעווענדט דעם גאַנצן פּאַטעטישן כוח צו זאָגן אַזוינס, וואָס זאָל ראוי זיין צו ווערן דאָס אַנאָנימע קלאָג־ליד פֿון אַ גאַנצן דור; אַ דור, וועמען עס איז באַשערט געווען, על פּי צופֿאַל, פֿון וויטן צו זיין די עדות פֿון דער גרויסער קאַטאַסטראָפֿע.

דאָס יידישע ליד אין אַמעריקע פֿון די לעצטע יאָרן האָט אַדורכגעמאַכט אַ מין קפיצת־הדרך אויף צוריק. אין דער גאַנצער תשובה־ און חורבן־ליטעראַטור זיינען דערווייל אַנטשוויגן געוואָרן אַלע ליטעראַרישע מחלוקתן. אומגעוואָרפֿן זיינען געוואָרן די מחיצות וואָס האָבן צעטיילט איין גרופּע דיכטער פֿון דער אַנדערער; און קלענער איז געוואָרן די צאָל דיכטער, פֿאַר וועמען דאָס יחידיש־לירישע ליד איז פֿאַרבליבן זייער אַני־מאמין. דעם דיכטער אהרן צייטלינס ליד וועגן די נעמען פֿון יידישע קינדער קומט דאָ אויפֿן זינען. דאָס דאָזיקע ליד האָט זיך טיף איינגעקריצט אין זכרון און געדענקט זיך נישט ווינציקער ווי יענע לידער צייטלינס, אין וועלכע ער האָט עקספּערימענטירט אין פֿאַרשידענע פֿאָרמען און געזוכט אַ תיקון פֿאַר זיינע ליריש־פֿילאָזאָפֿישע מעדיטאַציעס. צייטלין דער אולטראַ־מאָדערניסט האָט אין די יאָרן פֿון גרויסן חורבן געפֿונען זיין טיפֿסטן אויסדרוק פֿאַר זיין השתפכות הנפש, פֿאַרן טיפֿן איבערלעבן דאָס גרעסטע יידישע אומגליק — דווקא אין דעם פּשוטן, שטילן, צערפֿולן מורמלען נעמען פֿון יידישע קינדער: כמעט אין נוסח פֿון אַ פֿאָלקס־ליד:

אויס און נישטאָ מער די העשעלעך,
העשעלעך, פעשעלעך, הינדעלעך.
קלאַנגען, בלויז קלאַנגען, בלויז ליד־קלאַנגען —
„נעמען פון יידישע קינדערלעך,

— — — — — — — — — — —

נעמען פון יידישע קינדערלעך".
רחלעך, ראַכעלעך, נעכעלעך,
געצעלעך, וועלוועלעך, וויגדערלעך,
יאַנקעלעך, יונהלעך, מעכעלעך.

(אהרן צייטלין, „געזאַמלטע לידער", 1947)

מ'קען דאָס זעלבע זאָגן נישט וועגן איין יידישן מאָדערנעם דיכטער, וואָס האָט אין דער לאַנגער נאַכט פֿון לעצטן יאָר־צענדליק פֿאַרצייכנט אין די פּשוטסטע ווערטער, ווי אין אַ פּנקס, זיין ליד פֿון צער און פּיין.

## ב.

א. טאַבאַטשניקס בוך לידער „דיכטער און דיכטונג" איז פון די געציילטע זעלטענע לידער־זאַמלונגען, דערשינען ביים סוף פון דעם גרויליקן יאָר־צענדליק, וואָס ברענגט אונדז צו טראָגן אַ ווייטן גרוס פון יענעם עכטן יידישן ליד, וואָס די גרופּע „יונגע" און אירע נאָכפאָל־גער — צווישן וועלכע טאַבאַטשניק איז איינער פון אירע וואָרט־זאָגער סיי ווי אַ דיכטער, סיי ווי אַ קריטיקער — יענע גרופּע, וואָס האָט באַוויזן אויף אַזאַ וואונדערלעכן אופן דאָס יידישע ליד צו קולטיווירן. צי מיר זיינען שוין גרייט אָדער נישט, צי דאַרף מען שוין אויפהערן צו זאָגן די איכה־ און קינה־לידער, אָדער נישט — אַלץ איינס צווינגט אונדז טאַבאַטשניק זיך איינצוהערן אין זיין „איך און שטימונגס־ליד", וואָס איז אַ געמיש פון תמימות און עקזאַלטאַציע, פון טרויעריקער ערנסט און פרייד פון דעם פאַנאַנדערזינגען און פאַנאַנדערשפּילן זיך פון וואָרט.

ער טוט דאָס ווי זעלטן ווער פון זיינע צייט־חברים, דיכטער. ווייל דאָס ליד זיינס פאַרמאָגט אַזאַ קריטעריום און פאַרשטענדעניש פאַר דער גאַנצער עובדה און פונקציע פון לידער־שרייבן, ווי מאַטיו אַרנאָלד האָט אַמאָל געזוכט ביי די דיכטער פון זיין דור. ווי ווינציג אין צאָל עס זיינען די לידער זיינע — זעט מען דורך זיי, ווי יידישע דיכטער האָבן זיך באַפרייט פון אַלע איבעריקע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע שאָלעכצן, וואָס האָבן פאַר־דעקט און געהאַלטן אין צאַם נישט איין יידישן פּאָעט פון אַמאָל, און וואָס אַ סך היינטצייטיקע יידישע דיכטער האָבן — אין אָנגעזיכט פון דעם גרעסטן יידישן אומגליק — אַזוי גערנווייליק אויף זיך צוריק אַרויפגע־צויגן.

פאַראַן אין דעם בוך „דיכטער און דיכטונג" נישט איין ליד וואָס דאַרף אַריינגענומען ווערן אין דעם „ספר־הדמעות", אין דעם בוך פון פּיין און טרערן, אין וועלכער די יידישע פּאָעזיע, פון די לעצטע יאָרן בפרט, איז, ווי דער כוס אין פּרוגס ליד שוין פול און אַריבער די ברעגן. אָבער אַפילו אין די דאָזיקע לידער איז טאַבאַטשניק געטריי יענער גרופּע דיכטער וואָס האָבן אַזוי עקשנותדיק געשוויגן און אַפילו זיך נישט באַקלאָגט פאַרן נישט געפינען קיין ווערטער פאַר דער שרעקלעכסטער קאַטאַסטראָפע וואָס האָט געטראָפן מיליאָנען יידן! אויך אין די געציילטע צייט־מאָטיוון איז טאַבאַטשניק מער ענלעך צו די „איך־ און שטימונגס־דיכטער", צו די, ביי וועמען די חושים זיינען תמיד וואַך אויפצונעמען די פרייד און

דעם צער פון דער וועלט, און וואָס ווילן נאָך אַלץ פאַרחלומען די וואָר און הערן ווי:

„דאָס טייכל פליעסקעט שטיל — אַ מולטערל מיט שטערן״...

קורץ ,צו די, וואָס באַמיען זיך נאָך אַלץ אַז „בלייבן זאָל די שיינקייט אין זאָטל פון דעם וואָרט״. אַפילו אין די לידער פון חורבן קלאַמערט זיך טאַבאַטשניק אָן דעם ליד, וואָס איז, און וואָס דאַרף זיין, ציל פאַר זיך אַליין. אין די מערסטע לידער זיינע, נישט געקוקט אויף דער האַרבסטיק־טרויעריקער, חשבון־הנפשדיקער טעמאַטיק, — זיינען גלייכצייטיק אַ פריי־דיקער אָנזאָג אויף דעם אומקערן זיך צו דעם אינדיווידועלן, נישט־בציבורדיקן יידישן ליד. דער נאָמען פון בוך אַליין איז ווי אַן אַרויספאָ־דערונג, און דאַרף אַזוי, בלשון רמז, אויפגענומען ווערן.

ג

אין די געציילטע פאַר לידער, אין וועלכע טאַבאַטשניק רופט זיך אָפּ אויף די שוידערלעכע געשעענישן אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג, מאָלט ער, אין אַ צימצום פון רייד, די גרויסע דיכטערישע געשטאַלט פון חיים נחמן ביאַליק וואָס קומט „אַראָפּ ביינאַכט אין די יידישע געטאָס״. אין דעם דאָזיקן ליד, ווי אין די איבעריקע לידער וועגן אונדזער חורבן, הערן מיר אַ טיף־עלעגישן ניגון, וואָס איז זיין אייגנס אַ דיכטערישער סך־הכל, אַ מין אַקאָמפּאַנימענט אויף אַ סך איכה־ און קינה־לידער, העט פון ביאַליק׳ן אָן ביז צו אים, דעם פון יינגערן דור. פאַר טאַבאַטשניק׳ן וואָס פּילט די „פּרייד אין זאַמלען ווערטער״, פאַר וועמען דאָס וואָרט דאַרף זיין אַ „טרייסט״, און וואָס זעט ווערטער ווי „ליכטיקע קרישטאָלן״, — ער האָט, ווייזט אויס, אַנדערש נישט געקענט אויסוויינען זיין אייגן איכה־ליד, סיידן נאָר אין דער וויזיע פון דערזען און דערהערן דעם ערשטן און גרעסטן יידישן מקונן פון דער נייער צייט. אין די דאָזיקע חורבן־לידער מיידט אויס טאַבאַטשניק, כלומרשט, צו דערציילן וואָס ער אַליין לעבט איבער. דאָס בילד אָבער וואָס ער מאָלט פון ביאַליק׳ן, דאָסזעלבע אויך אין דעם ליד „גאָט׳ס בונקער־געוויין״, איז פאַר זיך גופא שוין פאַראַן די טיפסטע טרויעריקסטע איבערלעבונג פון דעם דיכטער. זי קומט צום אויסדרוק אין דעם אויסטערלישן בילד ווי גאָט, כביכול, אַליין איז בעת׳ן חורבן „אַ געשלאָגענער אַנטלאָפן פון הימל״:

„ווען גאָט איז אַ געשלאָגענער
אַנטלאָפן פון הימל,
און געזוכט אַ באַהעלטעניש
און געזוכט אַ שוץ,
איז ער אַנטלאָפן אין געטאָ
אין אַ בונקער
צווישן יידישע קינדער אַ טוץ"...

דאָס דאָזיקע ליד, וועגן גאָט און דעם פאַרבליבענעם טוץ יידישע קינדער, איז אַ געוויין, אַ האַרצרייסנדיקער קדיש־זאָגן נאָך די טויזנטער אומגעקומענע יידישע קינדער וואָס גאָט איז געוואָרן זייער טאַטע און זייער מאַמע, און וואָס געלערנט האָבן זיי פון אים:

אָן אַלף
אַ בית,
און אַ גימל
און אַלע וואונדער
פון בלויען הימל"...

אין דעם פינצטערסטן יידישן פאַרנאַכט, אין יענע אָנהייב פּערציקער יאָרן, פאַרגעסט נישט דער דיכטער מיט אַ באַזונדערער עקשנות, צו ציילן די יידישע אותיות און צו זען, להכעיס אונדזערע שונאים, ווי צוועלף יידישע קינדער (אַ רמז אויף די צוועלף יידישע שבטים?...) לערנען ביי גאָט אַליין די אייביקע וואונדער פון בלויען הימל...

דאָ, ווי אין דעם ליד, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון ביאַליק'ס אַ באַרימטער פּאָעמע „פון שטאָל און אייזן שמיד אויס אַ האַרץ און קום", — האָט טאַבאַטשניק אי פאַרצייכנט לדורות די יאָרן פון גרויל און אומגליק, אי ווייטער, אין געצאַמטע רייד, געטריי געבליבן די טראַדיציע פון דעם בעסערן יידישן ליד:

„גענוג דיר, דיכטער, פון צער און צאָרן,
פיר מיך אַרויס פון טויטן טאָל;
דאָס געשמידטע האַרץ איז צעבראָכן געוואָרן
וואָס קלעקט אַצינד אַ האַרף פון שטאָל?"

— — — — — — — — —

גענוג שוין, דיכטער פון צער און צאָרן,
ס'איז פאַרלאָשן דאָס ליכט און ס'איז בלינד דער וועג,
וואָרצל מיך אויס ווי אַ ווילדער דאָרן,
רייס מיך אַרויס פון די פאַרכטיקע טעג"...

„ווי אַ ווילדער דאָרן" אויסגעוואָרצלט ווערן, דאָס איז די תפילה טאַבאַטשניק'ס אין די צער־און־צאָרן־לידער; אין די טרויעריקסטע טעג פון פיין — גיט אַ שיין פאַר אים דאָס וואָרט אין זיין שיינקייט, און דער הימל מיט זיינע וואונדער, דער אומענדלעכער טויטן־טאָל פאַרשווינדט. ווערט נעלם. און ביאַליק „צאָרנט ניט מער". אַנשטאָט שטורמען די הימלען איז ביי טאַבאַטשניק'ן דאָס קול פון דעם נביאישן דיכטער און מקונן, אַ שטילס, „אַ קול, ווי מען בעטלט נדבות". און אין די צער־און־צאָרן לידער דאָמינירט אין טאַבאַטשניק'ס ליד דאָס שטילע, תפילה'דיקע וואָרט. און ביי דער גאַנצער שאַרפער דראַמאַטישקייט אין זיין דיכטונג זיינען אונדז סוף כל סוף נעענטער יענע לידער אין וועלכע ער איז זיך מודה, אַז „עס וויינט דאָס האַרץ נאָך פרומע רייד, נאָך תפילות ווי דאָס העלן אויף באַגינען".

ד.

אינטערעסאַנט איז די טעמאַטיק פון טאַבאַטשניק'ס לידער. זי באַשטייט, דאָס רוב, ווי דער נאָמען פון בוך, פון „דיכטער און דיכטונג". אין יענע לידער אין וועלכע טאַבאַטשניק זינגט וועגן דיכטער זיינען זיי אי פּרעכטיקע מיניאַטור־עסייען, אי דיכטונג צוגלייך. אַזאַ איז, למשל, דאָס ליד „מאַני לייב", אין וועלכן טאַבאַטשניק כאַראַקטעריזירט, אויף אַן אינטערעסאַנט־לעבעדיקן, ביז־גאָר געלונגענעם אופן, איינעם פון די גרויסע דיכטער אונדזערע. און ווי יעדער עכטער קריטיקער וואָס בעת ער באַהאַנדלט די ווערק פון אַ שריפטשטעלער נעמט ער זיך אָן מיטן לשון און ריטם פון דעם, וועגן וועלכן ער שרייבט, אַזוי דערקענט מען אויך דאָ, אין דעם מאַני לייב ליד, אַלע אייגנשאַפטן, דעם מהות פון דעם פּאָעט פון „וואונדן זיינען רויזן". דערביי געלינגט טאַבאַטשניק'ן אויך אויפצוזינגען זיין אייגן ליד, אַריינצוואָועבן זיין אייגן זען און הערן די וואונדער אַרום זיך.

דאָס ליד וועג מאַני לייב'ן און אַ סך אַנדערע לידער, אין דעם בוך

„דיכטער און דיכטונג", האָט טאַבאַטשניק איבערגעדרוקט פון זיין פריער־דיקער לידער־זאַמלונג „אין שייד". און ס'איז כדאי צו פאַרצייכענען אַז דער רושם ביים איצטיקן איבערלייענען דאָס דאָזיקע ליד איז נאָך שטאַרקער געוועזן ווי מיט יאָרן צוריק. גוטע לידער, ווי יעדע קונסט־שאַפונג פאַרמאָגן יענעם כח זיך אַליין צו באַנייען, זיך אַליין אָפּצופרישן. מיר האָבן דאָ אין דעם ליד „מאַני לייב" אי דעם תמצית פון דעם גאַנצן קינסטלערישן האָב און גוטס פון דעם דיכטער מאַני לייב, אי אַ וואונדערלעכן פּאָרטרעט פון אים גופא וואָס איז ניט אָפּצוטיילן פון זיין ליד ;

„וואונדן זיינען רויזן, און טויט — אַ שוואַרצער קרעפּ,
שטערן — זיינען דימענטן אין נאַכט צעלאָזטע צעפּ,
ער שוועבט ווי אויף באַלעטן מיט הירשן לייכט אין שניי ;
אַ מוזע גיב מיר לידער, קראַנק בין איך אָן זיי !
שטעקט אין הוט אַ פעדער, און אין זיין שילד — אַ טויב.
און עס שנירלען זיך די שורות ווי פּערל אין אַ הויב".

דער קריטיקער אין טאַבאַטשניקן וויל רק שאַצן און אָפּשאַצן ; דורך פּאָרטרעטן אין לידער וויל ער זינגען אי אַ לויב צו דעם אויסדער־וויילטן, צו דיכטער, צו דענקער און מאָלער, — אי זיך אַליין געפינען און געבן אַן אויסדרוק די אייגענע האַרבסטיקע שטימונגען, דאָס געמיט פון איינעם וואָס איז יונגערהייט שוין אַזוי קהלת'דיק מיד, און וואָס וויל רק נעמען חשבון פון זיך און פון דער וועלט. אין דעם „ויתרצצו" צווישן דיכטער און קריטיקער אין אים — ווער עס זאָל פריער און מער קומען צום וואָרט — געווינט אַמאָל דער קריטיקער, און אַמאָל דער דיכטער — די אויבערהאַנט. עס איז אָבער פאַראַן אין די לידער, און אויך אין דער קריטיק טאַבאַטשניק'ס, יענע שלמות וואָס לאָזט זיך דערקענען ווי זיינס אַן אייגענער נוסח.

ניט צום פרילינג זינגט טאַבאַטשניק נאָר צום האַרבסט. דאָס דאַרף מען ניט צושרייבן בלויז צו דער ביאָגראַפיע פון דעם דיכטער וואָס פילט, פונקט ווי יעדער פון זיינע צייט־חברים, דעם ביטערן גורל, דעם אומעט וואָס באַפאַלט אָפט יעדן יידישן שרייבער אין אַמעריקע, בעת ער טראַכט פון דער צוקונפט דאָ אין לאַנד. מען דאַרף די האַרבסט־מאָטיוון אין די „אָפּשייד לידער", ווי בכלל דעם דיכטערס כסדרדיקן קריגן־זיך מיט זיך אַליין, דעם מאָטיוו פון שפּילן און פאַרשפּילן — אויך צו שרייבן צו דעם

קריטעריום פון ליד וואָס דער אָפּט־שטרענגער קריטיקער אין אים פֿאָדערט. פֿאַראַן דיכטער וואָס שרייבן קריטיק ווי אַ פּירוש צו זייערע רייפֿע און פֿאַרענדיקטע לידער. טאַבאַטשניק האָט אָנגעהויבן ווי אַ קריטיקער ווען זיין ליד האָט נאָך געהאַלטן אין ווערן. זיינס אַ קריטישע אַרבעט איז טיילמאָל רייפֿער פֿון זיין ליד. טאַבאַטשניק באַווייזט אָפֿט אין זיינע עסייען צו שרייבן וועגן ליד־שטימונגען וואָס שוויגן נאָך אין אים. אין יעדער קריטישער אַרבעט וואָס טאַבאַטשניק פֿאַרעפֿנטלעכט לויפֿט דער קריטיקער פֿאָרויס, און דער דיכטער, מיט די נאָך נישט אָנגעשריבענע לידער, וויל ניט אָדער האָט קיין חשק ניט, זיך פֿאַרמעסטן אים נאָכצולויפֿן.

פֿאַראַן אין דעם בוך „דיכטער און דיכטונג" אַ ליד, וואָס גיט איבער דעם דאָזיקן געראַנגל צווישן פּאָעט און קריטיקער. כאָטש דער דיכטערישער ווערט פֿון דעם דאָזיקן ליד ווערט דורך דעם גאָר נישט געמינערט;

„שטיל ווי אַ ליכט נאָך כל נדרי,
אין נאַכט פֿון געבראָכן געמיט;
ציטערט אין האַרצן אַ ווידוי,
ציטערט — צו ווערן אַ ליד.

הייב איך אָן ווידער צו זינגען —
שפּעטן די ווערטער פֿון מיר:
ווי שדימלעך שכורע שפּרינגען
מיט פֿייגלשע טריט אויף פּאַפּיר.

זאָג איך: מען דאַרף ניט קיין לידער,
זאָלן זיי שטומען אין מיר,
און לייג זיך ווידער אַנידער
ווי אַ מת מיט די פֿיס צו דער טיר."

אַזוי קענען איבערגעבן דאָס „שטומען פֿון לידער" אין אים, ווייזט וויפֿיל פּאָעטישער פּאָטענץ עס איז נאָך פֿאַראַן אין דעם דיכטער א. טאַבאַטשניק, און וויפֿיל גוטע לידער מיר קענען פֿון אים נאָך דערוואַרטן.

זיין הויפּט־מאָטיוו איז דאָס ליד און דער שעפֿער פֿון ליד, און ער לעבט און אָטעמט אין דער ספֿערע פֿון לידער. דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך פֿאַר דעם עסייאיסט און קריטיקער וואָס באַקומט זיין באַגייסטערונג

גאָר אָפט מער פון דער ליטעראַטור ווי פון לעבן. און דאָך זיינען פאַראַן דיכטער אויף וועלכע עס רוט דער רוח־הקודש נאָר דאַן, ווען זייער גאַנצער „איך" איז אַריינגעטאָן אין דער וועלט פון דיכטער און דיכטונג.

טאַבאַטשניק איז ביז גאָר זעלבסטקריטיש צו זיך. גורם איז ווידער, דער קריטעריום פון זיין ליד וואָס לייענט זיך אָפט ווי אַ מין פּאָעטישער סך־הכל פון אַ גאַנצן דור דיכטער; דער דור וואָס איז אויפגעקומען צוזאַמען מיט אים אין דער ליטעראַטור, ווי די לעצטע שוין, ווען עס איז באַשערט געווען צו הערן דאָס שטענדיקע קלאָגן פון אונטערגאַנג. טאַבאַטשניק איז נישט בלויז דער דיכטער פאַרן פּאָעזיע־לייענער, די אויסגעטראַכטע און קליינע אין צאָל. ער איז אָפט אויך דער פּאָעט פאַר די דיכטער גופא. ער איז זייער שליח־ציבור, זייער אָפּשאַצער, אויסטייטשער און באַזינגער. און ווען ער זאָגט:

„איך בין געקומען מיט רעש
און אַוועק וועל איך אָן טומל", —

זאָגט ער עס פאַרן גאַנצן דור הייַנטצייטיקע יונגע שרייבער ווען עס פעלט דער גאַנצער יום־טובדיקער רעש פון דעם לייענער־עולם, די פרייד פון שרייבער; יענע פרייד, וואָס דער פריערדיקער דור שרייבער האָט געהאַט.

אין דער מסיבה אָבער פון די דיכטער גופא איז א. טאַבאַטשניק ניט „אַ שימה בלויז צום רומל", נאָר איינער פון די וויכטיקסטע פאָרשטייער זייערע, וועמעס שאַפן, סיי אין דער קריטיק, סיי אין ליד, געהער צו דעם מער־ווערטפולן, און שעפעריש־טיפן אין דער יידישער ליטעראַטור.

1948

# בעריש ווײַנשטיין

בעריש ווײַנשטיין אַ בן־חמישים? ווי לאַנג איז עס ווען מיר האָבן אים, אַ יונג בחורל, באַגעגנט אויף דער צווייטער עוועניו, אין ניו־יאָרק? היינט איז „סעקאָנד עוועניו" שוין נישט דאָס וואָס אַמאָל. טראַכט מען אָבער פון יענע ערשטע באַגעגענישן מיט חברים, יונגע שרייבער, — שווימט זי אויף, די עוועניו, ווי דער דיכטער קלמן הייזלער באַוויינט זי אין זײַנע איכה־לידער, — „איכה ישבה עוועניו". יאָ, מע דערמאָנט זיך די יאָרן ווען מ'איז געווען אַוועק פון ניו־יאָרק, ערגעץ אין דער פּראָווינץ, אין די שטאַטן קאָנעטיקוט און פּענסילוועניע, און כסדר גע־בענקט נאָך סעקאָנד עוועניו, נאָך איסט־בראָדוויי, נאָך „קאַפע ראָיאַל", נאָך די יונגע חברים שרייבער.

עס שווימען אויף אין זכרון די שבתים, ווען נישט איינער פון די איצטיקע בעל־יובלס פלעגט שפּאַצירן הין און צוריק אויף איסט־בראָדוויי און כאַפּן אַ קוק דורכן פענצטער פון דער ליטעראַרישער קאַפע, און זעלטן געהאַט דעם מוט אַרײַנצוגיין אינעווייניק...

אָט באַווייזט זיך א. טאַבאַטשניק, דער דיכטער און קריטיקער. פון ערגעץ אַ פּראָווינץ־שטאָט, אין שטאַט קאָנעטיקוט, איז ער געקומען, טאַבאַטשניק, אַ שטורעמדיקער, מיט פלאַמיקע רייד. לעבן אים זעט מען תמיד נאָך צוויי חברים, דיכטער, דעם שטילן, קלוג־שמייכלדיקן מאיר שטיקער, און — זיי, צו לענגערע יאָרן, — דעם דעמאָלט קרעפּטיקן אבא שטאָלצענבערג, זכרונו לברכה, וואָס איז אַזוי יונג אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדז. מ'פלעגט זיי תמיד זען צוזאַמען, די דאָזיקע דריי חברים — דעם אוקראַינער א. טאַבאַטשניק, מיט די צוויי גאַליציאַנער, שטיקער און שטאָלצענבערג. שפּעטער האָבן זיי טאַקע אַרויסגעגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל, „פיילן". געווען דאַן אויך אַ פּערטער, חיים נתן פישערמאַן, וואָס האָט צוגעזאָגט זייער פיל אין זײַנע עסייען, און שפּעטער אין זײַן

זשורנאַל „ברמיזא״, אָבער וואָס איז, צום גרויסן פּאַרדרוס, די לעצטן יאָרן אַנטשוויגן געוואָרן.

* * *

ווי היינט, געדענק איך, אַ שבת־פאַרנאַכט, ערגעץ ביים אַריינגאַנג פון אַ יידישן טעאַטער אויף סעקאָנד־עוועניו. די ערשטע באַגעגעניש מיט בעריש וויינשטיין. ער איז פאַררעכנט ביי אונדז צווישן די גאָר ייבגסטע, און מיר האָבן זיך טאַקע געפרייט מיט זיין קומען, מיט זיין ליד. וויינשטיין האָט אַרויסגערופן אין אונדז אַ סך חידוש, דווקא מיט דער פּשטות, און מיט דעם האַלטן זיך ביי דער טראַדיציע פון היימיש־יידישע מאָטיוון.

ער איז דאַן געשטאַנען אַ שטילער, אַ באַשיידענער אַזאַ, און פאַר־שעמט געשמייכלט, ווען מיר האָבן אים קאָמפּלימענטירט פאַר זיינע לידער, וואָס ער האָט צונויפגעזאַמלט אין זיין ערשטן בוך „ברוכוואַרג״. וויינשטיין איז בטבע (באַזונדערס איז ער עס געווען אין יענע יאָרן) אַ קנאַפּער דברן. און ווען נאָר מע פלעגט זיך באַגעגענען מיט אים, פלעגט ער מער הערן — ווי רעדן. און דאָס איז נישט ווייל ער האָט נישט וואָס צו זאָגן. גיכער קומט עס סיי פונעם טיף־אחריותדיקן געפיל זיינעם פאַרן וואָרט, סיי פון זיין טיפן געפיל פאַר פּשטות און באַשיידנקייט אויך אין טאָג־טעגלעכן לעבן. דאָס האָט אים אויסגעטיילט פון ס׳רוב דיכטער פון זיין דור. אָנשטאָט רעדן און היצן זיך, ווי ס׳רוב חברים, וועגן שרייבער עלטערע און ייבגערע, פלעגט וויינשטיין גאָר אָפט פאַרברענגען זיין פריי־צייט אין דרויסן, אין די גאַסן און געסלעך פון אַלט־ברוקלין און אַלט־ניו־יאָרק. מ׳פלעגט אים טרעפן אין אויסטערלישע פלעצער, אַ שטייגער, ביי די ניו־יאָרקער האַפנס, וואו די שיפן אַנקערן, און וואו מאַטראָסן פאַרברענגען זייערע אָוונטן ביים ברעג פון ים.

וויינשטיין געהער צו די דיכטער, וואָס טראָגן מיט זיך מיט די היים, די ערד פון וואַנען זיי קומען, און אויך אין דער נייער היים זוכן זיי רק דאָס ערדישע און פאַרוואָרצלטע. און ווי נאַדיר, ראַבאָי, גלאַטשטיין און אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן אין זייערע ווערק אַריבערגעטראָגן די היים פון זייער יוגנט און משלים געווען, דערגאַנצט מיטן בילד פון יידישן לעבן אויף די גאַסן און געסלעך פון יידישן ניו־יאָרק, אַזוי איז אויך צו דערקענען די גאַליציאַנער סביבה פון ריישע, בעריש וויינשטיינס היימ־שטאָט, אין די לידער־פּייזאַזשן, אין די כמו־פּראָזע־ריטמישע שורות פון וויינשטיינס ניו־יאָרקער לידער.

אויך וויינשטיין, פּונקט ווי זיינע פאָרגייער, איז ממשיך די טראַדיציע

פון פאַרהיימישן, פון געבן אַ באָדן אונטער די פיס די אַלע געשטאַלטן וואָס ער באַשרייבט און שילדערט אין זיין דיכטונג. אויך ער, ווי נאַדיר און ראַבאָי האָט באַוויזן קינסטלערישן קפיצת־הדרך אויף די ניו־יאָרקער איסט־סיידער גאַסן; פיט, סטענטאָן, ריווינגטאָן און עסעקס, אויף וועלכע ער האָט דערזען און דערקענט די יידן פון זיין גאַליציאַנער היימשטאָט.

אין ווײַנשטיינס דיכטונג, באַזונדערס אין זיין בוך „ריישע" — קומען זיך צונויף די אַמאָליקע יידישע שטעט, די איצט חרובע, מיט די יידישע שטייגער־בילדער פון די שוין איינגעזעסענע תושבים אין ניו־יאָרק. די שטיל־שלווהדיקע טריט פונעם ייד, מיטן יידיש־חסידישן טראַכט — די גאַליציאַנער בעקעשע — וואָס ווײַנשטיין האָט דאָ דערזען. דער דאָזיקער ייד איז שוין אַ גאָר ווייטער קרוב פון די אַמאָליקע דערשראָקענע „גרינע יידן" וואָס אַ ליבין אָדער אַ קאָברין האָבן געשילדערט אין זייערע ווערק.

די ערשטע לידער ווײַנשטיינס זיינען, אויבנאויף, כלומרשט פריי פון ספּעציפיש יידישן אינהאַלט. דער דיכטער איז אַליין פאַרחידושט פון די בילדער גופא, וואָס ער זעט, מיטן געמיש פון זכרונות וואָס די יידישע און נישט־יידישע ניו־יאָרק רופט אַרויס אין אים. די אָרעמקייט פון די יידישע איסט־סיידער געסלעך דערמאָנען אים אין דער שטאָט ריישע פון וואַנען ער איז יינגלווייז אַוועק. ער געדענקט דאָס היימישע שעכטהויז „וואָס שמעקט מיט פרישן בלוט", די „יאַטקעס און רויע פליישן", און עכט זיינען די היימישע מאָטיוון ביים יונגן דיכטער, ווי ער וואָלט זיי, די שטעטל־בילדער, ממש דער ערשטער אַנטדעקט...

ווײַנשטיין איז דערציילעריש אין זיינע ברייטע לידער שורות, וואָס פאַרמאָגן אַ פּראָזע־ריטם, אַ דורכאויס אייגענעם. ווי ער וואָלט זיך דאָן געוואָלט באַפרייען פונעם קנויל שטייגער־בילדער, וואָס האָבן געזוכט ביי אים אַן אויסדרוק, כדי מיט יאָרן שפּעטער זאָל ער האָבן צו וואָס זיך אומצוקערן, שוין ווי אַ רייפערער פּאָעט, וואָס האָט שוין דעם כוח צו געבן די שטעטלשע שטייגער־בילדער פון גאַסן, געגנשטאַנדן און מענטשן, — זיין אייגענעם דיכטערישן פירוש, ווי ער האָט עס טאַקע באַוויזן אין זיין פּאָעמע „ריישע", — אַ בוך פון אַריבער דריי הונדערט זייטן. די ערשטע לידער וועגן מאַטראָזן, פישער־יונגען, וואַגאַבונדן, גאַסנשפּילער און באַן־גנבים זיינען געווען אַ מין פּאָעטישע הקדמה צום עכט־יידישן געזאַנג וועגן אַ גאַנצער יידישער שטאָט, אין וועלכער די פרומע און גאָטפאָרכטיקע יידן זיינען די הויפּטהעלדן.

שוין אין דער פּאָעמע „בעטהאָווען" (פאַרעפנטלעכט אַפריער אין די

דרייסיקער יארן אין זאמלבוך „המשך״) האט וויינשטיין געוויזן אז ער וועט נישט שטענדיק בלייבן ביי די קליינע נאראטיווע לידער; אז ער פארמאגט דעם טאלאנט פון אויפבויען, דורך לידער־ציקלען, א שלמות־דיקע זאך, פון עפישן פארנעם. די פאעטישע ביאגראפיע פונעם געניאלן מוזיקער געהער צו וויינשטיינס יוגנטלעכע רעמיניסענצן, די יארן וואס ער האט פארבראכט אין ווין, אינעם אמאליקן דעמאקראטיש־פרייען ווין, וואס האט נישט איין איין איינגעוואנדערט יידיש ייִנגל באגייסטערט און גייסטיק משפיע געווען. ס׳איז בעטהאווען ווי מיר קענען אים פון די פילצאליקע ביאגראפיעס. ס׳איז אבער אויך בעטהאווען ווי ער, דער דיכטער האט אים געזען און אויפגענומען מיט זיינע חושים. דער דער־ציילערישער נוסח, וואס איז אייגן וויינשטיינען, האט זיך דא, אין דער בעטהאווען־פאעמע דערהויבן צו א קינסטלערישן יש. פון מעלאדישע קלאנגען, געהערטע, מאלן זיך בילדער. עס ווערט א פארטרעט. די פאעמע לייענט זיך ווי א פאעטישע דערציילונג אין פערזן, און זי פאראינטערע־סירט מיט דער געדיכטער בילדלעכקייט פון הארבסטן, ווינטערס, זומערס און פרילינגען, — די נאטור געזען מיט די אייגענע אויגן, און מיט דער שילדערונג פון שטעט, גאסן, הייזער און חפצים, דורך וועלכע די געשטאלט פון א געניאלן, ליידנדיקן מענטש שלייכט זיך דורך, אין דער פאנטאזיע פונעם דיכטער:

פריידיק, טרויעריק איז די גרויסע וועלט.
אין יונגן עלנט בלאנקעט לודוויג ארום.

— — — — — — — — — — —

טריט, הארבסט און ווינטיק־געלע בלעטער.
ער שפאנט מיט אויפגעבלאזענע טרוקענע האר
ביז ער פאלט אין שלאף — אינמיטן וועג.
פארשלאפן, איינגעפאלן ווערן זיינע אדערן,
און דאס לייב דורכגענומען מיט ריח פון קארע,
מיט פרישקייט פון ראסע, קילע טריפנדיקע גראזן
אין אויפגעשארטן טאג.
זון. רינדער, רויטער מזרח — הינטערן וואלד״.

* * *

די פאעמע „ריישע״ איז א ווענדפונקט אין וויינשטיינס דיכטונג. די בילדער פון די שטארקע נאטורן, די רויע און קרעפטיקע זיינען פאר־

רוקט געוואָרן אין הינטערגרונט פון זכרון. די יאָרן פון חורבן האָבן אויפסניי דערמאָנט די היים, די שטאָט פון די קינדעריאָרן. אין גרויס בענקשאַפט, אין טרויער האָט וויינשטיין גענומען באַזינגען ריישע, די שטאָט פון חסידים און פרומע סוחרים. אַ סך לויב האָט ער אויך דאָ פאַר די „יונגען פון דער וואָליע", די וואָס פאַרשטייען דעם „טרויער פון די רינדער וואָס ליגן שטיל אויף שטרוי, פירפיסיק געבונדן". אָבער מער לויב און מער אָרט גיט ער איצט אָפּ די איידעלע, וואוילע פעטערס משה און שלמה, און די צניעותדיקע באָבעס און מומעס.

וויינשטיינס „ריישע" פאַרמאָגט די תמימות פון אַן ערשטן דערזען. אַ יינגל, אַ פאַרוואָגלטער, וואָס איז אויפגעוואַקסן מיט די חומש־מעשות פון חדר, מיטן אַלטן ניגון פון „ואני", קומט איצט צוריק אַהיים און דערזעט די שיינקייט פונעם יידישן תחום־שבת. דאָס איז נישט קיין נעאָ־ראָמאַנטיק, לויטן מוסטער פון די, וואָס האָבן מיט יאָרן צוריק שוין באַזונגען די שיינקייט און די אידיליע פון יידישן שטעטל. דאָס האָט ער, דער דיכטער אַליין, אַנטדעקט פאַר זיך דעם בלאָען הימל פון שטעטל, וואָס איז כולו יידיש:

וויל יידן מאַכן אַ ברכה איבער דיין לבנה,
בלויט דערפאַר אַנדערש דער הימל ביינאַכט.

גלייך אין אָנהייב פון דער דאָזיקער פּאָעמע ווירקט אויף אונדז וויינשטיינס געדיכטע בילד־ער־שילדערונגען, די פּאָעטיש־ריטמישע פּראָזע־שורות, וואָס פאַרמאָגן דעם כוח צו באַנייען אַן אַלט־באַקאַנטן, דורותדיקן און עכט־יידישן לעבנס־שטייגער, וואָס מיר האָבן געמיינט אַז ס'איז שוין „תם־ונשלם", און ליגט באַהאַלטן אין די אַלטע בלעטער, אין די ווערק פון די קלאַסיקער.

וויינשטיין טוט תפילה ביים שילדערן די יידישע גאַסן פון ריישע, אירע הייזער, בתי־מדרשים, חסידים, און גוטע יידן:

גאָט, גיב צוריק יענע שאָטנדיקע נעכט
ווען די ראָסע, דער טוי האָט יידיש געשמעקט.

צו אַזאַ תפילה מוז מען זיך צוהערן. זי רייסט־מיט. יאָרן צענדליק פאַרשווינדן. און ס'שטייט אויף אַ שטאָט אַ לעבעדיקע, אויף וועלכער ס'רוט ממש דער גייסט פון קדושה, אַן אייביקער שבת:

יידן פאַרשליסן די בייזע געוועלבער,
און שקיעהדיק ווערן די פענצטער פרוס,
די דעכער און די שוין פאַרנאַכטיק און שטום,
און רויט אין בין־השמשות אַריין ציט די זון
און וואַרפט־אָן דעם ערב שבת אויף פנימער...

דאָס בייע אין ווײַנשטיינס פּאָעמע איז דער אופן פון אידעאַליזירן די שיינקייט פונעם אַלטן, אַמאָליקן יידישן לעבנס־שטייגער, וועמעס געדעכעניש ער פרישט אָפּ. דאָס נייע איז די פּאָעטישע בילדלעכקייט פון אַ לאַנג שוין פאַרשוואונדענער וועלט — נאָך פאַרן חורבן — וואָס דערשיינט ווי אין חלום, ווי אַ גרייז וואָלט דערציילט אַ מעשה, האַלב וואָר, האַלב לעגענדע.

ווײַנשטיין האָט באַוויזן דאָס בילד פון די אַמאָליקע פרומע געשטאַלטן צו געבן אַ נייע ראַם און באַצירט האָט ער די דאָזיקע ראַם מיט פרישע, וואונדערלעך־שיינע אָרנאַמענטן, אַזוי אַז דאָס בילד גופא, דאָס אַמאָליקע, האָט געגומען לייכטן מיט אַ שפּאָגל ניי ליכט.

דער דיכטער זעט די יידישע באָבעס מיט „תהילים אין זייערע אויגן" און די פרומע מאַמעס, אין די שבת־פאַרנאַכטן, ווען זיי זאָגן „ברכי נפשי צו דער וועלט"... אַזאַ צוריק גיין, און אַזאַ זען, רופט אַרויס מער ווי סתם בענקענישן, דאָס איז געבן אַ תיקון די בענקשאַפטן נאָך גאַנצ־קייט. דאָס איז געבן אַ באָדן, אַן ערד אונטער די פיס דעם פאַרחלומטן צום הימל, דעם דמיון וואָס שוועבט אַרום און זוכט אַן אויסדרוק, פאַר אַלע אויסגעוואָרצלטע וואָס האָבן נישט מער קיין היים...

ווײַנשטיין, ווי יעדער דיכטער, גיט דעם לייענער די אילוזיע פון היים, יענע יידישע היים וואו די אַלטע פרומע וועלט טוט תפילה ביי „ברכי־נפשידיקע שויבן". דורך אָט די שבתדיקע שויבן לאָזט ווײַנשטיין, דער יידישער פּייזאַזשן־מאָלער אין ליד, דורכגיין און פאַרבייגיין די ליבע און נאָענטע געשטאַלטן, די באָבע חנהלע, די מומע ראַצעלע און דעם הויכן שבתי, און נאָך אַזעלכע געשטאַלטן, אין וועמעס זכות, מיר טראַכטן, יידן זיינען געבליבן יידן, און זיי פאַרדינען דערפאַר אויף דאָס ניי קענסטלעריש געשטאַלטיקט צו ווערן. און אַ גרויס חסד האָט דער דיכטער געטאָן אין דער פּאָעמע „ריישע", מיט די דאָזיקע יידישע שטעטל־געשטאַלטן, זיי זאָלן נישט פאַרגעסן ווערן.

* * *

אין דעם בוך „לידער און פּאָעמעס" געפינען מיר אַלע לי־

דער וואָס דער דיכטער האָט געשריבן ביזן יאָר 1949. אַ באַזונ־דער שטאַרקן רושם לאָזן איבער אויפן לייענער די סעריע לידער „מיידאַנעק", לידער פון „צער און צאָרן"; זיי ווירקן שטאַרק מיט זייער פשטות, מיט וועלכער וויינשטיין צייכנט זיך תמיד אויס, אַ פשטות וואָס פאַרמאָגט די תמימות פון תחינה־נוסחן, ביי וועלכע דורות יידי־שע מאַמעס האָבן געוויינט און געקלאָגט. בעתן לייענען די „מיידאַ־נעק־לידער, אין וועלכע וויינשטיין קלאָגט אויפן קול, אויפן גרוי־זאַמען חורבן, זעט מען פאַר זיך דאָס בילד פון יידישע קינדער, אין די בתי־מדרשים תשעה־באב ביי די קינות, וואָס ווערן דורכגענומען, דער־שראָקן ווען די טאַטעס און זיידעס זאָגן איכה מיטן וויינענדיקן ניגון. בעתן לייענען די חורבן־לידער זעען מיר די טרערן אין די אויגן פון יידישע קינדער ביים פלאַם פון קליינע ליכטלעך אין הויז פון אַן אָבל ווען יתומים וויינען:

אַנגעצונדן האָט מען מיין שטאָט און פאַרצערט.
ס'איז נישט אַזוי רומעניע, פוילן צי בוקאָווינע,
ווי די טויטע יידן וואָס גליווערן אין יענער ערד;
די ר' הירש יעקבס און די ר' שלמה לייבעלעך:
די טרעגער־יונגען, און די וואַליע־יונגען, —
ס'איז נישט אַזוי עסטרייך, אונגאַרן, צי אוקראַינע,
ווי די בתי־מדרשים, די פאַרשוועכטע ספר־תורות:
די מזרח־ווענט — דאָס ארון־קודש און דאָס פרוכות,
די בראַנדזענע לייבן, וואָס שפאַרן אויף די לוחות...

דאָס זיינען ווײ־געשרייען אין דער נאַכט. ס'איז דאָס געוויין פונעם היינטיקן ייד, דעם יידן פון נאָך מיידאַנעק, וואָס „האָט נישט נאָך וואָס צו בענקען היינט"...

# א. סוצקעווער

נאָך א. סוצקעווערס צוויי לידער־זאַמלונגען „לידער" און „וואַלדיקס" (1940־1937) איז דעם דיכטער באַשערט געווען איבערצורייסן זיינע פריידיקע לידער פון „רעגן־בויגן", וואָס האָבן דעמאָלט באַגייסטערט יעדן לייענער פון יידישער פּאָעזיע. עס האָט אונדז אָנגענומען איבעראַשט דער כלו־עסטעטישער אני־מאמין פון אַ דיכטער, וואָס איז געקומען באַשפּייזן דערנער מיט זיין שיינקייט. געווען שוין יאָרן דאַן פון אַ פינצ־טערן ערב. נישט איין יידישער פּאָעט האָט פּאַראויסגעפילט די וויסטע, פינצטערע נאַכט וואָס האָט, אין יענע סוף־דרייסיקער יאָרן, זיך אָנ־גערוקט אויף דער יידישער וועלט. און דוקא אין יענע יאָרן — באַווייזט זיך דער יונגער א. סוצקעווער, וואָס פלעפט ממש מיט זיינע מוזיקאַלישע פערזן; אַזאַ ריטם, אַזעלכע זינגענדיקע יידישע ווערטער פון איינעם וואָס קומט „באַלעבן טויטן מיט זיין שפּרייז", איז געווען אָנגענומען פאַר יעדן פון אונדז. סוצקעווער לאָזט דעמאָלט וויסן זיין יחוס:

„פון וואַנען איז מיין קומען?
פרעג דאָס ביי די בלומען,
און ביים טרילער פויגל
וואָס רופט מיך אָן: באַשעפער".

געגרייט האָט ער זיך צו „וועבן די לעגענדע פון אַ יונג־באַרוישטן פרילינג". נו, מיר ווייסן שוין ווי פאַרפינצטערט עס איז געוואָרן דער דאָזיקער „פרילינג". איבערגעריסן איז געוואָרן אויף יאָרן דאָס ליד פון פרייד וואָס האָט אָנגעזאָגט ווי אין ליד „דער וועוויריק" — דאָס געזאַנג פון אַ שפּאָגל־נייעם נאַכטיגאַל, צו וועמען ער האָט — ווי אַ שותף — געלאָזט „היפּערן" דעם וועוויריק. נישט בלויז האָבן מיר דערהערט נייע קלאַנגען אין די אַלטע יידישע ווערטער, נאָר געזען אויך נייע בילדער אין דער אַלטער ווילנער לאַנדשאַפט. אויך דאָס געזעענע האָט ביים דיכטער באַקומען אַ נייעם תיקון:

„דאָרט, וואו דער נאַכטיגאַל זינגט זיין שעדעווריק
היפּערט אַ פּורפּורנער זונפלעק — אַ וועוריק".

אַט דער גיך־ריטמישער היפּערדיקער זונפלעק אין די אַלטע, טונ־קעלע ווילנער געסלעך, וואָס דער דיכטער האָט דערזען — האָט אַפילו די מרה־שחורהניקעס, די סקעפּטיקער אונדזערע — דערפרייט.

* * *

די מוראדיקסטע איבערלעבונגען, די גרעסטע ליידן, האָבן דאָך נישט געקאָנט צעברעכן דאָס פּאָעטיש־לויטערע געמיט פון דעם דיכטער. פּאַרקערט, זיי האָבן אים געשטאַרקט און געלייטערט און אים יידיש־פּאַרטיפט, און געגעבן אינהאַלט זיין זינגענדיק ליד. דאָס ליד פון פרייד איז אויף אַ צייט פאַרביטן געוואָרן אויף געוויין. און דאָס דאַזיקע געוויין הערט מען נאָך איצט אַפילו אין די נייסטע לידער פון נצחון, אין דעם בוך „אין מדבר־סיני". דאָך איז נישט אויסגעלאָזן געוואָרן אין סוצקעווערס דיכטונג דער שאָטן פון טויט. סוצקעווער שפּילט אָפט אַריבער. גאָר אָפט שוואַכט ער אָפּ צוליב אַ נייעם, קלינגענדיקן גראַם, דעם טראַגישן אינ־האַלט פון זיין ליד. אָבער אַפילו דאָרט וואו ער זאָגט „שירה־סתם" — הערט מען ניט אויף צו באַוואונדערן זיין מייסטערשאַפט פון וואָרט. סוצקעווער האָט באַוויזן צו געבן דעם אַלטן ווילנער יידיש אַזאַ מוזי־קאַלישקייט, אַזאַ ריטם און קלאַנג — ווי זעלטן ווער פאַר אים. און מער חידוש איז דער דאָזיקער וואונדער, וואָס ער האָט געהאַט כוח צו זאָגן „שירה" אפילו אין די טראַגישסטע טעג — ווען ווילנע איז, מיט יעדן טאָג, געבליבן מיט אַלץ ווינציקער יידן. סוצקעווערס דיכטונג טראָגט אין יענע טעג אַ באַזונדער מין שליחות: באַלעבן און אויפהיטן דאָס לשון פון די יידן, וואָס אָט, אָט — און זיי זייבען שוין נישטאָ. מיט עפּעס אַ באַהאַלטענעם כוח האָט ער באַוויזן אַריינצוזינגען אין דעם יידיש פון אַלטן ירושלים דליטע, אַ שפּאָגל־נייעם ניגון, אַ ניגון וואָס טראָגט אין זיך, חוץ די מוראדיקע ליידן און הייליקן טויט, אויך דעם שטאָלצן געפיל פון נצחון און די פרייד פון איבערלעבן דעם שונא.

אמת, נאָכן אומקום פון מיליאָנען, איז די פרייד מער קיין פרייד נישט, און דער נצחון נישט קיין גאַנצער. פונדעסטוועגן בלייבט דאָך דער לייענער ווי געשטילט פאַר דעם ביסל טרייסט און גלויבן וואָס קומט צו אים:

„ביסט נישט פאַרגאַנגען, דיין פוסטקייט איז פול,
פול מיט פאָלק, ווי מיין אויג מיט דער מאַמען.
ערגעץ נאָך פלאַטערט אַ שיימע, אַ שול,
ס'האָט אויף זיי ניט קיין שליטה די פלאַמען".

עס איז בכלל אוממעגלעך צו וועגן און מעסטן די ווערק פון די ניצל-געוואָרענע יידישע דיכטער, די כראָניק-פאַרצייכענער; אין ליד און אין פּראָזע — איז דאָס וואָרט זייערס דורך איבערמענטשלעכן פיין אויף דער וועלט געקומען. ווי קען מען גאָר וועגן און מעסטן לידער וואָס זיינען פאַרגראָבן געווען אין אַ קעלער, און זיינען גאַנץ געבליבן על פי נס?... אַ הויך פון קדושה ליגט אויף אַלץ וואָס איז געשריבן געוואָרן פון די געפייניקטע אין די זעקס-זיבן יאָר פון דער מערדערישער נאַצישער ממשלה.

דער גורל פון אַ דיכטער! דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז דוקא אים, דעם פריידיקסטן צווישן דער גרופּע „יונג-ווילנע" — וואָס איז — ווי ער אַליין דריקט זיך אויס — „געפאַנגען אין אַן אייגענער געזאַנגען־נעץ" — דוקא אים, איז באַשערט געווען צו זינגען דאָס טרויעריקסטע ליד פון יידישן חורבן.

די ביאָגראַפיע סוצקעווערס איז נישט ווינציקער דראַמאַטיש ווי זיין דיכטונג. ווען מען האָט באַדאַרפט האָט ער דאָס ליד זיינס פאַרביטן אויף — דער ביקס! ער איז געוואָרן אַ פּאַרטיזאַן אין די וועלדער. ווען מען לייענט, איבעראַנייס, די לידער פון בוך „די פעסטונג", טראַכט מען דערביי, אַז זיי פאַרמאָגן נישט בלויז שיינקייט אַליין; דאָס וואָרט ווערט דאָ געדעקט מיט דער טאָט גופא. דער פּאָעט־פּאַרטיזאַן האָט דאָ זיין ליריש ליד — וואָס איז, אין זיין אָנהייב, געווען אין גרויסע זוכעניש פון פרייד און עקסטאַז פאַר דער נאַטור — געווענדט צו דער מוראדיקער יידישער טראַגעדיע. אַלץ וואָס ער האָט אַליין איבערגעלעבט און אין יסורים איבערגעטראָגן איז נשמהדיק פאַרוועבט געוואָרן מיט דיליידן פון יידישן כלל. דער טרובאַדור־זינגער פון דער נאַטור, — וואָס דערציילט אונדז מיט חידוש פון „מוראַשקעס", „וועוועריקעס", „בושלען" און „בורשטינען" — איז געוואָרן דער פּאָעטישער שילדערער, דער מקונן פון דער עדה־יידן אין דער „געהיימשטאָט", אונטער די ווילנער וואַסער־קאַנאַלן. דער דיכטער וואָס האָט געזונגען פון דער מעווע, „וואָס שטורעמט

צו די הימלען״ — איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שליח־ציבור, וואָס זוכט דעם זין פון די מוראדיקסטעליידן.

פון די לידער נאָכן חורבן, איז באַזונדערס כדאי צו דערמאָנען סוצקעווערס פּאָעמע „צו פּוילן״. דאָס איז אַ ווערק וואָס וועט בלייבן לדורות. ווייל דאָ קומט צום אויסדרוק די שטימונגען און געפילן סיי פון יחיד און סיי פון כלל. אַזוי האָבן געפילט און געטראַכט די ניצול־געוואָרענע, די שארית־הפליטה, אין די טעג נאָכן נצחון פון גרעסטן יידישן שונא. דער נצחון וואָס האָט גלייכצייטיק אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם גרויזאַמסטן אמת פון דעם גרויסן אומגליק. סוצקעווערס „צו פּוילן״ וועט בלייבן דאָס געדענק־ליד, דער יזכור נאָך די אומגעקומענע, אין לאַנד וואו יידן האָבן געלעבט הונדערטער יאָר. „צו פּוילן״ איז דאָס רירנדיקסטע, פּאָעטיש־טראַגישע געזעגענונגס־ליד פון אַ פּאָעט, וואָס קומט אַ קוק טאָן אויף די חורבות, אין די פּוסטע שטעט אָן יידן; ס׳איז דער נייער „איכה־ישבה״, וואָס באַוויינט דעם דורות־רייכן יידישן אַמאָל. פאַראַן שטעלן אין דער פּאָעמע, וואו דער דיכטער ווערט אויך אַן אַנ־קלאָגער. אמת, ער פאַרגעסט נישט די געציילטע פּאַליאַקן, וואָס האָבן געהאָלפן, דאָ און דאָרט, יידן זיך אויסבאַהאַלטן פון די נאַצישע הענט. אָבער ער ווייסט אויך, אַז:

„קוים האָט פאַרקנעכט דיך דער קנעכטישער שונא,
האָסטו שוין, ביים טרייבן די יידן, אין בוינע,
אַ שרעקלעכע פרייהייט באַקומען ווי קיינמאָל
און האָסט אויפן פייער געגאָסן נאָך בוימל...״

— — — — — — — — — — — — — —

„פאַר מיר האָבן איינציקע העלפער און רעטער, —
אַריבערגעוואויגן פיל טויזנטער פאַררעטער״...

בשעת די געטאָ האָט געברענט, האָט דער פּוילישער שכן, אויף יענער זייט געטאָ־מויער, זיך געפרייט.

„ווי זיי טוען זיך פרעגלען —
געשפּאָט האָבן דיינע געפּודערטע דאַמען,
און דורך לאָרנעטן געקוקט אויף די פלאַמען״...

— „ס׳איז מיר אומעטיק, גאָט״! — („סמוטנאַ, מי באָזשע״!) אַ שורה פון באַרימטן פּוילישן פּאָעט סלאָוואַצקיס אַ ליד, ווערט דורך

סוצקעווערן, אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן, פּאַרוועבט, און איבערגעחזרט מיט דעם לעצטן פערז אין יעדן פון די פיר קאַפּיטלעך אין דער פּאָעמע:

„ס'איז מיר אומעטיק, גאָט מיינער! ווי לאָזט מען איבער,
דעם עמק הבכא, די שטיבער, די גריבער?
ווי שטעלט מען דער פּוסטקייט אַ דענקמאָל, אַ צייכן,
עס זאָל צו מיין אייניקלס אייניקל גרייכן?
וואָס טוט מען, דער נעכטן זאָל ווערן נתגלה
דעם מאָרגן? ווי פאַנגט מען דעם עכאָ פון
אַלע פאַרשניטענע תפילות"? — — — — — — — —

וואָס זעט ער, דער לעצטער פון די אַנטרונענע, אין די חרובע יידישע שטעט? דאָס גרויליקסטע בילד ווייזט זיך פאַר אים אויף די אַלטע, איינזאַם־פאַרלאָזטע יידישע בית־עלמינס:

„אָ, וויי מיר, וויי מיר,
מען זעגט אויף די שטילע בית־עלמינס דיביימער,
דער שפּיגל פון דורות פאַרלירט באַלד זיין אויסזען,
און ערב יום־כיפּור, ביים קבר פון חוזה
אין פּוסטן לובלין — ליגט אַ כאַפּטע שיכורים
און שימלדיק שטיל איז ווי ערב אַ שטורעם.
ביים שטיין פון רמ"א, אין אַלט־פעטערשער קראָקע,
אַ ציג בלאָנקעט אום אין די שאָטנס קאָסאָקע
אַנטפּאַרעמט די רו ביים באַטרעטן אַ ריטל
און צופּט אינעם גראָז אַ פאַרוואַלגערטן קוויטל".

ניטאָ קיין גרעסערע טראַגעדיע — ווי דאָס צוזען, מיט די אייגענע אויגן, ווי הייליקייטן ווערן פאַרשוועכט! נישט בלויז דעם יידן אַליין, זיין נפש האָבן די רשעים געוואָלט אומברענגען, נאָר אויך זיין אמונה. און ווי אַ לעבעדיקער עדות וואָס האָט צוגעזען דעם פּיין, פאַרצייכנט עס דער דיכטער, אין טרויעריקע לידער־שורות, כדי עס זאָל בלייבן אין געדעכעניש פון פאָלק, כדי עס זאָל צו „אייניקלס אייניקל גרייכן"...

* * *

אין די צען־עלף יאָר, זינט אברהם סוצקעווער געפינט זיך אין מדינת ישראל איז אים ווידער באַשערט געוועזן אויפסניי איבערצולעבן דעם באַנייטן פאַרטיזאַנער־קאַמף מיט אַ נייעם שונא אין דער באַפריי־

אונגס־מלחמה אין די יאָרן 48־1947. די דאָזיקע איבערלעבונגען קומען צום אויסדרוק אין אַ צאָל לידער, געשריבן שוין אין דער יידישער מדינה, וואו דער דיכטער האָט געפונען זיין היים. סוצקעווער האָט אָבער כסדר געדענקט די גרוילן פון אַמאָל. ער האָט אין ארץ ישראל, חלילה, ניט פאַרגעסן די יידישע עיר־ואמס, און באַגעגנט אין ישראל די געטאָ־קעמפער און העלדן פון ווילנע, וואַרשע און לובלין. פאַרקערט, וואָס מער ער האָט דערפילט אויף דער ערד פון ארץ ישראל ווי: „יעדער שטיינדל איז מיין זיידע", אַלץ מער האָט ער אונדז דערמאָנט נישט צו פאַרגעסן, אַז די יידישע קעמפער, — אין די וועלדער הינטער ווילנע, אין די בונקערס און אין די געטאָס פון וואַרשע און לובלין, — האָבן זיך געשלאָגן פאַר דער נייער יידישער מדינה; אַז זיי האָבן „אין וואַרשע פאַרטיידיקט דעם קאַסטעל"... ער און זיינס גלייכן, די הונדערטער פאַרטיזאַנער, האָבן „אין דער טויטן־מדינה, געפורעמט די לעבעדיק־היימישע יונגע מדינה".

אין בוך „אין פייערוואָגן" (1952) געפינען מיר אַ שלל מיט מאָטיוון וואו דער גלות ווערט אַריינגעזונגען אין די פרייד־געזאַנגען פון נצחון צום נייעם ישראל. זיי ווערן איינס — ווילנע, די ירושלים דליטע מיט דער אמתער ירושלים. די דיכטער זינגט פון די נייע עולים, ער זעט דעם תחית־המתים פון די געפּאַלענע. אין שטראָם פון יונג און אַלט וואָס קומט אַהיים פון אַלע גלותן, און נישט בלויז זעט ער די היימישע פנימער פון פוילן און ליטע — וואָס קומען פון די לאַגערן אָנצוהויבן אַ לעבן פונדאָסניי, און דערביי בשום אופן נישט איבערייסן מיט „נעכטן"; ער זעט אויך קומען די אָפּגעפרעמדטע ברידער פון איראַק און פערסיע וואָס קענען יענע גלותן אויך אינגאַנצן נישט פאַרגעסן. דער בלינדער זקן פון בבל קומט „טועם זיין די וויינטרויבן פון אַלט־ירושלים", וואָס בעט דער זקן ביי זיין אייניקל זהבה? זיין בקשה איז, אַז זי, זהבה, זאָל „שטילערהייט, למען השם, — אַריינלייגן אין קבר אים דריי שטיינדעלעך פון בבל"...

פאַראַן לידער אין בוך „אין פייערוואָגן", וואו דער דיכטער דער־לויבט זיך אויך אַ שמייכל טאָן. און פריש און קלוג איז דער דאָזיקער שטיפערישער טאָן נאָך אַזוי פיל קינה'ס און האַרצרייסנדיקן געוויין. אין מדינת ישראל, וואו סוצקעווער איז ממשיך זיינע רייף־אויפגייענדיקע שירים אין יידיש, דערלויבט ער זיך צו ענטפערן די שוואַרצע נביאים, וואָס זאָגן אָן כסדר דעם אונטערגאַנג פון יידיש; „זאָל איך אָנהייבן

פון אָנהויב״ ? — פרעגט ער. „זאָל איך, ווי אברהם, אויס ברודער־שאַפט צעהאַקן אַלע געצן״ ?:

„וואָס פאַר אַ קאַטאָווועסדיקע וויצן,
דרשנט מיין פּאָעזיע־ברודער מיט די באַקן־באָרדן,
אַז מיין מאַמע־לשון גייט באַלד אונטער״ ...

„באַקנבאָרדן״ גראַמט ער שטיפעריש מיט „ירדן״ ...

„מיר וועלן נאָך אין הונדערט יאָר אַרום דאָ קענטיק זיצן
און פירן די דיסקוסיע ביי דעם ירדן״ ...

אַן ענלעך־שטיפערישן טאָן הערן מיר אויך אין דעם ערנסטן ליד „די קוויטלעך אויפן קבר פון רב שמעון בן יוחאי״. די קוויטלעך אויפן קבר פון באַרימטן תנא זיינען געחתמעט אין „אינדיש, יידיש, אַראַמייאיש און — אַ קאַפּיטשקע העברעאיש״ ... ר׳ שמעונען, זעט דער פּאָעט, ווי ער לייענט די קוויטלעך: „געמיטלעך ביי דעם אָפּשיין פון הילולא״ ... און דאָ הערן מיר ממש פונעם מויל פון ר׳ שמעונען, די דאָזיקע בענטשנדיקע רייד:

— „אָ, אַ לשון, פול מיט חידוש, —
און ער בענטשט אַ ייד אויף יידיש״ ...

* * *

מיט יעדער נייער לידער־זאַמלונג סוצקעווערס דערשינען אין מדינת ישראל, אַלץ רייפער איז זיין ליד, און אַלץ נעענטער קומט ער צוריק צו זיינע ליריש־פריידיקע נאַטור־מאָטיוון. אָפּקלאַנגען פון בוך „וואַלדיקס״ געפינט מען אין בוך „אָדע צו דער טויב״. דאָס שיין אַרויסגעגעבענע גרויס־פאָרמאַטיקע בוך „סיביר״, מיט די צייכענונגען פון מאַרק שאַגאַל, איז אין תוך דאָס וועלן צוריקגיין צו די קינדער־יאָרן. „סיביר״, האָט סוצקעווער געשריבן אין יאָר תש״י. און פאַראַן קאַפּיטלעך אין דער פּאָעמע וואָס דאַרפן באַגייסטערן דעם ראַפינירטסטן לייענער פון פּאָעזיע, דעם — וואָס זוכט ביים פּאָעט „פון ווערטער — די מוזיק״, דעם חלום פון ליד. די שניי־לאַנדשאַפט וואָס ווערט דאָ אין דער פּאָעמע געשילדערט פאַרמאָגט אַן עקזאָטישע שיינקייט, וואָס איז באמת זעלטן צו געפינען אין דער יידישער פּאָעזיע. אויך די פּאָעמע „סיביר״ איז אַ טייל פון דיכטערס אויטאָביאָגראַפיע. אַ זיבן יאָריק יינגל האָבן טאַטע־מאַמע אים געבראַכט קיין סיביר, אין שכבות פון די שנייאיקע סטעפּעס, „פון די שלאָפנדיקע בערדן״. אָט איז איינס פון די לידער אין בוך „סיביר״:

„ציען מיר אַהיים צום שטילן כּוטער,
בלאָנדזשעט מיין נשמה נאָך אין וואַלד.
און דער וואַלד — אַ גוטער, אַ בּאַרוטער,
וואַרעמט זי אין בּוזעם און באַשטראַלט.
נעמען שטערן מיט געזאַנג מיך קריינען,
שטערן אויפגעבלאָזענע אין ווינט!
און לכבוד שטערן ווילט זיך וויינען...
ביז דער לעצטער בּוים פון וואַלד פאַרשווינדט.
און עס בלייבן שטיין אין שניי די שניטן.
דעמאָלט וועקט מיך אויף דעם טאַטנס קול.
זע איך: די לבנה איז אין שליטן
מיטגעפאָרן צו מיין היים אין טאָל״.

* * *

אין זיין נייעסטער לידער־זאַמלונג „אין מדבר־סיני״, (פרץ־ביבליאָ־טעק, 1957), וואו סוצקעווער זינגט דאָס ליד פון יידישן נצחון, — איז דעם דיכטערס גרעסטע פרייד דאָס איינעמען „שטחים פון צייט מיטן וואָרט״. דער חלום צו „זאַלבן״, אויף די יידישע ווערטער „זויבערנע זילבן״.

פאַראַן לידער ביי סוצקעווערן, וואו דער באַגער „צו שפּאַלטן אַ גראַם ווי אַ מילגרוים און טרינקען״, איז אָפט שטאַרקער ווי איבערגעבן דעם אידייאישן תוכן אין ליד. מען הערט ביי אים ווערטער־קלאַנגען, און גראַמען וואָס דערפרייען. זיי שטערן אָבער, גאַנץ אָפט, צו דערהערן דעם תוך. אויך אין מדינת־ישראל, איז אָט דער באַגער, צו „שפּאַלטן גראַמען״, צו ווייזן שפּראַכלעכע מייסטערשאַפט, און צו זינגען שירה, דאָרט, וואו עס פאָדערט זיך אפשר מער דאָס זאָגן, ווי דאָס זינגען — נישט געשטילט געוואָרן. פאַראַן סיבות דערפאַר. סוצקעווער פילט אויף זיך אַ נייע שליחות: דער־הויבן יידיש אין לאַנד פון די אָבות צו אַ נייער חשיבות. סוצקעווער וויל ווייזן די שטענדיקע שותפות פון יידיש צו עברית. דער פּאָעמע „אין מדבר סיני״, גראַמט ער „דעה״ מיט — „קדש־ברנע״, „בעל״ מיט — „צה״ל״ און „שורה״ מיט „מתן־גבורה״.

די דאָזיקע שפע פון נייע, שפּילעוודיקע גראַמען וועקן האָפענונגען ביי יעדן לייענער פון יידישע פּאָעזיע. דאָס איז אַ געשאַנק, אַ מתנה צו דערפרייען די שטילע צווייפלער פון יידיש אומעטום. אַ דיכטונג וואָס פאַרמאָגט אַזאַ עשירות, אַזאַ שפּרודלדיקן, פרישן ווערטער־קוואַל — טאָר נישט און וועט נישט אַנטשוויגן ווערן.

# יונה ראָזענפעלד

יונה ראָזענפעלדס ווערק, די ליטעראַרישע ירושה וואָס אָט דער העכסט־אָריגינעלער שריפטשטעלער האָט אונדז געלאָזן, פאַרדינט באמת אַז מ׳זאָל זיך דערמאָנען אָן אים אויך אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר, און נישט בלויז צו זיינס אַ יאָרצייט. מיט זיין חריפותדיקן שטייגער שרייבן, מיט דעם תמיד־סוגעסטיוון זוכן אין דער פינצטער, מיט זיין פרעגן און צוריק־פרעגן, און וועמעס ווערק זיינען, אין תוך, איין גרויסער דיאַלאָג וואָס אָט דער באַרעדעוודיקער שרייבער האָט געפירט מיט זיך אַליין, — ער, ראָזענפעלד, דאַרף אונדז, היינטיקע לייענער, שטאַרק פאַראינטערעסירן. אַפילו מיט די קרענקלעכע, אומגעווינלעכע, נישט נאָרמאַלע פאַרשווינען זיינע רופט ער אַרויס אויף דאָס ניי, דעם גרעסטן נייגער. ראָזענפעלד איז ממש דער שרייבער פונעם היינטיקן דור. דער דור וואָס האָט דורכ־געמאַכט וועלט־מלחמות און רעוואָלוציעס, וואָס איז נשמה־קראַנק, צע־שרויפט און צעבראָכן, און פול מיט פחד פאַרן מאָרגן. באַזונדערס דאַרף יונה ראָזענפעלד פאַראינטערעסירן יענע לייענער וועמען עס זיינען נישט פרעמד די ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור, אין וועלכע דער מענטש, זיין פסיכיק, דאָס טראַכטן און פילן זיינס — איז דער הויפט־מאָטיוו. דערביי לאָמיר געדענקען בלייבט ראָזענפעלד עכט יידישלעך, אייגן און היימיש.

לייענט מען ראָזענפעלדן, אין ליכט פון דער היינטיקער צייט, הערט מען נישט אויף צו באַוואונדערן דאָס בהדרגהדיקע וואַקסן פון אַ טאַלאַנט וואָס האָט, דאָס רוב, אינגאַנצן זיך פאַרלאָזט אויף די אייגענע כוחות. דאָס פרימיטיווע אין זיין פּראָזע, באַזונדערס אין די ערשטע ווערק זיינע און אַפילו אין די שפּעטערדיקע באַאַרבעטע דערציילונגען, — ווייזט אויף דער קנאַפּער השפעה פון דרויסן. און דאָך איז ראָזענפעלד מיטן אייגענעם כוח דערגאַנגען צו אַזאַ קינסטלערישער התגלות, צו אַזעלכע אַנטפּלעקנ־דיקע בילדער אין דעם נשמה־לעבן פון זיינע העלדן, וואָס זייער גלייכן געפינט מען נאָר ביי די גאָר גרויסע שריפטשטעלער.

אין איינס פון ראַזענפעלדס סאַמע־ערשטע זאַכן, „דאָס לערן יינגל״, איז שוין קענטיק דאָס טיפע אַריינדרינגען זיינס אין די מחשבות און דמיונות פון זיינע העלדן און דאָס חלומען זייערס אויפן וואַר. שוין דעמאָלט, אין די ערשטע יאָרן פון זיין שרייבן, גייט ראַזענפעלדן שטאַרק אָן דאָס אינעווייניקסטע נשמה־לעבן פון דעם יחיד און זיינע ליידן. צי דאָס איז אַ יינגל, צי אַ דערוואַקסענער. דער מענטש מיט זיינע וואונטשן און חלומות, איז איינס פון זיינע באַליבטסטע טעמעס.

דאָ און דאָרט איז פאַראַן הומאָר ביי ראַזענפעלדן. ס׳איז אָבער אַ ביטערער סאָרט הומאָר, פון וועלכן עס באַקומט זיך ווינציק אמונה אינעם מענטשן, און דורך וועלכן מען זעט רק די שוואַכקייטן פון מענטשלעכן מין; די גראָבקייט, געלט־גייציקייט און גאווה. דאָס לעבנס־געפיל פונעם קינסטלער איז אַזאַ ,ווי ער וואָלט אונדז זאָגן: — פאַראַן אַ סכום צער און פיין וואָס שטייט עפּעס ווי אָנגעגרייט פאַר יעדן בשר־ודם. אַזוי פיל, און אַזוי פיל קלעפּ גיט דאָס לעבן יעדן בעל־חי. קורץ: — דער יחיד מיט זיינע קהלתדיקע טראַכטענישן — דאָס איז דער גרונט־מאָטיוו אין יונה ראַזענפעלדס ווערק.

דאָס לערן־יינגל, בערקע, האָט אַ ביטער לעבן ביי זיין באַלעבאָס. עס איז אַ סאָציאַל בילד. פאַראַן דאָ אָבער נאָך עפּעס וואָס איז ביי ראַזענפעלדן דער עיקר; דעם יינגלס טראַכטן, זיין חלומען אויפן וואַר, און דאָס זען אַזוינס וואָס דער הונגער רופט אַרויס אין זיין דמיון. דאָ, ווי אין די מערסטע ווערק, זוכט ראַזענפעלד, דורך ווערטער שכלדיקע, אָפט פּילפּולדיקע, איבערצוגעבן דאָס אומבאַשטימטע פילן און פאַראויספילן, דאָס טראַכטן און נאָכטראַכטן, פון זיינע העלדן:

„אין קאָפּ, פילט בערקע, בלאָנדזשעט אַרום עפּעס אַ גוטע זאַך, נאָר ער קאָן זיך נישט דערמאָנען וואָס...״

אין אַן אַנדער דערציילונג, „אין שרעק״, פרעגט דער העלד, אברהם־משה, זיך אַליין:

„צי קומט ער, אָט דער געדאַנק פון קלאָרן און וואַכעדיקן צושטאַנד, צי פון אַ חלום איז עפּעס אַזאַ רעשטל פאַרבליבן?...״

אָט דעם רעשטל פון אַ חלום — דאָס נעפּלדיקע אַרומבלאָנדזשען פון די פיצלעך מחשבות אין די נשמה און מוח־ווינקלען, וואָס די העלדן ראַזענפעלדס ווילן זיך רק דערמאָנען אָן זיי, און קענען ניט, — קומט דער קינסטלער צוהילף. זיי, און דעם לייענער, פּרואווט ער דערמאָנען

דאָס אייביק מענטשלעכע פאַרגעסעניש, אַרום וועלכן דאָס לעבן דרייט זיך און פּלאָנטערט זיך טראַגי־קאָמיש אָן אויפהער. און אויב ראָזענפעלדן געלינגט נישט תמיד קלאָר צו באַשיידן די נשמה־פּלאָנטערנישן פון זיינע העלדן, איז דער פּרואוו אַליין שוין אַ גרויסער קינסטלערישער אויפטו, וואָס מיר באַוואונדערן בעתן לייענען זיינע ווערק.

פאַראַן דראַמאַטישע קאָנפליקטן אין ראָזענפעלדס קירצערע און גרע־סערע דערציילונגען. אַ טייל פון זיי, ווי „קאָנקורענטן", האָט ראָזענפעלד אַליין דראַמאַטיזירט. אַ גרעסערן רושם מאַכן, אָבער, יענע דערציילונגען, אין וועלכע די העלדן שווייגן אויס זייערע איבערלעבונגען, און אין וועלכע ראָזענפעלד באַווייזט, מיט זיינע בילדער, מיט דער בלויזער שילדערונג, איבערצוגעבן זייערע טראַכטענישן, זייער שטומען צער און פּיין. צי דאָס איז זעלדע אין דעם בילד „די טרעפּערקע", אָדער די יונגע פרוי אין דער סובטעל־געוואַגטער נאָוועלע „מזל טוב"; די מיס לעדער אין דער גאָר שטאַרקער, דראַמאַטישער דערציילונג „נערא", אָדער גאָר דער אַלטער שווייגנדיקער ייד „מיט דעם צוזאַמענשטעל פון מלבושים", אין דעם אַמעריקאַנישן בילד „די קינדער". זיי און צענדליקע אַנדערע, ענלעכע געשטאַלטן, בלייבן אין זכרון.

ראָזענפעלדס ווערק פאַרמאָגן, דאָס רוב, אַן אויטאָביאָגראַפישן כאַ־ראַקטער. ער פירט אַ מין טאָג־בוך פון זיך און פון זיינע נאָענטע משפּחה־מענטשן פון וועלכע ער האַלט אין איין דערציילן און איבערדערציילן. אין דער נאָוועלע מיטן נאָמען „איך", פאַרזיכערט אונדז דער מחבר אויף זיין פּסיכאָלאָגיש־פּילפּולדיקן שטייגער:

„באַשרייבנדיק זיך וועל איך אָסור ניט ווערן ווינציקער 'איך' ווי איך בין עס דעמאָלט, ווען איך שרייב וועגן אַנדערע..."

יאָ. דער 'איך' איז תמיד דאָ אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן. כאָטש די פולע אויטאָביאָגראַפיע, ווי אַ באַזונדער בוך, האָט ער, צום באַדויערן, נישט פאַרענדיקט.

אין דער נאָוועלע „איך" באַשרייבט ראָזענפעלד זיך אַליין בעת ער איז אַלט געווען איין און צוואַנציק יאָר. ער האָט דעמאָלט גאָר נישט געחלומט צו ווערן אַ שרייבער. אַלץ איז דאָ אַזוי איבערצייגנדיק וואָר, אַפילו דאָס פאַנטאַסטישע, דאָס שרייבעריש־צוגעטראַכטע, פאַרמאָגט אויך דעם כוח פון אמת, ער באַהאַלט דאָ גאָר נישט. אין אַלע אויטאָביאָגראַפישע נאָוועלן, — „איך", „איינער אַליין", און באַזונדערס אין דעם טייל, וואָס

געפינט זיך נאָך אין כתב־יד, — איז ראָזענפעלד צו זיך אַליין אכזריותדיק שטרענג. ער משפט זיך אַליין, זיינע געפילן און טראַכטענישן, ווי ער טוט עס צו זיינע העלדן.

טשיקאָווע ווי אַזוי יונה ראָזענפעלד איז געוואָרן אַ שרייבער. אין זיין איין און צוואַנציקסטן יאָר, האָט ער נאָך אַלץ „ניט געוואוסט, קיין אַנונג ניט געהאַט, אַז ס'איז פאַראַן עפּעס אַ מין שרייבעכץ, וואָס איינער אַ מענטש זאָל אָנשרייבן, „וואָס קאָן נאָר האָבן אַ ווערט, ווען ס'שרייבט ווער צו וועמען אַ בריוו. פון אַ שרייבן אין דער וועלט אַרייַן, שרייבן צו קיינעם ניט, און דאָס זאָל האָבן אַ גרויסן ווערט, וועגן דעם האָב איך ביז דעמאָלט ניט געהערט...”

עס קלינגט ממש אומגלויבלעך ווען מען גיט אַ טראַכט ווי גרויס יענער איין און צוואַנציק יאָריקער ידישער בחור איז אויסגעוואקסן. ראָ־זענפעלד האָט זיכער נישט געזאָגט אַז אַמאָל, מיט יאָרן שפּעטער זאָל מען מיט זיינע דערציילונגען וועלן אילוסטרירן פּרוידן, און „די דינאַמישע פּראָצעסן פון דער מענטשלעכער פּסיכיק”, ווי עס טוט דאָס דער שרייבער און רעדאַקטאָר ג. סאָפּאָזשניקאָוו, אין דעם אַרגענטינער יאָרבוך „דער האַלץ־אינדוסטריאַל” (1953).

פאַראַן ידיש תוכיקס אין ראָזענפעלדס שרייבן. כאָטש די פאָרעם, דאָס לשון זיינס פאַרמאָגט נישט קיין סימן מובהק פון דעם טיף־פאַר־וואָרצלטן און איז, פון אויבנויף, ריין וועלטלעך, אין תוך אָבער טראָגט ראָזענפעלד אין זיך די עטיש־יידישע ירושה פון דורות. דער גאַנצער באַגריף זיינער וועגן קונסט, און די שליחות פונעם שרייבער בפרט. וואָס קומט צום אויסדרוק אין דעם ראָמאַן „ער און זיי”, איז אַ ריין יידישער.

„ער און זיי” איז אַ מין טאָג־בוך פון אַ געוועזענעם שרייבער, וואָס שרייבט — נאָר דרוקט זיך ניט. (איז דאָס ניט געווען דעם קינסטלערס פאָרגעפיל, — די איבערלעבונגען זיינע אין די לעצטע, טראַגישע יאָרן פאַרן טויט, — ער וועט שרייבן און ווינציק־וואָס פאַרעפנטלעכן ?...). דער דאָזיקער שרייבער־העלד פרעגט אָפּ די גאַנצע עובדה פון קונסט און קינסטלער. ס'איז די אייביקע פראַגע וועגן קונסט און מאָראַל וואָס אַ י. ח. ברענער און אַנדערע האָבן געפרעגט. עס איז חצות. אינמיטן נאַכט. און דער געוועזענער שרייבער, וואָס שרייבט, נאָר וואָס זאָגט זיך אָפּ זיין שרייבן ערגעץ וואו צו דרוקן, זיצט און טראַכט זיינע טראַכטענישן און

פירט דיאַלאָגן מיט זיך אַליין: „מעגלעך — זאָגט ער — אַז די נשמה מיינע זוכט איצט איר השתפכות־הנפש אויפן פּאַפּיר אויסצוגיסן אין חצות, אין דעם ערשטן משמר פון דער נאַכט... יאָ. ס'איז נאָך צוועלף. מיט יאָרן און יאָרן צוריק איז אין דער צייט געזעסן מיין זיידע און עלטער זיידע און געקלאָגט על גלות השכינה. פּונקט אַזוי וויינט איצט אין מיר מיין האַרץ, אויף וועמען? אויף וואָס? האָט עס טאַקע אַ גרויסע באַדייטונג? קאָן עס עפּעס טאַקע אויפטאָן פאַר דער אומגליקלעכער מענטשהייט, כאָטש עפּעס, אַ טראָפּעלע?"

כדאי צו דערמאָנען דעם ניט געדרוקטן טייל פון ראָזענפעלדס „אויטאָ־ביאָגראַפיע", וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייענען. דאָס איז אַ ווערק פון גרויסן פאַרנעם. פאַראַן דאָרט די שילדערונג פון אַ יידיש שטעטל, וואָס איז אַזוי אַנדערש פון דער אָנגענומענער שטעטל־טעמאַטיק. דעם גאַנצן שרייבערן כוח, די גאַנצע דערוואָרבנדיקע קינסטלערישע דערפאַרונג זיינע, געפינען מיר דאָ. פאַראַן קאַפּיטלען וואָס לאָזן זיך ניט פאַרגעסן מיט זייער שאַרפקייט, בילדלעכע סובטילקייט און דורכדרינגלעכקייט, און מיט דעם טיף־טיף אַנאַליזירן, שפּאַלטן און צענעמען דאָס געפיל־לעבן פונעם ביין־צען יאָריקן יינגל — דעם הויפּט־העלד פון דער „אויטאָביאָ־גראַפיע". " פאַראַן דאָרט אַ קאַפּיטל וועגן אַ „זאַמד־באַרג", וואָס ראָזענפעלד האָט שוין פריער געשילדערט אין דער דערציילונג „אַ קרבן פון קאַ־פּיטאַל", און וואָס ער האָט דאָ אויף דאָס ניי באַאַרבעט. אַ טראַגישע מעשה ווי אַזוי אַ באַרג מיט זאַמד דעקט פּלוצעם צו און באַגראָבט לעבעדיקערהייט זיינס אַ יוגנט־חבר, און וואָס אָט דער חבר פילט אין די ערשטע מינוטן אונטערן באַרג מיט זאַמד, בעת ער שוועבט צווישן לעבן און טויט...

ראָזענפעלד האָט דאָ, אין דער דאָזיקער באַרג־זאַמד שילדערונג, דער־גרייכט דעם העכסטן קינסטלערישן באַרג־אַרויף, אין זיין שרייבן. און כ'איז אַ ווייטיק און אַ שאַנד וואָס אָט די אויטאָביאָגראַפיע געפינט זיך נאָך אין כתב־יד.

און אָט געדענקט זיך נאָך אַ בילד אין דער אויטאָביאָגראַפיע.

די מאַמע באַקט ברויט און חלה. די חלה קלעפּט זיך צו צום ברויט און לאָזט איבער אַ ווייסן פּאַס, דאָס יינגל ליידט. אין חדר קומען יינגלעך, די אָרעמסטע אַפילו, און זיי ברענגען־מיט ברויט אָנגעשמירט מיט פּוטער, קעז, כאַלוואַ אָדער מיט אַנדערע זיסקייטן; ער, דער אָרעמסטער צווישן די אָרעמע, קומט שטענדיק אין חדר מיט „ברויט מיט... גאָר נישט". נאָר

אָט קריגט ער, דאָס ייִנגל, אַ שטיקל ברויט פֿון דער מאַמען און דאָס דאָזיקע שטיקל ברויט האָט אַ ווײַסן פּאַס פֿון דער חלה, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צום ברויט בעת די מאַמע האָט געבאַקן אויף דער גאַנצער וואָך און לכבוד שבת. דאָס ייִנגל איז פֿול מיט שמחה. ער האָט געבראַכט מיט זיך אין חדר „ברויט מיט... חלה".

די צײַט מיט אירע ליטעראַרישע מאָדעס און היפּוכדיקע מיינונגען האָט, דוכט מיר, קיין שום שליטה נישט אויף יונה ראָזענפֿעלדן. אדרבה, ער איז גאָר היינטיק אין בעסטן און טיפֿסטן זינען פֿון וואָרט. דער שרײַבער וואָס האָט תמיד געוואָלט זיך דערגרונטעווען צום מענטשנס טראַכטן און די שרעק זײַנע פֿאַרן טויט, און מער נאָך, פֿאַרן לעבן. ער איז ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר דער היינטיקער קראַנקער וועלט, מיטן פּחד פֿאַרן פֿולשטענדיקן חורבן מיט וועלכן דער מענטש טראָגט זיך איצט אַרום. מערקווירדיק, ווי אָט דער כלומרשט „ניט־געבילדעטער"" שרײַבער רעדט מיט אַזאַ לויטער קול צום געמיט פֿון טראַכטנדיקן און פֿאַרטיפֿטן לייענער.

שווער איז מסתם אָנגעקומען דאָס בהדרגהדיקע גיין זײַנס באַרג אַרויף, פֿון בוך צו בוך. ניט אַלע מאָל איז אים גרינג אָנגעקומען צו געפֿינען אויסדרוק פֿאַר דער שפּע פֿונעם טיפֿן פֿילן, דאָס אינטואיטיווע אָנען פֿון מענטשלעכן מין. די ליידן פֿונעם מענטש, פֿונעם ייִדישן מענטש, איז ראָזענפֿעלדן, ווי אַ קינסטלער שטאַרק אָנגעגאַנגען. דאָס שרײַבן איז ניט געווען פֿאַר אים, ווי ער אַליין זאָגט, „עפּעס בלויז אַ פּערזענלעכע אינדיווידועלע זאַך פֿון דיר און פֿאַר דיר, וואָס דינט פֿאַרן שרײַבער פֿאַר די אייגענע פּערזענלעכע עגאָאיסטישע צוועקן". ראָזענפֿעלד האָט מיט זײַן שרײַבן עפּעס טיפֿערס געזוכט, ווי עס זאָגט עדות די רײַכע ליטעראַרישע ירושה וואָס ער האָט אונדז געלאָזן.

(1953)

# ברוך גלאַזמאַן

1

שוין מיט דעם ערשטן בוך „באַגינען" האָט ברוך גלאַזמאַן פאַראינ־טערעסירט דעם לייענער מיט זיין אַמעריקאַנישקייט. יידישע פּראָזע־שריי־בער האָבן פאַר אים אויך געשריבן וועגן אַמעריקע, אָבער ביי קיינעם איז אַזוי ניט קענטיק די דורכויס אַמעריקאַניש־יידישע סביבה, — סיי די גרויסשטאָטישע, סיי די, פון די קליינע שטעטלעך, — ווי זי ווערט גע־שילדערט אין גלאַזמאַנס ווערק.

גלאַזמאַן איז געפאָרן קיין איראָפּע, אין דער איראָפּע פון פאַרן גרויסן יידישן חורבן, כדי איינצוזאַפּן אין זיך דאָס אמתע יידישע לשון, וואָס אים האָט זיך געדוכט, אַז אַלע הייבן אָן דאָ צו פאַרגעסן. זיין אַמעריקאַנער יידיש האָט ער געהאַלטן אין איין באַרייכערן. אָבער די בעסערע זאַכן גלאַזמאַנס זיינען דאָך פון די ערשטע יאָרן זיינע, וואָס ער האָט געשריבן אין אַמעריקע און וועגן אַמעריקע.

די ביכער „באַגינען", „אויף אַ האָר", זיינען פול מיט טרויעריקע מעשׂות וועגן אויסגעוואָרצלטע, פאַרוואָגלטע יידן אין דער פרעמד, וואָס לעבן אַליין און בענקען צו זיין צווישן יידן. די העלדן אין די דאָזיקע נאָוועלן האָבן נישט קיין באָדן אונטער די פיס. זיי פאַרמאָגן אָבער, אין כּלל, מער קינסטלערישע באָדן, ווי די פאַרשוינען אין די גרעסערע ראָמאַ־נען, געשריבן אין די יאָרן ווען ער האָט געמאַכט זיינע אָפטע נסיעות קיין איראָפּע, און אין וועלכע עס פיגורירן שוין אַפילו יידן פון פוילן און סאָוועטן־רוסלאַנד. די טעמעס זיינען דאָ גרעסערע, זיי שטייגן אָבער ווייט אַריבער דעם טאַלאַנט זיינעם, פון דעם לירישן מעשׂה־דערציילער וואָס ער איז עס אין תּוך געווען.

די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט האָט ברוך גלאַזמאַן זיך פאַרנומען אויף אַזעלכע וועגן, וואָס זיינען געווען ווי אַ סתירה צו זיין אָנהייב. אַנטוישונג, פאַרביטערטקייט פאַרנעמט אַלץ מער אָרט אין גלאַזמאַנס שרייבן. קיין גוטס

האָט אָט די אַנטוישונג זיין שרייבן ניט געטאָן. דער, וואָס האָט געשילדערט פאַרחלומטע פּאָעטישע נאַטורן פון דער יידיש־אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט, האָט גאָר פּלוצים זיך פאַרנומען צו מאָלן רק שלעכטע מענטשן און כסדר שאַפן סאַטירישע פּאָרטרעטן פון דער יידיש־ליטעראַרישער סביבה.

לייענט מען, אויף דאָס ניי, די גאָר רייכע ליטעראַרישע ירושה, וואָס גלאַזמאַן האָט איבערגעלאָזן, — און געבליבן זיינען פון אים נאָך אַ סך ווערטפולע זאַכן צום פאַרעפנטלעכן, — קומט אויפן זינען דער טראַגישער גורל פון אַ זייער טאַלאַנטירטן יידישן שרייבער, וואָס האָט נישט אויס־געלעבט זיינע יאָרן, און זיך כסדר געראַנגלט, מיט זיך און מיט דער סביבה אַרום, צו געפינען זיין פולן קינסטלערישן תיקון.

אַ פאַרכמורעטער הימל הענגט איבער אַלץ, וואָס גלאַזמאַן האָט גע־שריבן. אויף די פּנימער פון זיינע העלדן זעט מען זעלטן אַ שמייכל. דער אומעט זיינער ווירקט, ווי אַלץ וואָס איז עכט; און ניט ווילנדיק ווערט מען דורכגענומען פון די טרויעריקע רעיונות און טראַכטענישן וואָס באַפאַלן גלאַזמאַנס העלדן. און זייער צער ווערט אַלעמענס צער.

גלאַזמאַנען האָט כסדר ניט צורו געלאָזט די צוקונפט פון דעם אַמע־ריקאַנער ייד. מע האָט דאָס געפילט ווי ער וואָלט מיט יאָרן צוריק נאָך אין זינען געהאַט אונדזערע היינטיק־וועלטלעכע יידן, מיט זייערע איצטיקע גאָט־זוכענישן, אויף דעם היגן יונגן יידישן דור, דעם ענגליש־רעדנדיקן, וואָס זוכט איצט זיין וועג צו יידן און יידישקייט.

ברוך גלאַזמאַן האָט זיך פאַרנומען מיט דער אַמעריקאַניש־יידישער טעמאַטיק. ער האָט זיך געמיט צו געשטאַלטיקן שרייבער־העלדן, לערערס און קאַלעדזש־פּראָפעסאָרן, וואָס פיגורירן אַזויפיל אין זיינע ראָמאַנען. דאָס מאָדנע פּאָר־פאָלק וואָס גלאַזמאַן שילדערט אין דער דערציילונג „ביינאַכט", דאָס דאָזיקע משונהדיקע פּאָר, האָט גלאַזמאַן כסדר געזען אין חלום, און אויפן וואָר, אין אַלע זיינע ווערק:

„און זיי האָבן געלעבט צוזאַמען, זי — דער היינטיקער מענטש, וועמען עס אַרט נישט ווען אַפילו מיט אים וועט אונטערגיין די וועלט, און ער — דער היינטיקער ייד וועלכער וויים, אַז ער איז פון די לעצטע..."

דער היינטיקער ייד אין אַמעריקע וואָס טראָגט זיך אַרום מיטן שטענדיקן געפיל פון שרעק, אַז ער איז שוין פון די לעצטע — דאָס איז געווען גלאַזמאַנס העלד, און וועגן אים האָט ער נאָכאַנאַנד געשריבן אין זיינע דערציילונגען, נאָוועלן און ראָמאַנען.

2

פון א. בעקערמאַנס „גלאַזמאַן מאָנאָגראַפיע" (ניו־יאָרק, 1944), דערוויסן מיר זיך אַביסל וועגן גלאַזמאַנס קינדער־יאָרן; פריער אין די אוקראַינער שטעטלעך קאָפּיקעוויטש, מאָזיר און שפּעטער אין קיעוו. גלאַזמאַן איז געקומען קיין אַמעריקע אַ יונג בחורל, מיט אַ היפּשן באַגאַזש וויסן, יידיש און וועלטלעך וויסן. ער האָט אויך געלערנט אין ישיבהס, און אין יאָר 1908 טרעפן מיר אים אין ליקדע, ניט ווייט פון ווילנע, אין ריינעסעס ישיבה. לויט בעקערמאַנען קומט אויס, אַז גלאַזמאַן איז אין זיינע יונגע יאָרן אָפּגעפרעמדט געווען פון יידישן מאַסן־לעבן. פאַראינטערעסירט אין יידישער ליטעראַטור איז דער יונגער ברוך געוואָרן דורך די באַגעגענישן מיט זיינע דעמאָלטיקע גאָר יונגע חברים אשר שוואַרצמאַן, דוד האָפשטיין, נחום אויסלענדער און ד. וואָלקנשטיין — די שפּעטערדיקע דיכטער און קריטיקער. „די עלטערנס סביבה — שרייבט בעקערמאַן, — איז צוליב זייער מסחר געווען אַ פאַרגויאישטע, אַ רוסיפיצירטע און ברוך איז קנאַפּ געקומען אין קאָנטאַקט מיטן יידישן לעבן". אין אַמעריקע האָט גלאַזמאַן זיך אויך תחילת געפונען אין אַ ניט־יידישער סביבה, בעת ער האָט געלערנט אין דעם מלוכה־אוניווער־סיטעט אין קאָלאָמבוס, אָהייאָ. „האָט זיך טאָקע, דעריבער", — מיינט בעקערמאַן — „אויספאָרמירט אין יונגן בחור אַ מין אינערלעכע פרעמד־קייט, באַגלייט מיט אַ טיף־נאָגנדיקער בענקשאַפט צו אומבאַקאַנטע ווי אַנגעוואוירענע וואָרצלען". דאָס איז גאַנץ מעגלעך. אונדז דוכט זיך אָבער, אַז מע דאַרף די טיף־נאָגנדיקע בענקשאַפט גלאַזמאַנס, און די אָפּגעפרעמדקייט זיינע, זוכן ערגעץ טיפער. אין זיין כאַראַקטער גופא איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים תמיד איזאָלירט, און וואָס ער האָט זיך אין ערגעץ קיין אָרט ניט געפונען, און זעלטן, וואו עס איז, זיך געפילט אין דערהיים... שפּעטער קומט צו אויך זיין פאַרביטערטקייט און אַנטוישונג, וואָס קומט צום אויסדרוק אין זיין בוך „אין גאָלדענעם זומפּ", און אין ראָמאַן „ברוויט", דאָס לעצטע בוך זיינס, וואָס גלאַזמאַן אַליין האָט נאָך צוגעגרייט צום דרוק, און וואָס איז דערשינען אַ יאָר נאָך זיין טויט. ביידע ביכער פאַרמאָגן שטעלן וואָס לייענען זיך אויטאָביאָגראַפיש. דער ראָמאַן „ברוויט" איז אָבער קינסטלעריש איבערצייגנדיקער, און איז בכלל מער געלייטערט. מע דערפילט די ליידן פון דעם העלד קאַרלין. די דאָזיקע יסורים האָט גלאַזמאַן אַליין, משמעות, דורכגעלעבט אין יענע הונגעריקע

קריזיס־יאָרן, די יאָרן פון „ברעדליינס", און הואווערווילס. חוץ ב. דעמב־לינס ראָמאַן „וועסט סייד"", וואָס שילדערט אויך, און העכסט קינסט־לעריש, יענע קריזיס־יאָרן, ווייסן מיר ניט פון נאָך אַ ראָמאַן אין יידיש וואָס זאָל געבן אַזאַ געטריי בילד וואָס אַ קליינע יידישע משפחה גייט דורך, אין די הונגער־יאָרן, בימי הואווער, אין דער רייכער און זאַטער אַמע־ריקע, — ווי ברוך גלאַזמאַנס ראָמאַן „ברויט".

קאַרלין, דער לערער, — דאָס איז אַ פּאָרטרעט פון זיך גופא, — „איז אַן אומעטיק שוויגנדיקער מענטש, — אין ליכטיקע מינוטן אַ שמייכל־דיק־שוויינדיקער". גלאַזמאַן שילדערט די ליבשאַפט זיינע צום ווייב און קינד; די זאָרג פאַרן מאָרגן; און דאָס קראַנק ווערן פון זיין יינגעלע דודל. די דאָזיקע שטעלן דערמאָנען אין גלאַזמאַנס בעסערע נאָוועלן. אויך דאָ, ווי אין די מערסטע ווערק, פּאַראינטערעסירן גלאַזמאַנען די ספקות, די טראַכטענישן פון דעם היינטיקן יידן אין דער גרויסער שטאָט. און די פאַלשקייט פון די כלומרשטע פריינד מיט וועלכע אַ היינטיקער גרויס־שטאָטישער מענטש איז אַרומגערינגלט;

„וואָס העפטיקער און לײדנשאַפטלעכער ער האָט געזוכט אַר־בעט, אַלץ ווייטער זיינען עפּעס די שטעלעס פון אים אַנטלאָפן, און אויסטערליש, אויסטערליש... צוזאַמען מיט אָט־די באַשעפטיקיונגען וואָס האָבן זיך פון אים אַלץ אַרויסגעדרייט, איינער נאָך דעם אַנדערן, האָבן זיך פון אים אויך דערווייטערט אַלע גוטע פריינד און באַ־קאַנטע, זיינע אַלטע פריינד פון יאָרן און יאָרן..."

אינטערעסאַנט, וואָס דווקא אין די גאָר לעצטע יאָרן, פאַרן טויט, איז אין גלאַזמאַנס שרייבן געווען צו דערקענען אַ מער באַרואיקט, אַ מער שמייכלענדיק געמיט. עדות דערויף איז די דערציילונג „די גרויסע בענק־שאַפט", וואָס איז פּרעמירט געוואָרן פון דער „צוקונפט". פאַראַן אין דער דאָזיקער דערציילונג שטימונגען פון ערב יום־טוב, אַ חלום פון דער יוגנט, און דער טיפער וואונטש, אַז דער דאָזיקער חלום — די ערשטע ליבע פון אַ יינגל — זאָל ניט צעשטערט ווערן. דאָס איז, באמת, געווען אַ צוריקגיין צום אָנהייב, צו די לירישע מעשות פונעם בוך „באַגינען", די תמימותדיקע און גאַנצע, ווען די גרויע ווירקלעכקייט טרעט אָפּ, און דער נעאָ־ראָמאַנטיקער הייבט ווידער אָן זען זיינע פאַנטאַסטיש־אויסגע־חלומטע געשטאַלטן:

„דאָס האָרץ" — ביי דעם שרייבער קירשבוים — „איינגעטונקט אין

אַ שטימונג פון אַ ניט־געווײנלעך לאַנגן יום־טוב, גיכער עפּעס פון אַ לאַנגן זיסן חול־המועד...״

צווישן די דורכויס־אָריגינעלע און מער אויסגעהאַלטענע דערציילונגען געהערן „וועלוול אַגרעס״, „מיסטער בי״, און „שטילע ווערטער״. פאַראַן נאָך. און אין אַ טייל פון זיי איז גלאַזמאַן ניט אָן פרעמדער השפּעה, באַזונדערס פון טאָמאַס האַרדי. שוואַכער זײַנען די „מאַן־און־ווײַב־געשיכטעס, וואו דער מאַן ווערט תמיד אָפּגענאַרט פון דער פרוי, ווי אין דער דערציילונג „אַ שיף אויף ברייטע וואַסערן״, אַ מעשה וועגן אַ וואוילן מאַטראָס, ניקאָלאַס, און איינער, אַ מאַדאַם באַלדעמאַראַ. שטאַרקער זײַנען די דערציילונגען וואו די מיסטעריע פון טויט, דאָס פּאַטאַלע און פינצטערע, שוועבט אַפילו צווישן די פּאָלירטע, קילע, און באַוואוסטזיניק־אויסגערעכנטע זאַצן און ווערטער. דאָס פרעמדע ווערט דאָ אייגן. און ס׳איז דער גורל פון מענטשן וואָס דער דיכטער זעט געפאַנגען ווי אין אַ פינצטעלע; זייערע מינוטן און רגעס לעבן, ציען זיך ווי אין אַן אייביקייט. דרײַ מענטשן: פאַרשיידן זײַנען די סיבות פון זייער מוטשנדיקן טראַכטן און צווייפלען. זיי פּייניקט ניט אַזוי דאָס באַוואוסטזיין פון דעם סוף, וואָס זיי אָנען, ווי דאָס דערוויילעקע, דאָס איצטיקע ניט־וויסן...

„אין שטילע ווערטער״ לייענען מיר וועגן אַן איינזאַם טעלעפאָן־מיידל, אַ דאָרפישע; זי הערט אַן אומבאַקאַנט קול פון אַ מאַן, ערגעץ אויף מײַלן ווײַט, וואָס דאַרף אָנקומען אין דאָרף, און עס לאָקט איר זײַן קומען; און אָט איז „מיסטער בי״, דער פאַרהאַוועטער, פאַרביזנעוועטער מאַן, וואָס וואַרט, אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה, אויף זײַן פרויס אַהיימקומען, און עס באַפאַלט אים אַ פּחד און אַ פרייד צוגלייך; אפשר האָט עפּעס פּאַסירט אַן אומגליק מיט זײַן פרוי, און ער ווערט ענדלעך אַ פרייער מענטש. און לסוף: — וועלוול אַגרעס, דער בעל־חלומות, מיטן שטענדיקן צווייפל אין האַרצן, מיטן חושד זײַן דאָס ווײַב זײַנס אין אומטרייקייט, און דאָס ניט וויסן אויף זיכער... עס הענגט דאָס גליק זייערס אויף אַ דין משקולת. אָט פאַלט עס זיי אין די הענט אַרײַן, און אָט פאַרשווינדט עס אינגאַנצן. אין אַ קליין פּינטעלע, אין אַ מינוט — אַ מינוט אַן אייביקייט — קאָנצענטרירט זיך זייער ביז־אַהעריק און אויך ווייטערדיק לעבן, און די דאָזיקע „מינוטן״ צו באַלעבן, צו געבן זיי קינסטלערישן שטח און פולקייט, דאָס איז געווען גלאַזמאַנס כוח. מיט אַ וואונדערלעכער טעכניק, און מיט אַ געשליפנקייט פון לשון איז גלאַזמאַנען געלונגען צו פאַראינטערעסירן אין די דאָזיקע

וואַקלענדיקע ספקות, פאַרפּלאָנטערטע און דין־וועבנדיקע, וואָס געפינען זיך אין די טונקלסטע לאַבירינטן און מוח־קעמערלעך פון זיינע העלדן.

ניט בלויז וועלוול אַגרעסעס לעבן הענגט אויף אַ האָר. אויך דנען, אין דעם ראָמאַן „אויף אַן אינדזל", „חלומט זיך אויפן וואָר, ווי ער הענגט אַזוי אויפן שפּיץ פון אַ שטאַנג". אַן אַנדער פאַרשוין, מאָנאָט, זאָגט וועגן זיך:

„כ'לאָז זיך דאָך אַזוי גרינג אָפּנאַרן. כ'וויל דאָך אַזוי שטאַרק מען זאָל מיך אָפּנאַרן... אַז ס'קומען דאָך אַן מינוטן, ווען איך ווער מיד, מיד, טויט־מיד פון דער קלאָרקייט פונעם וויסן..."

3

אַן די פּראָבלעמען, כאָטש אָפט גאַנץ אַקטועלע, אַן די אידייען וואָס גלאַזמאַן האָט אַזוי קונציק אַריינגעוועבט אין זיינע ראָמאַנען, וואָלט זיין טאַלאַנט, דער ריין־מאָלערישער, זיך מער אָנגעזען. אָבער גלאַזמאַן האָט זיך ניט באַנוגנט מיט זיין פיינעם אָנהייב, פון אַזעלכע דערציילונגען ווי „ביין יידן", „דער אייביקער שבת", „גאָלד פון די פענצטער" און אַנדערע, וואו דער ריטם פון זיין פּראָזע איז אַזאַ אָרגאַנישער, להיפוך צו דער צוצויגנקייט פון זיינע גרעסערע נאָוועלן. פאַראַן אין די קלענערע מעשות אַזאַ וואונדערלעכע תמימות און מעשהדיקייט וואָס שלאָגט מיט לויטערער חכמה צוגלייך.

„באַרקאַן פלעגט טראַכטן מיט זיין בלוט". אַזוי טראַכטן דאָס רוב העלדן גלאַזמאַנס. די געדאַנקען, אָבער, דאָס טראַכטן גופא, האָט אין זיך לעבן. אין „משפחה פּיקודאַ", האָט די פרוי פון זאַכאַרי פּיקודאַ „אין דער שטילקייט פון די ליידיקע חדרים געקענט הערן ממש ווי ער טראַכט". אויף איר געלעגער ביינאַכט פלעגט זי זיך אָפט באַמיען איינצושלאָפן, ווייל אין געדאַנק האָט זי געהערט „ווי זיינע מחשבות גייען אַרום אין דער פינצטער..."

גלאַזמאַן האָט גוט געקענט די יידישע ווי די ניט־יידישע אַמעריקע. ער האָט ביי זיין אָנהייב גלייך דערפילט די וואַקלדיקייט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין זיין ראָמאַן „פונאַנדערפאַל". וואָס האָבן מיר דאָ ניט? חוזק, צביעות און מרה־שחורה, און ספקות ביי די אין וועמעס הערצער עס טליעט נאָך אַביסל אמונה. אַ בענקעניש נאָך אַן אייגן לעבן. די העלדן שליי, טורין זעען מיר נישט קלאָר געניג. גלאַזמאַן קומט צוריק צו זיי

אין ראָמאַן „אויף אַן אינדזל", בייטנדיק בלויז זייערע נעמען, געבליבן זיינען די זעלבע בעלי־חלמות, די וואָס פילן זיך שטענדיק אין דער פרעמד און וואָס פרעגן און ענטפערן זיך אַליין. אין דער דערציילונג „ביינאַכט" פילן מיר שטאַרק די דאָזיקע אָפּגעפרעמדטקייט און בענקעניש פון וועלן צוריקקומען צו זיך, צום אייגענעם יידישן קוואַל. דאָס האָט די בענקשאַפט צו אַן אייגן יידיש לעבן, דער טיפער פאַרלאַנג פון ניט פאַרשלונגען ווערן דאָ און אונטערגיין — אויסגעחלומט די מיסטעריעזע געשטאַלט פון דעם אומבאַקאַנטן ייד. עס איז דער היינטיקער ייד אין אַמעריקע אין זיינע פאַר־שיידענע גילגולים.

אין דער דערציילונג „אויף דיין לאַנד" געפינען מיר שוין אַביסל בטחון — אַזאַ זעלטענע זאַך ביי גלאַזמאַנען. דאָ ווערט דערציילט פון דריי דורות: טאַטע, זון, איניקל. און אינטערעסאַנט זיינען די טרייסט־ווערטער פון זיידן וואָס מען געפינט אין דער צוואה:

„איצט שטאַרב איך מיר רואיק אין פרעמדן לאַנד. ווייל דאָ איז פאַרט וואַרעמער. דאָ וועל איך דאָך זיין באַגראָבן אויף דיין לאַנד. איך שטאַרב און איך וועל אויפשטיין אין דיר אין דיין לאַנד."

אין כלל גענומען, איז גלאַזמאַנס לעבנסגעפיל געווען אַ טראַגישער. די אַלע ריסן אין דער נשמה פון זיינע העלדן האָבן זייער מקור אין אים גופא. אים האָט צוגעטראָפן דער פאַרמלאַזער לעבנס שטייגער פון דער יידישער אַמעריקע. און וואָלט אים אַפילו אויסגעקומען צו לעבן אויף אַן אַנדער קאָנטינענט וואָלט אויך עפּעס טרויעריק־חלומדיקס, און ווייטס, אַרויסגעשטראַלט פון אים. זאַכארי פּיקודאַן, דעם אָפּשטאַמיקן פון אַ משפחה זעלבסטמערדער, האָט גלאַזמאַן געבראַכט קיין אַמעריקע. דאָ לאָזט ער אים זיך נעמען דאָס לעבן. אָבער דאָס קערנדל — די זעלבסטמאָרד־ירושה — קומט פון יענער זייט ים. דאָ איז די טונקעלע געשטאַלט, — נאָך טונקעלער און פרעמדער. אָבער שוין דאָרט איז דאָס לעבן פון אָט־דעם משונהדיקן מענטשן געווען אַ פרעמדס, אַן אַרויסגעריסנס פון אַן אַנדער סביבה. עס וואָלט אומעטום, ווייזט אויס, דערגאַנגען צו גלאַזמאַנען מענטשן פרעמדלעכע צו זיך אַליין, פאַרעקשנטע, אַן אַ באַדן, פון ערגעץ־אַרויסגעריסענע, און אין ערגעץ ניט אָנקומענדיקע. אָבער ווי טראַגיש, צעריסן עס זיינען די העלדן גלאַזמאַנס, — באַגלייט זיי אַ חלום, אַ לויטער־קייט, אַ יום־טוב. אַפילו דעם פינצטערן זאַכארי פּיקודאַן, דעם מרה־

שחורהניק, גייט נאָך אַ פּרייטיק־פּאַרנאַכטיק געזאַנג, דער ליכטיקער ניגון פון „במה מדליקין״. און ער הערט דעם קלאַנג פון שטויסן צימערינג אין אַ שטויסל. ס'איז די זעלבע ליכטיק־חלומדיקע בענקעניש, וואָס די גע־ציילטע קינדער־געשטאַלטן גלאַזמאַנס, — ראַיעלע, ראובעלע, און משה־לע, — האָבן צו ווייטער לענדער, צו ימען און אָקרענטן. שפּעטער האָט טאָקע גלאַזמאַן די אויפגעוואַקסענע ראובעלעך און ראַיעס געבראַכט צו טייכן און ימען, און אויף אָקרענטן, מיט ליכטיקע פענצטער, וואָס שווימען אין די נעכט ווי צו אַ ווייטן ליכטיק־גרויסן יום־טוב.

אַמעריקע איז געווען שטאַרק פאַרטראָטן ביי גלאַזמאַנען מיט אירע ימען און טייכן. דער לירישער מעשה־דערציילער קומט צום אויסדרוק ביים ברעג פון אַמעריקעס וואַסערן. דאָ האָט זיך זיין פאַנטאַזיע צעבליט, ווי אין דעם וואונדערלעך־שיינעם פינפטן קאַפּיטל אין דעם ראָמאַן „אויף אַן אינדזל״. ס'איז אַן אַמעריקע פון אויפן ים, פון נאָך ניט אויף דער יבשה. פאַר די אומעטיקע געשטאַלטן אין גלאַזמאַנס ווערק איז דער ווייטער, ענדלאָזער רוים, דער אָפענער ים, מער צוגעפּאַסט צו זייער פאַרטראַכטקייט און שווייגן.

און אפשר? ווער ווייס? וואָלט ברוך גלאַזמאַן ניט אַזוי יונג אַוועק פון אונדז, — אין עלטער פון 52 יאָר — וואָלט ער אפשר אָנגעהויבן אויך צו זען די סמנים פון דער היגער, יידישער איינגעזעסנקייט, — די תושבים אויפן לאַנד. ער וואָלט זיך אפשר געווען דערוואַרט אויפן יענעם צענטן ייד, אויף וועלכע די אייביקע „ביין יידן״, האַלטן אין איין וואַרטן אויף אַ מנין, צווישן וועלדער, צווישן פעלדער: אַז „אפשר וועט זיך באַווייזן אַ פערד און וועגעלע, אפשר וועט זיך באַווייזן אַ ייד אינעם אַוונט״?...

# דניאל טשאַרני

אין דער שטאָט מאָסקווע, אין דעם ווינטער פון יאָר 1919־1920, — ווען אין דער שטאָט פון דער רעוואָלוציע האָט געבושעוועט הונגער, קעלט און כלערליי חולאתן, און ס׳איז געווען דעמאָלט, ווי טשאַרני זאָגט, „אַזוי לייכט צו שטאַרבן אין מאָסקווע", — אין יענעם ווינטער האָט דניאל טשאַרני פאַרטראַכט צו שרייבן זיין „אייגענע ביאָגראַפיע אויף מאַלע וואָס עס מאַכט זיך".

דער „מאַלע וואָס עס מאַכט זיך" איז געגנוג, און נויטיקט זיך נישט אין קיין שום התנצלות. דעמאָלט, אין דעם מסוכן־קאַלטן מאָסקווער ווינטער האָט קיינער נישט געוואוסט וועמעס מאָרגן עס איז; „זאָל כאָטש פאַרבלייבן פון מיר אין דער יידישער ליטעראַטור — האָט דאַן גע־טראַכט דער צוויי און דרייסיק יאָריקער דיכטער — „וועלכער איז שפּור"...

מיר האָבן אָבער דאָס געפּיל, אַז עס זיינען פאַראַן, אין תוך, טיפערע סיבות, וואָס האָבן געשטויסן דאַן דעם „יינגסטן מעמואַריסט" אָנצוהייבן שרייבן זיינע מעמואַרן. דאָס עצם דערציילן, דאָס מאָלן בילדער פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, דאָס שטרעבן צו געבן אונדז פול־קינסטלע־רישע פאָרטרעטן פון זיך און פון זיין דור, — דאָס פאַרנעמט אַן עיקר, און איז אַ טייל פון זיין גאַנצער שריפטשטעלערישער טעטיקייט. זיינע שפּאָרעוודיקע, קערנדיקע לידער זאָגן עדות אויף דעם. אין אַ ליד זיינס, „מיין פילם", געשריבן נאָך אין יאָר 1913, דערציילט ער אונדז שוין, אַז „אַלע מיינע לידער זיינען ביאָגראַפיש, ס׳ווערט אין זיי פאַרצייכנט, קינאָ־מאַטאָגראַפיש אַלץ, וואָס כ׳האָב געטראָפן אין מיין וואַנדער־לעבן". ווי יונג טשאַרני איז דאַן געווען, רעדט ער שוין בבחינת זקן, פון אַ „וואונדער־לעבן", אין נוסח פון דעם געבאָרענעם קינסטלער־מעמואַריסט. געוויס, יעדער דיכטער, ווי ריכטיק עס זאָגט ערגעץ טאָלסטאָי, שרייבט רק פון זיינע קינדער־יאָרן, דורך פרעמדע, כלומרשט אויסגעטראַכטע העלדן. ביי טשאַרנין איז עס בתכלית הפשטות. ער ציט די יניקה פון זיין איי־גענער ביאָגראַפיע און פון די לעבעדיקע העלדן, וועלכע ער רופט אָן

ביי זייערע אמתע נעמען. טשאַרני טוט עס דערביי גאַנץ יידישלעך, ווי אַ מין סגולה צו אריכות־ימים, פאַררעדנדיק דעם טויט, און דעם מלאך־המות, מיט וועלכן ער פירט אַן אמתע מלחמה פון קינדוויַיז אָן.

די דאָזיקע מלחמה האָט דעם דיכטער געלייטערט אין אַ פרי גע־וואָרענער רייפקייט, אין אַ מין „יונגן־עלטער", וואָס האָט אים געלערנט די חכמה פון לעבן, און פאַרשטאַרקט ביי אים דאָס געפיל פון רחמנות צו אַלע גאָטס־באַשעפענישן אויף אַן אופן, וואָס מיר געפינען נאָר ביי דעם עכטן קינסטלער־הומאָריסט. טשאַרניס הומאָר איז אים געשענקט געוואָרן דורך זיינע טיף־טרויעריקע איבערלעבונגען. ס'איז אַ הומאָר, וואָס ווערט געבוירט פון טיפן טראַגיזם. דאָס רירנדיק „יתום־ליד" צום פאָטער זיינעם אַנטפּלעקט פאַר אונדז אָט די פריע רייפקייט, און דער־קענטעניש פאַרן לעבן:

„ביי דעם שיין פון דיין מצבה
צייל איך תמיד מיינע יאָרן,
אין די ווייען פון דיין גסיסה
האָט די מאַמע מיך געבאָרן.

און מיין קינד־האַרץ האָט געירשנט
יענע אַלטע טיפע סודות,
וועלכע האָבן שוין געצייטיקט
אין די הערצער פון די ייִדעס.

יאָ, איך בין אַ יונגער זקן,
מיין געדאַנק איז גרוי געוואָרן,
ווען ביים ווידוי פון דיין שטאַרבן
האָט די מאַמע מיך געבאָרן".

די פּראָזע, די מעמואַרן זיינען געקומען שפּעטער, אָבער שוין אין די ער־שטע לידער טשאַרניס איז גלייך קענטיק יענער סטאָאיש־רואיקער און טיף־טראַכטנדיקער בליק אויף צוריק, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם, וואָס איז אַ לאַנגן און שווערן וועג געגאַנגען, און ער האָט אונדז צו דערציילן פון אָט דער לאַנגער לעבנס־נסיעה...

דניאל טשאַרניס ערשטער בוך מעמואַרן — די „משפחה כראַניק", איז דערשינען אין ווילנע אין יאָר 1927. איצט פילט דער דיכטער, מיט רעכט, אַז יענע דעמאָלטיקע מעמואַרן זיינען געשריבן געוואָרן „צו בחיפּזונדיק און צו

קאָנספּעקטאַרטיק". דאָס שטעטעלע דוקאַר, מיט די האַרציקע יידישע פאָלקס־מענטשן, פון וועלכע טשאַרני טראַכט, אַז „מיר לעבן אין זייער זכות", האָבן זיך ממש געבעטן מ׳זאָל עס אויפסנייַ באַשרייבן. אין דעם בוך „דוקאַר", וואָס דער שרייבער גרשון פּאָמעראַנץ האָט אַרויסגעגעבן אין זיין טאָראָנטאָ־פאַרלאַג „טינט און פעדער", איז טשאַרני אויך איינער פון די דיכטער שליח־ציבורס, וואָס באַוויינען דעם גרויסן יידישן חורבן אין מזרח־אייראָפּע. טשאַרני האָט זיך אויפסנייַ דערמאָנט אין זיין שטעטל דוקאַר, וואָס איז געבליבן איצט, ווי אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע, — אָן יידן. פון דער „משפחה כראַניק" איז אַזוי אַרום געוואָרן די כראָניק פון אַ גאַנצער יידישער עדה... דער דיכטער זעט דאָס שטעטל זייַנס אין שיין פון דער גרעסטער יידישער קאַטאַס־טראָפע; ער זעט אויפסנייַ די שיינקייט און די תמימות פון אירע פרומע תושבים. די האַרציקע ליבשאַפט, וואָס האָט געהערשט אין זיין אייגענער משפחה שפּאַנט דאָ אַריבער די שוועל פון דער מאַמעס שטוב און פילט אָן די לופט פון אַלע גאַסן און געסלעך אין דוקאַר.

טיפער באַנעמט איצט דער דיכטער, אין זיין פיר און זעכציקסטן יאָר, די רייד און טראַכטענישן און דעם סוד פון קיום, וואָס האָט דער־האַלטן די עדה יידן אין מיטן דעם ים פון רשעות און פּיין; מענטשלעכער דערשיינען פאַר אונדז די אַלע געשטאַלטן, זייַנע פעטערס און מומעס, וואָס פריער האָבן זיי געלעבט אין שאָטן פון זייער הויפּט־העלד. אמת, אין דער „משפחה־כראַניק" און שפּעטער אין זיין בוך „באַרג אַרויף" (1935) זייַנען די פאַרשוינען פון שטעטל קינסטלעריש געשטאַלטיקט, אַזוי, אַז זיי האָבן כולל געווען, ווי יעדע קונסט־שאַפונג, אויך אַנדערע יידן פון די שטעטלעך אין ווייסרוסלאַנד און ליטע; איצט אָבער איז צום קינסטלערישן נאַראַטיוו, פונעם בוך „דוקאַר", צוגעקומען אויך דער עלעגישער יזכור־מאָטיוו נאָך אַ שטאָט מיט יידן וואָס זייַנען שוין נישטאָ. דאָס בוך „דוקאַר" ווידמעט טאַקע דניאל טשאַרני „דער שוועס־טער מירל — אומגעקומען אין מינסקער קרייז"... אין די ראַנד־באַ־מערקונגען, אין די זייטיקע אגב־אורחאָס, צו יעדן דערמאָנטן שטעטלשן יידן, קומט אויך צום אויסדרוק טשאַרניס אייגענע עלעגיע אין פּראָזע, דאָס קינה־זאָגן נאָך די מיליאָנען אומגעקומענע.

אויך די שילדערונגען פון זיין אייגן שטיבל, די ברידער און די האַרציקע געשטאַלט פון דער מאַמען פון די פינף זין, „ווי די פינף פינגער פון האַנט", די שוועסטער מירל, און באַזונדערס דאָס בילד פון

זיין פאָטער דעם חבדניק, דעם ערלעכן און פרומען, — זיינען דאָ אַרויס־געקומען פולער און קינסטלעריש־לעבעדיקער. פּאַטעטיש לייענען זיך טאַקע די שטעלן וועגן פאָטער. זיי האָבן אַ טאָפּלטן ווערט. עס איז דאָך דער פאָטער פון אַזעלכע גרעאַטענע זין, די שפּעטערדיקע אויסגעוואַק־סענע שריפטשטעלער־ברידער, שמואל ניגער, ב. וולאַדעק און דניאל טשאַרני!

טשאַרני האָט זיין פאָטער, ווי מיר לייענען עס אין דעם אויבנדער־מאָנטן „יתום־ליד", נישט געקענט. דעם דיכטער־מעמואַריסט לאָזט עס אָבער נישט רוען. אין בוך „דוקאַר" ווערן מיר געוואָר ווי ער האָט גע־רופן „קאָנפערענצן" פון זיינע עלטערע ברידער, און זיי אויסגעפרעגט, „וואָס זיי געדענקען וועגן טאַטן". אָט רעדט ער צו זיין קרוב, הרב ניסן טעלושקין, וואָס איז געווען רב אַמאָל אין דוקאַר און „איינגעזאַפּט אין זיין זכרון די אַלטע מעשות און לעגענדעס וועגן דער טשאַרני־משפּחה". און טיילן פון זיי לייענען מיר טאַקע אין איצטיקן בוך.

אומפאַרגעסלעך איז דאָס בילד וועגן יענעם פרייטיק ווען דער פאָטער זאב איז געשטאָרבן:

„מיין ברודער שמואל איז דענסטמאָל אַלט געווען נישט מער ווי פינף יאָר. אָבער ער געדענקט גאַנץ גוט ווי מען האָט אים געשיקט אין שול אַריין אָנזאָגן די יידן אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן".

שטעלן אין דער דאָזיקער שילדערונג, פון יענעם פרייטיק, פאַר ליכט־בענטשן, פאַרמאָגן אין זיך די פשטות און שטיל־איינגעהאַלטענעם טרויער, וואָס מיר געפינען אין שלום־עליכמס „פונעם יאַריד"; אויך שלום־עליכם דערציילט אונדז וועגן אַזאַ שבת ווען ס'שטאַרבט די מאַמע, און מען לאָזט די יתומימלעך נישט וויינען:

„באַלד נאָך ליכט בענטשן", דערציילט אונדז טשאַרני, „איז דער זיידע ר' יואל אַוועק אין שול אַריין מקבל שבת צו זיין, און ווען ער איז נאָך מעריב געקומען צוריק אַהיים האָט ער געמאַכט קידוש איבער די צוויי אָפּגעדעקטע חלות און מען האָט געגעסן די שבתדיקע סעודה, ווי עס וואָלט ביי אונדז אין הויז קיין זאַך נישט פּאַסירט"...

דעם דאזיקן טיף־טרויעריק בילד פארענדיקט דער דיכטער אין גרויס באוואונדערונג פאר דער מאמען: „וואס האט געקענט פאלגן דעם שווער אירן און נישט פארשטערן, חלילה, דעם שבת קודש מיט יללות און אלמנה־יאמערייען״...

אז מען לייענט דאס בוך „דוקאר״ באוואונדערט מען מער פון אלץ דאס הומאנישע, דאס פינטעלע מענטש, וואס דער דיכטער זוכט צו גע־פינען ביי די העלדן פון זיין לעבנס־ביאגראפיע. דערמיט איז „דוקאר״ א צייטיק בוך. און דווקא איצט, ווען עס לעבט נאך אין אונדז דאס גע־דעכעניש פון דעם גרעסטן יידישן אומגליק, זייגען אזעלכע ביכער ווי טשארניס „מעמוארן״ א סגולה פאר דעם טרויעריקסטן לייענער. מען גע־פינט דא צוריקביים מענטש דעם צלם־אלוקים. א וועלט פון צדקות און רחמים אנטפלעקט פאר אונדז דער קינסטלער־כראניקער פון „דוקאר״. ער פארגעסט אפילו נישט א גוטן גוי, א דאקטאר פון מינסק, ביי וועלכן ער פלעגט זיך ייִנגלווייז היילן. דורך הומאר, דורך א מעשהלע, דערציילט, דרך אגב, געווינט טשארני פאר אונדז צוריק די אמונה אינעם מענטשן. טשארני איז מסביר דעם פוילישן דאקטאר פון מינסק וואס אזוינס עס איז „עסן טעג״... נאך דער דאזיקער לעקציע פון דעם פאציענט זיינעם, דעם ישיבה־בחור, זאגט זיך דער דאקטאר אפ צו נעמען ביי אים דאס זילבערנע פערטעלע פארן וויזיט: „ביסט דאך איין דומער יונגע״, זאגט צו אים דער דאקטאר. „נעם צוריק דיין פערטעלע און דא האסטו נאך איינע פון מיר — זאל דוכטן, אז דו עסט אויך ביי מיר״...

„דוקאר״ איז א מענטשלעך בוך. און מיר זיינען דאנקבאר דעם דיכטער דניאל טשארני פארן געדענקען און אויפלעבן פאר אונדז אט די שטילע און גוטהארציקע געשטאלטן, אין וועמעס זכות די וועלט האט א קיום.

אין פאריז איז אויך לעצטנס דערשינען דניאל טשארניס א בוך גע־קליבענע „לידער״, מיט צייכענונגען פון דעם יידישן מאלער בען. ארויס־געגעבן איז דאס דאזיקע לוקסוס־שיינע בוך מיט דער הילף פון דעם ביאלאסטאקער צענטער אין ניו יארק, און דעם קאמיטעט פון די „פריינד פון ביאליסטאק״ אין פאריז. בלויז צען לידער געפינען זיך אין אט דער פרעכטיק־שיינער אויסגאבע. קליין אין צאל, גיבן די לידער דאך איבער דעם תמצית פון טשארניס פאעטישן פארמעג, פון זיינע

וואַנדערונגען, פון די שטעט ווילנע, נוישאַטל, זשענעווו, מאָסקווע און פּאַריז. די לידער זיינען דאָ געקליבן ווי אויף אַ פּערל־שנור.

דער באַגאַבטער מאַלער בען האָט צו יעדן פון די געקליבענע לידער געגעבן זיינע אילוסטרירטע צייכענונגען. אַפילו דער הדיוט (דער לעימען), קען דאָ זען, אַז דער קינסטלער בען האָט די לידער טשאַרניס פאַרשטאַנען און געוואָרן איינס מיט זייער אינהאַלט, מיט זייער ריטם, און מיט דער שטימונג פון יעדן פון די צען שירים.

דאָס בוך „לידער" עפנט זיך מיט אַן אויטאָ־פּאָרטרעט פון דעם מאַלער, און מיט אַ רעפּראָדוקציע פון אַן אויל־פּאָרטרעט זיינס פון דעם דיכטער. פאַראַן אַ וועלט פון צער אין געוויין אין אָט דעם סובטעל־געמאָלענעם בילד, וואָס בען האָט געמאָלן פון דניאל טשאַרניין. די צייכענונגען צו די לידער פאַרמאָגן אַ טרויעריקע שיינקייט, ווי ס'וואָלט עמעצער געזונגען אַ טרויעריקן ניגון, צער אויף אַ לעבן וואָס איז אַוועק, און וועט זיך קיינמאָל מער נישט אומקערן צוריק — — —

# י. י. טרונק

## (וועגן די ביכער „פוילן" און די „פאָלקס־מעשיות")

### א.

ווי אין די מערסטע אויטאָביאָגראַפיעס ווערן אין דעם זיבן בענדיקן ווערק „פוילן" אַרויסגעפירט פּאַרשוינען וואָס האָבן נישט אַלע מאָל אַ שייכות איינער צום אַנדערן. אָט ווי עס איז, אַ שטייגער, דער פֿאַל אין בעלעטריסטישע ביכער, וואו העלדן מיט סתירה־הדיקע כאַראַקטערן ווערן אַפילו מיט אַ כיוון צוזאַמענגעבראַכט כדי אונטערצושיידן זייער אַנדערשקייט.

צווישן די פיל־צאָליקע העלדן אין דעם ווערק „פוילן" קומען זיך, פונדעסטוועגן קרובהש צונויף דריי פאַרשיידנאַרטיקע יידישע משפחות און זייערע הויזגעזינדן; צוערשט קומט דאָס הויז פון ברוך גזשיבאַדזש, דער מאַמעס פאָטער. דער זיידע ברוך איז פון די לעבעדיקסטע און סימ־פּאַטישסטע געשטאַלטן אין די ביכער „פוילן". דאָס איז געווען אַ ייד פון וועלדער און גיטער, וואָס אַפילו אין זיין רייכקייט — דערציילט אונדז טרונק — „האָט דער זיידע נישט געביטן זיין אַלטן שטייגער. ער איז געבליבן אַ פּראָסטער דאָרפישער ייד און געהאַט אַ קנאַפּע השגה אין אַ בעסערן עולם הזה ווי אַ גוטער קנאָבל־באָרשט מיט קאַרטאָפל"...

דאָס צווייטע הויזגעזינד וואָס פאַרנעמט אַזאַ חשובן אָרט אין די ביכער „פוילן" איז פון זיין פאָטערס צד, וועמעס „יחוס איז אַ צווייאיקער. פון איין צד אַ לומדישער און פון דעם צווייטן צד אַ רבישער". דאָ פירט טרונק אַרויס די גאונישע געשטאַלט פון זיין עלטער־זיידע ר' יהושיעלע קוטנער, ר' יהושיעלעס זון, ר' משה פנחס, און די רבישע געשטאַלטן וואָס זיינען מיט דער דאָזיקער לומדישער משפחה פאַרבונדן. צווישן די דאָזיקע צוויי משפחות קומט צו אַ דריטע משפחה, אַ באַרימטע אין גאַנץ פוילן; דאָס איז די גבירישע פאַמיליע „די פריוויסעס". „דער לייב פון די חסידישע גבירים אין פוילן" — ווי מ'האָט גערופן דעם פאָטער פון אָט דער משפחה— ר' ישעיה פריוויס. דער גאַנצער פערטער באַנד — פון די זיבן בענד

„פוילן״ — איז טאַקע געווידמעט דער דאָזיקער גבירישער משפחה פון עשירות און גאווה, אין וועלכער י. י. טרונק ווערט אַריינגענומען ווי אַן אײדעם פון ר׳ ישעיה פּריוויסעס זון, ר׳ משהל.

י. י. טרונקס „פוילן״ איז מער ווי אַן אויטאָביאָגראַפיע. אמת, טרונק אַליין ווערט אַלץ מער דער צענטער פון דעם ווערק. נאָר געשריבן איז דאָס דאָזיקע אויטאָביאָגראַפישע ווערק מיט דער כוונה — ווי טרונק זאָגט אין דער הקדמה צום ערשטן בוך — אויסצושטעלן „דאָס בילד פון מיין לעבן אין די ראַמען און אין שייכות מיט דעם בילד פון דעם יידישן לעבן אין פוילן״. טרונק וויל דאָ שאַפן אַזוינס וואָס זאָל ווערן דאָס אַלזייטיקע און טיפע קונסט־בילד פון דעם פוילישן יידן. דער פאַרנעם איז באמת אַ גרויסער. אין ס׳רוב פון די ביכער „פוילן״ קומט צום אויסדרוק י. י. טרונק מיט זיין אייגנאַרטיקן הומאָר, —אַ הומאָר פון גוזמאדיקע בילדער און שאַרזשן אין וועלכע ער שילדערט יידן און יידענעס און הייסט זיי אָפּשפּילן קאָמיש־ערנסטע שפּילערייען. אין אַ טייל פון די ביכער איז, פאַרקערט, נישטאָ קיין שפור פון הומאָר נאָר גאָר דער היפוך דערפון. דאָ איז י. י. טרונק ביז גאָר ערנסט און פול מיט מעדיטאַציעס און טיפע טראַכטענישן. די ערנסטקייט דערמאָנט אין טרונקן דעם עסייאיסט און פילאָזאָפירנדיקן שרייבער וואָס טייטשט אַריין אין זיינע אַלט־מאָדישע משפחה־כאַראַקטערן די היינטצייטיקע תורה פון פּסיכאָאַנאַליז. טרונקט זוכט און געפינט ביי די העלדן זיינע אַזעלכע קאָמפּלעקסן וואָס פּאַסן גיכער דעם היינטיקן מענטשן אין די גרויסע שטעט איידער יענע יידן פון די דערפער און קליינע שטעטלעך. מאָדנע קאָמיש און היפּש שאַרזשירט קוקן אויס אַ סך פון די קרובים זיינע און סתם יידן פון לאָדזש און פון וואַרשע, וועלכע טרונקט אַנאַליזירט אַזוי עכט פּראָווידיאַניש זייערע כאַראַקטערן. דאָרט ווידער וואו טרונק פאַרגעסט דעם היינט־וועלטיקן פּסיכאָלאָגישן צו־גאַנג צו די פאַרשווינען זיינע, קומט צום אויסדרוק זיין ליבשאַפט צו אַ טייל העלדן, און, פאַרקערט, דעם ביטול און די איראָניע וואָס ער טראָגט צו די גבירים, צו די פּריוויסעס און זייערע ווייבער — ווי צירעלע פון פּלאָנסק — און צו אַלע בעלי־גאווהניקעס אין די רייכע הייזער. מ׳זעט אין די דאָזיקע שילדערונגען דעם ביטערן שמייכל טרונקס, וואָס פילט די נאַרישקייטן פון דער מענטשלעכער בריאה. דאָ לאַכט ער ס׳גרעסטע געלעכטער פון די אויפגעקומענע גבירים, מיט זייערע בייכער און מיט דער נאַרישער גאווה זייערער. אַן אומגעהויערע ליבשאַפט האָט ער אָבער צו די פּראָסטע לייט, צו די דאָרפס־מענטשן, צו אַלע גאַנצע און געזונטע

פאַרשווינען וואָס זשליאָקען בלינדערהייט פון לעבן און נעמען וואָס עס קומט זיי.

***

זכרונות און בילדער געשריבן פון אַן עסייאיסט — דאָס איז דער איינדרוק וואָס מען האָט בעתן לייענען די ביכער „פוילן". און שטאַרקער און אמתדיקער איז י. י. טרונק דאָרט וואו ער גיט איבער די סביבה פון די חסידישע גוטע יידן, חסידים און סתם יידן לומדים. זיין עסייאיסטיש־פילאָזאָפישער נוסח פון שרייבן באַקומט דאָ מער האַפט. אויך דער הומאָר איז אין די דאָזיקע בילדער נישט אַזאַ פאַרשפּיצט־שאַרזשירטער — נאָר פאַרקערט, אַן איידעלער. טרונקן געלינגט בכלל איבערצוגעבן, ווי זעלטן ווער זיינס גלייכן, — אין דער איצטיקער אַזוי נישט־ראָמאַנטישער תקופה פון לעבן — די תמימות פון די תורה־מענטשן וואָס זיינען אינגאַנצן אויסגעטאָן פון עולם הזה. די צעחושטקייט פון די, וואָס זיינען אַריינגעטאָן אין די העכערע ענינים, זיינען אים נאָענט. אַזוי, למשל, געדענקט זיך גוט דאָס צוואַנציקסטע קאַפּיטל פונעם ערשטן בוך „פוילן", וואו ער דער־ציילט פון זיין עלטער־זיידע ר' יהושיעלע קוטנער און פון סאָכאַטשאָווער רבין ר' אברהמעלע, און דעם לייכטן ברוגז וואָס איז צווישן אָט די גאונים אַנשטאַנען צוליב אַ דין־תורה פון אַ ייד אַן אַרענדאַר. אַ קליינשטעטלדיק רבל לויפט פון איין גאון צום צווייטן נאָך אַ שאלה־ותשובה, מחמת דאָס רבל האָט: „נישט ריכטיק אויפגעשריבן דעם שטר־מכירה, און צוליב דעם קען דער אַרענדאַר ווערן אַן אָרעמאַן איבערנאַכט, און די הונדערטער פעסער בראַנפן חמץ שעבר עליו הפסח טאָר מען נישט פאַרקויפן און נישט האָבן פון זיי די מינדסטע הנאה"... אין דעם דאָזיקן בילד וואָס איז געשריבן, — ווי ס'רוב בילדער זיינע וועגן חסידישע גוטע יידן, — פון מעשה בתוך מעשה, — איז קענטיק דער גאַנצער טאַלאַנט פון י. י. טרונק, וואו דאָס עסייאיסטישע און דערציילערישע קומט זיך האַרמאָניש צונויף. דאָ געלינגט טרונקן אויף אַן אמת איבערצוגעבן אַ פאַרביק „בילד פון די דעמאָלטדיקע יידישע צושטאַנדן פון פוילן".

דאָס אַליין וואָלט אָבער נישט געווען גענוג. דאָס וואָלט געווען קול־טור־געשיכטע. טרונק מאָלט אָבער און לעבט אויף פאַר אונדז, ווי אַ קינסטלער. די צוויי גאונישע געשטאַלטן און זייער כאַראַקטער און דער גאַנצער גייסטיקער מהות זייערער ווערט אונדז קלאָר. פאַראייביקט ווערט דאָ אַזוי אַרום דאָס שיינע, דאָס גייסטיק־דערהויבענע פון דעם פוילישן יידן.

מער ווי איין בילד פון דער חסידישער סביבה אין פוילן געפינען מיר אין די ביכער „פוילן". דער אופן ווי י. י. טרונק איז, למשל, מסביר דעם דרך פון קאָצקער רבין, ר׳ מענדעלע, ווען ער ווערט אַלץ מער מיזאַנטראָפּיש און שיידט זיך אָפּ פון זיינע חסידים און פּראַוועט התבודדות; אָדער ווען טרונק דערציילט אונדז, אַ שטייגער, פון דעם וואורקער רבינס תורה און זיין דרך אין חסידות, איז ער אָריגינעל, אייגנאַרטיק און אַזוי אַנדערש פון דעם אופן ווי עס באַשרייבן רבייאישע געשטאַלטן אין בעלע־טריסטישער פאָרם, די פאַרשיידענע חסידות־פאָרשער. י. י. טרונק איז אַ בן־בית אין די אינעווייניקסטע חדרים פון חסידות אין אַמאָליקן פוילן. און ער באַוויזט צו באַלעבן די תורה פון דעם חסידישן גוטן יידן ביים איבערגעבן אויך דעם כאַראַקטער און דעם טיפערן איך פון רבין גופא.

בכלל געלינגט טרונקן אַרויסצורופן מער פאַראינטערעסירטקייט ביים לייענער צו די תורה־מענטשן, חסידישע רביים און רבנים, ווי צו די פשוטע, געזונטע פאַרשוינען, וועלכע ער מאָלט דווקא מיט אַ סך ליב־שאַפט. עס איז צום פאַרשטיין די תשוקה פון איינעם וואָס האָט זיך תחילת אויפגעהאָדעוועט אין אַ דאָרף, און איז אויפגעוואַקסן געוואָרן שפּע־טער אין דער מסיבה פון חסידות און גייסטיק־גבירישער אַריסטאָקראַטיש־קייט, צו וועלן אידעאַליזירן סתם פיזישן כוח און די געזונטע פאַרלאַנגען פון די ווייניק איבערגעשפּיצטע און פרימיטיווע מענטשן. די גייסטיקע וועלט אָבער איז אים דאָך נענטער. דאָס בילד פון דעם חסידישן שלש־סעודות אין אַלעקסאַנדער שטיבל, בין השמשות, געדענקט זיך מער ווי דאָס באַשרייבן פון זיין שוואָגער הערץ פישמאַן, דאָס לאָשיקל און נאַטור־קינד וועמען טרונק באַזאונדערט. און ר׳ מאיר מענדעלסאָן, וואָס לאָזט נישט אויפהויבן אַ פינף־הונדערטער פון דער ערד מחמת ער האָט אים פאַרלוירן לעבן קלויסטער און מ׳דאַרף זיך אַראָפּבייגן כדי אים אויפ־צוהויבן, — קריצט זיך איין מער אין זכרון ווי די אַלע אומצאָליקע דאָרפס־יידן, די אויסטערלישע פעטערס און שדכנים וועלכע ער שילדערט אָפּלאַכעריש און שאַרזשירט.

איינס פון די שענסטע שטעלן אין דעם ווערק איז דאָס בילד וואָס ער מאָלט פון דער באָבע בלימעלע, די טאָכטער פון ר׳ יצחק וואורקער, ווען זי קומט קיין וואַרשע צו טרונקס חתונה:

„ר׳ יצחק וואורקערס טאָכטער האָט נישט געוואָלט וואוינען צוזאַמען מיט אַלע מחותנים אין האָטעל פּאָזנאַנסקי, נייערט — ווי עס איז געווען

איר טבע — האָט זי געוואוינט ערגעץ אויף טמאַטשע אין אַ קעלער ביי אַלטע וואורקער חסידים״ . . .

די באָבע בלימעלע מיט די אָרעמע חסידישע ווייבער שפּאַנען שבת צו די פּריוויסעס, צום „שול פירן״ אין די רייכערע גאַסן פון וואַרשע, אויפן גזשיבאָוו:

„פון דער מאַטשע צום גזשיבאָוו האָט מען געמוזט אַדורכגיין אַ גוי־אישע גאַס און דאָ האָבן די ווייבער אָנגעהויבן פעסטער צו שפּאַנען מחמת זיי האָבן זיך מיטאַמאָל געפילט פאַרלאָזן פון שבת און פון יידן״ . . .

אַ שטיק יידישע וואַרשע, דער מער גייסטיקער טייל אירער, ווערט דאָ אַזוי פּשוט און אַזוי וואונדערלעך איבערגעגעבן. די חסידישע אָרעמע ווייבער זיצן אין דעם רייכן פּאַלאַץ פון די פּריוויסעס. זיי עסן דעם שבת־אויבס וואָס מען דערלאַנגט זיי פון זילבערנע כלים, נאָר פריילעכער איז מען דאָך אין די אייגענע אָרעמע קעלערן: „פאָרט האָט דאָרט תמיד גע־הערשט אַ חסידישע פריילעכע האָפערדיקייט. מען האָט געלעבט מיט גרויס בטחון און אמונה אין רבונו של עולם, אין זיינע צדיקים און אין זיינע יידן. אַ ייד ווערט נישט פאַרלאָזט. אויב מען הונגערט אַמאָל אונטער — דערפאַר זיינען מיר דאָך יידן אויף דער וועלט, אַבי אויף שבת וועט שוין דער רבונו של עולם זיינע יידן נישט פאַרלאָזן. מען איז טאַקע אָרעמעלייט, אָבער דאָך פריילעך וואָס מען איז יידן און וואורקער חסידים״ . . .

ווען טרונק באַשרייבט די באָבע בלימעלע און די וואורקער חסידים איז נישטאָ קיין שמץ פון זיין אַפּלאַכערישן, גוזמאדיקן אופן פון שילדערן מענטשן און סיטואַציעס. אין אַזעלכע בילדער דערנעענטערט זיך טרונק צו דעם וואָס ער איז אויסן אין זיין ווערק. אויסצושטעלן דאָס קונסט־בילד פון דעם פּוילישן יידן וואָס איז שוין נישטאָ נאָר וועמעס גייסטיקע געדעכעניש לעבט נאָך אין אונדז און וועקט כדר דעם פאַרלאַנג צו זען אים אין זיין נשמה יתירה, אין די שבתדיקע מלבושים און נישט אין זיין וואָכעדיקן הילוך.

## ב.

דער פינפטער באַנד „פּוילן״ טראָגט אויף דעם שער־בלאַט דעם נאָמען פּרץ. עס איז נישט סתם אַזוי אַ ווידמונג. דאָס גאַנצע בוך איז געשריבן אין גייסט פון דעם דיכטער פון די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״.

י. י. טרונק דער עסייאיסט האָט דאָ, אין פינפטן בוך, די אויבער־

האָט איבער טרונקן דעם בעלעטריסט. אין גאַנצן ווערק „פּוילן" קומט אייגנטלעך פאָר אָט דער געראַנגל צווישן דעם קריטיקער און שילדערער; צווישן דעם פילאָזאָפיש־עסייאיסטישן שמועסער און דעם דערציילער, וואָס זעט אָפּט מענטשן אין די קאָמישסטע סיטואַציעס. אויך דאָ שיל־דערט טרונק ס׳רוב פון זיינע שרייבער־העלדן נישט אָן הלצה. קומט עס אָבער צו פּרצן אַליין, דאָ ווערט טרונק לויטער ערנסט און פייערלעך.

אין פינפטן באַנד „פּוילן" שטייט דער מחבר נישט מן הצד פון זיינע העלדן, ווי ס׳איז געווען דער פאַל אין די פריערדיקע ביכער. פּאַרקערט, ער אַליין ווערט אַלץ מער די צענטראַלע געשטאַלט. אָבער אַלץ וואָס טרונק דערציילט וועגן זיך האָט אַ טיפע שייכות צו דער סביבה און צו די נאָענטע מיטמענטשן, די שרייבער, און קינסטלער, מיט וועלכע ער קומט זיך צענויף. דורך די זכרונות פון דער קינסטלער־וועלט ווערן אונדז מער פאַרשטענדלעך י. י. טרונקס שפּעטערדיקע באַטראַכטונגען פון שרייבער און ווערק.

מיר לייענען דאָ וועגן י. י. טרונקס אייגענע ליטעראַרישע פרילינג־טעג. עס ווערן דערמאָנט נעמען פון דיכטער, דערציילער און קריטיקער: בעל מחשבות, ש. ניגער, דר. א. מוקדוני, מנחם, אפרים קאַגאַנאָווסקי, ה. ד. נאָמבערג, אברהם רייזען, צבי הירשקאָן, ש. ל. קאָווע און נאָך און נאָך. אַ טייל פון די דאָזיקע זכרונות, וועגן די דעמאָלסטדיקע יונגע און עלטערע דיכטער און דערציילער, לייענען זיך ווי עסייען אין מיניאַטור. טרונק איז נישט אויסן דאָ צו מאָלן פּאָרטרעטן פון יעדן פון די שרייבער. אָבער יעדער פון זיי, וועמען ער דערמאָנט, אַפילו פאַרבייגייענדיק, קומט אַרויס גענוג לעבעדיק, אַז מיר זאָלן זיי דערקענען לויט די ליטעראַרישע פיזאָנאָמיעס זייערע. דער עיקר — מיר זעען זיי ווי טרונק וויל, אַז מיר זאָלן זיי זען.

אין זיין טיפער פאַרערונג און פּיעטעט צו פּרצן זעט טרונק דעמאָלט יעטווידן שרייבער מיט די אויגן פון פּרצן גופא. דער אופן אָבער ווי טרונק גיט איבער פּרצעס געדאַנקען, און אַפילו דאָס וואָס ער האָט געהערט פון פּרצעס מויל איז אויך על פּי נוסח טרונק. סוף כל סוף געדענקט יעדער שרייבער וואָס אים ווילט זיך געדענקען. די השפּעה וואָס יעדער קינסטלער שעפּט פון אַ צווייטן, אַ פריערדיקן פון אים, ווערט שפּעטער מיט יאָרן אַ טייל פון זיין אייגן גייסטיק האָב־און־גוטס.

אָט דערציילט אונדז טרונק אויף זיין עכט־תמימותדיקן שטייגער, וואָס פּאַרמאָגט אין זיך חכמה צוגלייך — ווי די יונגע יידישע דיכטער

אין יענער צייט, אין די יאָרן פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג, האָבן „אָנ־געהויבן צו זוכן קאָמפּליצירטערע און מאָדערנערע פאָרמען אין דער יידישער דיכטונג", און עס איז ביי אַ טייל פון זיי געווען אַ מאָדע „נישט צו האַלטן פון שלום עליכמען און פון אברהם רייזענען. דעם ערשטן האָבן זיי באַטראַכט פאַר אַ „נישט ערנסטן" הומאָריסט, און דעם צווייטן פאַר אַ זינגער פון פשטות און קאַרטאָפּליעס". פּרץ פלעגט זיך לאָזן אַמאָל „מאָמענטאַל פאַרכאַפּן פון די דאָזיקע פרומע אימפּאָטענטע גלאָצע־נישן", אָבער נישט אויף לאַנג. וועגן פּרצעס באַוואונדערונג פאַר שלום עליכמען דערציילט טרונק איצט אין אַ טאָן פון חרטה:

„מיר זיינען געווען צו יונג און אַליין אויבנאויפיק כדי צו באַנעמען די יידישע טיפקייט פון שלום־עליכמס שאַפונגען. אין אַ געשפּרעך מיט פּרצן האָב איך מיט גרויס פּאַטאָס איבערגחזרט דעם גאַנצן פּזמון און זיך באַמיט אונטערצושטרייכן שלום עליכמס ווינציקע פאַרדינסטן אין דער יידישער ליטעראַטור"... פּרץ האָט אים אָבער געענטפערט מיט אַ „וויטיקלעך קול":

— „ניין, טרונק, איר פאַרשטייט אַבסאָלוט נישט שלום־עליכמען. אָבער איך האָף אויף אייך, און איך גלויב אַז איר וועט שלום עליכמען „פאַרשטיין".

געטראָפן האָט פּרץ. דאָס קען מען זען אין די צוויי טיפע אַרבעטן פון י. י. טרונק וועגן שלום עליכמען: „טוביה און מנחם מענדל אין יידישן וועלט־גורל", און „שלום עליכם, זיין וועזן און זיינע ווערק".

וועגן אברהם רייזענען האָט פּרץ, ווי טרונק גיט איבער, אַמאָל אַ זאָג געטאָן:

„אויף צעפּיקעניש אַלע נשמה־קוועטשער, לייכטן רייזענס קאַר־טאָפּליעס מיט די ליכטער פון די זיבן זונען"...

אַן אויסנאַם מאַכט טרונק, ווי אונדז דוכט זיך, מיט דוד פרישמאַנען, וועמען ער מינימיזירט אָן שום אײנזעעניש. דוד פרישמאַן האָט בכלל ווינציק מזל ביי אונדזערע זכרונות־שרייבער. דער ענין „פרישמאַן־פּרץ" איז, מיט אַלע אויפקלערונגען און פירושים, פונקט ווי די טעמע „פּרץ־שלום עליכם", נאָך נישט אין גאַנצן קלאָר. לויט טרונקן קומט אויס אַז דוד פרישמאַנס גאַנצע ליטעראַרישע עובדה איז באַשטאַנען בלויז אין באַקעקמפן פּרצן. האָט דאָך פרישמאַן איבערגעלאָזט ליטעראַרישע אַר־בעטן, און נישט בלויז נעגאַטיווע — עסייען וואָס לייענען זיך איצט נאָך גאַנץ געשמאַק, וועגן העברעאישע און יידישע שרייבער. גענוג צו דער־

מאָנען פרישמאַנס „מכתבים על דבר הספרות", די עסייען זיינען וועגן מענדעלען און ביאַליקן. טרונק איז, אַ שטייגער, מוחל נאָמבערגן וואָס „אים איז דערווידער געווען די רביסטווע וואָס האָט זיך געפירט אַרום פּרצן. זיין סקעפּטיציזם האָט נישט געליטן קיין שום איינגעגלויבט זיין אין אַ מענטשן, מעג עס זיין פּרץ". אָבער פרישמאַנען, וואָס איז אויף זיין שטייגער אויך געווען דורכגעדרונגען פון אַ מין סקעפּטיציזם, — אים איז טרונק נישט מוחל. פרישמאַן קומט אַרויס ביי טרונקן „אַ קלאַסישער טיפּ פון אַ שריפטשטעלערישן עפּיגאָן"... טרונק פאַרזעט בפירוש פרישמאַנס גרויסע פאַרדינסטן פאַר אונדזערעביידע ליטעראַטורן. די טעותן וואָס פרישמאַן האָט געהאַט בנוגע פּרצן פאַרדינען אַ מער אָביעקטיוון פירוש. אַלענפאַלס מינערן זיי בשום אופן נישט פון פרישמאַנס חשיבות. דער נאָמען פרישמאַן מיינט נאָך איצט זייער פיל אויך פאַר דעם ייִנגערן דור שרייבער און לייענער.

* * *

דאָס פינפטע בוך הויבט זיך אָן מיט פּרצן און ענדיקט זיך מיט ארץ ישראל און דעם אויסברוך פונעם ערשטן וועלט־קריג. פאַראַן אין צווישן אייניקע זייער לעבעדיקע קאַפּיטלעך וואָס שילדערן די יידיש־חסידישע גבירים אין לאָדזש. מיט יעטווידן אויטאָביאָגראַפישן ווערק זיינען אומפאַרמיידלעך צופעליקע פאַרשוינגען, אָפט זייטיקע, וואָס כאַפּן זיך אַריין אין געדעכעניש פון דעם מחבר, און בעטן זיך ער זאָל זיין דערמאָנען. אויבנאויף האָבן זיי נישט די מינדסטע שייכות צו דער אַנטוויקלונג און גייסטיקן וואוקס פונעם שריפטשטעלער. צווישן דער שילדערונג פון פּרצעס ליטעראַרישער שטוב און די פּאָעטיש־פילאָזאָפישע רייזע־איינדרוקן פון צפת און ירושלים, — וואָס פאַר אַ שייכות האָבן טאַקע דאָ די לאָדזשער יידיש־חסידישע גבירים, די ווינערס און די וואָידיסלאַווסקיס?... אין תוך אָבער איז דער איבערגאַנג פון איין סביבה אין דער אַנדערער פאַר אים נויטיק. זיי אַנטפּלעקן די אינערלעכע נסיונות פון אַ יידישן קינסטלער וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ זיידן־העמדל, וועמען אָבער די רייכקייט האָט אָפט מער געשטערט, איידער געהאָלפן אים קומען צום וואָרט. טרונק שאַנעוועט ניט די רייכע העלדן פון די משפחה פּריוועס. אַ סך ליבשאַפט פאַרמאָגט ער אָבער צו דער משפחה פון זיין זיידן ר' ברוך גזשיבאַדזש, און צו דער משפחה פון זיין עלטער זיידן ר' יהושיעלע קוטנער. ביידע, סיי די געזונטע באַטור־מענטשן אין דעם דאָרף דלוטאָוו, סיי די לומדישע פעטערס, די אַפּשטאַמיקע פונעם קוטנער

גאון, האָבן טרונקן געגעבן אַזוינס, פון וועלכן ער קען זיך קיינמאָל נישט שיידן.

עס איז טרונקן נישט גרינג אָנגעקומען, מחמת זיין רייכקייט — אַן אײדעם פון די באַרימטע פּריוויסעס, — צו ווערן איינס מיט דער יידיש־ליטעראַרישער סביבה. אין דער לאָדזשער טאָג־צייטונג „פאָלקס־בלאַט", האָט לאַזאַר קאָהן „פאַרבאַהאַלטן און געגעבן אָנצוהערעניש פּרצן ווי אַזוי ער פאַלט אויס אַריינצונעמען אַ גבירישן יונגערמאַן אין דער געזעל־שאַפט פון יידישע שרייבער". טרונק דערציילט עס נישט מיט פאַרדרוס. פאַרקערט, ער וויל דערמיט ווייזן „דעם הויכן מאָראַלישן ניוואָ פון דער דעמאָלטיקער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע".

„איך בין שוין געוואָרן אַ יידישער שרייבער" — דערציילט טרונק, — „אָבער עס איז מיר שווער אָנגעקומען ביז עמיצער פון די יידישע שרייבער האָט געוואָלט אַריינקומען צו מיר אין הויז. מען האָט עס געהאַלטן פאַר אַ פּחיתות הכבוד צו קומען אין גבירישע הייזער און לאָזן זיך מכבד זיין פון גבירישער זאַטקייט. אַזאַ איינשטעלונג, לויט אונדזערע היינטיקע השגות איז זי אפשר אַביסל צו נאַאיוו, האָט פיל אויפגעהויבן דעם מאָראַלישן ווערט פון דעם שריפטשטעלער און די ליטעראַטור."

דער פינפטער באַנד „פוילן" איז אין גייסט אַ פּרק־בוך דערמיט וואָס דאָ ווערט געשילדערט דער אויפקום פון יונגע שעפערישע כוחות וועלכע פּרץ האָט געהאָלפן קומען צום לעבן. פאַראַן אין בוך אַ קאַפּיטל וועגן דעם מאָלער שמעון קראַטקאָ. טרונק שילדערט אים ווי אַן עקזאָ־טישן טיפּ. אויפן הימל פון דעם יידישן קולטור־רענעסאַנס אין דער לעבעדיק־קינסטלעריש־פּולסירנדיקער סביבה פון פּרצן, באַווייזט זיך דער דאָזיקער שמעון קראַטקאָ ווי אַן ערשטער שוואַלב. קראַטקאָ איז אַ וואַרשעווער יידישער יונגערמאַן וואָס איז אַוועק קיין ארץ־ישראל אויף אַ פּאָר יאָר; פון אים „האָט עפּעס ווי געשמעקט מיט טערקישן טלית, מיט תהלים, מיט דוד המלך און מיט כותל המערבי". קראַטקאָ קומט צו פּרצן מיט ריזיקע פּלענער. פּרץ האָט דאַן געשריבן די „פאָלקס־טימלעכע געשיכטן", אַלץ מאָטיוון פון דער יידישער פאָלקס פאַנטאַזיע, און דער מאָלער קראַטקאָ מיט זיינע פּלענער פון אילוסטרירן יידישע ביכער קומט אין דער ריכטיקער צייט.

דאָס קאַפּיטל וועגן דעם מאָלער שמעון קראַטקאָ און זיין ווייב טאַטשע וואָס גייט אַרום „באַהאַנגען מיט טיכער און מיט אַלערליי פאַר־צייטישע תכשיטים" איז ווי אַ פּרעלודיע צו טרונקס אייגן־פּאָעטישע

שילדערונגען פון ארץ ישראל. זיי זיינען, אגב, פון די שענסטע אין בוך. און ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס אין דעם באַנד, אין וועלכן עס פיגורירט די געשטאַלט פון פּרצן האָט טרונק אויך אַריינגענומען די רייזע־איינדרוקן זיינע פון ירושלים און צפת, און אַנדערע הייליקע ערטער פון דעם אַלטן אָדער, ווי טרונק רופט עס אָן, פּאַרצייטישן ארץ ישראל. טרונק איז דאָ דורכגעדרונגען מיט פּרצעס קוק אויף יידן און יידישקייט. עפּעס פון דעם אייביקן אינעם יידן, פון דעם „נצח ישראל לא ישקר", וואָס דער מייסטער פון יידישן סטיל האָט מכוון געווען אין זיינע וואונדער־לעכע פאָלקס־מעשות, — איז י. י. טרונק, ווי אַ געטרייער תלמיד און פאַרערער, דאָ ממשיך. איצט, צום פּרץ־יאָר, ווען די יידישע וועלט פייערט דעם הונדערטסטן געבורטסטאָג פון פּרצן, איז כדאי צו דערמאָנען אַז דער פינפטער באַנד „פּוילן" איז פון די געציילטע גרעסטע ביכער וועגן פּרצן און זיין דור. בעת מען לייענט דאָס בוך אָטעמט מען ווי אויף אַן אמת מיט דער פרישער פרילינג־לופט פון יענע אויפ־גייענדיקע טעג פון יידיש אין די ליטעראַרישע געמאַרקן פון וואַרשע און פון לאָדזש.

ג.

מיט דעם זיבעטן בוך „פּוילן" האָט י. י. טרונק פאַרענדיקט די סעריע ביכער, וואו ער האָט „געוואָלט געבן פּוילן אין ליכט פון אַ גרויסער יידישער תקופה". די ביכער פּוילן" זיינען פון אַזאַ פאַרנעם וואָס איז כדאי זיך פאַרטיפן אין זיי, כדי זיי אויפנעמען ווי איין שלמותדיק ווערק.

די „זכרונות און בילדער" דערפירט טרונק ביז די פינצטערע טעג אין דער געשיכטע פון די יידן אין פּוילן — דאָס יאָר 1939, בעת ער האָט „אַלצדינג איבערגעלאָזט — די היים און דאָס האָב און גוטס", און זיך געלאָזט לויפן כדי צו ראַטעווען דאָס נפש פון די היטלער־מערדער. — „איך האָב בלויז איינגעפּאַקט" — דערציילט ער — „אין אַ פּעקל מיינע כתבים זיי מיטצונעמען אין די אומבאַקאַנטקייטן וואָס וואַרטן אויף מיר". אין אַן אַנדער אָרט, אין זיין בוך וועגן שלום־עליכמען „טביה און מנחם מענדל אין יידישן וועלט־גורל", איז פאַראַן אַ קאַפּיטל, וואו טרונק באַ־שרייבט אויספירלעכער, און אויף אַ וואונדערלעכן אופן, אָט דאָס אַנטלויפן זיינס פון די דייטשע רוצחים אין די וועלדער פון פּוילן. די זעלבע פּוילישע וועלדער, וואָס טרונק באַזינגט אַזוי הערלעך און מיט אַזאַ

בענקשאַפט. דאָס דאַזיקע קאַפּיטל בעט זיך ממש עס זאָל אַריינגענומען ווערן אין דעם אויטאָביאָגראַפישן ווערק זיינעם.

אין די לעצטע ביכער „פּוילן״ איז טרונק ממשיך דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין פינפטן בוך. וואָס ווייטער אין דער סעריע אַלץ ווינציקער פאַרנעמט ביי אים בעלעטריסטיק, דיכטונג, און אַלץ מער גיט ער זיך אָפּ מיט זכרונות, וואָס אין זיי קומט צום וואָרט דער עסייאיסט און קריטיקער, און אָפט דער אויסטייטשער פון אַלטער און נייער יידישער געשיכטע. דיכטער, מאָלער, און פירער פון פּאַרטייען ווערן איצט די הויפּט־העלדן פון זיין אויטאָביאָגראַפיע. דאָ און דאָרט פאַרגעסט נישט טרונק די וועלט פון סוחרים, און גבירים, די ירידה פון דער פּריוועס־משפּחה, און די ניי־אויפגעקומענע גבירים, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און שפּעטער. אין זעקסטן בוך שילדערט טרונק נישט בלויז די פּאַריסנקייט פון די גבירים, נאָר אויך דעם שטאָלץ פון יידישן אַרבעטער, דעם רעוואָלוציאָנער, וואָס ראַנגלט זיך און קעמפט פאַר רעכט פון דעם אַרבעטס־מענטש. ער פאַרגעסט נישט אָן דער נויט פון באַלוט, די הונגער־טעג פון דעם לאָדזשער יידישן וועבער, און די אָרעמע געסלעך וואָס געפינען זיך אַ שפּאַן — פון די פּאַלאַצלעך, וואו די גבירים וואוינען.

די לעצטע צוויי ביכער „פּוילן״ זיינען אָבער, דאָס רוב, ווי אַן אַריינפיר צו דעם הערלעכן קאַפּיטל „יידישע ליטעראַטור אין פּוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות״, וואָס דאַרף נאָך געשריבן ווערן. דאָ לייענען מיר וועגן די שריפטשטעלער ה. ד. נאָמבערג, א. מ. וויסנבערג, ז. סעגאַלאָוויטש, מלך ראַוויטש, משה בראָדערזאָן, פּרץ מאַרקיש, י. י. זינגער, י. אָפּאַטאָשו, א. צייטלין, ה. לייוויק, א. א. טרונק מאָלט דאָס בילד פון דעם שרייבער־קאָלעקטיוו, אין וואַרשע און אין לאָדזש, אין די יאָרן פון נאָכן ערשטן וועלט־קריג, און די שייכותן וואָס די דאָזיקע קינסטלער־שליחי־ציבור האָבן געהאַט צווישן זיך. דאָס גראָטעסקע און קאָמישע, וואָס מיר געפינען אין די ערשטע ביכער „פּוילן״, אין די שילדערונגען פון די גבירישע משפּחות און זייערע הויזגעזינדן, די דאָזיקע פאָרם פון גוזמאדיקע צייכענונגען, האָט טרונק איצט, צום טייל, אַריבערגעטראָגן אויף עטלעכע דיכטער־געשטאַלטן. און פּונקט ווי ער האָט נישט געשאָנעוועט די גבירים מיט זייער פּוסטער גאווה, אַזוי שאָנעוועט טרונק אויך נישט די שרייבער־העלדן מיט זייערע שוואַכ־קייטן. דירעקט געפינען מיר דאָ נישט קיין מבינות וועגן שרייבער

און ווערק. אָבער די איראָניע, דער קרומער שמייכל איז פאַראַן. אַזוי, למשל, איז דער פּאָרטרעט וואָס טרונק צייכנט פון משה בראָדערזאָנען גוזמאדיק גרויס, אויפגעבלאָזן. און גרינג איז שפּעטער טרונקן צו שיסן אין אים די פיילן פון סאַטירע. דורך בראָדערזאָנען, און מאַרקישן, וויל טרונק שילדערן די הפקר־טעג, דעם גאַנצן גייסטיקן איבערברוך וואָס איז פאָרגעקומען אין דער יידישער ליטעראַטור פון נאָכן ערשטן קריג. „אין סאָוועטישן רוסלאַנד" — שרייבט טרונק, — „פון וואַנען משה בראָדערזאָן האָט געבראַנגט קיין פוילן דעם גאַנצן רעקוויזיט פון 'שטורעם און דראַנג' זיינען אויפגעשטאַנען דיכטער וואָס האָבן די דאָזיקע אַרבעט געטאָן מיט מער פּאָעטישער נויטווענדיקייט, מיט מער פעאיקייט און קולטור ווי משה בראָדערזאָן".

דאָס בילד וואָס טרונק מאָלט פון טלאָמאַצקע דרייצן וועט ביים לייענער פאָרקומען אַביסל משונהדיק און פרעמד. אינטערעסאַנט איז דאָס קאַפּיטל געווידמעט דעם דיכטער הערשעלע, און די חתונה זיינע אין ליטעראַטן־פאַראיין. די טעמע הערשעלע, דאָס „האַלב יינגעלע, האַלב זקן", איז פאַר טרונק ממש ווי געוואונטשן. טרונקס הומאָר, — אַ הומאָר פון היפּערבאָלן און פאַנטאַסטישן גראָטעסק, — שפּילט זיך דאָ שטאַרק פונאַנדער.

אָפּגעזען פון דער באַהאַלטענער איראָניע ביים שילדערן די שרייבער־געשטאַלטן פון לאָדזש און וואַרשע איז דאָך פאַראַן, צווישן די שורות, אַ באַהאַלטענע ליבשאַפט (וואָס יעדער קריטיקער האָט, סוף־כל־סוף) צו יעדן פון די שרייבער־קאָלעגן מיט וועמען טרונק קומט אין באַרירונג. מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט און פיעטעט שרייבט טרונק וועגן דעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן, דעם קדוש, ז"ל. דאָס קאַפּיטל „בית־קאַצענעלסאָן" פירט אַריין דעם לייענער אין דער יידיש־גייסטיקער מסיבה פון דער שטאָט לאָדזש. בכלל ווערט לאָדזש לעבעדיק און שאַרף געמאָלן אין זעקסטן בוך. לאָדזש באַצייכנט טרונק ווי אַ שטאָט וואו מען כאַפּט „שטערן פון דער לופטן". לאָדזשער יידן, זאָגט טרונק, „האָבן אין זיך געהאַט אַ סך פון די לעגענדאַרישע רויטע יידעלעך און פון שלום עליכמס מנחם מענדל".

כדאי צו דערמאָנען די „עטלעכע ווערטער" פון מחבר אין אָנהייב זיבעטן בוך „פוילן", וואו טרונק פּרוּווט אויפסניי זיך קלאָר מאַכן וואָס אייגנטלעך ער איז אויסן געווען מיט די ביכער „פוילן". די דאָזיקע הקדמה איז, פאַר זיך גופא, אַן עסיי וואו טרונק איז זיך מפלפל, אויף זיין

אַבסטראַקטן אופן, וועגן דעם פאַרשידנאַרטיקן יידישן לעבן אין פוילן, וואָס איז „אין תוך געווען צוזאַמענגעבונדן אין דעם סטיל פון אָן איינס, אין סטיל פון אַ רזא דיחידא". נישט געקוקט אויף דער צעריסנקייט און פּאַרטייאישער צעטיילטקייט זיינען די יידן אין פוילן, לויט טרונקן, ביז דער גרויסער קאַטאַסטראָפע „פאַרבליבן ביי אַן איינהייטלעכן קולטור־נוסח און ביי אַן איינהייטלעך וועלט־געמיט".

טרונק האָט אין די ביכער „פוילן" אָפּן געוויזן דעם פוילישן יידן אין די קאָמישסטע סיטואַציעס. אָבער דוקא דורך גלעכטער, דורך זיין אייגנאַרטיקן הומאָר, איז טרונק דערגאַנגען צו די פאַנטאַסטישע בילדער. אין זיי שיינט אַרויס דער פוילישער ייד אַ האָפערדיקער, פול מיט בטחון. אין סך הכל, איז דאָך פאַרבליבן דער איינדרוק, פון טרונקס געוואַלדיקער ליבשאַפט צו דעם יידן אויף דער פוילישער ערד:

„אַלע שיינקייטן פון דער איידלסטער מענטשלעכער מאַכט־לאָזיקייט זיינען געווען אויסגעגאָסן אויפן ייד פון דער פוילישער ערד, די קלענסטע תנועה פון זיינע הענט, דאָס מוסקול־שפּיל פון זיין פּנים, זיין גאַנג, זיין הילוך, דער קלענסטער דעטאַל פון זיין הלבשה — אַלצדינג איז געלעגן אונטער דער דיסציפּלינירט־קייט פון אַ סטיל. דער נוסח פון אַ באַזונדערן קוק אויף דער וועלט" — — —

אין די ביכער „פוילן" איז צום אויסדרוק געקומען טרונקס גרונ־טעווען זיך אין דעם גורל, אָדער שיקזאַל, (טרונקס באַליבט וואָרט), פון דעם יידן אין דער וועלט, און דעם סוד פון זיין קיום. דאָס ווערק „פוילן" ווערט געשלאָסן מיט די פּאָעטיש־וואונדערלעכע בילדער פון דעם שטע־טעלע קוזמיר ביי דער ווייסל, וואו טרונק איז געפּאָרן אין יענעם גאָלדיק־שיינעם האַרבסט פון יאָר 1939, ערב דעם גרויסן חורבן. דאָס קאַפּיטל וועגן קוזמיר לייענט זיך ווי אַ הערלעך טרויעריק געזעגענונגס־ליד פון אַ פאַרוואָגלטן יידן, וואָס קומט זיך שיידן אויך אייביק מיט אַן אַלט־יידישן ישוב, וואו יידן האָבן געלעבט הונדערטער יאָרן. טרונק זעט קוזמיר אין הייליקן שיין פון אַ צפת, אָדער ירושלים, די עיר־הקדושה; „דער שפּיציקער באַרג שטייט איבערן שטעטל קוזמיר ווי אַ כותל־מערבי". די געסלעך אין קוזמיר, די הייזלעך, זיינען עניוותדיקע; „די קוזמירער יידישע שטיבלעך האָבן אין זיך געהאַט עפּעס פון צעבראָכענע סוכות און פון די געצעלטן פון יעקב — אין גלות. יענע אהלי־יעקב פון וועלכע עס ווערט אַזוי פיל דערציילט אין חומש"...

י. י. טרונק האָט מיט די זיבן ביכער "פוילן" פאַרענדיקט אַ ריזיקע אַרבעט. דאָס פוילן פון חסידות, פון תורה און חכמה, פון אידעאַליזם און יושרדיקן איינשטעלן זיך פאַר צדק און משפט — דאָס דאָזיקע פוילן וואָס איז אַוועק אין פלאַמען רויך — לעבט און וועט בלייבן לעבן אין די קינסטלערישע „בילדער און זכרונות" פון י. י. טרונק.

ד.

# די פאָלקס־מעשיות

אין די פאָלקס־מעשיות איז י. י. טרונק צוריק אַוועק צום אָנהייב פון זיין ווערק „פוילן". ס'איז ווי דער מחבר פון די אויטאָביאָגראַפישע ביכער „פוילן" — וואָס אין זיי איז געוויזן געוואָרן דאָס בילד פונעם פוילישן יידן אין זיינע פאַרשיידענע מדרגות, — וואָלט גאָרנישט געוואָלט זיך שיידן מיט די פריילעך־תמימותדיקע יידן, ביי וועלכע ער האָט גע־פונען אַ וועלט מיט בטחון און טיפער לעבנס־חכמה. אין די פאָלקס־מעשיות זיינען פאַראַן אָן אַ שיעור בילדער פונעם יידישן שטייגער לעבן אין אַמאָליקן פוילן און ליטע, וואָס דערמאָנען זייער אַ סך אין די בעלע־טריסטישע טיילן פון דער זיבן־בענדיקער אויטאָביאָגראַפיע. אָנשטאָט זכרונות פון זיין אייגענער משפחה, די פאַרצווייגטע הויז־געזינדן, און די גייסטיקע מנהיגים פון דורות יידיש לעבן, האָט איצט טרונק די חיבורים זיינע געבויט אויף מאָטיוון פון יידישן פאָלקלאָר. דאָס בוך „סימכע פלאַכטע", — לויט דעם מעשה־ביכל — „ר' שמכע פלאַכטי", פון יאַנקל לערער, המכונה מאַרגנשטערן; די ביכער "דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט", און די „כעלעמער חכמים", — אויף מאָטיוון פון פאָלקס־מעשיות.

דער נוסח, אָבער, דער אופן פון טרונקס דערציילן, און דער עיקר, דער אידייאישער מוסר־השכל, וואָס ער שרייבט צו יעדער מעשה, איז אַ המשך פון דעם, וואָס דער דיכטער־עסייאיסט האָט זיך שוין באַמיט אַרויסצוברענגען אין זיין גרויס אויטאָביאָגראַפיש ווערק.

טרונקס גראָטעסק־שאַרזשירטע נטיה אין שרייבן, קען מען דאָ, אין די פאָלקס־מעשיות, נאָך מער אַרויסזען. דאָס אייגנאַרטיקע אין טרונקן קומט צום אויסדרוק, נישט אַזוי אין די מעשיות גופא, ווי אין די פירושים, אין די זייט־באַמערקונגען צווישן איין מעשה און דער צווייטער, אָדער גאָר ביים סוף פון אַ קאַפּיטל. אין די איבערגאַנגען

דערפילט מען די רייכע פאַנטאַזיע פון דעם, אין תוך, פילאָסאָפירנדיקן שרייבער און קריטיקער י. י. טרונק. דאָ, נאָך מער ווי אין די ביכער „פוילן", איז טרונק נישט בלויז דער בעלעטריסט, וואָס שטייט מן הצד און קוקט זיך צו צו דעם אַלעם וואָס ווערט פון אים דערציילט. אדרבה, ער מישט זיך אַריין, און פאַרטיפט זיך אין יעדן פאָלקס־אַנעקדאָט, אין יעדער גוזמאדיקע און אויסטערלישע געשיכטע, וואָס אים איז געלונגען צו געפינען אין די אַלטע מעשה־ביכלעך און מכלומרשטע האַלב־צעריסענע פנקסים. טרונק פילאָסאָפירט, ווי זיין שטייגער איז, און טייטשט אויס יעדער מעשה, תיכף ומיד, אַזוי, אַז די מעשה גופא ווערט שיער נישט אַ טפל, אַ משל צו אַ העכערן נמשל.

דער וואַסערטרעגער סימכע פלאַכטע, וואָס איז, בעל־כרחו, געוואָרן אַ חסידישער רבי, איז, אין די יאָרן פון פירער און געפּירטע, געוועזן אַ גוטע טעמע פאַר אַ סך יידישע שרייבער. אין מ. קולבאַקס „משיח בן אפרים", פיגורירט ער ווי אַ ייד וואָס שמייכלט שטענדיק כאָטש „צו וועמען ווייסט מען נישט"... און אַז די בדחן־געשטאַלט פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער, און די מעשות וועגן כעלעמער יידן זאָלן פאַראינטערעסירן יידישע דיכטערס — איז גוט באַוואוסט. אַזוי, למשל, איז יעקב גלאַט־שטיינס „יאָסל לאָקש פון כעלעם" אַ געשטאַלט, וואָס דער דיכטער האָט וועגן איצטיקן דור „חכמים" און „אַלץ־ווייסער", דערנענטערט און קינסט־לעריש פאַרהיימישט. אויך א. צייטלינס „כעלעמער חכמים" איז דעם דיכ־טערס טיפער אויסדרוק צו ענטפערן אויף די ספקות פון אַ בלאָנדזשענדיקן דור. אַזוי איז אויך ביז גאָר פאַראינטערעסירנדיק, און קינסטלעריש־שיין איציק מאַנגערס אויפלעבן די געשטאַלט פון הערשעלע אָסטראָ־פּאָליער. (וועגן די כעלעמער יידן און וועגן הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָבן אויך געשריבן ש. סיימאָן און י. באָטאָשאַנסקי). צוגלייך מיט אַ סך יידישע דיכטער זוכט אויך י. י. טרונק חכמה און טרייסט אין די אַלטע יידישע פאָלקס־מעשיות.

ה.

אין דעם בוך „סימכע פלאַכטע" דערמאָנט טרונק מיט פיל לויב דעם מייסטער יאַנקל לערער פון לאָדזש, וואָס האָט געשריבן דאָס ערשטע מעשה־ביכל וועגן סימכע פלאַכטע. — „מיר — זאָגט טרונק — „וואָס באַלאַנגען צו די שפּעטערע און שוואַכערע דורות פון יידישע שרייבער גייען בלויז מיט גרויס עניוות נאָך די פיס־טריט פון לאָדזשער מייסטער, און האַלטן זיך ביי זיינע פאָלעס".

דאָס איז טאַקע זייער עניוותדיק געזאָגט. טרונק האָט ווייט, ווייט זיך נישט געהאַלטן ביי די פּאָלעס פון דעם מחבר יאַנקל לערער. אַז מען לייענט צוערשט די דאָזיקע נאַאיוו־אויסטערלישע געשיכטע, וועגן דעם „וועלט־שווינדלער״, אין וועלכער דער מחבר יאַנקל לערער קומט אונדז לערנען, אַז מיר זאָלן פאַרשטיין, „ווי די וועלט איז פאַרבלענדט מיט הבלי הבלים, נאָר צו זוכן דעם אמת״, באַוואונדערט מען נאָך מער טרונקס פאַרטיפטן איבערדערציילן דאָס דאָזיקע משכילישע מעשה־ביכל, וואָס איז פון אונדזער דיכטער און עסייאיסט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ כמו־חסידישן ראָמאַן אין וועלכן דווקא אַ ייד אַ ליטוואַק באַווייזט מופתים. און עס געשעען פלאַי־פּלאימדיקע טרעפענישן ווי אין אַלע מעשהלעך פון חסידישע גוטע יידן. יאָ, „סימכע פלאַכטע״ לייענט זיך ווי אַ חסידישע מעשה־נורא. דער הויפּט־העלד סימכע וואַקסט אויס מיטן כוח פון די שפּרוכן פון ר׳ פּייוּוקע ליטוואַק, דעם למד־וואָווניק וואָס איז עפּעס ווי אַ העכערער גילגול פון יענעם ליטוואַק אין פּרצעס „אויב נישט נאָך העכער״...

ווי ווערט עס סימכע פלאַכטע דער וואַסער־טרעגער אַ רבי, מיט חסידים, וועמען אַפילו גויים מיטן פּריץ בראש גיבן אָפּ כבוד און געלט, און גלויבן אין אים ווי אין אַ הייליקן? ר׳ פּייוּוקע ליטוואַק, מיט זיינע שפּרוכן, חכמה און קלוגע עצות, איז נישט דער איינציקער ענטפער. טרונק גיט סימכע פלאַכטען אַ זכות; „מן־הסתם, — זאָגט טרונק — האָט דער פּראָסטער און דער נידעריקער אַ געפיל און אַן איינזעעניש, אַז דאָס וואונדערלעכע און אומפאַרשטענדלעכע באַלאַנגט גאָר צום תוך פון דער וועלט״. עס דערמאָנט אָן די פּראָסטע לייט ביי קולבאַקן, אין זיין ראָמאַן „משיח בן אפרים״, פון וועלכע דער אַלמעכטיקער קוועלט אַזוי אָן בעת ער זיצט אויף דעם כסא הכבוד און שמייכלט. „עס געפעלן אים זיינע פּשוטע צדיקים״...

טרונק איז אונדז מסביר: „אַפּנים אַז אין דעם גאַנג פון דער וועלט לאָזט מען דעם תם אָפּט אַריינקוקן אין אַזעלכע שפּעלטעלעך וואו דער חכם באַווייזט גאָרנישט אַריינצוקומען. די פּשוטע אמונה אין ניסים קאָן טיילמאָל אויפטאָן וואונדער איבער וואונדער, און דער גרויסער חכם, ער חקרנט און חקרנט און מען ווייזט אים נישט מער ווי אַ גרויסע פייג״...

אַחוץ דעם שיינעם נמשל וואָס איז שענער און טיפער פונעם משל,

פאַרמאָגט דאָס בוך „סימכע פלאַכטע" אַ שלל וואונדערלעכע בילדער פונעם שטעטל נאַרקאָווע מיט די געדיכטע וועלדער אַרום, און יידן־פאַרשוינען, וואָס טרונק איז קינסטלעריש מחיה מתים, העכסט רעאַליס־טיש. אַזוי אַשטייגער, שטייען אויף פאַר אונדז, גאַנץ לעבעדיק, די נאַרקאָווער קלעזמאָרים, די קאַפעליע וואָס שפּילט אויס אַ פריילעכס אויף סימכע פלאַכטעס חתונה. אַ ליכטיקע געשטאַלט איז ר׳ שבתי מיטן באַס. וועגן ר׳ שבתין זאָגט טרונק, אַז ער „האָלט כסדר אַראָפּ־געלאָזט די אויגן כדי נישט צו קוקן אויף קיין נקבות. ווען ער איז געוואָרן אַ קלעזמער, האָט ער אויסגעבעטן ביים רבונו של עולם לאַנגע געדיכטע ברעמען כדי זיי זאָלן אים הענגען איבער די אויגן ווי פאַר־האַנגען. דער רבונו של עולם האָט אים צוליב געטאָן"...

ז.

אין די „כעלעמער מעשות" פאַרפעלט ניט טרונק איבערצודערציילן די אַלע גוזמאס וועגן דער „טיפער" חכמה פון די כעלמער יידן. אין דער „במקום הקדמה" צום בוך שרייבט טרונק: „ביים שרייבן די סעריע האָב איך אין זינען געהאַט, כעלעם איז דאָס משל פון דער וועלט, די נמשלים פון דער גאַרער וועלט דרייען זיך אַרום דער מכלומרשטער נאַרישער שטאָט, ווי די לבנה און די שטערן אַרום דער זון". אויך דאָ, ווי אין דעם בוך „סימכע פלאַכטע", פאַראינטערעסירט אונדז אָפט מער ווי אַלץ דער טיפער נמשל, וואָס טרונק לערנט אַרויס פון די מעשות אין אַלטן „כעלעמער פנקס". ווען מע גנבעט צו ביי די כעלעמער די לבנה פונעם פעסל וואַסער, ווערן די כעלעמער יידן, נעבעך, זייער טרויעריק. באַמערקט דערויף טרונק, ביים סוף פון דער פינפטער מעשה:

„פון דעמאָלט אָן ווילן מענטשן קליגער זיין ווי די כעלעמער חכמים און זיי פרואוון כסדר צו כאַפּן די וועלט־ליכטיקייט אין פאַס אַריין. אומזיסטע טירחה, אויב עס איז נישט געראָטן די כע־לעמער חכמים, וועט עס שוין קיינעם נישט געראָטן" . . .

ר׳ פייוועקע ליטוואַק באַווייזט זיך אויך אין כעלעם. ער לעבט אויסער צייט און רוים, — ממש אַ הייליקע געשטאַלט. און ווען יידן זיינען אין אַ צרה — וואַקסט ער אויס מיט זיינע קלוגע עצות. די מעשה מיט די ליטוואַקעס רופט אַרויס גוטמוטיקן געלעכטער און פאַרמאָגט עלעמענטן פונעם פאָלקלאָר וואָס פוילישע יידן האָבן במשך פון יאָרן גע־

שאַפן וועגן די יידן פון ליטע. יעדער פוילישער ייד קען זיך געוויס דערמאָנען, ווי מ׳פלעגט אין פוילן רעדן וועגן די לומדישע ליטוואַקעס. מ׳פלעגט נתפעל ווערן פון זייער שאַרפן שכל. מ׳פלעגט זיי האַלטן פאַר גרויסע לומדים, נאָר צופיל צוטרוי צו זייער יידישקייט האָבן חסידישע יידן אין פוילן נישט געהאַט. זעט איר, אַן עצה האַלטן זיך מיט אַ ליטוואַק, איז תמיד געווען אַן ענין. מ׳האָט קוים פאַרשטאַנען דאָס לשון זיינס, אָבער מ׳האָט זיך צוגעהערט מיט קאָפּ וואָס דער ליטוואַק, דער „צלם־קאָפּ״, וועט זאָגן.

אויך די כעלעמער מוזן אָנקומען צו ר׳ פּייווקע ליטוואַק נאָך אַן עצה. „אַז מען לאָזט איבער אַ פּוילישן יידן אַליין פּטרט ער די גע־שעפטן״, — לייענען מיר אין טרונקס „כעלעמער חכמים״, — „האָט מען זיך מישב געווען און אַרויסגערופן אַ ליטוואַק פון תוהו־ובוהו אַרויס און אים אַוועקגעזעצט לעבן אַ פּוילישן ייד. ווי עס מאַכט זיך, זאָל אים דער ליטוואַק אַרויסהעלפן מיט אַן עצה״...

פאַראַן אין די „כעלעמער חכמים״ עטלעכע מעשות וואָס האָבן גיט קיין אינערלעכע שייכות מיט דעם כעלעמער פאָלקלאָר. טרונק איז אין זיינע פאָלקס־מעשות מלמד זכות אויף פּראָסטע יידן. האָט נאָר אַ ייד בטחון און ער איז ביי אונדזער דיכטער־עסייאיסט זייער חשוב. אָבער מער התפּעלות, מער פאַנטאַזיע פאַרמאָגט טרונק ווען עס קומט אים אויס צו באַשרייבן אַ פרומען יידן, אַ למדן. גיט טרונקן אַ יידן אַ ירא־שמים און די מעשה וועגן אים ווערט קינסטלעריש פולער און שלימות־דיקער. מ׳פילט גאָר אַן אַנדער לופט. דאָס לשון טרונקס ווערט לעבע־דיקער. אין די מעשות וועגן די תורה־יידן איז טרונק אויף אַן אמת ממשיך דעם גייסט פון פּרצעס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״. דאָ ווערן די פּירושים, די אויסטייטשונגען צו די מעשות, פאַרוועבט מיט די מעשות גופא. דער משל מיטן נמשל ווערן איינס.

די מעשה „אַן אתרוג פאַר משיחן״, ווירקט מיט דער בילדלעכקייט צוגלייך אויך מיט דער אידעאישער דערהויבנקייט. ר׳ אליקום צדוק וואָס פאַרקויפט די פּאָר תפילין — אַ מתנה פון אליהו הנביא — כדי צו קענען קויפן דעם שענסטן אתרוג אין שטעטל, — איז אַ דערהויבענע מסירת־נפשדיקע געשטאַלט, איינער פון יענע גרויסע שבתדיקע יידן, וואָס וועגן זיי האָט פּרץ געחלומט. ווען ברכה פראַדל, אליקום צדוקס ווייב, בייסט אָפּ דעם פּיטום פונעם אתרוג אין איר גרויס ביטערניש, און רופט איר מאַן „גזלן״, בלייבט דער דאָזיקער ייד שטיין „אַ שטילער

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ״. און אַז מ׳פרעגט אים פאַרוואָס פאַרשווייגט ער ברכה פראַדלען, שמייכלט ר׳ אליקום צדוק.

„קיין תפילין האָב איך שוין נישט — האָט ער רואיק געזאָגט — קיין אתרוג האָב איך שוין נישט, זאָל איך נאָך זינדיקן מיט כעס אויך ?..

* * *

י. י. טרונקס פאָלקס־מעשות פאַרדינען מ׳זאָל וועגן זיי שרייבן בפרטיות. איבערהויפּט פאַרדינט עס דאָס בוך „דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט״, דער פאָלקסטימלעכער ראָמאַן פון הערשעלע אָסטראָ־פּאָליערס לעבן. מער ווי וועגן הערשעלען זיינען פאַראַן אין דעם ראָמאַן אַ שלל דערציילונגען און בילדער פון דער אַנאָנימער פאָלקס־שאַפונג, וואָס טרונק איז געלונגען, אין זיין אייגענעם נוסח, קינסטלעריש און טעכניש־גאַנץ, איבערצוגעבן. פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט, חלום און וואָר גייען דאָ האַנט אין האַנט. די פאָלקס־דערפאַרונג, די חכמה פון דורות גיט דאָ טרונק איבער אַן ערך מער ווי אין די ערשטע צוויי ביכער פאָלקס־מעשות. און ווי אַ צוגאָב צום ראָמאַן קומען דאָ פיר פאָלקס־מעשות וואָס האָבן אין תוך, פונקט ווי די מעשות אין בוך „כעלעמער חכמים״, קיין דירעקטע שייכות נישט צום ראָמאַן. און אינטערעסאַנט ביז גאָר זיינען, ווי אַלע הקדמהס און במקום הקדמהס אין טרונקס ווערק, די „עטלעכע ווערטער״ פון מחבר צו אָט דעם פאָלקס־ראָמאַן. טרונק פאַר־ענטפערט זיך פאַרן לייענער פאַרוואָס ער האָט פאַרפעלט צו דערציילן צי הערשעלע האָט דערגרייכט זיין שליחות, און צו איז ער אָנגעקומען קיין מעזשיבעזש צום צדיק ר׳ ברוכל, וואָס איז כידוע, געוועזן איינגע־הילט אין עצבות, כדי ער, הערשעלע, זאָל אויפהייטערן אַ ביסל דעם אומעטיקן רבינס טיש. די הקדמה צום בוך איז, פאַר זיך גופא, אַן אינטערעסאַנטע עסיי, און זי קומט זיך צונויף מיט צענדליקער זייטיקע, עסייאיסטישע פּרקים, אין וועלכע טרונק איז זיך מפלפל אויף זיין תמיד־מעדיטירנדיקן פילאָסאָפישן שטייגער וועגן „חכמה און שמחה וואָס זיינען די צוויי זייטן פון דער זעלבער מטבע״, און אַז זי „די חכמה, האָט אַמאָל ליב אַ לאַך צו טאָן און זאָל עס איר זיין צו געזונט״, וכדומה. אין דעם הערשעלע־ראָמאַן, זאָגט טרונק, ״איז אים דורכאויס געגאַנגען אַרויסצו־ברענגען די קאָנסטרוקציע פון אַ טיפערער מחשבה״. אויב דעם לייענער קומט אָפּט אָן ניט גרינג צו כאַפּן און באַנעמען קלאָר די דאָזיקע „טיפערע מחשבה״, הערט ער אָבער נישט אויף צו באַוואונדערן דעם פאַנטאַס־טישן און רייך־שפּראַכלעכן אַרכאַאישן מעשה־נוסח פונעם פאָלקס־ראָמאַן;

טיילן פונעם ראָמאַן זיינען געשריבן אין סטיל פון דער מגילה. זיי רופן אַרויס אַסאָציאַציעס מיט דעם תנכישן לשון, פאַרבראָקט מיט אַלטן עברי־טייטש־יידיש, וואָס טרונק האָט דאָ באַנייט און אָפּגעפרישט. טרונק הייבט־אויף דער שלייער פון אַ האַלב־פאַרגעסן, פאַרצייטיק יידיש לעבן און ער וויזט אונדז, כאָטש בדרך הלצה, אָפט קרומלעך און גראָטעסק־מעסיק, דווקא די גאַר ערנסטע, ראַפינירטע וועלט־דערפאַרונג פון אַמאָ־ליקע יידישע דורות. מיר זעען אים, הערשעלען, פריער, אַ יינגל, און שפּעטער אַ דערוואַקסענעם שוין. אָט דאָס איז ער, דער פריילעכער קאַטאָוועס־טרייבער, מיט דער פּאַיאַצישער קאַפּאָטע, וואָס קומט פריילעך מאַכן יידן און פאַרטרייבט מיט זיינע ווערטלעך און וויצן די מרה־שחורה פון יידישע הערצער.

י. י. טרונקס קינסטלערישע התפעלות פאַר דער פאָלקס־שאַפונג, דעם אַנאָנימען פאָלקס־מיטאָס, און דאָס טיפע איינהערן זיך צום ניגון פון אַלטע דורות, ווירקט שטאַרק אויך אויפן לייענער, אַז אויך ער זאָל צונויגן אַן אויער און זיך איינהערן, און זיך אָננעמען מיט די דאָזיקע אַלטע ניגונים און מיט דער פאַנטאַסטיק און חכמה פון אַמאָליקע יידישע דורות.

# יצחק באַשעוויס

## א.

## די פאַמיליע מושקאַט

„כ'קאָן, אַפּנים, נישט לעבן אָן אַ גאָט, דער צווייפל האָט מיך קראַנק געמאַכט...״

אַזוי זאָגט וועגן זיך עוזר העשל, דער הויפּטהעלד אין יצחק באַשעוויסעס גרויסן ראָמאַן „די פאַמיליע מושקאַט״. צווישן לעבן און טויט בלייבט שוועבן פאַר אונדז די דאָזיקע אינטערעסאַנטע געשטאַלט ביים סוף פון בוך. באַשעוויס לאָזט איבער דעם פילאָסאָפירנדיקן העלד זיינעם — דאָס אייניקל פון דור־דורות רבנים — אַ רעזיגנירטן, אין טראַכטענישן פון חרטה און פּיין, ערב דעם טראַגישן אומקום פון די יידן אין פּוילן. די האָפערדיקע, האַלב טרייסטנדיקע רייד, מיט וועלכע דער ראָמאַן שליסט זיך, טרייסטן קנאַפּ. זיי זיינען סימבאָליש פאַר דעם קינסטלערישן מוסר־השכל פונעם ווערק. זיי זאָגן אָבער גלייכצייטיק פאָרויס דאָס גרויסע אומגליק וואָס רוקט זיך אָן אויף די יידן אין פּוילן.

ביים לייענען דעם ראָמאַן פילט מען כסדר דאָס פאַטאַלע, וואָס אָט־אָט וועט עס טרעפן דאָס רוב פון די העלדן. אַ שווערער וואָלקן הענגט איבערן בוך. מען שפּירט ווי עמעץ פון די כת־לצנים, פון יענע־לייט וואָס באַשעוויס מאָלט זיי אַזוי לעבעדיק אין זיין שטן פון גאָריי, וואָלט דאָ געשטאַנען הינטערן רוקן פון יעדן העלד און געלאַכט אַ גרויס געלעכטער. געלאַכט פון די מעשים און טראַכטענישן פון די, וואָס גליטשט זיך אויס און גייען אַראָפּ פונעם דרך־הישר. אַפילו אין די מער פריילעכע שטעלן פון ראָמאַן, — דאָרט וואו באַשעוויס לאָזט די העלדן זיינע געניסן ס'ביסל פרייד וואָס ס'איז זיי באַשערט אויף דער זינדיקער ערד, — אויך דאָרט הערט מען דעם שפּאָט פונעם טייוול. ס'איז ער, דער בעל־דבר, וואָס טרייבט די העלדן צו אַלערליי זינדיקע אַוואַנטורעס און וועקט אין זיי די תאווה צו געלט, צו ווייבער, צו פרעסן און זויפן, צו גנבענען.

לסוף פאַלן זיי אַלע אין מיטן גײעג. זייערע באַגערן, וואונטשן און חלומות, בלייבן ניט געשטילטע.

אַן אויסנאַם איז דאָ דער פרומער אַלטפרענקישער דור, דער וואָס טראָגט גאָט אין האַרצן.

אויף אים האָט דער שטן קיין שליטה ניט... ביים פרומען גאָטס־פאָרכטיקן יידן איז סיי די פרייד, סיי דער צער אַן אַנדערער. אַן אייביקער בטחון גליט אין די הערצער פון די, וואָס זיינען גאַנץ מיט זייער גאָט. אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג בלייבן זיי פעלדזנשטאַרק אין זייער אמונה. ס׳איז דאָ אַ זינען אין זייער לעבן.

עס איז ווי יצחק באַשעוויס וואָלט געמשפּט דעם היינטיקן יידן, דעם וואָס האָט זיין גאָט פאַרלאָרן. עוזר העשל, דער הויפּטהעלד, ווערט געפירט צום שוועל פון אונטערגאַנג.

* * *

ווינציק ראָמאַנען פאַרמאָגן מיר אין וועלכע דער היינטיקער ייד, מיט אַלע זיינע ספקות און אַנטוישונגען, ווערט קינסטלעריש געשילדערט. באַזונדערס זיינען קליין אין צאָל יענע ווערק אין וועלכע דער אינטעלי־גענט און צווייפלער, און ניט סתם דער בלינדער מאמין, זאָל שטיין אין צענטער. יצחק באַשעוויס האָט שוין אין זיין „שטן פון גאָריי" און אַנדערע דערציילונגען, געוויזן ווי טיף עס גייט אים אָן די פּראָבלעם פון צווייפל און גלויבן, און ווי גרויס דער כוח איז פון דער טומאה איבער די וואָס וואַקלען זיך אין זייער אמונה.

אין ראָמאַן „די פאַמיליע מושקאַט" איז באַשעוויס אַנטקעגן געקומען אָט דעם אַלט־ביימען טיפּ טראַכטנדיקן יידן. דער וואָס שטייט אויף אַ שייד־וועג און פרעגט: ווי אַמאָל מ. ז. פייערבערג: לאָן? וואוהין זאָל זיך קערן און ווענדן אַ ייד אַ היינטיקער, נאָכן גרויסן חורבן, און נאָכן נס פון מדינת־ישראל, — ביי וועמען גלויבן און טיפער צווייפל, הויזן ביינאַנד?

עוזר העשל איז אַ טראַגישע געשטאַלט. ער איז היפּש אַנדערש פון יענע אידעאַלע העלדן ביי אַ טייל יידישע ראָמאַניסטן וואָס זיינען תמיד גרייט אַנצוהייבן זייער לעבן פון דאָס ניי. פאַר דעם הויפּטהעלד פון דער „פאַמיליע מושקאַט" איז קיין וועג אויף צוריק שוין ניטאָ. עוזר העשל ווערט געשליידערט פון איין מדרגה צו דער אַנדערער. אָבער מיר דערקענען אין אים דעם לעבעדיקן יידן פון דער היינטיקער צייט, ניט קיין אויסגעטראַכטן און אויסגעחלומטן. דאָס איז ער, דער איג־

טאַליגענט און גריבלער, וואָס סיי אין דער גראָער טאָג־טעגלעכקייט, סיי אין די געהויבענע מינוטן ווען אַן אומעט באַפאַלט אים אין מיטן פון דער עולם־הזהדיקייט — בלייבט ער אונדז נאָענט.

„די פאַמיליע מושקאַט" איז אַ מאָדערנער יידישער ראָמאַן, אין וועלכן דער היינטיקער מענטש פון דער גרויסשטאָט קומט צום לעבן. מיר זעען דאָ דעם אויסגעשעפּטן מענטשן, דעם זאַט געוואָרענעם פון „ציוויליזאַציע" און „קולטור", וואָס דער אורבאַניזם האָט געשאַפן. מיר זעען אים דורך דער פּריזמע פון אַ מאָדערנעם יידישן קינסטלער.

עוזר העשל קלאַמערט זיך אין דעם גאָט פון שפּינאָזאַ. ווי אין אַ פרום ספרל פאַרטיפט ער זיך אין די רייד פונעם אַמסטערדאַמער יידישן פילאָסאָף. עוזר העשל טראָגט אין זיין קלומיקל די ווערק שפּינאָזאַס אַפילו בעתן געפינען זיך אין קאַזאַרמע צווישן רוסישע זעלנער. אויך דאָ, אַרומגערינגלט פון דעם המון מיט די רוצחישע פּנימער, הערט ער ניט אויף צו פירן וויכוחים מיט זיין באַליבטן פילאָסאָף:

„לעבן און טויט זיינען בלעזלעך אין ים פון דער סובסטאַנץ, אָבער צו וואָס האָט די געטלעכע נאַטור דאָס אַלץ באַדאַרפט?..."

שפּעטער קומט די אַנטוישונג אויך אין שפּינאָזאַס גאָט. עוזר העשל שטייט ביים ביכערשראַנק און קוקט זיך איין אין די גאָלד געליישטע רוקנס: „זיי זיינען דאָ אַלע געשטאַנען — די פילאָסאָפן, די פּאָעטן, די שעפער פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. נאָר קיין טרייסט האָט מען ניט געקענט שעפּן פון זייערע רייד"... עוזר העשל שרייבט אַ ווערק די לאַבאָראַטאָריע פון גליק, אָבער ער באַווייזט עס קיין מאָל ניט צו פאַרענדיקן. באַשעוויסעס העלד איז קרובהש נאָענט צו דוד בערגעלסאָנס אינטעליגענטע פאַרשוינען, וואָס דרייען זיך אויך אַרום פרעמדע אין דער אייגענער סביבה און זיינען ניט פעאיק עפּעס צו טאָן פאַר זיך, ניט פאַר אַנדערע. מיר זאָגן דאָס לשבח, ווייל אין באַשעוויסן האָבן מיר אַ שריפטשטעלער מיט אַן אייגענעם פּראָזע־נוסח, וואָס לאָזט זיך תיכף דערקענען. ווי אַ פּוילישער ייד איז באַשעוויס ניט אַזוי קאַרג אויפן וואָרט ווי בערגעלסאָן. די יידיש־פּוילישע לאַנדשאַפט, דאָס ברייט פאַר־צווייגטע יידישע לעבן פאַרן חורבן־פּוילן, פאָדערן מער רחבות און באַרעדעוודיקייט. ביי יצחק באַשעוויסן ריידן יידן מכל המינים. און גע־רעכט איז אַבראַם, איינער פון די אינטערעסאַנטסטע העלדן אין בוך, ווען ער זאָגט וועגן די בני מושקאַט: „ס'איז דאָ פון אַלע מינים, ווי אין נחס תיבה"...

ווי אויסגעוואָרצלט עס איז עוזר העשל איז ער אָבער געווען אַריינ־געוואַקסן אין דער יידישער סביבה, אַרומגערינגלט פון אייגענע און נאָענטע, אַז ער זאָל דאָך בלייבן אַ טייל פון איר. ער אַנטלויפט אין דער שווייץ, ווי עס אַנטלויפן צענדליקער זיינס גלייכן אָנהייב צוואַנ־ציקסטן יאָרהונדערט. מערב אייראָפּע! קולטור! ציוויליזאַציע! אַ צויבער איז דאָך געלעגן אַמאָל אין די דאָזיקע ווערטער. און ווי וואונדערלעך האָבן זיי געקלונגען אַמאָל אין די אויערן פון די הונדערטער ישיבה־בחורים און עילויישע קעפּ, וואָס האָבן פאַרלאָזן די ישיבות און די קליינע שטעטלעך פון פּוילן און ליטע און זיינען אַוועק אין דייטשלאַנד און אין דער שווייץ שטודירן...

עוזר העשל קומט אָבער צוריק פון דער שווייץ אַן אַנטוישטער סיי אין זיין אייגן ניט־איינגעגעבן לעבן, סיי אין דער פרעמדער שווייץ וואָס האָט אים גאָרניט געגעבן. ער ווערט אויפגעגעסן פון ספקות, אָבער ער זעט צוגלייך טיפער פון די אַלע וואָס רינגלען אים אַרום. ער פאַרמאָגט צו מאָל די זעלביקע ערדישע תאוות פון די וואָס קוקן צו אים אַרויף. ער איז שעמעוודיק און צוגלייך חוצפּהדיק פאַרשייט. ער איז אָבער די לעבעדיקסטע געשטאַלטיקונג פון יענע זוכנדיקע יידישע יונגעלייט, די פאַרצווייפלענדיקע און טראַכטנדיקע, וואָס האָבן די אַלטע אמונה אָנגעוואָרן און קיין נייע נאָך ניט געפונען.

די אַמאָליקע יידישע וואַרשע, די וואַרשע וואָס איז שוין ניטאָ מער — לעבט ווידער אויף אין דעם ראָמאַן. מיר זעען דאָ יידן מכל המינים. פרומע, חסידישע, פרייע און פּראָסטע עולם־הזהניקעס; סוחרים און גאָטזוכער, אַפילו אַ משומד, אַ געוועזענעם רב; אויך טיפן פון רעפאָרמירטע יידן פון משה רבנוס גלויבן ווערן דאָ געשילדערט. ס׳איז דאָ אַ באַזונדער ריטעם אין באַשעוויסעס פּראָזע, אין דעם לשון וואָס גיט איבער ניט נאָר רייד ווי יידן רעדן נאָר אויך די לופט, די סביבה און די טראַכטענישן פון די העלדן. אַסימילירטע יידן רעדן ווי אַסימילאַטאָרן, און חסידים ריידן ווי חסידים. אַ רב און, להבדיל, אַ משומד, ריידן רייד וואָס פּאַסן זיי און ניט קיין אַנדערע. דאָס יידיש פון דעם פּוילישן יידן ווערט דאָ אויסגעפילט טיילמאָל אַפילו דורך פאַרגעסענע קלאַנגען און רייד וועלכע באַשעוויס לעבט צוריק אויף.

יצחק באַשעוויס פאַרמאָגט אַ באַזונדערן טאַלענט צו אַנטפּלעקן דאָס סודותדיקע אין די שווייגנדיקע נאַטור־דוממס. שוין אין זיין „שטן פון גאָריי" האָבן מיר דאָס געזען. אין דעם ראָמאַן „די פאַמיליע

מושקאַט" דערשפּירן מיר דאָס שטאַרקער. דאָס אומהיימלעכע און פאַר־הוילענע וואָס רינגלט אונדז אַרום קריגט ביי באַשעוויסן לעבן און רעדט מיט אַ באַזונדער קול. פאַראַן שעהן נאַכטיקע און בין־השמשותדיקע, אין וועלכע באַשעוויס זעט אויסטערלישע זעאונגען און ער הערט קולות ווי ניט פון דער וועלט... דורך עוזר העשלען קומט צום אויסדרוק אָט דער כוח פון קינסטלער ניט בלויז צו מאָלן דאָס דרויסנדיקע נאָר אויך די אינעווייניקסטע פאַרבאָרגענע וועלט פון זאַכן, וואָס זיינען פון אונדז פאַרהוילן. עוזר העשלען, דעם הויפּטהעלד פון ראָמאַן, וואָס גריבלט זיך און וויל דערגיין דעם אייביקן סוד פון אונדזער זיין און פון אונדזער פאַרשווינדן — גיט באַשעוויס אַלע וויזיעס, חלומות און וואונטשן, וואָס ער, דער דיכטער, האָט געזען, שוין קליינערהייט, ווען אים האָבן ניט צו רו געלאָזט די אייביקע פראַגן. פלעגט עוזר העשל אַוועק אין וואַלד צו טראַכטן זיינע טראַכטענישן:

„ער איז געקראָכן דורך הינטערוועגלעך, האָט געהיפּערט אי־בער ריוון, זיך פאַרפּלאָנטערט אין שטעכיקע קוסטעס, יעדעס מאָל דערגאַנגען צו אַ טייכל, וואָס האָט געריזלט צווישן שטיינער. פליגן האָבן געזשומעט, פרעש האָבן געקוואָקעט, אַ פּיקהאָלץ האָט געפּי־קעט, דאָס שאָרכנדיקע פרעפּלעניש פון די צווייגן האָט דערציילט פון אַ געטלעך טועניש וואָס נישט ס'האָט אַן אָנהייב, נישט אַ סוף, נישט ס'איז דאָ צו דעם רעטעניש אַ באַשייד, נישט מ'קען דערין פאַרגעסן"...

אַזעלכע שטעלן אין ראָמאַן זיינען פאַראַן אַ סך. אין זיי דאַרף מען זוכן דאָס אָריגינעלע פון באַשעוויסעס פּרעכטיקער פּראָזע, אין וועלכער עס קומט צום אויסדרוק זיין טיף לעבנס־געפיל, דאָס טראַגישע און פאַטאַלע וואָס דער קינסטלער זעט תמיד אין מענטשן און אין דער נאַטור. באַשעוויס רעדט דורכן מויל פון זיין העלד עוזר העשל. דאָס איז אַ העלד וואָס האַלט אין איין פרעגן. ער פאַרענטפערט גאָרנישט. אָבער עס איז דאָך דאָס פרעגן פון דעם היינטיקן יידן, דעם טראַכטנדיקן און טיפן.

— „די אייביקע פראַגן" — דערציילט באַשעוויס וועגן עוזר העשלען — „האָבן אים קיין מאָל ניט צו רו געלאָזט; איז דאָ אַ גאָט, אָדער אַלץ איז מעכאַניש, בלינד? האָט דער מענטש פליכטן, אָדער איז ער הפקר? איז פאַראַן השארת־הנפש, אָדער די צייט ווישט אַלץ אָפּ"...

אַוודאי טראַכט מען — אַז, ערגעץ האָט מען שוין געהערט די דאָזיקע פראַגן. אין תוך בלייבן זיי דאָך אייביק ניי. דאָס אָפּפרישן און באַנייען זיי, ווי דאָס גאַנצע אַרויספירן די געשטאַלט פון עוזר העשל, דווקא אין די טראַגישסטע טעג פון דעם פינצטערן יידישן יאָרצענדליק, איז אין זיך גופא אַ קינסטלערישער אויפטו פון גרויסן פאַרנעם. עוזר העשלס גריבלענישן דריקן אויס דעם געמיט־צושטאַנד פונעם היינטיקן יידישן מענטש אין ישראל און אין אַלע תפוצות. עס איז, ווי ער, עוזר העשל, וואָלט אָן ווערטער געוואָרנט דעם היינטיקן וועלטלעך־מאָדערנעם יידן, אַז ער זאָל מיט אַלע כוחות זיך קלאַמערן אין אייביק־יידישן, עטישן וועלטבאַנעם — אַניט וועט ער אונטערגיין.

דער צווייפלער עוזר העשל, דער אויסגעשעפּטער און מידער, נעמט לסוף דאָס תנכל צו די ליפּן און טוט עס אַ קוש; „וואָס זיינען זיי שולדיק די נביאים" — פרעגט ער — „זיי האָבן געמיינט גוט. זיי האָבן נעבעך געוואָלט צדק ומשפט. זיי זיינען געווען די איינציקע וואָס האָבן דאָס געגאַרט אויף אַן אמת"... „איין ייד" — שרייט אויס עוזר העשל אין פאַרצווייפלונג און פּיין, — „איין ייד, משה בן עמרם, האָט זיך אַוועק־געשטעלט קעגן דער נאַטור, דעם מענטש, דער געשיכטע"...

דער מידער צווייפלער קומט לסוף, אומדירעקט, צו אַן ענטפער, וואָס שטילט אים איין און גיט אים אַ טראָפּן טרייסט...

* * *

טעכניש איז דער צווייטער טייל פונעם ראָמאַן געשריבן אין אַ מער האַסטיקן ריטם, ווי דער ערשטער. באַשעוויס איז אין צווייטן טייל צוגעקומען נעענטער צום היינט. עס האָט אים דאָ געפעלט די פּערס־פּעקטיוו. ער שטייט דאָ נאָענט צו די גרויליקע געשעענישן פון די לעצטע יאָרן. בכלל אָבער איז דער פאַרנעם פון דעם ראָמאַן גאָר אַ גרויסער. עס ווערן דאָ געשילדערט די יאָרן פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג ביזן אויסבראָך פון צווייטן. דאָס נעמט אַרום כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט יידיש לעבן אין פּוילן.

יצחק באַשעוויס האָט אויסגעקליבן צוויי אַלטפרענקישע פרום־יידישע הייזער מיט זייערע משפּחות; דאָס גבירישע הויז פון ר' משולם מושקאַט און דאָס רבנישע הויז פון ר' דן קאַצענעלבויגן. כאָטש ביידע, סיי ר' משולם, סיי דער אַלטער מתנגדישער רב פאַרנעמען ניט צו פיל פּלאַץ אין ראָמאַן, פילט מען דאָך שטאַרק דעם קינסטלערס פּאָזיטיווע באַציאונג צו אָט די צוויי פאָרשטייער פונעם אַלטן דור. דאָס אייגענע

קאָן מען זאָגן וועגן אַזעלכע זייטיקע געשטאַלטן אין ראָמאַן ווי מנשה דודל, משה גבריאל, אהרלע, ר' וואָלף און זייער גלייכן. מיט זיין גאַנצער קמצנות און גיריקייט נאָך מאַכט בלייבט ר' משולם אין זכרון פון לייענער — אַ טראַגישע געשטאַלט; ערליידט, ר' משולם וואָס דער דור נאָך אים גייט ניט אין זיינע וועגן. און אַ הערלעכע געשטאַלט איז דער זיידע עוזר העשלס, ר' דן קאַצענעלבויגן. דער דאָזיקער מתנגדישער רב שיינט אַרויס מיט זיין ליכטיקן שכל און אייזנפעסטן גלויבן. מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ רב, אַ חקרן, ביי וועמען דער „שלטון השכל" שטאַרקט און קרעפטיקט זיין אמונה. עס געדענקט זיך דאָס בילד פון דעם ביל־גאָרייער רב, בעתן קריג: „די שטאָט איז געווען פול מיט זעלנער, אָבאָז קאַוואַלעריע, נאָר דער בילגאָרייער רב האָט זיך געראַנגלט מיט אַ האַרבן רמב"ם..."

אומפאַרגעסלעך, קינסטלעריש שטאַרק איז דאָס בילד ווען עוזר העשל קערט זיך צוריק פון דער שווייץ און קומט אָן אין זיידנס בית־דין־שטוב. דער דיאַלאָג צווישן עוזר העשלען און זיין זיידן, ר' דן, איז פון די וואונדערלעכסטע דיאַלאָגן אין אונדזער פּראָזע. עוזר העשל דער צווייפלער און דער זיידע זיינער דער מאמין ריידן דאָ איין לשון. דאָ איז פאַראַן המשך. ירושה פון דורות.

עוזר העשל קומט צוריק אָן אויסגעשעפּטער פון זיינע זוכענישן אין דער פרעמד. און ס'איז ווי ער, דאָס אייניקל, וואָלט זוכן שוץ, אַ גייס־טיקן אָנשפּאַר ביים זיידן.

נאָכן שמועס מיטן אייניקל זאָגט ר' דן:

— כ'גיי דאַווענען מנחה. אויב דו ווילסט קום מיט. וואָס קענסטו דאָ פאַרלירן?

— יאָ, זיידע, אדרבה — ענטפערט אים עוזר העשל.

— זאָל מען זען, אַז דו ביסט אַ שטיקל ייד. — גיט צו ר' דן.

פּרעכטיק איז די שילדערונג פון עוזר העשלס אַריינקומען אין בית־המדרש:

„אַ בחור מיט צעשויבערטע פאות האָט זיך געשאָקלט אין אַ ווינקל, געפּאָכעט מיט די הענט. אַן אַלטער ייד האָט אַרומגעוויקלט די לענדן מיט אַ רויטער פאַטשיילע. פון עמוד האָט אַראָפּגעלויכטן די רויטע אויפשריפט כי שוויתי ה' לנגדי תמיד; אויפן געזימס פון אָרון־הקודש האָבן צוויי באַגילדטע לייבן אונטערגעשפּאַרט די לוחות. פון די ווענט האָט אַראָפּגעקוקט אַ מודים, אַ קדיש דרבנן.

עס האָט געשמעקט מיט חלב, שטויב, תענית און נצח ישראל. פון אַלע זייטן האָט זיך אַ לאָז געטאָן דער עולם אָפּגעבן שלום־עליכם. עוזר העשל איז געשטאַנען אַ פאַרשעמטער, אַלץ וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אין די פרעמדע מקומות, איז אין בין־השמשות געוואָרן צו נישט. די צייט איז געוואָרן צערונען, ווי אַ פאַרבלענדעניש. — דאָס איז די אמתע היים, איז אים דורכגעלאָפן דורכן מוח. אַהער וועל איך אַנטלויפן, אַז ס׳עט זיין כלו כל הקיצין״...

**דער ראָמאַן איז אין תוך יידיש. דער מוסר־השכל איז דאָ אַ דורכאויס יידישער. ס׳בלייבט ישראל סבאס אַלטער קוק אויף דער בחירה... באַשעוויס פאַרמשפט זיינע העלדן, די עולם־הזהניקעס, אויף ליידן, אויף אונטערגאַנג. סיי אַבראַם, סיי קאָפל פאַרענדיקן טראַגיש. דאָ און דאָרט געפינט באַשעוויס אַ זכות אויף זייערביידנס זינדיק לעבן. אבראַם פאַרגייט זיך אין התפעלות פאַר מענטשן פון גייסט. ער איז אין תוך אַ ייד מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים. זיין אָפּטימיזם, זיין לוסט צום לעבן איז דורך און דורך פויליש־יידיש. זיין אומרו פאַרכאַפּט קינסטלעריש. אויך קאָפל דער משרת קאָן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן ניט פאַרגעסן, אַז ער האָט געגנבעט ביי זיין באַלעבאָס, ר׳ משולם.**

**צווישן ראָמאַנטיק און צווייפל און דאָס זוכן אַ באַשייד פאַר די באַהאַלטענע כוחות אינעם מענטשן — דאָס איז דער גרונטמאָטיוו פון ראָמאַן. ראָמאַנטיק — אין דער שילדערונג פון דער ליבע צווישן עוזר העשלען און הדסהן, אָט דער צאַרטער עכט פויליש־יידישער פרויען־געשטאַלט, וואָס באַשעוויס מאָלט זי מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און קינסטלערישער קראַפט. הדסהס טאָגבוך, אירע בריוו, איר יוגנטלעכער חן, איר גאַנץ געפיל־לעבן איז נעאָ־ראָמאַנטיק אין שענסטן און איידלסטן זינען פון וואָרט; די בלאָנדזשנדיקע זוכענישן, דער צווייפל עוזר העשלס, זיינע חלומות, דאָס רייסן זיך זיינס צו אמת און יושר און, דער עיקר, זיין דאָרשטיק זוכן גאָט, — דאָס גיט אונדז איינס פון די לעבעדיקסטע געשטאַלטן אין אונדזער ליטעראַטור.**

## ב.

## אין מיין טאַטנס בית־דין שטוב

**אין דעם אַריינפיר צום בוך זאָגט יצחק באַשעוויס, אַז: „מיין טאַטנס בית־דין שטוב איז, אין אַ געוויסן זין, אַ ליטעראַרישער עקספּערימענט. עס איז אַ פרואוו צו פאַראייניקן זכרונות מיט בעלעטריסטיק״. דער דאָזי־**

קער עקספּערימענט איז, פון אַלע שטאַנדפּונקטן, אַ געלונגענער. די „זכרונות" פון די קינדער־יאָרן, דער „ספר־היוחסין" פון באַשעוויסעס חסידיש־מתנגדישער, פאַרצווייגטער משפחה — דור־דורות רבנים און גאונים — קומען זיך שלימותדיק צונויף מיט די בעלעטריסטישע טיילן פונעם ווערק. דער „אימפּעט פון סטיל" און די „דירעקטקייט פון דער ווענדונג" העלפן, אָן ספק, אין דער פאַראינטערעסירטקייט ביי לייענען די זעכציק קאַפּיטלעך פון בוך. יעדער קאַפּיטל איז אַן עפּיזאָד, אַ דערציילונג פאַר זיך אַליין. דאָך דערגאַנצן זיי זיך און העלפן שאַפן דעם פּאָרטרעט פון צענטראַלן העלד — דאָס פרום־חסידיש יינגל, דעם בן הרב אויף דער קראָכמאַלנע גאַס אין וואַרשע; אַ יינגל מיט אַן אויסערגעוויינלעכן זכרון, מיט נייגער און סענסיטיוויטעט.

„איך געדענק בכלל זאַכן" — דערציילט באַשעוויס — „פון אַן עלטער וואָס זעלטן אַ קינד געדענקט. איך שעם זיך צו זאָגן ווי ווייט מיין געדעכעניש גרייכט".

אַ דאַנק דעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן זכרון — און דעם טאַלאַנט דאָס געדענקלעכע אויסצודריקן אויף אַן אייגנאַרטיק־קינסטלערישן אופן — קומען צום לעבן אַלע בילדער און געשטאַלטן, די פאַרשוואונדענע פרום־יידישע וועלט, אין דעם בוך „דעם טאַטנס בית־דין שטוב".

די געשטאַלטן זיינען פאַרשידן: מיר באַגעגענען דאָ יידן לומדים, רוחניותדיקע, האָפערדיקע, וואָס זיינען פול מיט בטחון און גוטסקייט. אָבער עס זיינען אויך דאָ אַזעלכע וואָס זיינען איינגעטונקען ביז איבערן קאָפּ אין גשמיות. באַשעוויס האָט נישט געדאַרפט שטאַרק זוכן די דאָזיקע יידן. „ווען אין גאַס איז געווען אַ בהלה — דערציילט ער אונדז — האָב איך געוואוסט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועלן די צדדים קומען צו אונדז אין שטוב". דאָס נייגעריקע יינגל האָט שוין געוואַרט אויף זיי. די צדדים זיינען געקומען זיך לאָדענען, אַ דין־תורה האָבן ביים פאָטער, דעם מורה־הוראה ר' פּנחס מנחם אויף קראָכמאַלנע גאַס, אַז ער זאָל פּסק'ענען ווי דער דין איז און וועלכער צד עס איז גערעכט. מען איז אויך געקומען אין דער בית־דין שטוב זיך גט'ן, שטעלן אַ חופּה, אָדער גלאַט זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן ווען אייגעם איז געווען שלעכט. אַמאָל פלעגט אַריינקומען אַ ייד מיט טריפהנע מחשבות, גערעדט פריער מיטן פאָטער און געוויזן וואָס פאַר אַ למדן ער איז, אָבער לסוף אַרויסגעקומען מיט לשון, אַז ער וויל דעם מורה־הוראה פאַרקויפן זיין חלק עולם־הבא... נישט אַלעמאָל האָט דער פאָטער געלאָזט דאָס יינגל זיין דערביי.

דער טאַטע פלעגט אים הייסן אַרויסגיין. „כ'בין אַרויס — דערציילט באַשעוויס — און געלאָזט די טיר אַביסל אָפן". ער האָט זיך איינגעהערט. ער געדענקט אַפילו נאָך איצט איבערצוגעבן די זיפצן און שעפּטשענדיקע רייד אויף יענער זייט טיר; „טאַטעשי, כ'קאָן שוין אַריינגיין?" — פלעגט ער פרעגן דעם פאָטער. און אַז דער פאָטער האָט אים נאָך אַלץ נישט אַריינגעלאָזט, איז ער געבליבן שטיין „מיט אָנגעשפּיצטע אויערן"... ס'איבעריקע, האָט ווייזט אויס, די פאַנטאַזיע, ווי ביי אַלע קינסטלער, אים קליינערהייט שוין געהאָלפן דערזען און דערהערן. אין דער בית־דין שטוב האָט ער דערקענט די גרויסע וועלט פון דרויסן, די יידישע און אַפילו די נישט־יידישע, מיט אַלע אירע מאָדנע מענטשן, די גוטע, ווי שלעכטע.

ווען מיר רעדן וועגן דער נישט־יידישער וועלט, האָבן מיר אין זינען דאָס קאַפּיטל „די וועשין", אין וועלכן באַשעוויס דערמאָנט זיך אין דער „קליינער גויעלע", די זקנה, וואָס פלעגט קומען אין דער רבנישער שטוב צונעמען די נישט־ריינע וועש און אַוועק מיט אַ פּאַק אויף אירע פּלייצעס, און אין אַ וואָך־צוויי שפּעטער — צוריקברענגען די וועש ריין אויסגעוואַשן. דאָ ווייזט באַשעוויס די טיפסטע פאַרשטענדעניש פאַר דער גוטסקייט און ערלעכקייט וואָס געפינט זיך אינעם מענטשן. אַ פרייד און אַ טרויער הויערט איבערן גאַנצן בילד. די פרייד צו דערזען די פּשוטע ערלעכקייט ביי אַן אַלטער פרום־האַרעפּאַשנער פרוי; און טרויער — איבערן פינצטערן גורל פון אָט־דער זקנה. דאָס קאַפּיטל „די וועשין" ווייזט ווי פּאָזיטיוו באַשעוויס קאָן זיין, וויפיל באַוואונדערונג ער פאַרמאָגט און ווי פריש דער זכרון זיינער איז צו געדענקען, אַז אַמאָל, אַמאָל, יינגלווייז, האָט ער באַגעגנט די ערלעכע און פּשוטע אין לעבן, ייד צי נישט־ייד:

„דער פּאַק איז געווען אַ גרויסער, גרעסער ווי אַלעמאָל. ווען די גויע האָט אים אויפגעלאָדן אויף די פּלייצעס, האָט ער זי אינ־גאַנצן צוגעדעקט. אַ ווייל האָט זי זיך געוועמען וואַקלען אויף די פיס, ווי גרייט צו פאַלן אונטער דער משא, אָבער אַן אינעווייניק־סטע עקשנות האָט, אַפּנים, געזאָגט: „ניין! דו טאָרסט נישט פאַלן. פאַלן אונטער דער לאַסט קאָן זיך פאַרגינען אַן אייזל, נישט אַ מענטש, די קרוין פון דער באַשאַפונג".

וואָכן זיינען אַוועק. די זקנה איז נישט געקומען. זי איז געווען שלאַף. דער דאָקטאָר האָט געהייסן ברענגען דעם גלח; „אָבער גאָט

דער אַלמעכטיקער — האָט די זקנה געפּרעפּלט — האָט נישט געוואָלט צונעמען צו זיך די פאַרפּייניקטע נשמה". אַז ס'איז איר בעסער געוואָרן האָט זי זיך ווידער גענומען צו דער וועש; „אַ, כ'האָב נישט געקענט איינליגן אין בעט צוליב דער דאָזיקער וועש" — האָט די אַלטע גע־טענהט. ווען די מאַמע האָט איר געציילט די מטבעות פאַר איר ערלעכער האָרעוואַניע, — דערציילט באַשעוויס — האָט ער געהאַט דאָס געפיל „גלייך די מטבעות וואָלטן געוואָרן אין אירע אויסגעוואַשענע הענט פונקט אַזוי מיד און ריין און פרום ווי זי אַליין"...

די זקנה איז מער נישט געקומען. דעם דאָזיקן טיף־מענטשלעכן עפּיזאָד פאַרענדיקט באַשעוויס מיט די ווערטער:

„איך קאָן מיר נישט פאָרשטעלן דעם גן־עדן אָן דער דאָזיקער וועשין. איך קאָן מיר נישט פאָרשטעלן אַ וועלט, וואו ס'איז נישט פאַראַן קיין לוין פאַר אַזאַ באַמיאונג".

ס'איז איינס פון די הערלעכסטע קאַפּיטלעך אין דעם דאָזיקן עכט־יידישן בוך.

* * *

ס'איז אָנגענומען, אַז אַ שרייבערס אויטאָביאָגראַפיע העלפט בע־סער פאַרשטיין זיין שרייבן, זיינע ווערק, דאָס איז געוויס אמת. מ'קען פון דעם „טאַטנס בית־דין שטוב" גאָר אַ סך אַרויסלייענען, אַפילו צווישן די שורות, פון יצחק באַשעוויסעס קינסטלערישע אַספּיראַציעס, די געדאַנקען און די גריבלענישן וואָס האָבן אים געמאַטערט שוין קליינער־הייט און וועלכע ער האָט שפּעטער אויפסניי, מיט מער איבערצייגונג, אַרויסגעבראַכט דורך די רייד און טראַכטענישן פון זיינע העלדן. יאָ, מ'דערקענט דאָ דעם העלד עוזר העשל פונעם ראָמאַן „די פאַמיליע מושקאַט", און אַנדערע, זיינס גלייכן, אין ראָמאַן „דער הויף": די וואָס זוכן אַן ענטפער און אַ באַשייד אויף די ספקות פונעם היינטיקן יידן, ספקות וואָס זיינען נאָך שטאַרקער געוואָרן, איצט, אין די טעג פון נאָך מיידאַנעק... דער עיקר קומען דאָ צום אויסדרוק די פאַרשידענע השפעות פון חברים און מורה־דרכס, די חלומות פון אַ יינגל וואָס איז עלטער אין שכל און אין קענטשאַפט פון זיינע חברים. ער איז אַ קינד — און אַ דערוואַקסענער:

„די וויכטיקסטע אַרגומענטן פאַר און קעגן רעליגיע האָב איך געהערט ביי אונדז אין קיך. נאָך אַזוינע שמועסן פלעג איך אַראָפּ־גיין אין הויף און ווידער זיך שפּילן ווי אַ יינגל. אָבער אַזוי ווי איך האָב זיך געשפּילט אין יאַגעלעך, אין באַהעלטעניש, אין גנבים, אַזוי האָט די פאַנטאַזיע מיינע געאַרבעט״...

אין ס׳רוב אויטאָביאָגראַפיעס ווייזן די מחברים אַרויס עגאָצענטרישע נטיות. דערפאַר אפשר האָט שלום עליכם געשריבן זיין „פונעם יאַריד״ נישט אין דער ערשטער פּערזאָן, כדי אויסצומיידן דעם נסיון פון אידעאַליזירן צופיל דעם אייגענעם איך. ענלעכעס געפינען מיר ביים זיידן ר׳ מענדעלע אין זיין „שלמה ר׳ חיימס״. געציילטע זיינען די אויטאָ־ביאָגראַפישע ווערק אין אונדזער ליטעראַטור וואָס האָבן אי אַ דויערב־דיקן, אי אַ קולטור־געשיכטלעכן ווערט. עס קומען אויפן זינען משה נאַדירס אויטאָביאָגראַפישער פראַגמענט: „טעג פון מיינע טעג״ אין וועלכן נאַדיר לעבט אויף זיינע קינדער־יאָרן אין אַ פאָרעם וואָס איז ענלעך צו באַשעוויסעס, פון „זכרונות און דיכטונג״, אין זיין פּרעכטיק שפּראַכלעכן נוסח פּראָזע. אויך יעקב גלאַטשטיינס „ווען יאָש איז געפאָרן״ און י. י. זינגערס „פון אַ וועלט וואָס איז מער נישטאָ״ געהערן אין תוך צו דעם דאָזיקן קינסטלערישן פּרואוו, פון זכרונות און בעלעטריסטיק, אַ פאָרעם אין וועלכער יעדער אויף זיין שטייגער, היפּט איבער און צאַמט זיך נישט צו דערציילן כסדר נאָר פון זיך אַליין און פון דער אייגענער משפּחה.

רעדנדיק וועגן דעם בוך „פון אַ וועלט וואָס איז מער נישטאָ״, קאָן מען זאָגן אַז יצחק באַשעוויס איז אין תוך ממשיך וואָס דער על־טערער ברודער זיינער — אים צו לענגערע יאָרן — דער פּריצייטיק־פאַרשטאָרבענער שריפטשטעלער י. י. זינגער ז״ל, האָט אָנגעהויבן. ביידע שילדערן די זעלבע בית־דין שטוב, טאַטע־מאַמע, דעם זיידן — דעם בילגאָרייער רב און די משפּחה, פעטערס און מומעס. און דאָך — טוט עס יעדער אויף אַן אַנדער אופן. די עפּיזאָדן וואָס באַשעוויס דערציילט פון זיין עלטערן ברודער ישראל יהושע זיינען אי אינטערעסאַנט, אי וויכטיק פאַר דער ביאָגראַפיע פון דעם באַרימטן שרייבער: „ער האָט גערעדט שאַרף — דערציילט באַשעוויס — בילדלעך, ביי קיינעם זיינען די געדאַנקען פון דער השכלה נישט אַרויסגעקומען אַזוי בייסיק און קלאָר ווי ביי אים. ער האָט צו־גוט געקאָנט דעם מין מענטש״.

דאָס זאָגט אונדז זייער פיל. עס איז דער בעסטער פירוש אויף די נעגאַטיווע העלדן אין י. י. זינגערס ראָמאַנען. און די השפעה פון דעם דאַזיקן „צו גוט קענען דעם מין מענטש" געפינען מיר אויך אין באַשע־ וויסעס ווערק. אויך באַשעוויס, ווי דער ברודער זיינער, זוכט דעם אדם השלם, דעם גאַנצן מענטשן און גאַנצן יידן. און געפינט ער אים איז ער — שעפּעריש גרויס. אַזאַ איז, למשל, די אידעאַלע געשטאַלט פון ר' דן קאַצענעלבויגן, אין „די פאַמיליע מושקאַט", וואָס מיר דערקענען דאָ אין „דעם טאַטנס בית־דין שטוב" אין די זכרונות פון זיין גרויסן זיידן דעם בילגאָרייער רב. די ענלעכקייט איז גאָר שטאַרק.

די ליבשאַפט און באַוואונדערונג וואָס אַ היינטוועלטיקער ייד פאַר־ מאָגט אָפט צו אַמאָליקע יידן, וואָס זיינען גאַנץ געווען מיט זייער גאָט; די גאַנצע בענקשאַפט וואָס מיר האָבן נאָך דער גייסטיקער שלוה פון די אַמאָליקע יידישע דורות — קומט צום אויסדרוק ביי באַשעוויסן אין דער שילדערונג פון זיינע עלטערן. מ'פילט די ליבשאַפט צום פאָטער, דעם כלומרשטן בטלן, דעם תמיד־האָפּערדיקן און התלהבותדיקן, דעם למדן און אָפּשטאַמיקן פון רבנים און גאונים. און מען פילט אויך די גרויסע פאַרערונג זיינע צו דער מוטער, די בת־הרב און אמתע מלומדת, די טאָכטער פון דעם שטרענג־מתנגדישן בילאָגרייער רב. „די מאַמע — דערציילט אונדז באַשעוויס — האָט געקאָנט תנ"ך בעסער פון מיין פאָטער. זי האָט אַריינגעקוקט אין אַזוינע שווערע ספרים ווי דער חובת־ הלבבות און מסילת ישרים, נישט אויף עברי־טייטש נאָר אויף לשון הקודש. די מאַמע האָט אויך געקאָנט געטען, היינען, אַפילו בערגעלסאָנען".

טאַטע־מאַמע זיינען געווען פאַרשידן. דער פאָטער — ער לאָזט נישט צו צו זיך קיין עצבות און וויל נישט זען וואָס עס טוט זיך אַרום אים. די מאַמע ווידער, אַ שטילע, אַ פאַרטראַכטע, אַ סקעפּטישע. אויך זי, אויף איר פרומען שטייגער, האָט, ווייזט אויס, „געקענט גוט דעם מין מענטש", און געהאַט, ווי מען קען זען, אַ גרעסערע השפעה אויף די קינדער — די צוקונפטיקע יידישע שרייבער — ווי דער פאָטער. ביידע, סיי י. י. זינגער, סיי י. באַשעוויס, זיינען ווייט פון דער חסידישער ראָמאַנטיק וואָס מען געפינט, אַ שטייגער, ביי אַשן, ביי י. י. טרונקן און ביי די מערסטע פויליש־יידישע פּראָזע־שרייבער. פאַראַן אַ טיפער, קהלת'דיקער קוק אויפן לעבן, וואָס ביידע שריפטשטעלער האָבן גע־ ירשנט פון זייער מוטער, וואָס האָט „ליב געהאַט צו באַנעמען זאַכן מיטן שכל". ביי באַשעוויסן קאָן מען יאָ געפינען שפּורן פון דעם פאָטערס

גייסטיקער ירושה, וואָס האָט „געטאָן אין קבלה״. אויך באַשעוויס זוכט דאָס מיסטיש־פאַרבאָרגענע און פאַרהוילענע אין לעבן.

* * *

די „בית־דין שטוב״ איז אַ מין גייסטיקער אָאַזיס, אַרומגערינגלט אין דרויסן פון פּראָסטע לייט, פאַרטוענע אין עולם הזה, אין קנאה און אין ווילדע תאוות. די דאָזיקע גאַס „האָט דעם טאַטן נישט געלאָזט צורו, זיך כסדר אַריינגעריסן מיט איר רויש, מיט איר ווילדקייט און גראָב־קייט״. אַפילו אַ חתונה פון אַ געוועזן גאַסן־מיידל ווערט געפּראַוועט אין דער בית־דין שטוב. דער פאָטער האָט גע׳פּסקנ׳ט, „אַז מען מעג. נישט בלויז מעג מען, נאָר ס׳איז אַ מצוה אַרויסצוראַטעווען אַ יידישע טאָכטער פון זינד״. די מאַמע איז ביי יענער חתונה נישט געווען אין שטוב. ערשט ווען די שטוב איז געוואָרן ליידיק פון די וואַזשנע „מחותנים״, האָט די מאַמע זיך אומגעקערט. „אין דרויסן — דערציילט באַשעוויס — איז געווען וואַרעם, אָבער די מאַמע האָט געעפנט אַלע פענצטער, כדי די ריחות זאָלן זיך אויסלופטערן. טעג דערנאָך איז די מאַמע אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטע. איך האָב איר געהערט זאָגן: כ׳וואָלט געוואָלט פּטור ווערן פון דעם דאָזיקן געסל״...

שפּעטער איז אויך די בית־דין שטוב, — וואָס איז „אין אַ בין השמשות געווען פול מיט גאָט, מיט מלאכים און מיט סודות״, — געוואָרן פול „מיט קשיות, ספקות, צערודערונג״. דער ברודער ישראל יהושע איז געוואָרן אַלץ ווינציקער פרום, געלייענט ביכער און כסדר זיך אַרומגעקריגט מיטן פאָטער. איידער ישראל יהושע האָט גענומען שרייבן האָט ער געוויזן טאַלאַנט צום מאָלן. ער האָט זיך אַריינגעצויגן אין דער אַטעליע פון דעם וואַרשעווער סקולפּטאָר אָסטזשעגאָ. און די דאָזיקע אַטעליע איז אויך פאַר דעם ייִנגערן באַשעוויס געווען אַ מין פּרשת־דרכים. נאָך איין באַזוך זיינעם אין דער דאָזיקער אַטעליע איז געקומען אַ צווייטער, אַ דריטער און אַ פערטער. און יעדעס מאָל איז ער געווען פונסניי איבעראַשט. די אַטעליע איז געווען אַ ווענד־פּונקט אין זיין לעבן:

„וואָס פאַראַ פּלוצלונגדיקער איבערגאַנג פון מיין טאַטנס בית־דין שטוב צו דער דאָזיקער אַטעליע! מיר דוכט, אַז דער דאָזיקער איבערשפּרונג איז אין איינקלאַנג מיט מיין כאַראַקטער, מיט מיין גורל, מיט מיין שאַפן. אין מיינע דערציילונגען איז אויך איין טראָט

פון מיין בית־דין שטוב ביז נאַקעטקייט, און פון נאַקעטקייט צו דער בית־דין שטוב. איך בין געבליבן פּאַראינטערעסירט, מיט לייב און לעבן, אין דיביידע פּאַזן פון מענטשלעכקייט".

פון דער אַטעליע מיט די אַנטבלויזטע מאָלערייען, און נאָך דער באַקאַנטשאַפט מיט דעם ברודערס קינסטלער־סביבה, איז דער יונגער באַשעוויס, אין די הונגער־יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג, געפאָרן, מיט דער מאַמען און אַ יינגערן ברודער משה, קיין בילגאָריי, אין דער „אַלט־יידישקייט־מלוכה" פון זיין זיידן. די דאָזיקע נסיעה האָט דאָס יינגל נישט ווינציקער באַווירקט ווי די סביבה פון די פריי־געוואָרענע מאָלער מיט זייערע אויסטערלישע נאַקעטע מאָלערייען: „איך בין אַריין אין אַ שטיק אַלט־יידישקייט!" — רופט ער אויס. — „און ערגעץ־וואו האָב איך געוואוסט, אַז דאָס איז פאַר מיר אַ גייסטיקער אוצר. אַלץ אין מיר האָט געזאָגט: דאָס מוז מען באַשרייבן".

און ער האָט געהאַלטן וואָרט. נישט איין דערציילונג און גרעסערע נאָוועלע — אַזעלכע ווי „דער שטן פון גאָריי", „גימפּל תם" און „דער באַל" — שטאַמען פון יענער נסיעה יינגלווייז. אַזאַ איז אויך דער מאָ־נאָלאָג „די מומע יענטל", אין וועלכן מען הערט אַ יידיש וואָס פאַרמאָגט דעם יחוס פון אַלט־דורותדיקע יידישע טראַדיציעס און מנהגים. בכלל ווייזט באַשעוויס אַרויס אַ סך מייסטערשאַפט — מיט איינהערן זיך און איבערגעבן דעם אַלט־אַרכאַאישן נוסח־יידיש — אין די דערציי־לונגען נישט ווינציקער ווי אין זיינע ראָמאַנען. דעם דאָזיקן אַלטן נוסח־יידיש געפינען מיר אויך דאָ, אין דעם אינטערעסאַנטן בוך „מיין טאַטנס בית־דין שטוב", וואָס איז, אָן שום גוזמא, איינס פון די געציילטע גרויסע ווערק אין אונדזער ליטעראַטור.

# די כתבים פון חיים קרול

אַ גרויס חסד האָט דער דיכטער י. ה. ראַדאָשיצקי געטאָן צו זיין פאַרשטאָרבענעם פריינד, דעם פּאָעט חיים קרול. מיט אַ מין יראת הכבוד, און פרומקייט, — און גאָר נישט מעשה רעדאַקטאָר — האָט ראַדאָשיצקי צונויפגעזאַמלט קרולס ליטעראַרישע ירושה. אין די „כתבים" קומט צום אויסדרוק אַ זעלטענע פריינדשאַפט.

אין דעם אַריינפיר צום בוך, — אַ געמיש פון ביאָגראַפישע נאָטיצן און זכרונות, — דערציילט ראַדאָשיצקי וועגן קרולס לעצטע טעג אין דעם ברוקלינער שפּיטאָל פאַר אומהיילבאַרע. חיים קרולן געדענקען מיר שטענדיק אַ קראַנקן, נאָך איידער ער איז אָנגעקומען אין שפּיטאָל; גאָר אָפט — אַן עקזאַלטירטן, אין די שעהען נאָכן אויפכאַפּן זיך פון אַ לאַנגן שלאָף. עס איז געווען שווער דורכצורעדן זיך מיט אים. ווי אַזוי קרול האָט אין די לעצטע יאָרן זיינע באַוויזן צו שרייבן, דערצו נאָך פּראָזע, איז אַ חידוש. בלויז ראַדאָשיצקי אַליין, וואָס פלעגט אָפט אים קומען זען אין שפּיטאָל, האָט זיך געקענט פּאַנאַנדערקלייבן אין קרולס „היראָגליפן"-אותיות, געשריבן מיט זיין ציטערדיקער האַנט. ראַדאָשיצקי האָט אויך, מער פון אַלעמען, באַוויזן צו פאַרשטיין קלאָר דאָס שטאַמלדיקע שטום-לשון פונעם שטאַרבנדיקן פּאָעט. די לעצטע ווערטער קרולס צו אים זיינען געווען: „יצחקל, ביי דיר זיינען אַלע מיינע כתבים, נאָך נישט געדרוקטע, איך גיב זיי איבער אין דיינע הענט, איך ווייס, אַז ביי דיר וועלן זיי נישט גיין פאַרלוירן".

ניין, זיי זיינען נישט געגאַנגען פאַרלוירן.

אין דעם בוך „כתבים" האָט ראַדאָשיצקי אַריינגענומען אַן אָפּקלייב פון קרולס אַלע לידער; אַ פראַגמענט פון קרולס ראָמאַן „פון מיין טאַטנס שטוב"; אַ נישט-פאַרענדיקטע אויטאָביאָגראַפיע — „דורות"; אַ טאָגבוך „אין טויטן הויז" און „מיניאַטורן-עסייען". ראַדאָשיצקי האָט אויך מוסיף געווען דאָס בוך מיט אַן אָפּטיילונג „וועגן חיים קרולן" — אַרטיקלען,

אָפּשאַצונגען און זכרונות, געשריבן פון פערצן שרייבער, צווישן זיי, — די אינטערעסאַנטע באַמערקונגען וועגן קרולס לידער פון דוד בערגעלסאָן, משה נאַדיר און די באַגייסטערטע אָפּרופן פון ש. ניגער, געשריבן אין די צוואַנציקער יאָרן. די דאָזיקע אָפּטיילונג וועט זיכער העלפן דעם לייענער נעענטער צוצוקומען און בעסער אויפצונעמען דעם ליטעראַרישן איבער־בלייב פון קרולס ליד און פּראָזע.

די פּראָזע קרולס, נישט ווינציקער ווי זיינע לידער, דערציילט וועגן די ליידן, וועגן דער מוראדיקער איינזאַמקייט פון דעם תמיד קראַנקען פּאָעט. געשריבן פּראָזע האָט קרול אָפּט אין אַ סדר, לויט דער שטימונג נאָך. פון זיין ראָמאַן דערוויסן מיר זיך ערשט וועגן זיין גרויסער ליבע צו דעם מיידל חיה־שרה, וואָס פאַרנעמט אַזאַ גרויס אָרט אין זיינע לי־דער. מער קאָנצענטרירט זיינען די טאָגבוך־בלעטלעך, געשריבן אין שפּיטאָל. זיי דערשיטערן בעתן לייענען, ווי קראַנק ער איז געווען — דאָך זיינען געווען וואַך ביי אים די חושים. ער הערט און ער זעט וואָס עס טוט זיך אַרום אים אין דעם יאָמערטאָל פון טויט: „דער טויט שפּאַצירט מיט ריזנשפּאַן און ליידיקט אויס די בעטן פון מיין וואָרד". — „מוזעאום פון טויט" — רופט ער אָן דאָס שפּיטאָל מיט די חולאים, וואו ער פינצטערט אָפּ יאָרן. — „ווי דען זאָל איך עס רופן"? — פרעגט ער אין תמימות:

„איך לעב שוין זעקס יאָר אויף אַן אָרט. עס איז נישטאָ אַ טאָג, וואָס איך זאָל נישט אין זין האָבן דעם טויט. איך לייג זיך מיט אים, און שטיי אויף מיט אים. שטענדיק קלאַפּט ער אין דער פראָנט־טיר פון מיין דירה. אייביק באַגלייט ער מיך, דער טויט. ער איז מיין ווייב"...

ביים לעצטן זאָץ דערמאָנט ער זיך, אַז מיט דרייצן יאָר פריער האָט ער אָנגעשריבן אַ ליד, וואו עס געפינט זיך די שורה: „טויט, ביסט מיין איינציק ווייב". ער האָט, אַפּנים, אינסטינקטיוו, פאָראויסגעזען דעם טרויע־ריק־גיכן סוף.

די „כתבים" פאַראינטערעסירן אויף דאָסניי אין אָט דעם אויסטער־ליש־טראַגישן דיכטער. אויב אַלע לידער, אין בוך, מאַכן נישט אויף אונדז יענעם פרישן און שטאַרקן איינדרוק וואָס מיט יאָרן צוריק, ווירקט אָבער דער גרעסטער טייל נאָך אַלץ, אַז מען זאָל דערשפּירן די עכטקייט פון געפיל. פון די קליינע שורהלעך, אָן גראַמען, רעדט צו אונדז אַ דיכטער מיט אַן אייגן לשון, וואָס דערציילט אונדז וועגן פאַריתומטער איינזאַמקייט און גרויסע ליידן, וועגן דעם אויסגעטאָן זיין פון דער וועלט, מיט אירע

תענוגים און פריידן. קרולס לידער, אָן גראַמען, האָבן ווינציק שייכות צו די פּאָרעם־דערגרייכונגען פון פרייען פערז, וואָס מיר געפינען, אַשטייגער, ביי לעיעלעסן, גלאַטשטיינען, מינקאָוון און אַלקוויטן. כאָטש — אין זיינע „מיניאַטור־עסייען" ווייזט קרול יאָ אַרויס אַ סך קענטשאַפט, ער איז אַפילו שאַרף אין זיינע מיינונגען. ער האָט געהאַט וואָס צו זאָגן, אויף זיין אייגענעם שטייגער, נישט בלויז וועגן פּאָעטן און דערציילער, נאָר אויך וועגן קריטיקער אַפילו. אַזוי, למשל, געפינען מיר אין זיין קליינער עסיי וועגן ב. ריווקין אַזאַ מין שטעל:

„ער, ריווקין, איז איבערגעגעבן זיין שטימונג מיט לייב און זעל, זיין שטימונג שלעפּט אים אַראָפּ טיף אין אָפּגרונט אַריין, וואו עס הערן אויף מחשבות און עס הייבט זיך אָן אַ שפּיל פון געפילן".

אין די אייגענע פּאָעטישע שטימונגען איז קרול זייער אָפט געווען, — ווי ער אַליין זאָגט וועגן זיך — „פאַרהילט אין אַ שלייער כמה וכמה יאָרן". בלויז אַמאָל האָט ער געקענט זאָגן:

היינט בין איך אויסגעלייטערט
פון מיין טשאַד,
און איך זע קלאָר
וועלט און פרוי...

די דאַזיקע „אויסגעלייטערטקייט" איז זעלטן צו געפינען אין זיינע לעצטע קורץ־פּסוקימדיקע לידער. די יאָרן פון קרולס קראַנק־זיין האָבן זיכער געשטערט זיין רייפקייט. ער איז געבליבן איינגעקאָרטשעט, נישט בלויז פיזיש, — אין זיין וועלטל, וואָס איז אַלץ איינגעשרומפּן געוואָרן מיט די יאָרן. קרולס צניעותדיקע ליבע־לידער, די כלה־און־פרויען־געזאַנגען, רופן אַרויס געמישטע איינדרוקן. די פלאַמיקע ליבע צו דעם מיידל חיה־שרה, די כלה, וואָס האָט דעם דיכטער איבערגעלאָזן — האָט אים צע־בראָכן, מיר האָבן אָבער דאָס געפיל, אַז קרול וואָלט סייווי פאַרבליבן אַן עלנדער זינגער. די אַנטוישטע ליבע, האָט, פאַרקערט, געשטאַרקט זיין ליד פון קינדישער תמימות און הילפלאָזיקייט. די קליינע לידער קרולס לייענען זיך גרינג, אָבער די דאַזיקע גרינגקייט האָט דעם כוח שווער צו מאַכן דאָס געמיט פון לייענער, פאַראַן אין זיין ליד אַ לויטערע און ער־לעכע פּשטות. דאָס דערמאָנט דעם וויינענדיקן ניגון פון קאַפּיטל תהילים וואָס אַ ייד זאָגט אין עצבות ווען ס'האַרץ זיינס איז פול מיט צער און פּיין:

גאָט, פאַר וואָס האָסטו מיך אַזוי פיל געפּרואוווט,
מיך, אַ קינד אָן אַ מאַמען?
שוין אַזוי גיך
דעם מאָרגן פון מיין טאָג פאַרלאָשן?
איך שרעק זיך
פאַר זיך.
איך האָב נאָך נישט
דעם מאָרגנס טוי געטרונקען,
און שוין רעגנט אויף מיין קאָפּ
דעם אָוונטס עלטער,
גאָט.

דאָס „קינדישע אַליין זיין" ווערט קרולס גרונטמאָטיוו: „ווי אַ יונגער יתום וואָגל איך אין אַ פרעמדער שטאָט"; „שווער איז מיר די לאַסט פון מיין דערוואַקסן זיין", — אַזעלכע און ענלעכע שורות טרעפן מיר אין זיינע לידער. און זיי רופן אַרויס אין אונדז יענע התפעלות פון די יאָרן, ווען נישט מען האָט געוואָלט, און נישט מען האָט געזוכט ביי אים חסרונות. ס'האָט נישט געאַרט וואָס ער איז אָפט געווען נאַכלעסיק אין זיין פערז, און וואָס ער שטעלט אויס זיינע לידער־שורות ווי עס פאַלט אים איין.

קרול האָט פאַרקינדישט זיינע איבערלעבונגען אין תפילות. דער פרומער טאָן, די גאָט־אויסרופן, ווערט זיין אַנהאַלט און אינהאַלט. זיי, די געבעט־לידער, אַנטפּלעקן אַ תהום ליידן, אָן אָפּגענאַרט ווערן פון לעבן. כמעט אין איין צייט מיט דעם פּאָעט י. י. סיגאַל, ע"ה, שרייבט אויך קרול פרומע, יידיש־דאַוונדיקע לידער. אין אַ ליד, געווידמעט סיגאַלן, רופט קרול אָן סיגאַלס ליד — „פּיוט". יאָ, עפּעס פון אַ טראַדיציאָנעל־באַנייטן „פּיוט" אין יידיש איז איןביידנס דיכטונג געווען:

ס'איז מיר אַזוי גוט
איצט,
ווי פאַרן טויט.
נאָר נאָענטע צום טויט
מוז זיין אַזוי גוט.
איך הער זיך צו

צו מיין חברס פיוט
וואָס ער לייענט
פון שטיקלעך פּאַרמעט. — — —

כּדאַי צו דערמאָנען, אַז אויך י. י. סיגאַל האָט געשריבן וואונדער־לעכע פּאָרטרעטן־לידער וועגן קרולן, אין וועלכע ער האָט אויסגעדריקט זיין נאָענטע פריינדשאַפט צו דעם עלנט־קראַנקן דיכטער.

די זכרונות וועגן קרולן, וואָס זיינען אי אינטערעסאַנט, אי וויכטיק, אין ביאָגראַפישן זין, זיינען געשריבן פון ה. ל. פוקס, י. בערלינער, י. ראַדאָשיצקי און מ. וואַלדמאַן. פאַראַן אין בוך אויך אַ קרול־ביבליאָגראַ־פיע צוזאַמענגעשטעלט פון יעפים ישורין.

# י. מעצקער

אין די ערשטע זייטלעך פון זיין בוך „אויפן זיידנס פעלדער", דערמאָנט י. מעצקער דאָס יאָר 1882. „אויפן זיידנס פעלדער" איז אָבער מער ווי סתּם אַ היסטאָרישער ראָמאַן פון די אַכציקער יאָרן. גאָר אַ סך פון די גוטמוטיקע, אידעאַליזירטע געשטאַלטן אינעם בוך זיינען אים באַזונדערס נאָענט. זיי זיינען, קענטיק, אַ טייל פון דער אייגענער אויטאָ־ביאָגראַפיע. און מיט רעכט ווידמעט י. מעצקער דאָס דאָזיקע בוך דעם „הייליקן אָנדענק פון מיין פאָטער, ר' דוד בן אשר", און דער גאַנצער משפּחה קדושים וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די היטלער־רוצחים.

י. מעצקערס ערשטע בוך דערציילונגען, „ערד און זון", איז דער־שינען אין יאָר 1937. אין די דאָזיקע דערציילונגען פילט מען דעם שרייבערס בענקשאַפט נאָך דער ערד פון זיין דאָרפישער היים. שוין אין די קורצע דאָרפס־מאָטיוון האָט מען געזען ווי ליב עס איז מעצקערן צו שרייבן וועגן די פרומע יידישע פויערים וואָס באַאַרבעטן זייער ערד און ציען חיונה פון איר. אין יענע פרידלעכע יאָרן, פאַרן חורבן, בעתן שילדערן ווי דער טאַטע וויל פאַרזייען „כאָטש אַ מאָרג ווינטער־תבואה", וואַרטנדיק אין רעגנדיקן האַרבסט די זון זאָל שוין אויפשיינען („פאַרזייט") ; אָדער בעתן פאַנאַנדערזינגען זיך, ווי אַ ליד אין פּראָזע, וועגן דעם „איינזאַמען גענדזל", וואָס רייסט זיך צום טייך, נאָכגייענדיק דאָס קול פון דער „ער"־גאַנדז, און ווי דאָס גענדזל בלייבט ליגן דערנאָך „קאַלט און פאַרשטאַרצט", — דעמאָלט, אין די דרייסיקער יאָרן, האָט נאָך גע־לעבט די עדה יידן אין די שטעט און שטעטלעך אין דעם נייעם זעלבסט־שטענדיקן פּוילן. במילא פילט מען נישט אין די דערציילונגען דעם צער און דעם טיפן טרויער וואָס קומט, אומדירעקט אין געמיט פון לייענער, בעתן לייענען „דעם זיידנס פעלדער".

י. מעצקער האָט, דעריבער, אין דעם משפּחה־ראָמאַן מיט אַ כיוון באַריכותדיק, און מיט אַ סדר, אָנגענומען דעם נוסח פון אַ קינסטלער־כראָניקער, וואָס וויל, אַ חוץ די שיינקייט און די פרייד פון דער ערד און איר שפע, אויך פאַרצייכענען לדורות, דאָס לעבן פון די יידן אויף

די פעלדער פון מזרח־גאַליציע ביי דער גרענעץ פון רוסישער פּאָדאָליע. מעצקער דערמאָנט אַפילו געשעעניש לויט די יאָרן ווען און וואו זיי זיינען זיך פאַרלאָפן. גורם דערצו איז די איצט־חרובע היים פון דעם דיכטער־דערציילער, דעם, בטבע, ערדישן, און געזונטן באַזינגער פון „ערד און זון". מעצקער טוט עס ווי אַ קינסטלערישן חוב וואָס ער טראָגט אין זיך. די הויפּט־כוונה איז דאָ צו דערציילן, דורך אַ קייט פון מעשות, וואָס פאַרבינדן זיך איינע מיט דער אַנדערער, ווי אַזוי יידן האָבן געלעבט אין די דערפער פון גאַליציע, צווישן גויים, אונטער דער גוטער ממשלה פונעם עסטרייכישן מלך־חסד פראַנץ יאָזעף, און וועלכע האָבן דאָך באַוויזן צו בלייבן יידן.

פאָרנדיק פון דער חתונה מיט איר יונגן מאַן, דערמאָנט זיך ריווע, — אגב, איינע פון די שענסטע געשטאַלטן אין דעם בוך, — אָן די רייד פון איר מאַמען. די דאָרפיש־יידישע טאָכטער געדענקט, ווי:

„די מאַמע האָט פאַרקעמט אירע האָר, איר איינגעפלאָכטן רויטע סטענגעס און אַריינגערעדט אין איר, אַז אַ יידיש קינד, אַפילו ווען ס'וואַקסט אין וואַלד, דאַרף עס לערנען און וויסן, וואָס ס'איז צו גאָט און וואָס ס'איז צו לייטן"...

בעתן לייענען דאָס דאָזיקע היפּש־גרויסע בוך, פון קרוב צו פינף הונדערט זייטן, שטויסט מען זיך אָן, דאָ און דאָרט, אויף דעם „ויתרוצצו" וואָס מעצקער האָט מיט זיך אַליין. מ'זעט דעם געראַנגל פון מעצקערן דעם קינסטלערישן מעשה־דערציילער, וואָס זינגט אין פּראָזע פון דער שיינקייט פון דער נאַטור, אַפילו ווען זי איז אָפט אומדערבאַרמיק צו די יידישע און ניט יידישע פּויערים; און מעצקערן, דעם היינטיק יידיש־שרייבערשן שליח־ציבור, אויף וועמען די חרובע היים פון זיין גאַליצישן דאָרף, — און דער יידישער חורבן־אייראָפּע בכלל, דריקט ווי אַ שווערע משא און בעט אַ תיקון, אַ קדיש פאַר דער פאַרשניטענער עדה יידן.

„אויפן זיידנס פעלדער" איז קודם כל אַ יידיש בוך. און גובר איז דאָ דער טיפער יידישער טרויער וואָס באַגלייט דעם ברייט־געשילדערטן לעבנס־שטייגער פון די צוויי יידישע פּויערים־משפחות די „לייבן און די בערן". עס איז אַ געזאַנג צו די יידיש־פּשוטע יגיע־כפּימניקעס, וואָס ווילן מיט אַלע כחות בלייבן אויף דער נחלה וואָס זיי האָבן בירושה פון זייערע אבות. די פעלדער און גערטנער, וועלכע די פּוילישע און רוטענישע שכנים ווילן אַרויסרייסן פון זייערע הענט. מעצקער באַשרייבט די טאָג־

טעגלעכע דאגות פון די יידן־הארפאשניקעס, פון די בילבולים, וואס די, כלומרשט, פריינטלעכע פויערים־שכנים טראכטן אויס אויף זיי; פון די זארגן וואס דער עלטערער דור האט ווען די קינדער זייערע קערן אפ פון יידישן דרך, פרעמדן זיך אפ און האבן צופיל צו טאן מיט די שקצים און שיקסעס פון דארף. מיר לייענען אויך פון דער פרייד ווען די יידן אין דארף קלייבן זיך בויען א בית־המדרש, און, פארקערט, פון דעם אומעט וואס טאטע־מאמע האבן ווען די קינדער זייערע פארלאזן דאס דארף און וואנדערן אויס אין דעם וויטן לאנד אמעריקע.

* * *

י. מעצקערס פשוט און געזונט יידיש לשון, דער מעשהדיקער ריטם אין זיין פראזע, קלינגט אפ דורכן גאנצן ווערק, מיטן ניגון פון א חומש־מעשה. נישט בלויז די פרומע העלדן אין בוך לעבן ווי אין א פארצייטיקער חומש־לעגענדע. ער, דער דיכטער אליין, זעט די וועלט פון זיינע קינדער־יארן מיט דיזעלבע תמימותדיקע אויגן. די שענסטע שטעלן אין בוך זיינען טאקע די, אין וועלכע מעצקער איז ווינציקער רעאליסטישער שילדערער, און וואו אים גיט זיך איין ארויסצוהויבן די משפחהדיקע העלדן זיינע פון דערווירקלעכקייט; וואו ער גיט זיי דעם יחוס פון פאטריארכאליש־ביבלישער קרובהשאפט.

„אויפן זיידנס פעלדער" דארף מען טאקע לייענען ווי א שפאגל נייעם — א ביסל צו באריכותדיקן, — „אלה תולדות", פון חתונות, געבורטן און בריתן, און — פון שטארבן, פון „איינגעזאמלט ווערן", אין טיפן עלטער. אין זכרון בלייבן דער זיידע בער און די באבע שרה. די דאזיקע צוויי אלטיטשקע שילדערט מעצקער ווי זיי וואלטן געלעבט נישט אין גאליציע, נאר אין דעם אמאליקן „באר־שבע", אין די צייטן פון אברהם אבינו. מעצקער באווייזט דא, גאנץ אפט, צו פארהיימישן די חומש־געשטאלטן. יארהונדערטער לויפן דורך, כהרף עין, און די יידן אין דעם דארף יאנאוויץ באווייזן זיך צו פארבינדן מיטן עבר און צו בלייבן לעבן מיטן כוח פון א פרשה חומש. עפעס ווי די ברכה יצחקס, פון „ויתן לך", וואלט מכוון געווען די פרעמדע גאליציאנער ערד און זי יידיש פאר־היימישט.

דער אלטער בער זיצט מיטן חומש אין די הענט, „אונטערן בארג־בוים". אז ער דרעמלט איין חלומט זיך אים פון דער סדרה: — „הערסט וואס כ'וועל דיר זאגן", האט ער טענות צו דער אלטיטשקער שרה, פאר וואס זי האט אים אויפגעוועקט, — „כ'האב ערשט געזען די שענסטע

פירות פון ארץ ישראל, כ׳האָב געזען ווייַנטרויבן, מילגרוימען און פייגן און געשמעקט האָבן זיי, אַ מחיה, עפּעס נאָר ווי פון גן־עדן אַרויס.״

מעצקער גיט דעם אַלטן בער נאָך אַ זכות. בער ברענגט אָפּט אין דאָרף אַריין דעם רבין ר׳ וועלוועלע. יעדעס מאָל ווען ס׳איז ביי די דאָרף־יידן אַ שמחה, קומט ר׳ וועלוועלע זיך משמח־זיין מיט זיי. „דער אַלטער בער״, דערציילט אונדז מעצקער, „האָט געהאַט אַ חזקה אַז ר׳ וועלוועלע זאָל איינשטיין ביי אים, פּונקט ווי ס׳פּלעגט איינשטיין ר׳ ישראל בעל שם טוב, ווען ער איז געקומען קיין יאַנאָוויץ״... אויך חיים משה, בערס איידעם, בעת ער פאָרט דורך דעם געדיכטן און טונקעלן וואַלד, אַרום יאַנאָוויץ, קומען אים אויפן זינען מעשות וועגן ר׳ ישראל בעל שם טוב, וואָס פלעגט דאָ אויף די וועגן האָבן „קפיצת הדרך״... ר׳ וועלוועלע, און שפּעטער, ר׳ ניסל, דאָס לאַשקעוויצער רבילע, טרייסטן די פּשוטע דאָרפס־יידן, און זיינען היימיש מיט זיי, ווי ס׳איז היימיש און נאָענט געווען אַמאָל ר׳ ישראל, דער באַשעפער פון חסידות, מיט די פּשוטע יידן זיינע.

לייב, דער הויפּט־העלד פון ראָמאַן, איז שטאַרק געראָטן אין דעם זיידן ר׳ בער. נישט מיטאַמאָל רופט זיך אָפּ אין לייבן דער פרום־יידישער דרך פונעם זיידן. פאַראַן שטעלן אין בוך, וואו מעצקער שילדערט לייבן ווי אַ געזונטן נאַטור־מענטש. לייב קען געבן אַ קלאַפּ נישט ערגער ווי דער שטאַרקסטער שגץ אין דאָרף. אדרבא, לייב באַזיגט גאָר, איינמאָל, דעם גויאישן בחור אַנדרעי, ווען ער לערנט אויס צו האָבן דרך ארץ פאַר די אידישע קלעפּ... חוץ דער גבורה לייבס שילדערט מעצקער די ליבע צווישן אים און דער שיקסע פּיליפּאַ. לייב האָט חתונה מיט דער יידישער טאָכטער ריווע, זיין אמתע באַשערטע. אָבער די געטריי־שאַפט פון דעם דאָזיקן נישט־יידישן דאָרפס־מיידל צום יידישן בחור זיינען פון די שענסטע בילדער אין בוך. ווען לייב איז אין אַ צרה וואַקסט זי אויס, פּיליפּאַ, און איז גרייט אַלץ צו טאָן פאַר אים. פאַראַן שטעלן וואָס ווירקן שטאַרק, אי מיט זייער פּשטות, אי מיט זייער פּאָעטי־שער שיינקייט; „ער האָט אויף איר פריש־אויסגעוואַשענעם קאָפּ באַמערקט עטלעכע גרויסע טראָפּן ראָסע וואָס האָבן ווי דימענטן געבלישטשעט. עס איז אים פאַרגאַנגען דער ריח פון אירע האָר און ער האָט אַוועק־געבויגן דעם קאָפּ אין אַ זייט״... צווישן איין משפחה־מעשה און אַ צווייטער, צווישן איין געשעעניש פון פרייד און פון צער, פון געבורט און פון טויט, קומט צום אויסדרוק מעצקערס קינסטלערישער, ריין־

מאָלערישער כוח. די מעשה מיטן רויבער קעבוש, און די צאַרטע און אײדעלע געשטאַלט בלימעלע, קומען דאָ אויפן זינען. נײַן, מעצקער פּאַר־געסט נישט צו באַזינגען די נאַטור און צו שילדערן איר כוח, וואָס ווירקט אויף די יידן און גוים צוגלייך.

אומפאַרגעסלעך־שיין איז דאָס בילד פון די צוויי יונגע הירשעלעך וואָס לויפן אָן בײנאַכט „פון ערגעץ און בלײבן שטיין פאַר דער טיר פון סטאָדאָלע", וואו דאָס יונגע פּאָר־פּאָלק, ריווע און לייב, געפינען זיך אין דער ערשטער נאַכט פון זייער חתונה. דאָס דאָזיקע בילד פאַרמאָגט אַ וואונדערלעך תמימות־צאַרטע שיינקייט, ווי אַ חלום־מעשהלע וואָס קלינגט נאָך, און קומט צוריק אין זכרון, לאַנג נאָכן פאַרענדיקן דאָס לעצטע בלעטל פון בוך. די נאַטור מיט איר אומאויפהערלעכן בייטנ־דיקן שפּיל פון פאַרבן, וואָס מעצקער מאָלט אין שיינע טענער, מעשהדיק־פאַרטראַכטע — מילדערט דעם צער פון די אַוועקגייענדיקע, סיי די וואָס שטאַרבן, סיי די וואָס פאָרן אַוועק אויף שטענדיק פון דאָרף און לאָזן דעם פאָטער לייב איינעם אַליין.

* * *

„אויפן זיידנס פעלדער" איז נישט אָן אַ מוסר־השכל. לייב נעמט איבער פון זיידן די גייסטיקע ירושה און אַ סך פון זיין כאַראַקטער. ער לעבט איבער צוויי ווייבער. אָבער דער דאָזיקער ייד איז נישט געבראָכן. די קינדער וואַקסן אויס, וואַנדערן אויס קיין אַמעריקע, אָבער דעם „זיידנס פעלדער" בלייבן דאָך אין די פאַרעקשנטע, שטאַרקע הענט פונעם אייניקל, וואָס איז שוין אַליין אַ זיידע. „דער געדאַנק אַז ער, לייב, וועט צום דריטן מאָל חתונה האָבן מיט דער יונגער מאַכלע האָט אים ווי אָנגעפילט מיט נייער גבורה".

דאָס זיינען די לעצטע שורות מיט וועלכע מעצקער פאַרענדיקט דעם אויטאָביאָגראַפיש־משפּחהדיקן ראָמאַן. דער סוף איז פול מיט בטחונדיקן, קינסטלערישן רמז. אַוודאי קען מען נישט אויפהערן טראַכטן, ביים סוף פון בוך, אַז דער אמתער סוף פון דעם יידן אויף די פעלדער פון גאַליציע איז אַן אַנדערער, אַ טראַגישער און אַ מאוימדיקער. אין זכרון אָבער פונעם דיכטער בלייבט לעבן דער קאָפּ פון אָט דער פאַרצווייגטער משפּחה. און געבליבן זיינען אויך די קינדער זיינע און די אייניקלעך אין דער ווייטער אַמעריקע. ס'איז בכלל, ערלעכער, און געטרייער צו זען דעם לעצטן ייד בלייבן אַ שטאָלצן און אַ פאַרעקשנטן, אויף דער ערד פון זיינע עלטער־זיידעס.

# ח. אַיאַלטי

פאַראַן שרייבער וואָס ס'איז ממש אַ מצוה צו לייענען מער ווי איין מאָל. באַזונדערס איז דאָס אַ מוח מיט די שרייבער, וואָס פאַרמאָגן אַן אימפּעטיק־האַסטיקן נוסח־פּראָזע, אַזאַ וואָס פאַרכאַפּט דעם לייענער גיך, גיך, מיטן כח פון זייער אינטערעסאַנטער פּען. אַזעלכע שרייבער איז כדאי צו לייענען אַ צווייטן, און אַ דריטן מאָל, און דווקא נישט בחפזון, נאָר מיט קלאָרן ישוב־הדעת; דעמאָלט געווינען ביידע — אי דער שריי־בער, אי דער לייענער.

אַזאַ סאָרט שרייבער איז ח. אַיאַלטי.

ח. אַיאַלטי איז דער מחבר פון צוויי יידישע ראָמאַנען און אַ בוך דערציילונגען, וואָס פאַראינטריגירן און דערמאָנען כסדר אַריינצוקוקן אין זיי, בלעטערן און לייענען. דער בעסטער סימן, אַז נאָכן ערשטן מאָל בחפזונדיקן לייענען איז מען מיט אים נאָך נישט פאַרטיק. און ווי עס טרעפט מיט אַלע אמתע און עכטע שרייבער, געפינט מען ביי אים, יעדן מאָל, עפּעס אַזוינס פון וועלכן מען האָט פריער גאָר נישט געאַנט אַפילו.

וויפיל מאָל, אַ שטייגער, צווינגט מאַרסעל פּרוסט, אָדער אונדזער אייגענער דוד בערגעלסאָן (דער אַמאָליקער, פון „נאָך אַלעמען" און „אָפּגאַנג") מען זאָל זיי לייענען אויפדאָסניי? אַז מען וויל, דאַרף מען אפשר גאָר מעסטן די גרויסקייט פון אַ שרייבער לויט דעם אומגעשטילטן פאַרלאַנג וואָס מען האָט, אים אָבער און ווידער צו לייענען, נאָכדעם ווי מ'האָט זיך שוין, כלומרשט, באַקענט מיט זיינע ווערק. אין בערגעל־סאָנס ערשטע ביכער, למשל, וויל מען תמיד אַריינקוקן. עס איז גענוג אים צו לייענען אַ זייטל אָדער צוויי. ניט דער סיפּור־המעשה איז דאָ דער עיקר, נאָר דאָס לשון, דער ריטם פון זיין וואונדערלעכער פּראָזע. ס'איז ווי ער אַליין וואָלט גערעדט צו אונדז יעדן מאָל, מיט אַן אַנדער קול, מיט אַן אַנדער רעיון...

* * *

שוין די טעמאַטיק אַיאַלטיס איז אַ נייע, אַן אייגנאַרטיקע און גרויס־שטאָטישע. ניטאָ ביי אים די נאָסטאַלגיע, די בענקשאַפט נאָך דעם

אַמאָליקן יידישן לעבן וואָס איז שוין נישטאָ. דער יידישער חורבן אייראָפּע האָט געבראַכט — צו אונדזער גרויסן אומגליק — אַ שפּע פון „איכהס״ און „קינהס״, וואָס שרייען צו די הימלען. פאַרשטומט איז געוואָרן די פרייד, דער לעבעדיקער שמייכל. דער חורבן האָט אויך צעשטערט דאָס שעפערישע אין אונדזער לעבן: האָט איבערגעריסן די שעפערישע טראַדיציע פון געשטאַלטיקן דעם לעבעדיקן היינט. און אויך דאָ, אין די אַמעריקעס, זיינען געבליבן ווינציק יורשים וואָס זאָלן ממשיך־זיין די קינסטלערישע שליחות, פון דערזען וואָס עס טוט זיך אַרום אונדז; אַזוי, אַז דער היינטיקער יידישער דור זאָל זיך אַליין דערקענען אין די ווערק פון דעם היינטיקן יידישן שרייבער.

אין ה. אַיאַלטיס ראָמאַנען און דערציילונגען טרעפט דער לייענער, קודם־כל, דעם היינטיקן יידן. אין דעם ראָמאַן „דער האָטעל וואָס עקזיסטירט ניט״, געשריבן אין די סוף דרייסיקער יאָרן, באַקענען מיר זיך מיט, שיער־נישט, אַ גאַנצן „קיבוץ גליות״ פון יידישע יונגעלייט, אידעאַליסטן, פאַנאַטיקער, אַ טייל אַוואַנטוריסטן, ציניקער, און סתם־פאַרבלאָנדזשעטע, מכל המינים. דער דאָזיקער ראָמאַן איז, אגב, דער איינציקער ראָמאַן אין יידיש — ווי אונדז דוכט זיך — וואָס שילדערט דעם שפּאַנישן בירגער־קריג, און דעם יידישן אָנטייל אין אָט דעם פאַרלאָרענעם קאַמף מיט די שונאים פון דעמאָקראַטיע. אַיאַלטי גיט איבער, אויף אַ העכסט געלונגענעם אופן, דעם ווירוואַר פון קריג אין מאַדריד, אין די שטעט אַרום, אין וועלכן אויך יידישע יונגעלייט האָבן מקריב געווען זייער לעבן אין קאַמף מיטן נאַצישן און איטאַליענישן פאַשיזם. העמינגוועי, אין זיין ראָמאַן "For Whom The Bell Tolls", איז אפשר גרינגער אָנגעקומען צו דערציילן דעם גאַנצן אמת פון יענעם פאַרלאָרענעם קריג מיט די שונאים פון דעמאָקראַטיע, און אָנצואווייזן אויף די ריכטיק־שולדיקע, וואָס האָבן געהאָלפן אומברענגען — מיט זייער כלומרשטער הילף — די יונגע, שפּאַנישע רעפּובליק. אַיאַלטי האָט זיך אַזאַ אויפגאַבע נישט געשטעלט. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערן יידישן פּראָבלעם; אים האָבן פאַראינטערעסירט סיי די אידעאַליסטן, די אומרואיקע נאַטורן, וואָס טראָגן אין האַרצן די נביאיש־יידישע ירושה פון צדק און יושר; סיי די בלינדע מאמינים, די דעזערטירער פון נייעם ארץ־ישראל, אַמאָליקע חלוצים, פאַר וועלכע דאָס וואָרט פון מאָסקווע איז געוואָרן אַ מין הייליק געבאָט, און זיי זיינען גרייט געווען צו פאַרראַטן זיך אַליין, דעם אייגענעם יונגן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, אַבי צו דערבענטערן די וועלט־

רעוואָלוציע! דער „העלד" שמעון, אויף דעם שפּאַנישן שלאַכט־פעלד, איז אַ נאָענטער קרוב צו דער היינטיקער רויטער חברה אין מדינת־ישראל, וואָס זיצן איצט אין כנסת און ריידן פון „שלום" אין זייער בלינדער שנאה צו דער נייַ־יידישער מדינה. אין דער געשטאַלט פון דעם מיידל רות, וועט דער לייענער אויך דערקענען אַ נאָענטע קרובה פון די היינטיקע „כאַוועורטעס", ווי קליין אין צאָל זיי זיינען — אין דעם היינטיקן ישראל.

אינטערעסאַנט איז די הקדמה צו דעם דאָזיקן ראָמאַן. זי דערמאָנט אין אַ טייל שטעלן, אין בערגעלסאָנס „אָפּגאַנג". כאָטש אַיאַלטי איז ווייט ניט קיין תלמיד פון בערגעלסאָנען. בכלל, איז ער אין דעם ראָמאַן ווינציקער אָפּגעהיט מיטן וואָרט. ער איז דאָ אי באַרעדעוודיק, אי קאַרג אין אויסדרוק.

„דעם ראָמאַן" — זאָגט אַיאַלטי, — „האָב איך געוואָלט ווידמען צוויי חברים וואָס זיינען געפאַלן אין שפּאַניע".

פאַרוואָס האָט ער דאָך נישט געווידמעט דעם ראָמאַן די געפאַלענע חברים? — „עס פעלט מיר (אָבער) מוט דערצו" — איז אַיאַלטי זיך מודה. און דאָ קומט אַ השתפכות־הנפשדיקער מאָנאָלאָג, רייד צו זיין טויטן חבר סוניא, — ווי אַמאָל דער לעבעדיקער העלד חיים רעדט צו זיין חבר, דעם פאַרשטאָרבענעם מלכן ביי בערגעלסאָנען, אין „אָפּגאַנג". די דאָזיקע רייד פון דעם יונגן שרייבער דערציילן, אויף אַ טיף־מענטש־לעכן אופן, פון יענע טראַגישע יאָרן, דעם גרויסן פינצטערן „ערב" פון דער צווייטער וועלט־שחיטה — ווי אַזוי עס האָבן געפילט די מער־אידעאַליסטישע יידישע יונגעלייט איידער די גרויסע אַנטוישונג איז גע־קומען; איידער זיי האָבן דערזען, אַז אָן אמתער פרייהייט, אָן אמתע דעמאָקראַטיע קען די וועלט ניט אויסגעלייזט ווערן:

„ — און דו, סוניא, געדענקסט, ווי מיר האָבן זיך געטראָפן צום לעצטן מאָל אין מאַדרידער סאַניטאַריום? אין יענעם לעצטן שמועס האָסטו מיר געזאָגט: אַז דו וועסט שרייבן וועגן שפּאַניע, זאָלסטו שרייבן דעם גאַנצן אמת".

צי אַיאַלטין איז געלונגען, ווי העמינגוועיך, אַ שטייגער, צו שרייבן דעם גאַנצן אמת, איז שווער צו ענטפערן. וואָס עס איז אים יאָ געלונגען, אויף אַ קינסטלערישן אופן צו שילדערן, איז דער בלינדער געיעג נאָך ליבע און העלדישקייט ביי די יידישע יונגעלייט; און אַרויסצופירן אַ פּאָר ביכטערע, לעבעדיקע פּאַרשוינען, ווי שמערקע דער אַנאַרכיסט, אַ

שטייגער, וואָס דערשפּירט גלייך, אין די ערשטע טעג פונעם בירגער־קריג, אַז דער קאַמף מיטן שונא איז אַ פאַרלוירענער, און אַז יעדע מין דיקטאַטור איז מיאוס און שעדלעך; אָן אונטערשייד — צי שוואַרץ, צי ברוין, אָדער רויט.

דער ראָמאַן איז נאָך איצט „ברוח הזמן", און נישט ווי אַיאַלטי אַליין צווייפלט אין דעם. באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען די דיאַלאָגן פון די חברים פון פּאַריזער „פלעצל" און „מעלוויס", בעת זיי טרעפן זיך אויף זייער אורלויב, און ווען זיי הויבן אָן דיסקוטירן די אייביקע יידישע פּראָבלעמען. די יידישע פראַגע מאַטערט זיי אויך דאָרט — אויף די שלאַכט־פעלדער אין שפּאַניע — מיט דער גאַנצער שאַרפקייט; — „ווערט אַ ייד געהרגעט אויפן פראָנט" — באַמערקט איינער פון זיי — „אַזוי זאָגט מען גלייך: ס'איז געהרגעט געוואָרן אַ פּאָליאַק, אָדער אַ דייטש, און ניט קיין טערק. זעט איר, אַז אַ ייד אַרבעט אין אַ ביוראָ, ווייסן גלייך אַלע, אַז ער איז ניט קיין פּאָליאַק, און ניט קיין דייטש און ניט קיין טערק, מעג ער רעדן אַ בעסערן פראַנצויזיש ווי אַלע טערקן און פראַנ־צויזן צוזאַמען"...

* * *

פיל מער געלונגען, סיי קינסטלעריש, אין פּרט פון שילדערונג, סיי אידייאיש, איז דער ראָמאַן „טאַטע און זון". אַיאַלטי איז דאָ בייגעקומען יענע שוועריקייטן וואָס עס האָט, עד היום, יעדער יידישער פּראָזע־שרייבער אין אַמעריקע, בעת ער נעמט שילדערן דעם נייעם יידישן דור, דעם אָפּגעפרעמדטן פון יידישן לשון און יידישער סביבה. אין זכות פון פאָטער, דעם איידל־פאַרטראַכטן מעסיע סאָקאָלסקי, לעבט אויך אין זכרון פון לייענער די געשטאַלט פון דעם העלדישן זון — זשאַק. אָן ווערטער, פאַרשטייען זיי זיך; דורך די טראַכטענישן אַליין, דורך די שטילע מעדיטאַציעס — קומט פאָר אַ מין לעבעדיקער דיאַלאָג צווישן טאַטן און זון, וואָס דערנענטערט זיי. דאָס רעדט די ירושה פון דורות. אַזאַ סאָרט דיאַלאָג איז ברוך גלאַזמאַנען, למשל, אָנגעקומען גאָר נישט גרינג, בעת ער האָט פּרובירט איבערגעבן די רייד צווישן די יידיש־רעדנדיקע און ענגליש־דערצויגענע אינטעליגענטע העלדן זיינע, די פּראָפעסאָרן, לערער און שרייבער, וועלכע עס האָבן אויך געמאַטערט די אייביק־יידישע פּראָבלעמען. ש. מיללערן געלינגט דער דאָזיקער שמועס צווישן דורות — נאָך ווינציקער. מיללער טראָגט, בכלל, אַ מאָדנע, אומ־פאַרשטענדלעכע שנאה צום היגן אַמעריקאַניש־יידישן יונגן דור, און גאָר

ווינציק פאַרשטענדעניש פאַר אים; רק ער זעט דאָס חומרדיקע און מגושמדיקע ביי די היגע יידישע יונגעלייט. איאַלטי, פאַרקערט, איז קינסטלעריש־אָביעקטיוו צום אָפּגעפרעמדטן יונגן זשאַק סאָקאָלסקי, וואָס איז, אין תוך, פיל ענלעך צו דער אַמעריקאַנישער, האַלב־אַסימילירטער יידישער יוגנט, מיט זייער געשפּאָלטענעם „איך", מיט וועלכן זיי טראָגן זיך אַרום אַ לעבן־לאַנג, זיי זיינען יידן — און געטרייע אַמעריקאַנער. אויך זשאַק איז, אויף זיין שטייגער, אַ טיפּישער פּראַנצויז. און דאָך — יידיש אין געמיט.

דער ראָמאַן „טאַטע און זון" איז אינטערעסאַנט, און נישט בלויז צוליב דעם געטרייען צייט־מאָטיוו, — די איבערלעבונגען פון יידן און פראַנצויזן, בעת די נאַציס האָבן אין אָנהייב־פּערציקער יאָרן געבושעוועט אין פראַנקרייך; אינטערעסאַנט איז דער ראָמאַן אויך מיט דעם, וואָס דאָ קומט צום אויסדרוק ער, דער שרייבער אַליין, מיט זיינע אידייען און רייף־קינסטלערישע בילדער פון מענטש און זיינע ליידן, די ראַנגלענישן פון דעם פרייהייט־אידעאַלן מענטשן, וואָס וויל קיין קנעכט נישט ווערן. פאַראַן אַזאַ שטילער, טרויעריקער מעדיטירנדיקער טאָן אין גאַנצן ווערק. איאַלטיס הומאָר און סאַטירע טרעט דאָ אָפּ אין שאָטן. אַ מוראדיקע ערנסטקייט פילט מען אין דעם בוך. און די דאָזיקע ערנסטקייט גיט זיך איבער דעם לייענער ווי אַ געזאַנג צום מענטש, וואָס קען זיך אויפהויבן העכער פון דער גשמיות. זשאַק — מיט זיין גרייטקייט צו באַצאָלן מיטן לעבן, כדי צו ראַטעווען דעם פאָטער, אין קאַמף מיט דעם גרעסטן יידישן שונא — וואַקסט דאָ אויס אין אַ וואונדערלעך יידיש־העראָאישער גע־שטאַלט, אַזאַ וואָס וועט בלייבן צווישן די געציילטע מענטשלעך־גרויסע געשטאַלטן אין דער נייער יידישער ליטעראַטור.

* * *

דאָס בוך דערציילונגען „דער טשעק און די אייביקייט" איז דערשינען אין די יאָרן ווען דאָס געמיט פון יידישן לייענער, נאָכן חורבן, איז געווען פינצטער. דער אַלטער יידישער „מה נאה אילן זה" — האָט ווידער געקראָגן האַפט אין אַ נייעם פירוש אין די צענדליקער טרויעריקע כראָ־ניקעס, איז די נייע „יון־מצולהס". געציילטע נאָר האָבן אָפּגעשאַצט איאַלטיס כלומרשט לייכטע, גראָטעסקע און דערציילעריש־טשיקאַווע מעשות, וואָס זיינען געקומען צום אויסדרוק אין דעם דאָזיקן בוך. ווי אַן אויסנאַם צווישן די מקוננים, האָט זיך אויפגעוועקט ביים דאָזיקן בעלעטריסט אַ געזונטער לעבנס־געפיל, ווי שלום־עליכמס אַ געטרייער

תלמיד — אין אַ נײַעם גילגול — און ער האָט דווקא אין די טעג פֿון נאָכן חורבן אַ לאַך געטאָן הויך אויפֿן קול, אַ לאַך געטאָן ביטער דורך טרערן, די שונאים אויף צו להכעיס! און גערעכט זײַנען געווען די, וואָס האָבן אין אַיאַלטיס גוזמאדיקע, גראָטעסקע בילדער דערשפּירט אַ נײַעם כח אין אונדזער פּראָזע. און נאָך איצט, זינט די זאַמלונג דערציילונגען איז דערשינען, אין יאָר 1950, איז דאָס דאָזיקע בוך אַ יחיד במינו.

די יידישע פּראָזע אין אַמעריקע לעבט בכלל איצט דורך דעם גרעסטן קריזיס, מיר זײַנען איצט רײַך אין עסייאיסטיק און אין מאמרים. אַ טייל פֿון די ביכער, וואָס זײַנען לעצטנס דערשינען, דאָ הי, און אין אַרגענטינע, באַטיטלט ווי דערציילונגען — זײַנען אין תוך מאמריסטיק אין בעלעטריסטישער פֿאָרם, קלוג און אַלץ־וויסעריש, און וואָס טיפֿער עס זײַנען די רעיונות אין די דאָזיקע פּראָזע־ביכער, אַלץ ווינציקער זעען זיך די געשטאַלטן, די כלומרשטע העלדן, וואָס דאַרפֿן זײַן אַ פּועל יוצא פֿון דעם שרײַבערס קינסטלערישער פֿאַנטאַזיע. די בעסערע צווישן זיי — לעבן אויף די שטעט וואַרשע און ווילנע, וואויל און גוט. אָבער וואו זײַנען פֿאַרט איצט די שטעט ניו־יאָרק, שיקאַגע און פֿילאַדעלפֿיע אין דער היגער יידישער פּראָזע ?...

* * *

ה. אַיאַלטי איז צווישן די געציילטע פֿאַרשטייער פֿון אונדזער ליטע־ראַרישן שארית־אייראָפּע. ער האָט באַוויזן קינסטלערישן קפֿיצת־הדרך און זיך שנעל דאָ־הי, אַקלימאַטיזירט. אַנדערע נעמט עס יאָרן. די אויס־געוואָרצלטע העלדן זײַנע — גייט ער באָדן אונטער זייערע טריט. ער לאָזט זײַנע פֿאַרשוינען נישט רעדן קיין לאַנגע שלום־עליכמשע מאָנאָלאָגן. די צײַטן זײַנען איצט נישט פֿאַר לאַנגע רייד. אָבער ריידן לאָזט ער זיי, און אין אַזאַ וואויל־אידיאָמאַטישן לשון וואָס איז גענוג קערנדיק און פֿול מיט לעבן. דער ריטם פֿון אַיאַלטיס פּראָזע איז אַ גיכער און דורכ־אויס אַ היינטיקער ; ער איז אי פּשוט, אַלטמאָדיש קלאָר, אי נײַ, אימפּעטיק, איבערהיפּנדיק, מיט נישט־דערזאָגטע רייד וואָס האָבן גענוג האַפּט און כוח צו פֿאַראינטערעסירן דעם היינטיקן ראַפֿינירטסטן לייענער.

וואָס געפֿינען מיר נישט אין דעם מנין דערציילונגען וואָס זײַנען צונויפֿגעזאַמלט אין דעם טשיקאַווען בוך „דער טשעק און די אייביקייט" ? אָט איז אַ מעשה מיט אַן אייזל, אין נײַעם ארץ־ישראל, וואָס שלום, דער אויפֿזעער, האַנדלט איין פֿאַר דער קבוצה („משיחס אייזל"). וויפֿיל איראָניע, ווי קלוג־פֿאַרטראַכט איז דאָס דאָזיקע ארץ־ישראל בילד ! ווי געדאַנקען־

רייד, טראָץ דער הלצהדיקער פאָרם! און אָט לייענען מיר אַ מעשה — אַ שפּרונג פון ארץ ישראל קיין מעקסיקע — „אַ באַנקעט אין מעקסיקע סיטי". אַמאָליקע פּראָלעטאַריער און היינטיקע גבירים נייטיקן זיך, לשם פּרינציפּ, כאָטש אין איין אייניציקן אמתן פּראָלעטאַריער, ווייל ווי קען מען אָנהאַלטן די פּאַרטיי „שער און אייזן" — אָן אַן אמתן אַרבעטער?... דאַרף מען מער? דער קינסטלערישער מוסר־השכל ליגט דאָ אויבנאויף. אסור צי די לאַנגע בייכיקע ראָמאַנען מאַכן עס קלאָרער ווי אָט די קורצע הומאָריסטישע דערציילונג. און פון מעקסיקע פליען מיר — ווי אַ גילגול פון מנחם־מענדלען וואָלט אונדז געיאָגט — צוריק קיין פּאַריז, און מיר לייענען די געוואַגטע מעשה פון דעם וואוילן יידן ר' יששכר, דעם אונטערנעמער פון די „קדישים", וואָס אָט דער פאַרוואָגלטער ייד, אין דעם זינדיקן פּאַריז, שטעלט צו פּאָר די פאַרגויעשטע פראַנצויזישע יידן אין די רייכע פּאַלאַצן. ר' יששכר איז זיך מרחם אויף אַ יידיש גאַסן־מיידל, וואָס האָט זיך דערמאָנט אין איר טאַטנס יאָרצייט... „(שכינתא בגלותא"). ער הייסט זיין מנין זאָגן קדיש (קיין געלט נעמט ער נישט).

פון די אַמעריקאַנישע זאַכן איז כדאי צו דערמאָנען „דער באָבעס בעסט־סעלער". די אלמנה פראַדל מיט איר „צאינה וראינה", דערמאָנט אונדז די טרויעריקע געשיכטע ווי מען וואַרפט יידישע ביכער אויפן גאַס. שטאַרבט אַ ייד — ווייסן די קינדער נישט וואָס צו טאָן מיטן פאָטערס יידישע ביכער־שראַנק. ניט אַלע יורשים נעמען זיך די מי אַוועקצוטראָגן די ספרים ערגעץ אויף אַן אָרט וואָס מען קען זיי נאָך נוצן. ווען פראַדל זעט ווי די טאָכטער אירע וואַרפט אַרויס אויפן גאַס די ענגלישע, אויס־געלייענטע, בעסט־סעלערס, באַפאַלט איר אַ שרעק:

„מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט זי זיך געגומען איבערקוקן אירע אייגענע ספרים, זיי זיינען אַלע געשטאַנען אויף זייער אָרט: די מחזורים, דער דיקער קרבן־מנחה סידור, און די צאינה וראינה, וואָס אַזאַ קריגט מען גאָר ניט אין אַמעריקע. — און נאָך מיין טויט? וועט מען זיי אַרויסוואַרפן? — האָט אַ טונקעלער געדאַנק פאַרוואָלקנט איר זיכערקייט"...

נאָך פריער, איידער די טאָכטער האָט אַהיימגענומען דער מאַמען צו זיך, צו וואוינען מיט איר אין דעם נייעם געגנט ביים ים, האָט ריטשל איינמאָל אַ פרעג געטאָן וועגן די יידישע ביכער אין שאַפע:

— „מאַמע, צו וואָס זאָלן מיר מיטנעמען די אַלע בוקס"?...

ווער וועט זיי לייענען?...

„ווער וועט זיי לייענען״? גענוג די קורצע פּראָגע, אַז די דאָזיקע הומאָר־געשריבענע דערציילונג זאָל, כהרף־עין, פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טראַגישן פּאַרס. און דער איינדרוק זאָל זיין, ווי מען וואָלט לייענען דאָס טרויעריקסטע קאַפּיטל יידיש־אַמעריקאַנער געשיכטע...

דאָס גאַנצע בוך „דער טשעק און די אייביקייט״ איז אַ געמיש פֿון הומאָר און סאַטירע. אין הינטערגרונט פֿון די דאָזיקע גראָטעסקע, גוזמאדיקע מעשות — ווי אין דער דערציילונג „דער מעמאָראַנדום פֿון די ל״ו״ — שטייט דער יונגער הויך־טאַלאַנטירטער ח׳ איאַלטי, אַ טרויער־ריקער, מיט אַ ביטערן קלוג־איראָנישן שמייכל; אויף וועמענס פּנים מען פילט די פאַרשטיקטע, באַהאַלטענע טרערן. אָנשטאָט צו וויינען אויפן קול ווייזט אונדז ח. איאַלטי די איצטיקע תקופה, פֿון נאָכן חורבן, אין גראָטעסקע, הומאָריסטישע בילדער און געשטאַלטן. ווי אַ ייד אין דער גרעסטער עת צרה, לאַכט ער דוקא הויך אויפן קול, מיט יאַשטשער־קעס, אויף צעפּיקעניש אונדזערע שונאים! דאָס דאָזיקע ביטערע, קלוגע געלעכטער קומט שאַרף צום אויסדרוק אין איאַלטיס לעצטע דערציילונגען. זיי זיינען געשריבן פֿון איינעם פֿון אונדזערע טאַלענטירסטע יונגע פּראָזע־שרייבער וואָס מיר פֿאַרמאָגן היינט צו טאָג.

# נ. סיגאַלאָווסקי

נ. סיגאַלאָווסקיס צוויי ביכער „אין קריג" זיינען טייל פון אַ טרילאָגיע וואָס דער יונגער בעלעטריסט האָט אָנגעשריבן. אין די דאָזיקע צוויי ביכער האָט סיגאַלאָווסקי זיך באַמיט צו געבן דאָס לעבן פון דאָרפס־מענטשן, אוקראַינער פויערים, און די פּאָר יידישע משפחות וואָס וואוינען צווישן זיי. ניט דאָס אוקראַינישע דאָרף פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט האָבן מיר דאָ, נאָר די אוקראַינער פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג; די אָרעמקייט, פּרימיטיווקייט פון לעבן פונעם אוקראַינישן פויער, און די ערשטע אויפוואַכנדיקע אומצופרידנקייט צו רעוואָלטירן קעגן פּריץ און דער צאַרישער מאַכט וואָס שטייט הינטער אים.

אויטאָביאָגראַפיש לייענט זיך דאָס ערשטע בוך „קינדער". דאָ הערן מיר אַ מעשה וועגן אַ יידיש יינגל, שמעון, דערצויגן און אויפגעוואַקסן אין אַ פרעמדער קריסטלעכער סביבה, וואָס ווערט אָבער געהיט פון געטרייע טאַטע־מאַמע, זיידע, באָבע, ער זאָל צופיל ניט פאַרגויישט ווערן. זיי לאָזן פון אים קיין אויג ניט אָפּ. און ווען שמעון ווערט בר־מצוה, הייבט ער זיך אָן צו טרעפן מיט זיינע גויאישע חברים, שקצים און שיקסעס, דיניס, יאברעם, יאַגניציאַ, פּאָלושאַ און מיט דער יונגער יאָוודאָכע אין וועמען ער איז פאַרליבט ביז איבער די אויערן. די גויאישע חברים זיינע לאָזן אים ניט אָפּ; קומען צו אים, רופן אים „קאַנאַריק" פאַר זיין שיינעם זינגען און זיי וואונדערן זיך, וואָס ער ווייזט זיך אַזוי ווינציק. דאָס יינגל שמעון בעט זיך ביי זיי:

— „איך קען מער צו אייך ניט אַרויסקומען.

— ביזט רייך געוואָרן? האָט פּאָולושאַ אויסגעצויגן געפרעגט.

שמעון האָט אומגעדולדיק געדרייט מיט זיין טונקל־ברוינעם קעפל אויף ניין...

— ניט דאָס — האָט ער געזאָגט.

— וואָס דען? — האָט אימיצער פון דער חברה געפרעגט.

— נאָך ערגער — האָט שמעון געענטפערט.

— אַ טשאָ? — האָט מען פון דער חברה געפרעגט.

און שמעון האָט דערציילט:

— איך ווער דרייצן יאָר אַלט, און איך טאָר מער קיין עבירות ניט טאָן...

— ווערסטו, הייסט עס אַן אמתער זשיד פאַרך — האָט דיניס געזאָגט און אין שפּאָט פאַרשמעלט זיינע קאַרע אויגן"...

די אייביקע נאָענטע פרעמדקייט, פון גוי צום יידן, דער אומ־צוטרוי און צוגעבונדנקייט צוגלייך; די באַהאַלטענע שנאה און שטענ־דיקער חשד פון די אומוויסנדיקע צום יידישן שכן וואָס זיצט צווישן זיי — דאָס אַלץ גיט זיך סיגאַלאָווסקין איין אַרויסצוברענגען לייכט, פּשוט און עכט. סיגאַלאָווסקי קען דעם אוקראַינער פּויער. זיין תמימות און אָבערגלויבן, זיין בלינדקייט און פּרימיטיווער חכמה.

מיט אַ שווער געמיט געזעגנט זיך דאָס ייִנגל שמעון מיט זיין דאָרף, מיט זיין יידישער היים, וואָס שטייט אַליין פאַר זיך, ווי די אַנדערע פאַר יידישע שטובן, אָפּגעהיט, ריין, אַרומגערינגלט פון דעם פאַרגרעבטן פּויערים־פאָלק. סיגאַלאָווסקי האָט נאָר נישט גענוג אַרויסגעהויבן דאָס יידישע הויז אין דאָרף, לגבי די אַרומיקע שכנישע הייזער; ער האָט נישט געגעבן דער היים שמעונס יענע שילדערונג פון איינגעזעסנקייט ביים יידישן ישובניק, וואָס איז טאַקע אין דער פרעמד, אָבער וואָס באַ־לייכט די פרעמד מיט זיין אייגן ליכט. די יידישע קינדער אין דאָרף רייקי זען אין יעדן יידן וואָס קומט אָן צו זיי — אַ פרעמדן, פון אַן אַנדער שבט. גאָר אַנדערש ווי דער ייד אין דער הירשביינישער אידיליע, וואָס פילט זיך פאַרברידערט מיט כל־ישראל.

„וואו אַ ייד קאָן שוין קיין גוטס נישט זיין", זאָגט צו דעם ייִנגל שמעון, די קליינע יאַוודאָכע. — „דו ביסט אַנדערש" — טענהט זי צו אים. „דו ביסט נישט קיין ייד מיט פּאות און ציציתלעך און אַלע אַנדערע זשידאָווסקי פּריטשעפּקעס. דו ביסט אויסגעוואַקסן צווישן אונדז. דער־פאַר ביסטו אַנדערש".

ערגעץ אין דעם דאָרף אָטשערעטניע קומט ער אָן, שמעון. דאָ ווערט ער אַ לערער. ער בענקט נאָכן דאָרף רייקי און נאָך דער קליינער יאַוודאָכען... אָבער דאָ פּאַסירט עפּעס אַזוינס מיט אים, וואָס דאָרף אים אויסטיילן פון זיינס גלייכן. הגם מיר זעען עס נאָר טיילווייז. שמעון באַגעגנט אין אָטשערעטניע, אויפן גליטש, דעם סטודענט־רעוואָלוציאָנער

משה ראַבינאָוויטש, און דאָס יונגע מיידל אַניוטאַ סקווירסקי. די האָבן אויסגעזען אין זיינע אויגן ווי „אויסגעטרוימטע שרייבערשע געשטאַלטן”. נאָך דער דאָזיקער באַקאַנטשאַפט האָט דאָס יינגל שמעון „זיך אינגאַנצן אויסגעטאָן פון זיין אַמאָליקער ווילדקייט און דאָרפישער פּראָסטקייט”. דאָס ווערט אויך מער איבערגעגעבן, מיטגעטיילט, אָבער נישט גענוג געוויזן אין בילדער, אין דיאַלאָגן און אין אַקציע אַזוי, אַז מיר זאָלן עס זען.

די נייע רעוואָלוציאָנערע סביבה מיט אירע דעבוטאַנטן קומט סיגאַ־לאָווסקין ניט אָן אַזוי גרינג צו שילדערן מיט דער זעלביקער לייכט־קייט, ווי עס טוט דאָס מיט זיינע דאָרפסלייט. די אָטשערעטניער פּויערים קען ער אַזוי גוט ווי זיינע רייקיער ערד־פּאַרשוינען. זייערע ערד, זייערע השגות, פּופן לעבן. איינצלנע נאַטור־שילדערונגען אַרום דעם דאָרף קומען אָבער ביי אים אַרויס ביז גאָר פיין און אייגן, אַשטייגער דאָס קאַפּיטל וואו ער מאָלט דעם גליטש אונטערן באַרג:

„דאָס דאָרף איז געווען באַלד אונטערן באַרג, און פון וויטן האָט זיך שמעונען אויסגעוויזן, אַז מען קאָן פונעם באַרג אַריינפליען ערגעץ אין אַ פּויעריש שטיבל”...

פאַראַן אַ תמימות אין סיגאַלאָווסקיס שילדערונגען. אַ שטייגער:

„איבערגעבן שמעונס געדאַנקען, נאָכדעם, ווי ער האָט זיך מיט די נייע מענטשן אין אָטשאַרעטניע באַקאַנט און זייערע גע־שפּרעכן געהערט — וואָלט געווען פונקט אַזוי אוממעגלעך, ווי אוממעגלעך עס איז איבערצוגעבן די צאָל טראָפּנס פון אַ רעגן און דעם קלאַנג פון זייער פאַלן און בשעת מעשה דאָס רוישן פון ווינט, דאָס שפּיל פון די וואָלקנס און דאָס פּלוצימדיקע אויפ־שיינען פון דער זון, דאָס געזאַנג פון די פויגלען און די קולות פון מענטש און חיה אין שרעק און אין רו”...

אין ליכט פון די היינטיקע געשעענישן, נאָך דער אָקטאָבער רעוואָ־לוציע און איצטיקע וועלט־שרפה און גרעסטן יידישן חורבן, קלינגט אַביסל נאַאיוו און היפּש פאַרשפּעטיקט דאָס איבעראַנגייס דערציילן ווי אַזוי דער אוקראַינישער פּויער האָט זיך אויסגעטשוכעט און גענומען פאָדערן זיין מענטשלעך רעכט. מאָדנע איז אויך דאָס, וואָס גאַנצע צוויי ביכער לייענט איר, און אַלץ וועגן די גויאישע פּויערים, כלאָפּצעס, וואָלד־

היטער און אַ פּריץ אַ מנוול. די פּאָר יידן ווערן עפּעס דאָ בטל. זיי זען זיך קוים אַרויס. אַפילו דער הויפּט־העלד שמעון, מיט זיין גאַנצער דאָרפישער פרומקייט, און שפּעטער מיט זיין ליבע צו דער „מענטשהייט", איז עפּעס אויך מער גוי ווי ייד. סיגאַלאָווסקי האָט געקענט לערנען אין דעם פּרט ביי די קלאַסיקער אונדזערע, ביי ביאַליקן, ביי שלום־עליכמען. ביי זיי איז דאָס אוקראַינישע דאָרף, מיט זיינע תושבים, די פּויערימלעך און גלחים, גאַנץ לעבעדיק אַרויסגעקומען, פונדעסטוועגן איז דער ייד געוועזן דער עיקר אין זייער דערציילן. ביי סיגאַלאָווסקין איז עס פאַרקערט. בלייך און אָן כחות קומען ביי אים אַרויס די פּאָר יידן, די גאַנצע שרייבערשע ענערגיע זיט ער אַוועק דעם אוקראַינישן פּויער.

דער סטודענט־רעוואָלוציאָנער מיטן עכט־יידישלעכן נאָמען ראַבי־נאָוויטש האָט אויך ווינציק וואָס אַ שייכות און איז אַ קנאַפּער קרוב צו שלום־עליכמס קלוגן יידישן רעוואָלוציאָנער, „פּעפּערל" אַשטייגער, ווי מיר קענען אים און געדענקען פון יענע אַלטע, גוטע צייטן. אויב שוין יאָ צוריקגיין און אויפטויכן אַלטע נאַאיווע, העלדן, וויל מען כאָטש זען אַ ניצוץ פון דעם ייד אין זיי. די אַלע רוסיש־יידישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען „געגאַנגען אין פאָלק אַריין", האָבן דעם יידן נישט געלאָזן אין דער היים... דער יידישער בחור ראַבינאָוויטש איז ווייט פון זיי.

מיט דעם צווייטן בוך „פּויערים" האָט סיגאַלאָווסקי אויף אַן אמת אָפּגעצאָלט זיין אוקראַיניש דאָרף פאַר האָבן דאָס גליק אָפּצולעבן דאָרט זיינע ערשטע צענדליק יאָרן. אַזאַ מיטפילן, אַזאַ ליבשאַפט צום אָרעמען פּויער, אַזוי איבערגעבן דאָס נעבעכדיקע לעבן פון די ערד־קנעכט, די פאַרקויפטע צום פּריץ, האָט זעלטן אַ יידישער שרייבער באַוויזן צו טאָן. פאַראַן אַ קאַפּיטל אין צווייטן בוך, וואו עס דערציילט זיך וועגן אַן אָנבייסן, וואָס אַ פּויער פאַרגינט צו עסן אין אַ פאַרטאָג, ווען זיין ווייב און זיינע דרייצן קינדער שלאָפן נאָך. איז עס פון די שטאַרקסטע און געלונגסטע אין בוך. דער מאָגן איז ליידיק. די נויט ברענט אין קאַלטן שטיבל, און דער פּויער מאַכט מאַקאָר געפינט ערגעץ אַ בינטל כריין. ער צע־שניידט עס אויף „דינינקע רעדעלעך"... „ער האָט פּונעם נאַמיסניק אַראָפּדערלאַנגט אַ לעבל ברויט, אָפּגעבראָכן אַ שטיק דערפון, עס באַשאָטן מיט זאַלץ, האַסטיק אויפגעגעסן און פאַרטרונקען מיט וואַסער... און ערשט נאָכדעם אָנגעהייבן עסן פריער אַ גרויסן ביסן ברויט און נאָכדעם אַ רעדעלע כריין"...

ג. סיגאַלאָווסקי איז געטריי די גוטע טראַדיציע פון אונדזער קלאַ־

סיקער אברהם רייזען. דער טיפער געפיל פון רחמים, פון די שטעטלשע יידן צום אָרעמען פויער אַנטאָש — אין דער דערציילונג „פאַרשפּע־טיקט״ איז דער שענסטער מוסטער אין אונדזער ליטעראַטור, און סיגאַ־לאָווסקי איז ממשיך אָט דעם רייזעניש־הומאַנישן מאָטיוו אויף זיין אייגע־נעם אופן און מיט זיין אייגענעם שרייבערשן טאַלאַנט.

דאָס בילד ווי די פויערטע מאַרטאָכע קוקט צו ווי דער שפּייזער אירער זיצט און עסט דעם כריין און זי שלינגט פון הונגער די סלינע אין מויל — גיט איבער דעם גאַנצן גרויל פון נויט אין אַ פויעריש שטיבל. דאָס דאָזיקע בילד איז שאַרף און קריצט זיך איין אין זכרון נישט צו פאַרגעסן. אין צווייטן בוך זיינען פאַראַן אָן אַ שיעור אַזעלכע בילדער. זיי ווייזן אַז דאָס אוקראַינישע דאָרף, דאָס אַמאָליקע, האָט אין נ. סיגאַלאָוו־סקין דעם בעסטן שילדערער און געטרייסטן מליץ־יושר.

# חיים פעט

## א.

חיים פעט געהער צו די שרייבער וואָס קוקן אויף דער וועלט מיט פאַרליבטע, תמימותדיקע אויגן. צי ער שרייבט וועגן די וואוילע, גוט־האַרציקע יידן פון זיין ווייס־רוסישן שטעטל פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג, אָדער ער דערציילט פון יידן, וואָס זיינס אַ העלד האָט באַגעגנט אויף אַ רייזע איבער אַמעריקע — אַלצאיינס זעט ער דאָס רוב גליק, פרייד און וואונדער אויף גאָטס שיינער וועלט.

ניט אַלעמאָל געלינגט פּעטן צו פאַראינטערעסירן דעם היינטיקער לייענער אין אָט דער וועלט פון לויטער גוטס. עפּעס, טראַכט מען, האָט זיך דאָך געענדערט אין די לעצטע יאָרן. דער גלויבן אינעם מענטשן האָט זיך היפּש אַ וואַקל־געטאָן. די שטילסטע מעשה־דערציילער זיינען אויך אויפגעטרייסלט געוואָרן. און אַפילו די וואָס האָבן געזוכט צו „אַנט־לויפן פון לעבן" און געשריבן זאַכן, וואָס ווערן באַצייכנט ווי „עסקעיפּ־ליטעראַטור", האָבן זיך שפּעטער אויך אָפּגעזוכט. מער נאָך: אין אַ סך פון זייערע מעשות וועגן דעם ניט־רעאַלן און אויסגעטראַכטן לעבן, האָט זיך שטאַרק געפילט דער אָטעם פון דער צייט... מ'קען דאָס זעלבע זאָגן וועגן אַ היפּשן טייל יידישע שרייבער אין אַמעריקע. אין זייער איצטיקן דערמאָנען זיך אין דעם אַמאָל, אין דעם לעבן פונעם קליינעם יידישן שטעטל אויף יענער זייט ים, קען מען אויך אַרויסלייענען דעם ווייי־געשריי, די בענקעניש נאָך דעם פאַרשוואונדענעם, נאָך דעם וואָס איז שוין ניטאָ.

וועגן פּעטן לאָזט זיך דאָס ניט זאָגן. ער שרייבט וועגן היינטיקע און אַמאָליקע מענטשן מיט אַזאַ שטילער פאַרליבטקייט, ווי איינער וואָס איז צום ווינציקסטן באַווירקט געוואָרן פון דער צייט. ער געהערט צו די וואָס גייען דורך די גרעסטע שטורעמס — ווי מזלדיקע. די גרעסטע אומגליקן ענדערן ניט זייער גלויבן אין מענטשן און די פאַרליבטקייט אין דער נאַטור.

אין פעט'ס בוך „אָפּגעזונגענע טעג" (1941), זיינען פאַראַן דערציילונגען, וואו עס ווערן דערמאָנט דער ערשטער און צווייטער וועלט־קריג. אָבער די דאָזיקע מלחמה־בילדער כאַראַקטעריזירן נאָך מער דעם שרייבער חיים פעט, וואָס זעט אין קריג אַפילו ניי־געבוירן לעבן, און רחמנות אויך ביי די וואָס האַלטן די שווערד אין האַנט.

אין דער דערציילונג „צוואַנג־אַרבעט" ווערן איבערגעגעבן עראַי־נערונגען פון ערשטן וועלט־קריג. די דערציילונג האָט פעט געשריבן מיט אייניקע יאָר צוריק, אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. חיים פעטן דוכט זיך, אַז וואָס עס איז אַמאָל געשען „איז געווען אַ פאָרשפּיל צו דער גרויסער איצטיקער וועלט־טראַגעדיע".

לייענען מיר ווי דייטשע סאָלדאַטן צווינגען דעם שרייבער צו דרעשן שטרוי. אַ בראַזגן אין פענצטער וועקט אים אויף פון „יונגן שלאָף". צו־זאַמען מיט נאָך זעקס מיידלעך, שכנות, ווערט ער געפירט פון אַ דייטשן סאָלדאַט. דער סאָלדאַט הייסט אים שטילשווייגן און רופט אים „פאַר־פלוכטער יודע". דער טאָג איז אַ הייסער. די מיידלעך „פאַרפאַליעטע מיט פאַרטריקנטע ליפּן זיינען שוין געווען אַרויסגעשלאָגן פון די כחות". ווען ער בלייבט ליגן מיטן פּנים אַ פאַרחלומטער, זיינען אים די דייטשן מכבד מיט אַ שטעקן, און שפּעטער באַגיסן זיי אים מיט אַן עמער וואַסער. דער איינדרוק פון דעם בילד פון דער דייטשער רשעות איז אַ שוואַכער און איז ווייט ניט קיין פאָרשפּיל צו „דער איצטיקער וועלט־טראַגעדיע". פעט זעט אַפילו ביי דעם דייטשן סאָלדאַט ווי „אין איין אויג זיינס האָט זיך באַוויזן רחמנות"...

מער כאַראַקטעריסטיש פאַר פעטס שטיל־פרידלעכן טאָן פון זיין דערציילן, און פאַר דער ליבשאַפט זיינער צו דער נאַטור, איז די דער־ציילונג „פיר ביימער". דאָס איז אַ מעשה וועגן פיר פּרוכט־ביימער, וואָס זיינען געשטאַנען „אויף אַ ברייטן שטח אָנגעוואָרפן מיט שטיקער גלאָז". די ביימער זיינען געווען ניט „קיין אַרומגעצאַמטע, ניט קיין אָפּגעקאַלעכטע, אָן אַ באַלעבאָס, אָן אַ שומר."

די פיר ביימער, וואָס וואַקסן אויף גאָטס באַראָט אין צייט פון קריג, פאַראינטערעסירן דעם דיכטער־דערציילער פיל מער ווי די מלחמה גופא. אים פעלט־אויס לשון צו שילדערן דאָס טראַגיש־בלוטיקע שפּיל פון קריג. פיל מער געלינגט אים צו הערן די שפּראַך פון פלאַנצן. דאָס שטומע לשון פון די ביימער כאַפּט ער אויף מיט אַ באַזונדערער סענסיטיווקייט. אין

גרויס וואונדער זינגט ער וועגן זייער בליען און וואַקסן: „זייערע וואָרצלען האָבן געטריבן זאַפטן צו די לעבעדיקע צווייגלעך". פּעט דערמאָנט די מלחמה וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן לאַנד. אָבער ניט מער ווי דער־מאָנט. דער גורל פון די פיר איינזאַמע ביימער אין פעלד גייען אים מען אָן. אַ פויער האָט אויסגעהאַקט אַ גרויסן סאַד, אַלץ איז אַוועק מיטן פייער. „נאָר די פיר ביימער זיינען געבליבן אין זייער אַלטקייט, ווי אָפּגעהיטע פון גאָט".

אין דעם בילד „דריי דורות" פאַרמעסט זיך ניט פּעט צו שילדערן דעם שטורעם פון קריג, זיין גרויל, נאָר ער דערציילט וועגן דער שטיל־קייט אין שטעטל נאָך דער שלאַכט: „אַ בעת־עולם שטילקייט וואָס בויערט דאָס האַרץ. געבליבן זיינען אין גאַנצן שטעטל, אין אַ שטוב, אַ באָבע, אַ טאָכטער און אַ ניי־געבוירן עופהלע. עס לויפט די אַלטע פרוי וויכנע איבער צעטראָטענע גערטנער. זי זוכט אַ מערעלע, אַ בולבע, אָפּצוקאָכן פאַר דער טאָכטער, דער קימפּעטאָרין. ווי אַ חיה נישטערט זי אין די טראַנשייען. אפשר וועט זיך דאָרט עפּעס געפינען אין די קענדלעך וואָס דער שונא, דער דייטש, האָט איבערגעלאָזן". און פּעט, וואָס פאַרמאָגט בטחון אין לעבן און זעט פרייד אין גרעסטן אומגליק, דערציילט ווי די אַלטע וויכנע האָט געפונען אין די טראַנשייען ממש אַ „גאַנצן סקלאַד" מיט עסן...

וואָס טראַכט זי, די באָבע פון דעם ניי־געבוירענעם אייניקל? ניט קיין פרייל עכס טראַכט זי. און דאָך וואַקסט דער באַגער צו לעבן פון אירע טראַכטענישן, דאָס זיינען די געדאַנקען פון דעם שטילן אין לעבן־פאַרליבטן שרייבער אַליין. די מענטשן זיינען זיך צעלאָפן. איבערגעלאָזן די שטיבער. עס איז שטיל. ווער ווייס וואו דער איידעם איז. אָבער פּעט זעט און פילט לעבן און בטחון אַפילו אין דער דאָזיקער אויסגעשטאָרבענער חורבן־שטילקייט:

„דאָס קדישל איז ווי אַן אָנזאָג אויף גוטע צייטן. אַזאַ ליכטיק פּנים פון אַ פּיצל האָט זי שוין לאַנג ניט געזען. דאָס ווײַנט ניט. גאָטס השגחה איז גרויס".

צו קענען זען גאָטס השגחה אין חורבן, אין צעשטערונג; צו קענען זיך פאַרקוקן און דערזען אַ ניי־געבוירן קינד אין אַן אויסגעליידיקטער שטאָט, דאַרף מען אַליין פאַרמאָגן גלויבן אין לעבן און אין דעם כח פון לעבן.

* * *

די דערציילונגען פון חיים פעט זיינען פול מיט דעם געפיל־לעבן פון זיינע העלדן און זייער וויניק געפינט מען אין זיי כאַראַקטער־שילדערונג. דערפאַר זיינען די העלדן זיינע אַזוי ענלעך איינער אויפן אַנדערן. סיי דער עלטערער דור יידן, סיי דער יינגערער, וואָס פאַרלאָזט דאָס קליינע שטעטל און לאָזט זיך אַרויס זוכן מזל אין דער גרויסער וועלט, פאַרמאָגן דיזעלבע חכמה פאַרן לעבן. האָבן ליב די אַרבעט, זיינען שפּאָרזאַם און פרייען זיך מיטן פּיצל גליק וואָס עס איז זיי באַשערט. פעט לאָזט די העלדן זיינע ניט אָפּ פון אויג. זייערע געדאַנקען זיינען זיינע, און זייערע רייד קלינגען ווי דעם שרייבערס, און פאַרקערט. ער האָט אַ ביז־גאָר סוביעקטיווע באַציאונג צו יעדן העלד אין בוך. דער בחור יוסף, וואָס פאַרלאָזט דאָס שטעטל זיינס און לאָזט זיך אַרויס זוכן זיין מזל, איז שטאַרק ענלעך צו דעם אַרבעטער מאָטל, וועמען די לוסט צו וואַנדערן פאַרטראָגט איבערן לאַנד צו זען אַמעריקע. אוןביידע זיינען זיי פול מיט פאַרחלומט־דיכטערישע געדאַנקען: „אַ מענטש איז אויפן פעלד, קומט צו אים די נבואה"; „דער בן אדם קען זיין אי אַ חיה, אי אַ מענטש"; „ווען מען האַלט די ביקס אין די הענט מאַכט זיך דער טייוול אַ וואוינונג אין הארצן", און נאָך און נאָך אַזעלכע זאָגעכצן, וואָס ניט אַלעמאָל ווייסט מען צי זיי געהערן צו די חכמות פון די פּשוטע פאָלקס־מענטשן, אָדער זיינען גאָר דעם שרייבערס.

צו די זאַכן וואָס מאַכן אַ שטאַרקערן איינדרוק איז די דערציילונג „אַ מיזינקע אויסגעגעבן". דאָ גיט פעט איבער די פרייד פון טאַטע־מאַמע ווען זיי מאַכן חתונה זייער מיזינקע און אויך דעם צער זייערן ווען זיי בלייבן אַליין אין שטוב. „איך גיי פאַרטראַכט" — זאָגט פייוול דער סטאָליאַר. „עס איז שווער איבערצוגעבן די דאָזיקע פרייד ווען מען גיט־אויס אַ לעצט קינד". פעטן געלינגט אָבער יאָ איבערצוגעבן די דאָזיקע פרייד פון דעם פאָטער פיל מער ווי דעם יידן גופא. אים זעט מען ניט אַזוי ווי אַ געשטאַלט וואָס זאָל זיך אונטערשיידן פון אַנדערע פּשוטע יידן, אַקוראַט ווי מען פילט די פרייד זיינע.

פעט איז אַ שטאָט־מענטש אין זיין ליבשאַפט צו דער נאַטור און צו אירע באַשעפענישן איז אויך פון אַ שטאָטישן, וואָס פרייט זיך מיט יעדן גרעזל און מיט יעדן פויגל וואָס פליט אַן פון די וואַרעמע לענדער. דאָס לייענט מען אַרויס פון אַזעלכע זאַכן, ווי „דער פעליקאַן פויגל", „דאָס לעבן פון אַ קאַץ" און „אין שטורעם", אין וועלכער ער דערציילט

וועגן אַ בוים-קערנדל וואָס אַ שטורם-ווינט האָט פאַרטראָגן פון אַ ווייטן אינדזל. די גרויסע ליבשאַפט צו דער נאַטור און אירע באַשעפענישן האָט פאַראיידלט זיין שפּראַך. זיין פּראָזע איז אַ זינגענדיקע. ער איז קאַרג אויפן וואָרט. אַפילו די צוויי גרעסערע נאָוועלן אין בוך, „ביי די ברעגן פון ניעמאַן" און „שליאַכן און סטאַנציעס", לייענען זיך אויך ווי קורצע שטימונגס-בילדער, וואו דאָס געפיל-לעבן פון די הויפּט-העלדן איז נאָר פאַרלענגערט געוואָרן.

צו די בעסערע זאַכן אין בוך געהערט אויך „דער צדיק", אין וועמעס שילדערונג פּעטס ראָמאַנטישער אופן פון שרייבן באַקומט זיין בעסטן אויסדרוק. דאָס איז אַ געזאַנג צו אַן איידעלן יידן „וואָס שמייכלט ווי אַ קינד" און וואָס טראַכט „ווי וואונדערלעך זיינען גאָטס באַשעפענישן", ווען ער דערזעט ווי „אַ קליינע פליג זינגט און טאַנצט איבערן שויב". ר' וועלוועלע דער צדיק איז אפשר ניט קיין דורכאויס יידישע געשטאַלט פון אַ גוטן יידן לויט דעם אָנגענומענעם נוסח. אָבער ער איז זייער נאָענט צו חיים פּעטס אייגענער פאַרשטעלונג וועגן דעם העכערן מין מענטש. דער צדיק טראַכט: פיל ביימער אָנגעטאָן אין גרינע בלעטער האָבן באַצירט דעם דרויסן. צום הימל האָבן טויבן געשוועבט און ווי גוטע בשורות געטראָגן. און די זון האָט ערלעך געוואַרעמט, און קינדער האָבן זיך געשפּילט אין גאַס. זייער יונג לאַכן איז געווען אומשולדיק ריין. און שיינע יידן האָבן געשפּאַצירט. די פּנימער געלייטערט פון תורה און חכמה".

אַזוי טראַכט חיים פּעט אַליין ווען ער קוקט אויף דער וועלט. ער אַליין הערט אויך מער דאָס שטענדיקע אומשולדיקע לאַכן פון קינדער, און זעט מענטשן שיינע מיט לויטערע פּנימער.

קיין אַנדערע זעט ער ניט.

ב.

## פון האָדסאָן ביזן ירדן

אין בוך: „פון האָדסאָן ביז ירדן" איז פּעט פאַרבליבן דער לירישער דערציילער, וואָס קוקט נאָך אַלץ אויף דער וועלט מיט גרויס חידוש. פאַראַן דאָ די זעלבע תמימות און פאַרליבטקייט אין די מענטשן ווי אין זיינע פריערדיקע דריי ביכער דערציילונגען. די מיניאַטור-בילדלעך לייענען זיך ווי לידער אין פּראָזע. פּעט איז, אין איצטיקן בוך, מער

שילדערער, מער מאָלער, ווי דערציילער. פּעטן גיט זיך, בכלל, מער אײַן איבערצוגעבן די אַטמאָספערע, דאָס סביבהדיקע אַרום זײַנע העלדן. ער צייכנט די טאָג־טעגלעכע טועניש, די מעשים בכל יום, און ער זעט אין די קלייניקייטן פון לעבן אַ סך שיינקייט און פרייד.

פּעטס אָנהייב איז דווקא געווען אַן אַנדערער. ער האָט זיך אָבער שנעל אָפּגעזעגנט מיט די פאַרשווינען פון זײַן ווײַס־רוסיש שטעטל, און מיט די ניו־יאָרקער אַרבעטער־העלדן. געבליבן איז אים אַ טיפע ליב־שאַפט צו דער נאַטור, און זי סטייעט בײַ אים. פון דעם נעמט זיך בײַ אים דער זשאַנער „מיניאַטורן". אַנשטאָט לעבעדיקע מענטשן, מיט אַן אייגענעם כאַראַקטער, זוכט ער, מעשה דיכטער, לעבן אין דער נאַטור. און ער האַלט אין איין אַנטדעקן שיינע לאַנדשאַפטן אין קאַליפאָרניע, מעקסיקע און אין מדינת־ישראל.

אָפּגעבנדיק זיך מער מיטן געפיל־לעבן פון זײַנע העלדן רופט ער אַרויס אין זיי לויטער גוטס. די וועלט איז בײַ אים מאָדנע גוט. פּעטס העלד איז אַ שווײַגנדיקער אײדעלער בחור, פול מיט גלויבן און אַ ביסל צו האַפּערדיק־נאַאיוו פאַר אונדזערע טעג.

„פאַנג זיך בעסער ניט אָן מיט מיר", זאָגט אַדאָלף צו דעם מיידל שאַרלאָט, — „ביסט אַן אָפיס־יידל, און איך בין אַ פּראָסטער אַרבעטער. איך האָב אַנדערע צילן, איך וויל דינען די אַרבעטער־מאַסן"...

ווער זײַנען אַדאָלף און שאַרלאָט? פּעט קען זיך פשוט ניט פאַר־נעמען מיט זיי אין דעם קורצן מיניאַטור־בילדל „אין פּאַרק". די וואַרעמע אַטמאָספערע, „די אָנגעגליטע לופט" פון אָט־דעם פאַרליבטן פּאָרל, — דאָס פילט דער לייענער מער.

טיילן פון דעם בוך לייענען זיך ווי אַ המשך פון פּעטס פריערדיקע דערציילונגען. ערגעץ זוכט ער דעם פאָדעם, וואָס זאָל זיי פאַרבינדן כדי לעבעדיקער אַרויסצוברענגען דעם אויטאָביאָגראַפישן פּאָרטרעט פון זײַן אייגענער יוגנט. אַזאַ איז די ערשטע און שטאַרקסטע דערציילונג אין בוך — „אין שטיינערנעם שויס". דאָ ווערט דערציילט וועגן אַ יונגן בחור, יאָסל, און די ערשטע אײַנדרוקן זײַנע פון ניו־יאָרק. יאָסל איז אַנדערש פון די ליבין־קאָברין „גרינע". ער איז גיכער מער קרוב צו א. ראַבאָיס אימיגראַנט, מיט די „ווייסע הענט".

יאָסל פאַראינטערעסירט אונדז מיט זײַן שווײַגן אַפילו. ער פאַר־אינטערעסירט מיט זײַן זוכן דעם פאַרלאָרענעם שבת אין די גאַסן און געסלעך פון ייִדישן ניו־יאָרק:

„אַלע געשעפטן און קראָמען אין דער געגנט זיינען יידישע. ער דערקאָנט ניט דעם שבת. דער שערער אין קעלער איז מער פאַר־נומען ווי אין דער וואָכן. מען קען ניט זאָגן, אַז דאָ זעט מען ניט דעם שבת. פרייטאָג ביינאַג האָט זיין שווענערין געבראַכט לעבע־דיקע קאַרפּן און אַ געפלאָכטענע ברוינע חלה"...

אין די „ישראל־מיניאַטורן" פיגורירט דער זעלבער יאָסל אין אַ שפּעטערדיקן גלגול. דאָס איז ער, דער „טוריסט", איצט — שוין אין די מיטעלע יאָרן מיט אַ געגרויטן(?) קאָפּ". די ישראל־בילדלעך זיינען אפשר צו שטילע, צו פרידלעכע פאַר דער ברויזנדיקער יונגער ישראל־מדינה. דאָך שפּילט זיך דאָ פונאַנדער אַ ניי־אַנטדעקטער מעשה־בראשית, אַן אייגנאַרטיק, דראַמאַטיש שפּיל, וואו דער דיכטער־מיניאַטוריסט זינגט אויס זיין פּאָעטישן מאָנאָלאָג. דער לייענער נעמט זיך אָן מיט דער פרייד פון מחבר וואָס מאַכט ממש אַ ברכה פאַר יעדן שפּאַן ערד פון נייעם ארץ־ישראל. באַשרייבנדיק ביאַליקס שטעקן, וואָס ליגט אַרומגעוועבט מיט לעגענדעס, פאַרפעלט ניט פעט אויך צו זען דאָס הויז וואָס „שטייט אַרומגענומען מיט הויכע ביימער", וואָס ביאַליק האָט פאַרפלאַנצט. „דער באָקסער" — זינגט פעט אין אַ באַפליגלטער פראָזע — „קושט זיך מיטן טייטלבוים, און דער מילגרוים האַלדזט זיך מיטן אתרוג־בוים".

אין זכות פון די לעבעדיקע צמחים, דעם ירדן און דעם כנרת ווייזט אונדז פעט אויך, בחיפזון, מיניאַטור־מעסיק, די אַלטע און נייע אַרץ־ישראל תושבים, די תימנער, און די סאַברעס מיט די בלאָנדע, רויט־האָריקע קעפּ, „וואָס קלעטערן אויף די בערג מיט די הענט און מיט די פיס". די „ישראל־מיניאַטורן" דערציילן וועגן דער ליבשאַפט וואָס יידן האָבן צו זייער „קליינעם און שיינעם לאַנד".

„דער וואָס פאַרלאָזט דאָס לאַנד ישראל וועט אַרומגיין אין די בייטאָגן אונטער אַ פרעמדן הימל". מיט די ווערטער פאַרענדיקט פעט דאָס בוך „פון האָדסאָן ביזן ירדן", פאַראַן אַ באַנייטע ליבשאַפט און דערקענ־טעניש אין די לעצטע בלעטלעך פון בוך. די דאָזיקע ליבשאַפט וועט, האָפנטלעך, געפינען אַ שטאַרקן און פולן אויסדרוק אין פעטס ווייטערדיק שרייבן.

# משה דלוזשנאָווסקי

אין מ. דלוזשנאָווסקיס ביכער „דאָס ראָד פון מזל״, און „אַ ברונעםביים וועג״, געפינען מיר אַ שלל מיט מאָטיוון פון לענדער און שטעט אין וועלכע עס איז דעם יונגן פּראָזע־שרייבער אויסגעקומען צו לעבן. אין יעדער פון די דערציילונגען געפינט מען אים, דעם שרייבער גופא, ווי אַ העלד, מיט זיינע אייגענע אומעטיקע טראַכטענישן און מעדי־טאַציעס. מען דערקענט אים אַפילו אין די לענגערע שילדערונגען פון די יידן אין פראַנקרייך און מאַראָקאָ, וואו עס קומט צום אויסדרוק דער מאָטיוו פון זיין אויסגעוואָרפן אין דער פרעמד. ביידע ביכער שטעלן פאַקטיש צונויף די אויטאָביאָגראַפיע פון אַ היינטיקן יידישן שרייבער, וואָס האָט גאָר יונג פאַרלאָזט זיין היימשטאָט אין פוילן, געלעבט אין פראַנקרייך, און שפּעטער אַ געיאָגטער פון דער אַריינמאַרשירנדיקן נאַצישן מיליטער, אין די פערציקער יאָרן, על פּי נס זיך געראַטעוועט אין מאָראָקאָ, ביז ער האָט ענדלעך געפונען זיין נייע היים אין ניו־יאָרק.

די קורצע דערציילונג, די פאָרעם וואָס איז אַזוי אייגן דלוזשנאָוו־סקין, איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר זיין לירישער פּראָזע אין וועלכער ער שילדערט די איינזאַמקייט און דעם עלנט פון זיינע העלדן, אויסגע־וואָרצלטע און פאַרטראָגענע אין דער פרעמד. אין ניו־יאָרק האָבן דעם יונגן בעלעטריסט נישט צורו געלאָזט אַלע איינזאַמע יידן און נישט־יידן, אין די „מעבלירטע צימערן״, וואָס ער האָט אַזוי פיין געשילדערט אין זיין ערשטן בוך „דאָס ראָד פון מזל״. די דאָזיקע סעריע דערציי־לונגען זיינען צווישן די געלונגסטע אין בוך. דאָס האָט ער, דלוזשנאָווסקי, זיין אייגן טרויעריק קול געלאָזט הערן, אין נאָמען פון אַלע איינזאַמע, וואָס האָבן קיין היים נישט, אין דעם גרויסן כרך ניו־יאָרק...

* * *

נישט איין אַהערגעקומענער יידישער שרייבער, פון יינגערן דור, ליידט פון דער דאָזיקער אויסגעוואָרצלטקייט. דאָס זען לענדער און שטעט איז זיכער אַ סגולה פאַר יעדן שרייבער. דאָס איז געוואָרן גערעדט גערעדט,

ווען ערגעץ־וואו וואַרט אויף אים זיין אמתע היים. אַמעריקאַנער שרייבער, פון נאָכן ערשטן וועלט־קריג, האָבן פאַרלאָזט אמעריקע און געלאָפן אַפּריכטן „גלות" אין פאַריז. ערשט אין דער פרעמד האָבן זיי טיפער באַנומען די אַמעריקאַנער היים זייערע. גייסטיק האָט אַ העמינגוועי, למשל, אמעריקע קיין מאָל נישט פאַרלאָזט. יידישע שרייבערס האָבן די דאָזיקע אילוזיע, צום באַדויערן, פון אַן אמתער היים, צו וועלכער זיך אומצוקערן, קיין מאָל נישט געהאַט. דאָך האָבן יידישע פּראָזע־שרייבערס, ביזן חורבן, דאָ הי, געטראָגן אַ טיפע בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים אין אייראָפּע. אין דעם צופּאַסן זיך זייערן צום נייעם לאַנד אַמעריקע, האָבן זיי ניט געוואָלט, און אויך ניט געקענט, פאַרגעסן פון וואַנען זיי קומען. זיי האָבן דאָ אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סייד אויף ס'ניי דער־זען דאָס שטעטל זייערס אין אַ נייעם גילגול. פון אַשן און אַפּאַטאַשון איז אָפּגערעדט. זיי האָבן נישט אָפּגעלאָזט די לאַנדסלייט זייערע פון אויג. נאַדירס נאַראַיעוו האָט זיך איבערגעקליבן אויף ריווינגטאָן סטריט, און ראַבאַי האָט זיינע בעסאַראַביער יידן געפונען אויף דילענסי סטריט. מ'קען אויסרעכענען נאָך. אויך צווישן די דיכטער קען מען געפינען אַ סך וואָס האָבן די אַלטע היים געטראָגן אין האַרצן און זיך ניט גע־שיידט פון איר נאָך יאָרן און יאָרן זיין דאָ אין דער נייער וועלט. אַפילו ביי דעם אַמעריקאַנישסטן ברוך גלאַזמאַן ע"ה איז די אוקראַינע פון זיינע קינדער־יאָרן שטאַרק פאַרטראָטן אין זיינע ווערק.

* * *

משה דלוזשנאָווסקי האָט אויך דאָ, אין ניו־יאָרק, גענומען זיך דערמאָנען אין זיין היימשטאָט טאָמאַשאָוו, אין פּוילן; אַ שטאָט פון תורה און — מסחר, חסידות — און וועבעריי פאַבריקן. דער שרייבער פון די שורות קומט אויך פון דער זעלביקער שטאָט. און איך וויל גערעכט זיין צו מיין בן־עיר, משה דלוזשנאָווסקי, צו ווען איך טראָג אין האַרצן אַ סך דאַנקבאַרקייט וואָס אויך מיין שטאָט איז ניט געבליבן קיין פאַר־געסענע צווישן די הונדערטער „עיר ואמס", אין דער אַלטער היים. דלוזשנאָווסקי האָט געטאָן אַ חסד של אמת מיט די טייערע טאָמאַשאָווער יידן, די פאַרשניטענע פאַר דער צייט און אומגעבראַכטע פון דעם מער־דערס האַנט. ער האָט געהייליקט דעם אָנדענק זייערן מיטן דערציילן פון זייער פרומקייט און פון זייער ערלעך לעבן. די שטאָט טאָמאַשאָוו שטייט אויף, אין די דערציילונגען, אַ לעבעדיקע, נישט בלויז מיט די יידן אירע, נאָר אויך מיט דער נאַטור־שיינקייט, מיט דעם טייך פליציע און

מיטן ספּאָלער וואַלד, — אויסערן שטאָט. ביים לייענען די דערציילונגען אין וועלכע דלוזשנאָווסקי באַשרייבט דאָס לעבן פון די יידן אין שטעטל, האָב איך דערקענט די גערער און אַלעקסאַנדער חסידים פון מיינע קינדער־יאָרן, און דערהערט אויף דאָס ניי די זמירות, וואָס זיי פלעגן זינגען צו שלוש־סעודות אין די שבת־פאַרנאַכטן. מיין זיידנס אומעטיקן „בני הכלא" האָב איך ווידער דערהערט זינגען, און צוריק זיך דערזען, אַ ייִנגל ביי זיין זייט, אין אַלעקסאַנדער חסידים־שטיבל אויף דער וואַרשעווער גאַס. און איך פיל דעם צער און טיפן טרויער נאָך אַלע נאָענטע און אייגענע וואָס איז אים, דלוזשנאָווסקין, און אונדז אַלעמען, באַשערט צו טראָגן אין האַרצן. ניטאָ קיין היים מער. טאָפּלט טראַגיש איז די דערמאָנונג ווייל אַלץ איז אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל, און אַפילו די בענקשאַפט איז פון אונדז צוגערויבט געוואָרן...

* * *

עס קומט דעריבער אָן ניט גרינג צו שילדערן אַ לעבן וואָס האָט מער קיין המשך ניט. דלוזשנאָווסקי וואָס איז דורכויס ליריש אין זיין שרייבן, — סיי מיט זיין האַרציק־וואַרעמען טאָן ביים איבערגעבן מענטש־לעכע בענקשאַפטן און ליידן, סיי אינעם באַזינגען די זעלטענע מינוטן פון פרייד און גליק, — האָט דאָס דערפילט. ער האָט דעריבער אין די מערסטע דערציילונגען פון דער אַלטער היים אויסגעמיטן צו שילדערן דעם חורבן גופא. דלוזשנאָווסקי קערט זיך אום, ס׳רוב, צום שטעטל ווי ער האָט עס איבערגעלאָזן. און הלוואי טוט ער עס אויך ווייטער אַזוי, אָן דעם צומיש פון די לעצטע גרויליקע געשעענישן, וואָס דאַרפן איבער־געלאָזן ווערן צו די, וואָס האָבן עס אַליין איבערגעלעבט. אויך די לעבן־געבליבענע עדות דאַרפן דערפון קיין „ליטעראַטור" ניט מאַכן, נאָר באַנוגענען זיך מיטן דערציילן דאָס, וואָס זיי האָבן מיט זייערע אויגן געזען.

דלוזשנאָווסקיס שטעטל־שילדערונגען פאַרמאָגן אין זיך אַן אויס־געלייטערטע און געפּרואווטע בענקשאַפט. אַזאַ וואָס קומט מיט דער חכמה פון לעבן, פון זען מענטשן און שטעט. דאָס אַהיים קומען צוריק, ווען אַפילו בלויז אין דמיון, שטילט אויך איין די אומרו אין האַרצן און גיט די אילוזיע כאָטש פון היים, פון טאַטע־מאַמע, קרובים, און פון אַן אייגן היימיש ווינקל אויף גאָטס ערד. דלוזשנאָווסקי קומט צוריק אין שטעטל ווי אַן אייגענער, אָן דער סאַטירע פון דעם עלטערן דור שרייבערס, און אָן דער זיסער ראָמאַנטיק פון דעם שפּעטערדיקן. אָבער

אַ קוואַל אַ טיפער איז געווען דאָס יידישע שטעטל ביזן חורבן. דאָס שטעטל וואָס איז פון אַ סך פאַרלאַכט און פאַרגעסן געוואָרן. אין דלוזשנאָווסקיס שטעטל־שילדערונג איז פאַראַן הומאָר, אָבער ניט קיין אָפּלאַכנדיקער. זיין יידיש איז קערנדיק און יידן רעדן ביים אים אַ לשון וואָס מאַכט פריילעך דאָס טרויעריקסטע געמיט. אַזוי, האָבן יידן גערעדט, געמסחרט, זיך געקריגט און — איבערגעבעטן. אַן עדה אַ גאַנצע שטייט אויף און בלייבט שטיין פאַר אונדז אין די לעצטע שקיעה־שטראַלן איידער די פינצטערע היטלער־נאַכט האָט אַלץ אויסגעלאָשן.

אין דער דערציילונג „דער נדר" פאַראינטערעסירט אונדז ווינציקער דער מוסר־השכל, דער טראַגישער סוף פון דעם פאַבריקאַנט ר' שכנא ראָזען ,אָדער נחומס צוריקקומען כדי צו פאַרברענען דאָס שיינע הויז, — ווי די עצם שילדערונג פון אָט די צוויי טשיקאַווע און שטאָלצע יידן. דער מויערער נחום האָט קיין חשק ניט צו בויען אַ ניי הויז פאַר ר' שכנא דעם גביר, ווייל ר' שכנא וויל עס זאָל זיין אַזוינס און אַזעלכעס! שענער און העכער פון דער שטאָטישער שול. בעתן לייענען די דאָזיקע דערציילונג — איבערהויפּט די ערשטע העלפט — פילט מען די שיינקייט און דעם שטאָלץ פון די פשוטע יידן אין שטעטל וואָס זיינען גאַנץ מיט זייער גאָט. נחום זאָגט זיך אָפּ צו בויען דאָס פּאַלאַצל פאַרן גביר כדי ניט צו פאַרשעמען גאָטס הויז:

„נחום איז אַ ייד אַ שווערער, אַ קרעפּטיקער, מיט אַ שטענדיק אָנגעכמורעטן פּנים, בטבע אַ שווייגער, און אַ וואָרט איז ביי אים שוה כסף; ער הערט אויס מיט קאָפּ שכנאס רייד. לסוף טוט ער אַ האַלבן זאָג: — פאַרגלייכט ניט אַ הויז צו אַ שול. דאָס איז דאָך גאָטס הויז"...

די שטילע רייד צווישן נחומען און דעם גביר, ווי די רייד פון די יידן אין שטעטל נאָכן אויפבויען דאָס פּאַלאַצל, — בלייבן אין זכרון. עס בלייבט אויך אין זכרון די גוטסקייט פון די פשוטע און האַרציקע יידן, וואָס כאָטש זיי האָבן ניט געקענט פאַרשטיין די ווילדע השגה פון דעם גביר, קומען זיי דאָך צו אים אין שיינעם הויז אים ווינטשן אריכת־ימים אין זיין נייער דירה.

אין דער לענגערער דערציילונג „דער נדר", קומען פאַר געשעענישן וואָס ליגן אויסערן גדר פון דעם מענטשנס כוחות. ס'איז די הילפלאָזיקייט פון דעם בן־אדם וואָס בלייבט מאַכטלאָז קעגן דעם ביטערן גורל וואָס איז פאַר אים ווי אָנגעצייכנט מן השמים.

אַזאַ מאַטיוו, ווי אַ צופאַל ברענגט צונויף צוויי, סימפּאַטיש־געשיל־דערטע, מענטשן, און וואו דער גאַנצער גרויל פון לעצטן וועלט־קריג ווערט אַרויסגעבראַכט, געפינען מיר אין דער דערציילונג „גורל״. דאָ לייענען מיר אַזוינס וואָס דאָס לעבן גופא טראַכט צו, און דאָס איז אומ־גלייבלעך, גלייביק ווי דאָס לעבן אַליין. ראַש גייען די געשעענישן, און דער לייענער לויפט נאָך די געשעענישן מיט אַ שפּאַנונג ניט ערגער ווי אין אַ מאָדערנעם פּראַנצייזישן ראָמאַן. ליבע, וויין, געלעכטער, פּאַריז די צוויבערנ־דיקע און פריילעכע, אַ ניי־יאָר־נאַכט אין אַ קאַפע אויף מאָנפּאַרנאַס. די סביבה דאָ איז אַזאַ הימל־וויַיטע און אַנדערשדיקע אין פאַרגלייך מיט די שטילע שטעטל־בילדער. און סיי די נייע סביבה, סיי די צוויי אָפּגע־פרעמדטע יידישע געשטאַלטן, ד״ר מאַרסעל בלאַנק און ראַשעל מאַנדעז, קומען אַרויס גאַנץ לעבעדיק. דלוזשנאַווסקי געפינט דאָס פּינטעלע ייד אַפילו אין רוישיקן פּאַריז. און טראַגיש איז דער סוף פון דער שיינער מאָלערין ראַשעל וואָס קומט אום לויפנדיק מיט איר געליבטן ביים ראַנד פון אַ וואַלד, בעת אַ נאַציִשער לופט־באָמבאַרדירונג. ניט ווינציקער טראַגיש איז אויך דער סוף פון דעם לעבן־געבליבענעם ד״ר בלאַנק, וועמעס גליק עס איז פון אים אויף אַזאַ מערדערלעכן אופן צוגערויבט געוואָרן.

איינע פון די שטאַרקסטע זאַכן אין בוך איז די דערציילונג „גנבה״. דאָ ווערט געשילדערט אַ באַהאַלטענע און שטילע ליבע פון אַ פּראָסטן בחור, אַנשל דער שמיד, צו אַ באַלעבאַטיש מיידל גיטל. „גנבה״ דערמאַנט מיט איר אופן פון שילדערן אין דער דערציילונג „פאַרקויפט די פּערל״, אין ערשטן בוך „דאָס ראַד פון מזל״. דער דיאַלאָג צווישן טאַטע־מאַמע וועגן איינטווישן דעם לעדערנעם ווילנער ש״ס אויף אַ לייווענטענעם, כדי צו שטילן דעם הונגער פון די קינדער אין שטוב; און דער מאַמעס איינגעשפּאַרטקייט בעסער צו פאַרקויפן די ירושה־פּערל איידער דעם ש״ס, — פאַרמאָגט אַזאַ איידלען, שטילן טרויער, וואָס ווירקט נאָך שטאַרקער ביים צוויטן מאָל לייענען די דאָזיקע עכט־יידישע דערציי־לונג. אַ שטילע דראַמע, כמעט אָן ווערטער, שפּילט זיך אָפּ אין אָט דער לומדישער שטוב. מיר לייענען דאָ פון אַ שטאָלץ וואָס איז דורותדיק אַלט און גייסטיק, מיוחסדיק־רייך. ס׳איז אַ געזאַנג צו דער ערלעכקייט פון די שטילע און גאָטס־פאַרכטיקע יידן, אין וועמעס זכות יידן זיינען געבליבן לעבן. אויך אין דער דערציילונג „גנבה״ קומט צום אויסדרוק דלוזשנאַווסקיס טיפע פאַרשטענדעניש און ליבשאַפט צום אַמאָליקן פרומען

יידן, אין די יידישע שטעט און שטעטלעך, וואָס האָט נישט געלעבט פאַר זיך אַליין, נאָר איז גרייט געווען, ווי ר׳ לייזער, צו פאַרקויפן זיין הויז, זיין שטיקל נחלה, כדי אָפּצוגעבן, נאָך דער גנבה, אַן עדה מיט יידן וואָס האָבן אים „אָנפאַרטרויט זייער האָב און גוטס״. אַנשל דער שמיד גנבעט צו דעם נדן פון דעם מיידל גיטל כדי יענע זאָל ניט קענען חתונה האָבן מיט יאָסלען, דעם ווייַנשענקערס זון... אָבער צוזאַמען מיטן נדן ליידיקט אַנשל אויס די גאַנצע קאַסע. אַנשל איז נישט דער אמתער העלד, כאָטש ער קערט צוריק די גנבה. דער העלד איז ר׳ לייזער, וואָס זאָגט:

„מילא, מיין שוויס און בלוט אַרט מיך ניט, פאַרפאַלן, ה׳ נתן וה׳ לקח, אָבער יידן האָבן דאָך מיר זייער אַלץ מיט אַן אַנדער אָפּגעגעבן״...

ר׳ לייזער, און דער טאַטע דער למדן, פאַר וועמען די ספרים זיינען טייערער ווי פּערל, ביידע זיינען לעבעדיקע סימבאָלן און די שענסטע געשטאַלטן אין דלוזשנאָווסקיס דערציילונגען. צו אַזעלכע יידן־העלדן דאַרף משה דלוזשנאָווסקי זיך אומקערן. די אַמאָליקע היים, וואָס איז איצט חרוב, מאָנט דאָס פון אים.

# ב. אַלקוויט

דעם דיכטער ב. אַלקוויט (אליעזר בלום) איז אין יאָר 1958, צוגע־טיילט געוואָרן כבוד, ער האָט געקראָגן דעם לענאַ־בימקאָ פּרייז, ביים „יידישן קולטור־קאָנגרעס", פאַר דער בעסטער דערציילונג, געדרוקט במשך פון יאָר 1957, אין „די גאָלדענע קייט", וואָס דערשיינט אין מדינת ישראל, אונטער דער רעדאַקציע פון א. סוצקעווער. און עס איז באמת שוין לאַנגע צייט געוועזן זיך צו דערמאָנען אין דעם דאָזיקן קרעפטיקן שרייבער. דער דיכטער ב. אַלקוויט האָט די לעצטע יאָרן, פאַרעפנטלעכט אַ היפּשע צאָל דערציילונגען אין פאַרשיידענע זשורנאַלן און צייטשריפטן. די דערציילונג פאַר וועלכער ער איז פון דער זשורי געפּרייזט געוואָרן הייסט : „רעיטשל, מוטער רעיטשל".

* * *

מיר געדענקען נאָך זייער גוט דעם שטאַרקן איינדרוק בעתן לייענען מיט יאָרן צוריק, אַלקוויטס אַ לענגערע דערציילונג „מאָטיוון פון אַמאָל אין ניו יאָרק" (געדרוקט אין דעם דריטן בוך פון די „ליטעראַרישע זאַמלונגען", אין שיקאַגאָ, 1946, רעדאַקטירט פון מ. גיציס און מאָטעס דייטש). חוץ יעקב גלאַטשטיין האָט, דוכט מיר, קיינער וועגן יענער דערציילונג נישט געשריבן. כדאי אפשר צו דערמאָנען, למען הגעשיכטע, ווי מען זאָגט : אַז י. י. סיגאל, ז"ל, האָט זיך דעמאָלט אויך שטאַרק גע־פרייט מיט אַלקוויטס „ניו יאָרקער מאָטיוון", און פאַראויסגעזאָגט, אַז מ'קען פון אַלקוויטן דעם דערציילער נאָך גאָר אַ סך דערוואַרטן. סיגאל האָט זיך אַזוי באַגייסטערט פאַר אַלקוויטס „מאָטיוון", אַז ער האָט אים אָנגעשריבן אַ לאַנגן בריוו, פול מיט לויב, און מיך — ווי אַ גאַסט אין מאָנטרעאָל דאַן — געבעטן, אַז איך זאָל צושרייבן אַ פאָר ווערטער, כדי שטאַרקער נאָך צו דערמוטיקן און דערפרייען דעם שטיל־באַשיידענעם פּאָעט אין ניו יאָרק פאַר זיין גוטן אָנהייב אין פּראָזע.

דער דאָזיקער שותפותדיקער בריוו, געשריבן אויף דעם אַדרעס פון דעם אַמאָליקן „מאָרגן־זשורנאַל", וואו אַלקוויט־בלום איז געוועזן אַ מיט־אַרבעטער — איז, מעשה־שטן, קיינמאָל צו אַלקוויטן נישט דערגאַנגען.

זאָלן די ווערטער זיין אַלקוויטן אַ „במקום" פאַר יענעם פאַרלאָרענעם בריוו...

* * *

וואָס אַזוינס איז געווען, אין די „מאָטיוון" אַלקוויטס, וואָס האָט אונדז אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט? מיר האָבן דאָן דערפילט ביי אַלקוויטן אַן אָנהייב פון אַ נייעם המשך: צו דערזען — און דערזען טיפער — אונדזער יידיש־אַמעריקאַנישעווירקלעכקייט, וואָס אַ ברוך גלאַזמאַן, אַן אַ ראַבאָי און אַנדערע האָבן פריער פּרובירט שילדערן אין זייערע ראָמאַנען און דערציילונגען. גלאַזמאַן האָט זיך אָנגעשטויסן אין אַ סך שטרויכלונגען: אים האָט רק פאַראינטערעסירט די יונגע, אָפּגע־פרעמדטע, אַמעריקאַניש־יידישע אינטעליגענץ. ער האָט אָבער זעלטן צונויפגעפירט די דאָזיקע יונגע יידישע העלדן זיינע מיט זייערע אימי־גראַנטישע טאַטעס און מאַמעס. גלאַזמאַן האָט זיי ס׳רוב געשילדערט באַזונדער. דאָס זעלבע ראַבאָי.

ב. אַלקוויט האָט אין זיינע „ניו־יאָרקער מאָטיוון" אויפגעכאַפּט די שטימונגען פון די סוף־דרייסיקער יאָרן. ווי אַ סך דיכטער האָט אויך אַלקוויט דערפילט דאָס אָנקומען פון דעם יידישן פאַרנאַכט; דאָרט, אין אייראָפּע רוקט זיך אָן אַ פינצטערניש אויף יידן, און דאָ — אין דער פרייער מדינה — ווערט פאַרלאָרן, פאַרשווינדט אַ גאַנצער יידישער דור.

אין דער געשטאַלט פון אבא לאַפּידוס איז אַלקוויטן געלונגען איבער־צוגעבן יענעם ערב־מלחמהדיקן פּחד, די טראַכטענישן פון דעם הייפעלע יידישע שרייבער און לייענער, אין דער מסיבה פון אַ ניו יאָרקער ליטע־ראַרישע „קאַפע". די רייד און די אַמפּערנישן פון די שרייבער מיט זייערע געציילטע פאַרערער, זיינען, אסור, פאַרעלטערט אויך איצט. פאַרקערט, זיי זיינען נאָך אַלץ גאָר אַקטועל און צייטיק. מיר פילן דאָס נאָכן איבערלייענען, אויפדאָסניי, די דאָזיקע נאָוועלע.

די „מאָטיוון" זיינען געווען אַ גוטער אָנהייב, אַ מין הקדמה פון דעם פּאָעט, וואָס האָט געוואָלט חוץ זינגען, אויך עפּעס זאָגן; וואָס האָט גע־וואָלט דערגיין צו אַן ענטפער: וואָס וויי טער?... און דער ענין „לייענער"? ווי לעבט מען פאָרט אָן אַ יוגנט? די קלאָג־רייד וואָס מען הערט כסדר פון אונטערגאַנג, אונטערגאַנג; גייען מיר טאַקע אונטער? בראַדוועי: מ׳גייט אַוועק צו די גויים; ווער גייט אַוועק?... און וואָס וועט זיין מיט די וואָס ווילן נישט, און קענען נישט, אַוועקגיין?...

**די אַלע ערנסטע, און נישט ערנסטע, קאָמישע און, פּאַרקערט, טרויע־ריקע פּרעגענישן אין דער נאָוועלע, האָט אַלקוויט באַוויזן קינסטלעריש צו באַלעבן אין מויל פון זיין העלד, — אַבא לאַפּידוס, דער ייד פון סעקאָנד עוועניו — אין ניו יאָרק:**

„אַבא לאַפּידוס איז געווען פון די מענטשן וואָס, אַז זיי גייען אַוועק לאָזן זיי איבער הינטער זיך אַ שטילקייט און אַ זיכערקייט, אַז נאָכאַלעמען איז נישט אַזוי שלעכט"...

**אָבער מיטאַמאָל איז אָט־אָ די זיכערקייט, וואָס אַבא לאַפּידוס האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך „צעטרייסלט געוואָרן".**

**וואָס איז געשען? אויך ער, דער געטרייער יידישער לייענער, איז „איז אַוועק צו די גויים". אַזוי האָבן אַלע געמיינט. אין דער אמתן, ווי אַלקוויט איז קינסטלעריש מכון, איז לאַפּידוס גאָר אַוועק צו די גויים, כדי אויפצוזוכן די אָפּגעפּרעמדטע יידן, וואָס האָבן, מיט זייערע אַרויפּ־געאַרבעטע קאַריערעס, פאַרלאָזט די יידישע איסט־סייד אין ניו יאָרק, און אַלץ וואָס עס האָט צו טאָן מיט יידיש־שעפערישע ווערטן. אויך אַ טייל יידישע שרייבער — טענהט לאַפּידוס מיט האַרצוויטיק — וועמענס ווערק מ'האָט איבערזעצט אויף ענגליש, האָבן איבערגעלאָזט האַק און פּאַק, און — אַוועק! נישטאָ. געבליבן איז בלויז ער אַליין, דער דאָזיקער געטרייער יידישער לייענער ביי אַ פּאָר נישט־איבערזעצטע יידישע דיכטער, נעבעך... ער, לאַפּידוס, וועמענס עובדה איז תמיד געווען צו זיין אַ פּאַרמיטלער צווישן דעם שרייבער און דעם יידישן לייענער — האָט שוין באַלד נישט וועמען צו פּאַרמיטלען:**

„וואָס ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין איז: וואו זיינען זיי אַהינגעקומען די אַלע וואָס זיינען אַוועק צו די גויים?"...

**די „ניו יאָרקער מאָטיוון" זיינען פול מיט איידעלער און שטילער איראָניע. פאַראַן דאָ אויך הומאָר. אַזאַ וואָס מילדערט די שווערע, אָנגע־כמורעטע רייד, די וויכוחים פון די פּאָר איינזאַמע יידישע שרייבער ביי די קאַפע־טישלעך. דערביי באַווייזט אַלקוויט צו שילדערן, ביז גאָר לעבעדיק און אינטערעסאַנט, דעם העלד זיינעם, לאַפּידוס, בעת ער גע־פינט זיך אין דער היים, לעבן זיין ווייב מלכהלע. די דאָזיקע אייגנשאַפט, פון קענען איבערגעבן, דורך לעבעדיקע בילדער און געשטאַלטן, די שטענדיק־מאַטערנדיקע פּראַגן פון אונדזער צוקונפט, דאָ אין לאַנד, קומט, אגב, צום אויסדרוק אַלץ מער אין אַלקוויטס לעצטע דערציילונגען.**

גאָר באַזונדערס איז דאָס בולט אין דער דערציילונג: „רעיטשל, מוטער רעיטשל".

* * *

אין דעם ליד „געשטאַלטן", אין זיין לידער־בוך „וועגן צוויי און אַנדערע", פרעגט אַלקוויט:

„וויפיל האָב איך שוין געזען געשטאַלטן פון מיין לעבן
און וויפיל פון מיין טויט?"...

יאָ, שוין אין די לידער אַלקוויטס איז געווען ניכר, אַז ער וועט שפּעטער אַרויסרופן אין דמיון, ווען די צייט וועט קומען, די אַלע נאָענטע געשטאַלטן אין זיין לעבן, און די וואָס זיינען אַוועק אין דער אייביקייט. אויך אין פּראָזע איז אלקוויט געבליבן דער דיכטער, וואָס ציילט די ווערטער, וואָס היט זיך נישט צו געפעלן צופיל דעם ליבן לעזער, מיט באריכותדיקע שילדערונגען. ער איז זעלטן באַרעדעוודיק. און מען דער־קענט אים, דעם דיכטער, אין יעדער דערציילונג. אַפילו אין אַזאַ זאַך, ווי „אַנקל בעני", אַ דערציילונג, אין וועלכער עס ווערט געשילדערט דער טויט פון אַ יידישן אונטערוועלט־פּאַרשוין, דזשעק. „אַנקל בעני", מיט זיין „אָרעמען יידישן טרויער", איז אלקוויטן גאָר אַ נאָענטער קרוב, אין געמיט. ער געהער צו אים, דעם דיכטער, וואָס באַדויערט דאָס אַוועק־גיין, דאָס אַראָפּגיין פון דער סצענע, פונעם אַלטן פרום־יידישן דור אימיגראַנטן. זיי ווערן אַלץ ווייניקער, די אַמאָליקע יידן. אלקוויט פּרואווט אַרויסרופן אין זכרון די אַלע וואוילע יידישע פּנימער, די ערלעכע און תמימותדיקע, וואָס מען דאַרף זיי שטאַרק זוכן דאָ הי. זיי, די דאָזיקע „אַנקלס" קומען נאָך אַמאָל אויף אַ חתונה, און — נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין — אויך אויף אַ לוויה.

אַנקל בעני באַווייזט זיך אין דער שטוב פון זיין פּלימעניק, — ווען מ'האָט געפונען אַ טויטן אין די אָרעמס פון זיין כלה... „סטייטש"? — פאַרשטייט נישט דער אַנקל — ווי האָט ער, דער פּלימעניק געקענט האָבן אַ כלה, אַז ער האָט דאָך אַ ווייב כדת משה וישראל?... דאָס דאָזיקע גראָטעסקע בילד אין „אַנקל בעני" פאַרמאָגט אַ טרויער, אַ חוזק: דער טויט גופא איז דאָ אַ שטיק גראָטעסק. אין שטוב דרייט זיך אַרום אַ פריילעך ווייבעלע, אַ שכנה, וואָס איז געקומען זען איר שכן, ווי ער ליגט, נעבעך, אַ צוגעדעקטער. דאָס פריילעכע ווייבל איז געקומען פאַר־גיסן אַ טרער, אָבער זי איז צו פריילעך דאָס צו באַווייזן; „אַ קורץ,

רונדיק ווייבעלע מיט קיילעכדיקע בעקעלעך" — דערמאָנט אונדז אַל־קוויט איר אויסזען. — „ווי אויסגעשעוירן פון רויט פּאַפּיר — פּריש פאַר דער געלעגנהייט"... זי האָט דערוויל פאַרגעסן אין איר טויטן שכן, און זי חנדלט זיך בעת־מעשה צום יידישן פּאָליסמאַן, וועלכער היט דעם בר־מנן, ביז מען וועט געוואָר ווערן ווער ס'איז דער אמתער מערדער; די „כלה", צי גאָר איינער פון די „באָיעס" אויף גרענד סטריט:

„אַנקל בעני האָט געקוקט, געשוויגן. ס'מאַכיקע בערדל וואָס ער האָט אַרויסגעהויבן, ווי אַן אתרוג פון זיין פּוטערנעם קאָל־נער, האָט, דאַכט מיר, געפרעגט: וואָס גרייט מען זיך דאָ? צו אַ חתונה, אָדער צו אַ לוויה?"...

די דערציילונג „רעיטשל, מוטער רעיטשל" פאַרמאָגט אויך דעם געמיש פון טרויער, און פּאַרקערט, ביטערן חוזק, וואָס גרענעצט זיך מיט משונהדיקע, גראָטעסקע בילדער. אַלקוויט גייט אַ טראָט ווייטער פון גלאַזמאַנען: ער באַוויזט קינסטלערישן קפיצת הדרך אויף צוריק... ער זעט די קאָמיש־טראַגישע קאָנפליקטן צווישן די צוויי יידישע דורות — די אַריבערגעקומענע, מיט זייערע אַמאָליקע, איינגעפונדעוועטע התנהגותן, און טראַדיציעס; און די היגע, די יונגע אַמעריקאַנער יידן, וואָס ס'רוב פון זיי האָט אין באַגער: צו זיין גליקלעך, „העפּי". זיי, די יונגע דורות האָבן שוין אָנגעשפּאַרט, העט, העט — מיט זייערע גוטע יידישע קעפּלעך, אַזש אין האַרוואַרד אוניווערסיטעט; ביי קאָברינען און ליבינען זיינען זיי אַזוי ווייט נאָך נישט דערגאַנגען. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון? צוליב אַ גוייש מיידל, מאַרגאַרעט, וואַרפט אַוועק דער יונגער הערשל — דער עילו און דער שטאָלץ פון שלמה־נטע און זיין ווייב רעיטשל — זיין גאַנצן יידישן יחוס, צוזאַמען מיט זיין קאַריערע!

די מאַמע, די מוטער רעיטשל, ווערט — אין לויף פון די יאָרן זיין דאָ, אין לאַנד — אויך אַן אַנדערע. זי וואַקסט מיט, מיט איר קליינוואַרג, זי עלטערט זיך מיט זיי, און פּאַסט זיך צו אויף וויפיל זי איז ביכולת. אָבער דאָס צופּאַסן אירס האָט דאָך אַ גרענעץ. זי בלייבט נאָך אַלץ די היימיש־יידישע מאַמע. פון אַלע קינדער אירע איז הערשל דער גראָבטנ־סטער. ער האָט ממש געניאַלע פעאיקייטן. האַרוואַרד שפּיגלט זיך אין אים. פּאַריז לאַדט אים איין צו זיך. ווען ער קומט צוריק, נאָך אָנשטאָט אַ פּראָפעסאָר אין אַ קאָלעדזש — ווי אַלע האָבן געהאָפט און געוואָרט — ווערט ער גאָר אַ קלוירק אין איינע פון די „טרעוול ביוראָס" אין ניו־

יאָרק, און אַלץ — צוליב דעם מיידל מיט איר אַריסטאָקראַטישן אי־טאַליענישן יחוס. מאַרגאַרעט שטאַמט פון גאָר הויכן אַדעל.

די אַנטוישונג פון דער יידישער מאַמע איז אין לשער:

— „אוי, — האָט זי געפרעגט — צוליב דעם האָט מען דאָס געדאַרפט? צוליב דעם די אַלע פרייזן מיט אַנאַרס און די שפּראַכן. די אַלע שפּראַכן מיט האַרוואַרד, מיט סאָרבאָן און פּאַריז, און כ׳ווייס וואָס נאָך? וואָס נאָך, האָ?"

די דערציילונג „רעיטשל, מוטער רעיטשל", איז קינסטלעריש שטאַרק, נישט צוליב איר מוסר־השכל, ווי מיר געפינען עס אין יעדן בעסערן ווערק. פּאַראינטערעסירט איז מען בעתן לייענען די דאָזיקע דערציילונג צוליב דער לעבעדיקער שילדערונג פון די כאַראַקטערן. זיי לעבן דאָ אַלע אַפילו מיט זייער שוויגן, מיט זייער בלויזן באַוועגן זיך אין שטוב פון שלמה נטען דעם שטילן, פּאַרהאָרעוועטן, און ביז גאָר סימפּאַטישן יידן, דעם „פּעינטער"; „שלמה נטע האָט געמאַליעוועט אַפּאַרטמענטס, געקומען צווישן מענטשן, אָבער אויפן וועג אַהיים איז אים אַלץ אויסגערונען. ער האָט איר — דעם ווייב רעיטשלען, — גאָר נישט געהאַט וואָס צו זאָגן; גאָרנישט וואָס צו דערציילן. געבליבן איז אים בלויז די מידקייט פון דער האָרעוואַניע". שלמה נטע רעדט קוים אַרויס געציילטע ווערטער. אָבער מיר פילן, אַז ער איז דאָ. צו קענען אַזוי, אין קאַרגע רייד, שילדערן אַ כאַראַקטער, ווי אַלקוויט־בלום באַ־וויזט עס אין דער געשטאַלט פון שלמה נטען — דאָס אַליין איז ביז גאָר אַ מדרגה, אַ הויך־קינסטלערישע, פון וועלכער עס איז אָנגענעם צו דערמאָנען:

— „הער שוין אויף — האָט שלמה נטע זי געבעטן מיט אַ געוואַלד־געשריי, אַז ר׳האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין אייגן קול. — הער אויף, כ׳בעטדעך, וואָס ווילסטו? וואָס ווייסטעך? כ׳בין אַ פאַרהאָרטעוועטער מענטש, גיי דו, גיי, רייד צו די קינדער, רייד צו הערשלען".

די מאַמע רעיטשל גייט און רעדט. אָבער וואָס העלפן די רייד. — „אָ, מאַדהער, אָבער דו ווילסט דאָך ער זאָל זיין גליקלעך, ווילסט דען נישט?"

אַזוי רעדן די שוועסטער און די ברידער. אויך זיי, דער צווייטער, צי דער דריטער דור וויל זיין „העפּי"...

די דערציילונג האָט מדרגות. זי וואַקסט און ווערט אינטערעסאַנ־טער מיט יעדן בלעטל, מיט יעדן פּאַראַגראַף. און דאָ איז נישט בלויז וויכטיק די מעשה גופא. וויכטיק איז דער אופן פון שילדערן: וויכטיק זייַנען דעם שרייבערס אייגענע רייד און טראַכטעניש וואָס ער באַוויַיזט אַרייַנצוּוועבן אין דעם סיפּור־המעשהדיקן גאַנג פון דער דערציילונג.

אויך דער אָנהייב פון דער דערציילונג איז איבעראַשנדיק־פריש און ניי געשילדערט. וויפיל האָבן מיר זיך שוין אָנגעלייענט וועגן גרינע יידן אין ניו יאָרק? פאַראַן אין אַלקוויטס בילדער פון דעם אַמאָליקן ניו יאָרק אַ נאָסטאַלגיע, אַ בענקשאַפט צו דער פּשטות און עכטקייט פון די פאַרהאָרעוועטע יידן אויף לודלאָו סטריט אַמאָל, וואָס דאַרף אין אַ נייעם קינסטלערישן פּירוש — געזען ווערן. און אַלקוויט וויַיזט אַרויס אָט דעם שרייבערישן כוח, אויפדאָסניי צו דערזען די יידישע איסט סייד — און אַנדערע טיילן פון יידישן ניו יאָרק — דורך אַ נייעם סאָרט רעאַליזם, פאַר וועלכן מען דאַרף נאָך געפינען דעם ריכטיקן נאָמען. נאָר אַז אַלקוויט שרייבט אַנדערש, אָריגינעל, מיט אַ באַנייטער פרישקייט אין לשון — דאָס דערפילט מען גלייך.

אָט איז אַ בילד פון דער מוטער רעיטשלס ערשטן טאָג אין אַמעריקע, אויף לודלאָו סטריט:

„דער טאָפּ איז געווען ניי, דאָס מעסער און צו וואָס זי האָט זיך צוגערירט — ניי און אַזוי פרעמד, אַז אין מיטן שיילן האָט עס זי אַוועקגעזעצט, און רעיטשל האָט זיך פאַרקוקט אויף דער קאַרטאָפליע ביי איר אין דער האַנט; געקוקט מיט אַ געפיל, וואָס האָט איר אונטערגעזאָגט ווי וואונדערלעך דאָס איז, וואָס אַ קאַרטאָפליע איז אַ קאַרטאָפליע — דאָ ווי דאָרט. וואָס נאָך האָט איר געקענט זיין אַזוי היימיש ווי דאָס ניט דערשיילטע פּאַסיקל שאָלעכץ, הענגנדיק פון דער קאַרטאָפליע ביי איר אין דער האַנט“...

דער דיאַלאָג צווישן איר, רעיטשל, די „גרינע“, מיט איר מאַן שלמה נטע, דעם אויסגעגרינטן „פעינטער“ — געהער צו די שענסטע קאַפּיטלעך אין דער יידיש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור. שוין פאַר דעם היימיש־יידישן לשון, דעם אידיאָמאַטיש־רייכן, אין דעם דיאַלאָג, האָט בלום־אַלקוויט פאַרדינט דעם ליטעראַרטור־פּרייז. און מיר האָבן דאָס געפיל, אַז מיט אַלקוויטס „אויפן וועג צום פּרק־סקווער“ קומט צו אַ בוך פון אַ קרעפטיק אַמעריקאַניש־יידישן דערציילער — מיטן טראָפּ אויף אַמעריקע — אויף וועלכן מיר האָבן לאַנג געוואַרט.

# דוד בערגעלסאָן

(דאָס לעצטע בוך „נייע דערציילונגען")

אין יאָר 1946 איז אין מאָסקווע דערשינען דאָס לעצטע בוך פון דוד בערגעלסאָן, אונטערן נאָמען „נייע דערציילונגען". אין אַ קורצער צייט אַרום, נאָכן דערשיינען פונעם בוך, איז בערגעלסאָן, ווי מיר ווייסן שוין, צו אונדזער אַלעמענס צער — אומגעקומען אין אַ סאָוועטישער תפיסה. די „נייע דערציילונגען", געשריבן אין די מלחמה־יאָרן, האָבן דעריבער אַ באַזונדערן ווערט. אין זיי איז לייכט צו דערקענען וואָס דער אַמאָל־באַרימטער מייסטער אין פּראָזע האָט איבערלעבט אַלס ייד אין די יאָרן פון גרויסן יידישן חורבן, איידער זיין אייגן לעבן איז אויסגעלאָשן געוואָרן.

דוד בערגעלסאָן איז געגאַנגען אַ טראָט ווייטער פון זיינע קאָלעגן מאַרקיש, פעפער. אויך זיי האָבן אין די מלחמה־יאָרן געשריבן לידער אין וועלכע מען פילט דעם צער פון גרויסן יידישן חורבן, וואָס די נאַצישע מחבלים האָבן געבראַכט נישט בלויז אין פוילן נאָר אויך אין די שטעט מינסק און קיעוו. דאָך געדענקען מיר מער בערגעלסאָנס ענטפער דעם גרעסטן יידישן שונא — די פּיעסע „לא אמות כי אחיה". בערגעלסאָן האָט אויך נישט פאַרפעלט, אויף זיין קלוגן שטייגער, בלשון רמז, צו געבן אַן ענטפער אויך דעם נישט קלענערן שונא פון יידן אין לאַנד פון דער רעוואָלוציע, אין זיין דראַמאַטישע פּאָעמע „פּרינץ ראובני", וואו די הויפּט־מאָטיוון זיינען יידישע ליידן און בענקשאַפט נאָך גאולה. מען קען אַ סך אַרויסלייענען פון אָט דער פּאָעמע בערגעלסאָנס — די טיפע הרטה־געפילן אויף זיינע אַמאָליקע זינד, ווען ער האָט אין זיין ראָמאַן „פּענעק" זיך דערלויבט אָפּצוחוזקן פון יידישע טראַדיציעס, און יידישע יום־טובים.

אין „פּרינץ ראובני" איז דאָ אַ העלד מיטן נאָמען שבתי. דאָס איז אַ מין לץ, אַ קלאָון. און אָט דעם לץ לאָזט בערגעלסאָן ריידן אַזעלכע אַפּיקורסישע רייד, אַזעלכע רעאַקציאָנערע אָפּנוייגן וואָס אפשר נאָר אַ לץ מעג זיך דערלויבן זיי אַרויסצוזאָגן הויך אויפן קול. דאָס רעדט בערגעלסאָן אַליין, פאַרשטעלטערהייט, דורכן מויל פונעם לץ שבתי:

„אין צירק, דעם לץ
האָב איך געשפּילט,

און זיך אַליין — דעם ייד
כ'האָב נאָכגעקרימט און נאָכגעמאַכט״.

אָדער:

„אַ שעה אין טאָג
בין איך אין צירק מיר פריי — אַ ייד!
זאָל זיין אַפילו אין די קליידער
פון אַ לץ.״ . . .

אויבנאויף איז בערגעלסאָן אויך אין דעם לעצטן בוך זיינען געטריי דער סאָוועטישער „ליניע״. לייענט מען אָבער איצט מיט מער אויפמערקזאַמקייט די „נייע דערציילונגען״, דערפילט מען אין זיי דעם עכט־יידישן צער און ווייטיק, און מען הערט אין זיי דאָס אייביק־יידישע קול, וואָס שרייט צו דער וועלט אויף שטום־לשון, פאַרשטעלטערהייט...

אויך אין די „נייע דערציילונגען״ גיט ער „צעזאָרן״ וואָס אים קומט. ווי איינער פון די יידישע שרייבער־אנוסים, איז ער געצוואונגען דערצו. סטאַלינס נאָמען ווערט אויך אין דעם בוך דערמאָנט מיט גרויס לויב. דעם „הנותן תשועה״ דעם פינצטערן טיראַן ווערט געגעבן ווי עס דאַרף צו זיין... און דאָ און דאָרט פּירט ער צענויף, אין מער ווי אין איין דערציילונג, יידן מיט גוים, און ער פּרואווט זיי פאַרברידערן, פאַרשדכענען אין גרויס ליבשאַפט איינעם צום אַנדערן, כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט פון דער שנאה וואָס די כלומרשט־גוטע סאָוועטישע בירגער, באַזונדערס די אוקראַאינער, האָבן אַרויסגעוויזן צו יידן בעת דער נאַציישער אָקופּאַציע אין אָדעס און אין אַנדערע שטעט. צווישן די שורות אָבער אין דעם נייעם בוך, אין די ניט־דערזאָגטע זאַצן און ווערטער, אין די אומעטיקע נאַטור־שילדערונגען קומט דאָך צום אויסדרוק דער אַמאָליקער יידישער דוד בערגעלסאָן, דער שרייבער פון די אומפאַרגעסלעכע ווערק „ביים וואָקזאַל״, „נאָך אַלעמען״, „אָפּגאַנג״ און אַנדערע.

אין דער דערציילונג „אין שיין פון שייטערס״, — אַ נאָמען וואָס דערמאָנט אין שייטערהויפנס, אין שרפות און אומגליקן — שילדערט בערגעלסאָן די ליידן פון אַן אויסגעוואָרצלטן, פאַרוואָגלטן יידן, מאיר שלייען, ערגעץ אין ווייטן אוראַל. בערגעלסאָנס טאַלאַנט איז שטענדיק געווען גרויס אין אויסדרוק פון וואָרט, און אַפילו דער נאָמען פון זיינעם אַ העלד איז אויף עפּעס אַן אָנדייטונג. מאיר שלייען האָט פריער, פאַרן קריג, געוואוינט, מיט ווייב און קינד, אין אַ שטאָט אין דרום־רוסלאַנד;

„אין אַ לעבעדיקן פּאַרט אין דרום״. איצט איז מאיר „אַרומגערינגלט אויף טויזנטער און טויזנטער מײַלן פון אַלע זײַטן מיט יבשה״... די בענק־שאַפט פון דעם דאָזיקן ייִד צו זײַן הים איז געצייכנט מיט גרויס טאַלאַנט. מאיר געפינט זיך לעבן אַ שכן, אַ רוס, מיטן נאָמען מאַקאַר יערמילאָן. דער אומעט און די זאָרג מאירס בלײַבט אין זכרון פון דעם לייענער. מען פילט בערגעלסאָנס רחמנות צו דעם ייִדן וואָס ווערט מיט זײַן ווײַב און דער מוזינקע, כלומרשט „תושבים״ אין ווײַטן אוראַל... מאיר ווערט אַ סיגנאַל־געבער (אַ „בודאָטשניק״) בײַ דער באַן־ליניע, אַ מאָדנע פּרנסה פֿאַר אַ היימישן ייִדן פון אוקראַינע, אַ ייִד אין די פּופּציקער יאָרן... דער רוסישער שכן באַטראַכט אים און שווײַגט פאַרביסן; ער קוקט מיט חשד אויף דעם מאָדנעם באַוואַקסענעם ייִדן; „מאירס גוף בייגט זיך שטענדיק ווי פון איבעריקער לענג. כאָטש ער איז גאָר ניט אַזאַ הויכער, איז פונקט ווי אין זײַן געדיכט־האָריקער באַוואַקסנקייט, געבליבן עפּעס פון גאָר אַלטע צײַטן״. דעם גוי, ווידער, מאַקאַרן, מאָלט בערגעלסאָן אַזוי: „וואָס שייך דעם אַלטן, גרייז־גרויען מאַקאַרן, איז ער ניט אַזאַ וואוקסיקער, ווי אַ גאַנץ פעסטער, און דערצו נאָך עפּעס דורכאויס אַ גלאַטער, ווי אַ פעלד, אָן שום בערגלעך און טאָלן״... און בערגעלסאָנס אופן פון שילדערן מענטשן איז פון שטענדיק אַזאַ, וואָס גיט־איבער, אין ווינציק רייד, אי דעם מענטשן, אי — זײַן גורל. גאָרנישט איז בײַ דעם דאָזיקן מייסטער אין פּראָזע סתם געשריבן.

די פרעמדקייט פון דעם ייִדן צו זײַן שכן מאַקאַר, וואָס די מלחמה האָט צונויפגעבראַכט, איז פאַר זיך גופא טראַגיש, און דערציילט, אָן ווערטער, וואָס ייִדן, ענלעכע צו מאיר שלייען, האָבן דורכגעמאַכט אין יענע בהלהדיקע טעג, ווען די נאַצישע אַרמייען האָבן זיך געיאָגט איבער די לאַנגע שטרעקעס פון גרויסן רוסישן לאַנד. און אָט וואָס דער גוי מאַקאַר טראַכט: — „שוין זײַן, מאירס, אויסזען, האָט שטאַרק צו זאָגן וועגן עפּעס פאַרבלאָנזשעטס. שוין אָפּגערעדט פון אַלע זײַנע פּאַסטעמקעס און זייַן, זעלטן־ווען געהערטן נאָמען: מאיר שלייען״.

מאַקאַר גיט זיך אָפּ מיט האָדעווען בינען, און ווען אָט דער מאַקאַר זעט דעם, פון הימל אַראָפּגעפאַלענעם ייִד, גיט ער אַ פּאַטש „פאַרטראַכטערהייט די אייגענע באָרד, ווי ביים אַראָפּטרייבן פון איר אַ בין״... און אָנשטאָט שלייען, האָט מאַקאַר „איבערגעאַנדערשט אַ קאַפּעלע דעם שכנס נאָמען: זאַג־זשע מיר נאָר שמאַיען, ווי אַרום האָסטו אַהער פּאָפּאַדיעט, אַ?״...

די אייביקע פראַגע פון באַהאַלטענע יידן־שונאים, ווען זיי דערזעען אַרום זיך אַ יידיש פּנים. און נישט וויכטיק איז דאָ דער צוגעטראַכטער גוטער סוף פון דער דאָזיקער דערציילונג: אַז ענדלעך גיט זיך יאָ איין מאירן צו בלייבן נעבן זיין רוסישן שכן. אין זכרון בלייבט אָבער די שרעק און די פאַרלוירנקייט פון דעם דאָזיקן אויסגעוואָרצלטן ייִדן, וואָס איז נע־ונד. מיט דער גאַנצער „גלייכבאַרעכטיקטער" סאָוועטישער בירגער־שאַפט, איז מאיר פיל מיט מורא. און רעדט מען וועגן די ניי־געקומענע יידן אין אוראַל, פרעגט איינער פון זיי דעם קירגיזישן אינזשעניר פּאָקראַס, צי אויך יידן וועלן קאָנען בלייבן נאָך דער מלחמה...

— יידן אויך? — פרעגט איינער מיט שרעק. אַזאַ מין פראַגע איז אין סאָוועט־רוסלאַנד, אין אַ בוך וואָס אַ סאָוועטישער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן, אַ ביז גאָר געוואַגטע...

אין דעם לעצטן בוך זיינעם האָט בערגעלסאָן געשילדערט ניט בלויז אומגליקלעכע סאָוועטישע יידן אָן אַ היים, ער האָט אויך געוואַגט זיך צו דערמאָנען אין יידן אויסער די גרענעצן פון סאָוועט־רוסלאַנד: אין יידן פון ווילנע און פון לעמבערג. אין דער דערציילונג „יאָרצייט ליכט" באַשרייבט בערגעלסאָן אַ יידישן דאָקטאָר, מיטן עכט־יידישן נאָמען, סופר. נאָר אַזאַ ייד, מיטן יחוסדיקן נאָמען סופר, וואָס שטאַמט פון ווילנע, מעג טראַכטן פון אַ יאָרצייט נאָך זיין מאַמען... „אַפּגעווישט געוואָרן ביזן גרונט — טרויערט דער דאָקטאָר סופר — איז דאָרט די לאַנגע לעבנס־מסורה, וואָס ער האָט פון קינדוויז אָן אין זיך איינגע־זאַפּט"... דאָס זיינען זיינע, בערגעלסאָנס, אייגענע טרערן פון חרטה אויף דער יידישער לעבנס מסורה, פון וועלכער ער איז געצוואונגען געווען די אַלע יאָרן, ביז צום חורבן, אָפּגעפרעמדט צו ווערן... דער דאָקטאָר טראַכט:

„ווער עס בלייבט אַ יתום אָן טאַטע־מאַמע — ער איז געבליבן אַ יתום, אָן אַ גאַנצער שטאָט, אָן אַ דריט־חלק פון אַ פאָלק"...

דאָס זיינען כלומרשט די „ביי־געדאַנקען", וואָס דער דאָקטאָר סופר טראַכט ביי דער אַרבעט אין שפּיטאָל. כסדר, און אויף אַן אמת צו טראַכטן פון גרויסן יידישן אומגליק — דאָס וואָגט ניט אַ יידישער שרייבער אין רוסלאַנד צו לאָזן טראַכטן זיינעם אַ העלד... אָבער די דערציילונג „יאָרצייט ליכט" איז דאָך געגוג יידיש אין איר תוך.

„עס מאַכט זיך, פעלקער פאַרלירן מענטשן. יאָ, ס'אי אַן אבידה, אין דעם זיינען אַלע מודה. נאָר אָט קומט ער, דער דאָקטאָר סופר, מיט

זיין אבידה — ער איז איינער פון יענע, וואָס פאַרלירן אַ פאָלק. וואָס? וואָס פאַרלירט ער? ניין! פון אַזאַ אבידה ווייס ניט קיינער"...

דער דאָקטאָר סופר איז פול מיט געפילן פון חרטה. אַז ער לעשט אין דער פרי אויס דעם לאָמפּ, וואָס ברענט פון ביינאַכט אין זיין צימער, האָט ער דאָס געפיל ווי ער „וואָלט אויסגעלאָשן דאָס יאָרצייט־ליכט וואָס האָט געברענט נאָך זיין מוטערס נשמה..." דער דאָקטאָר איז אויפגעשטאַנען נאָך אַ חלום פון זיין קינדהייט. „קיין הזכרה" — טראַכט דער דאָקטאָר — האָט נאָך איר קיינער ניט געפּראַוועט".

בלויז אַן אויסדרוק, דאָ און דאָרט, אַמאָל נאָר אַן איינציק וואָרט אפילו, באַגלייט פון אַ גרימאַסע אויפן פנים פון זיינעם אַ העלד, איז געווען בערגעלסאָנס אַן אייגן־קינסטלערישע אייגנשאַפט, מיט וועלכע ער האָט זיך באַרימט געמאַכט אין זיינע ווערק. מ'דאַרף זיי נאָר גוט באַמערקן בעתן לייענען, אַט די אָפּט־איבערחזרנדיקע קורצע, פאַרטראַכטע אויסדרוקן, די מעדיטאַציעס וואָס ווערן באַגלייט פון העוויות און זיפצן. מען געדענקט זיי, די העלדן בערגעלסאָנס, מיט זייער שווייגן. דער לייענער בערגעלסאָנס געדענקט גוט ר' גדליהס שווייגן אין ראָמאַן „נאָך אַלעמען", אָדער חיים משהס שווייגנדיקע דיאַלאָגן, די פאַרטראַכטע, מיט זיין פאַרשטאַרבענעם חבר מלך, אין „אָפּגאַנג"... אויך דאָ, אין דער דער־ציילונג „יאָרצייט־ליכט", ווערט דער טרויעריק־שווייגנדיקער דאָקטאָר סופר אונדז נאָענט מיט זיין צער און מיט זיין עכט־יידישן געפיל פון רחמנות וואָס ער ווייזט אַרויס צו דעם בלינד געוואָרענעם רוס טרי־פימאָוו, ווען דער דאָקטאָר סופר היילט אויס די בלינדע אויגן.

עפּעס ווערט אויך דאָ פאַרשוועכט. נו, יאָ, אויך דאָ, אין דער דערציילונג צאָלט בערגעלסאָן זיין צינדז דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור. דאָס ליכט, וואָס דער יידישער דאָקטאָר גיט דעם גוי טריפימאָוו, ווערט דעם יידנס יאָרצייט ליכט נאָך זיין מאַמען... פאַרוואָס — ווילט זיך פרעגן — האָט בערגעלסאָן זיין יידישן העלד ניט געלאָזט אויסהיילן אַ יידישן קרבן פון דער מלחמה, נאָר דווקא דעם רוס טראָפימאָוו?

חוץ „יאָרצייט־ליכט" איז פאַראַן אין בוך נאָך אַ דערציילונג „אַן עדות", וואָס איז געשריבן אין נוסח פון אַ כראָניק, עס זאָל בלייבן לדורות. דאָ קומט בערגעלסאָן זיך צונויף מיט אַלע יידישע דיכטער און פּראָזע־שרייבער אין דעם בציבורדיקן באַווייגען די מוראדיקע יידישע טראַגעדיע; אַ יידן פון לעמבערג (לוואָוו) לאָזט ניט רוען די צרות־רבים

פון אַ פאָלק, און ער ווענדט זיך צו אַ יידיש מיידל, דאָרע, וואָס אַרבעט אין איינעם פון די מלוכה־אַנשטאַלטן.

און בערגעלסאָן דערציילט:

„דער ייד איז געבליבן איינער פון אַריבער אַ מיליאָן, מען דאַרף, מיינט ער, פאַרשרייבן אַלץ, וואָס ער האָט געזען". פון דע־מאָלט אָן קומט דער ייד אַלע אויפדערנאַכט צו דעם מיידל דאָרע אַהיים. דער ייד דערציילט — דאָרע פאַרשרייבט".

שטאַרקער אין יידישן זין איז די דערציילונג „דער סקולפּטאָר". זי דערמאָנט אין די זאַכן וואָס בערגעלסאָן האָט געשריבן אין די סוף־צוואַנציקער יאָרן אין דעם באַנד, וואָס טראָגט דעם נאָמען „צוג־ווינטן". אויך דעמאָלט האָט בערגעלסאָן געשריבן פון פוסטע יידישע שטעט, פּאָגראָמירטע אין אוקראַאינע. עס פעלט דאָ אָן איינהייטלעכער סיפּור־המעשה, אין אָנגענומענעם זין פון וואָרט. אָן אַלטע אייגנשאַפט זיינע, וואָס ביי אַן אַנדערן שרייבער וואָלט ער געווען אַ חסרון, ביי בערגעל־סאָנען ווערט דער דאָזיקער חסרון פאַרוואַנדלט אין אַ מעלה... גאָרנישט, דוכט זיך, פּאַסירט, און דאָך וויקלט זיך פונאַנדער מער ווי איין געשעע־ניש, און עס שטייט אויף אַ חרוב־געוואָרענער יידישער ישוב אין אוקראַאינע, אין וועלכן די נאַציס האָבן געבושעוועט, געפּלינדערט און פאַרטיליקט, גרויס און קליין, די שטאָט איז פוסט, אָן יידן, און דער ערשטער ייד, וואָס קומט צוריק, איז אַ יונגער יידישער סקולפּטאָר לייבל, דעם פאַרימאַכערס זון; דעם פאַריקמאַכער, — אַ טויב־שטומען — האָבן די דייטשן דערהרגעט, און געבליבן איז לייבלען בירושה אַ לעבעדיקע ווייסע ציג — — —.

לייבל זיצט אויף די טרעפּ פון טאַטנס פוסט שטיבל, און די ציג צופּט גראָז לעבן פּלויט... שוין דאָס בילד אַליין איז פול מיט יידישן רמז; אַלעמען אויסגעשאַכטן — נאָר דאָס ציגעלע, דאָס ווייסע, איז געבליבן לעבן... פאַראַן יידישער בטחון אין דער דאָזיקער דערציילונג, כאָטש אויך דאָ, האָט בערגעלסאָן, געמוזט עפּעס צוטראַכטן אַזוינס, וואָס זאָל געפעלן דעם סאָוועטישן צענזאָר: דער זון לייבל, דער סקול־פּטאָר, קלעפּט דעם טאַטנס פיגור, טאַקע מיטן זעקל געוועזער אויף דער פּלייצע, צו ווייזן שפּעטער אין די מוזעאומס די יידישע העלדישקייט.

ווי אַ מקונן, וואָס קומט באַוויינען דעם חורבן פון יידישע שטעט, ווי עס האָבן געטאָן פאַר אים געראַטעוועטע יידן אין אַלטע פּנקסים, אין

די צייטן פון גזרת־ת״ח, און שפעטער — יידישע שרייבער אין די פער־ציקער יארן, אזוי האט אויך בערגעלסאן אין דעם דאזיקן לעצטן בוך זיינעם זיך ארויסגעשטעלט ווי א שליח־ציבור, ווען דער חורבן פון אלטע יידישע שטעט אין אוקראינע האט טיף אין הארצן אים ווי־געטאן און צעבראכן, און ער איז געקומען טאן זייער רעכט. ער פארגעסט אפילו ניט צו פארצייכענען, אז: —

„פון ערגעץ האבן זיך אהער גענומען צווי אלטע יידישע ווייבער — קלאגערינס. זייערע אומעטיקע קולות האבן א גאנצן טאג געדרעליעוועט די שטילקייט אין דעם אדער יענעם עק שטאט. ווי צווי שוועסטער, זיינען זיי ארומגעגאנגען פון איין פוסטער שטוב אין דער צווייטער און האבן אין יעדערער אפגעוויינט א מינוט פינף, זייער הויך אויפן קול, גלאט אזוי פון מצוה וועגן, צי אפשר לויט עפעס א מין אלטער יידישער טראדיציע ביים אומקערן זיך אין אויסגעקוילעטע שטעט״...

און עכט יידישלעך, טראדיציאנעל, און מיט יידישן רמז, איז דאס בילד, — דער חלום און דער טיפער וואונטש זיינער — וואס בערגעלסאן מאלט ווייטער: נאכן אפוויינען און קלאגן, באווייזט זיך צווישן די צוריק־געקומענע יידן די ערשטע טראגעדיקע פרוי...

די כלומרשטע כוונה, אדער מורא, צו דינען דער מאכט פעלט דא, אין דער דערציילונג, אויך ניט; דער אלטער פאריקמאכער שטארבט ווי א העלד. ער טראגט געווער אין א זעקל פאר די פארטיזאנער.

אויך דאס איז ווי צוגעטראכט, און ניט איבערצייגנדיק פארן אלטן, טויב־שטומען יידן. עס איז דאס צוגעטראכטע, טענדענציעזע, וואס מיר געפינען אין בערגעלסאנס ווערק, געשריבן אין דער צווייטער פעריאדע זיינער; זינט ער האט זיך, אין די שפעט־צוואנציקער יארן, אומגעקערט קיין רוסלאנד פון בערלין. א שפאגל ־נייער בערגעלסאן איז פון דעמאלט אנטשטאנען. כאטש די אמתע סימנים פון זיין גרויסן טאלאנט און פון זיין עכט־יידישן געפיל פאר אלט־דורותדיקע יידישע ווערטן, — האט ער ניט געקאנט אין זיך דערשטיקן. אבער אין קיין איינע פון זיינע נאוועלן און דערציילונגען איז ניט צו דערקענען אזוי דעם אמאליקן דוד בערגעלסאן, ווי אין זיין סאמע לעצטן בוך „נייע דערציילונגען״. און ווער וויס — צי האט בערגעלסאן ניט באצאלט מיט זיין לעבן פאר דעם דורכאויס יידישן טאן, פאר דעם טיף־נאציאנאלן יידישן טרויער, וואס מיר געפינען אין זיין לעצטן בוך „נייע דערציילונגען״...

# משה קולבאַק

טרויעריקע מחשבות באַפאַלן דעם לייענער ביים לייענען די „געקלי־בענע ווערק" פון משה קולבאַק. די טרעפלעך־פיינע, „ביאָגראַפיש־קריטישע נאָטיצן", ווי אַ הקדמה צום בוך, דערמאָנען אונדז אויף דאָס ניי אין דעם טראַגישן גורל פון דעם פּאָעט משה קולבאַק, וועמעס „שעפעריש לעבן איז אומזיניק־אכזריותדיק איבערגעריסן געוואָרן ווען ער איז אין גאַנצן אַלט געווען איין און פערציק יאָר". דער שטן המשחית פון דער יידישע ליטעראַטור און אירע שרייבער אין סאָוועטן־לאַנד וואַקסט דאָ פלוצים אויס פאַר אונדזערע אויגן מיט זיין גאַנצער פינצטערער מאַכט. די שונאים פון יידישן וואָרט אין סאָוועט־רוסלאַנד האָבן אויסגעקליבן קולבאַקן נישט על פּי צופאַל צו זיין צווישן די ערשטע יידישע שרייבער־קרבנות. וואָרעם אַלץ וואָס משה קולבאַק האָט געשריבן אין זיין קורץ־רייך, שעפעריש לעבן — אַפילו אין די יאָרן פון זיין סאָוועטישע בירגער־שאַפט — פאַרמאָגט אַזאַ עכט יידישן אינהאַלט און איז אַזוי טיף־פאַר־וואָרצלט אין דער גייסטיקער ירושה פון דורות, אַז ער האָט געמוזט זיין אַ דאָרן אין די אויגן פון די נייע מושלים מיט זייער באַהאַלטענער שנאה צו יידן. קולבאַקס טראַגעדיע איז געווען דער יידישער ניגון וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון ווילנע, אין וועלכן ער האָט נישט געקענט פאַרגעסן, ווי ער האָט נישט געקענט פאַרגעסן דעם „בעל־מקובל" אין איינעם פון די ווילנער בוידעם־שטיבלעך און דאָס „חלבדיק ליכטל וואָס טריפט און פלאַטערט"... ווילנע, די ירושלים דליטע, האָט דער דיכטער אויך אין סאָוועטישן מינסק נאָך אַלץ געזען אין חלום ווי „אַ תהילים אויסגעלייגט פון ליים און אייזן".

צווישן די סאָוועטיש־יידישע שרייבערס איז קולבאַק פאַרבליבן דער יידישסטער. נישטאָ קיין חוזק איבער יידן און יידישקייט אין דעם סאָוועטישן פּעריאָד פון זיין שאַפן, ווי עס איז, צום טיפן באַדויערן, יאָ פאַראַן ביי בערגעלסאָנען און ביי מאַרקישן. צו וואָס עס האָט דערפירט די דאָזיקע אייגענע פאַרלייקענונג ווייסן מיר גאַנץ וואויל. אין די

צוואַנציקער יאָרן האָט שוין דער דיכטער שמעון האַלקין דערפילט די פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון דעם יידישן אַלף־בית אין לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע:

„נישט באַשערט אייך געווען ביז היינט זען אייך אויסגיין אונטער ווילדער ירושה. און איצטער — מיר גייען אין שפּאַן און שטאַרבן פון אייערע קושן..."

אַזוי האָט שמעון האַלקין געשריבן אין זיין בוך לידער „ווייי און מוט".

זיי זיינען אַלע געגאַנגען „אין שפּאַן" און געהאַט דעם זעלביקן טראַגישן גורל ווי קולבאַק.

ניט איינער פון קולבאַקס טרייע לייענער און פאַרערער האָבן זיך געחידושט אויף דעם שרעקלעכן שריט וואָס קולבאַק האָט געמאַכט בעת ער האָט, אין יאָר 1928, פאַרלאָזט פוילן און געפּאָרן זיך באַזעצן אין דער סאָוועטישער מדינה. און נאָך איצט פרעגן אַ סך: ווי קומט עס, וואָס ער, דער טיף־פאַרוואָרצלטער אין יידישע מאָטיוון, דער פּאָעט פון „למד־וואָוו", און פון „ווילנע", דער געטרייער אָפּהיטער פון יידישע ווערטן, זאָל נישט האָבן פאָראויסגעפילט, אַז אין דעם לאַנד, וואו דאָס נאַציאָנאַל־יידישע וואָרט ווערט געטראָטן מיט די פיס, אַז דאָרטן דערוואַרט אים כרת?...

עס קומט אָן אַ ביסל שווער אויפצונעמען ווי עס באַדאַרף צו זיין דאָס בוך „זעלמעניאַנער", נאָך אַ הפסקה פון איבער צוויי צענדליק יאָרן. דאָס דאָזיקע טשיקאַווע און אויסטערלישע בוך האָט אַמאָל אַרויסגערופן פרייד, און אַפילו געלעכטער. איצט אָבער דאַרף מען זיך אָנטאָן אַ כוח כאָטש אויף אַ ווייל צו פאַרגעסן וואָס ס'איז געוואָרן סיי פון קולבאַקן, סיי פון די „מאָדעלן" זיינע, פון וועלכע דער דיכטער האָט געשאַפן די דאָזיקע לעבעדיקע פּאַרשוינען — די „זעלמעניאַנער".

וואויל איז די קלאַסיקער און דעם דור שרייבער נאָך זיי; די, וואָס זיינען איינגעזאַמלט געוואָרן אין פאָלק, צוזאַמען מיט זייערע העלדן. זיי זיינען געבליבן לעבן ביז אין דער אייביקייט אַריין. קיינער וויינט נישט נאָך טביהן. ער האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן, פאַרקויפט דאָס פערדל און זיך געקליבן צו פאָרן שטאַרבן אין ארץ־ישראל. און ווער פאַרגיסט איצט אַ טרער נאָך סענדערל די יידענע, אַ שטייגער? דער גרעסטער שטורעם האָט נישט געקענט צעברעכן טביהס בטחון אין גאָט, אין וועלט און אין מענטש. און די תמימות פון סענדערלען קען

נאָך איצט שטאַרקן אין אמונה דעם גרעסטן צווייפלער. די ערד איז געבליבן גאַנץ אונטער זייערע טריט. וואָס איז אָבער געוואָרן פון קולבאַקס יונגע העלדן, די „שילועס" — טאַנקע, בערקע, פאַלקע און דעם קליינעם שוואַרצן מאָטעלע?...

לייענט מען זיך אָבער אַריין אין דעם דאָזיקן מערקווירדיקן בוך דערפילט מען אויף דאָס ניי דעם כוח פון דעם דיכטער וואָס קען דורך דער שיין פון הומאָר לויכטן מיט זיין פקחות, שמייכלען טרויעריק און מיט רחמים. דער הומאָר וואָס שפּרודלט אין די משונה־גראָטעסקע בילדער, איז נאָר אַן אויסרייד, אַ צינדז דער צייט, כדי צו מילדערן און צו חוזקן פון דער „מרשעת", דער נייער אָרדענונג, די וואָס צעטומלט אָט די ליבע און פשוטע פאָלקס־מענטשן. דער הומאָר קומט דאָ עפּעס צו פאַרהוילן. אַ שטייגער: וועגן דער אַלטער באָבע באַשען, די ווייב ר' זעלמעלעס, און די מוטער פון אָט דער צעצווייגטער זעלמעניאַנער משפּחה, לאָזט אונדז קולבאַק וויסן אַז „זי האָט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט מיטן שטאַרבן":

„מ'קען זאָגן אַז זי לעבט נאָך ביז היינטיקן טאָג. אמת, ניט זי זעט ווי געהעריק, און ניט זי הערט ווי געהעריק, אָבער אָבי זי לעבט. זי איז געוואָרן ענלעך מער צו אַן אַלטער הון, ווי צו אַ מענטשן, און זי וויס אַפילו ניט אַז ס'איז דערווייל ביי אונדז עפּעס אַנדערש געוואָרן די וועלט..."

די דאָזיקע טויבקייט, וואָס דער דיכטער שרייבט צו, אפשר בכיוון, נישט בלויז דער באָבע באַשען אַליין, נאָר דעם גאַנצן עלטערן דור זעלמעניאַנער, העלפט אַז זיי זאָלן פאַרשפּאָרן ליידן. ווען די באָבע באַשע „טוט אַ זאָג צו אַ רויטן שניפּסל אין שטוב: נאַכסאַל, מאָטעלע, גייסטו ניט דאַוונען"? ענטפערט איר מאָטעלע: „באָבע, איך בין אַ פּיאָנער". די באָבע גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ: — „יע, יע, ער'ט שוין געדאַוונט. וואו האָסטו געדאַוונט?"...

דאָס מילדערט און פאַרלייכט די שטילע טראַגישע קאָנפליקטן צווישן אַלטן, פרום־יידישן דור און דעם נייעם, וואָס האָט מיט דער הילף פון דער נייער מלוכה אָראָפּגעוואָרפן דעם שווערן פּאַק יידישקייט פון די פּלייצעס און — פּטור!

דאָס בילד ווי סאָניאַ, דעם פעטער זישעס, ברענגט אַהיים איר גויאישן מאַן אין הויף אַריין צו איר שטאָלצן מיוחסדיקן טאַטן, דאָס

דאָזיקע בילד איז שטאַרקער ווי די אַרויפגעצוואונגענע הלצהדיקייט, מיט וועלכער קולבאַק וויל כּלומרשט פאַררעדן די ביטער־טרויעריקע איבערלעבונגען פונעם שטאָלצן יידן. דער פעטער זישע שטאַרבט „צוליב אַ נאַרישקייט". ער דערזעט דורכן פענצטער די גויאישע מחותנים זיינע, דאָס פויערל מיט זיין פּלוניתטע, וואָס זיינען געקומען זיך באַקענען מיט דער שנור און מיט אירע יידישע טאַטע־מאַמע. דער פעטער זישע האָט אַ טבע צו חלשן. אָבער דאָס מאָל חלשט ער שוין צום לעצטן מאָל...

אין תוך אָבער איז קולבאַק אויך אין דעם בוך „זעלמעניאַנער" געבליבן טריי זיין טיף יידישן קינסטלערישן „אני מאמין". ער ווינט דורך געלעכטער, באַהאַלטן, און די שטים פון דורות רעדט אויך דאָ אין די גוטמוטיקע האַרציקע בילדער. מ'פילט די ליבשאַפט זיינע צו אָט די פּשוטע יידן: „דער זעלמעניאַנער — זאָגט קולבאַק — איז איינפאַך ווי אַ שטיק ברויט, ער נעמט אָן אַלץ וואָס עס מאַכט זיך און לעבט ווייטער". משפחה־פעדעם האַלטן צוזאַמען, עכט יידישלעך, די פעטערס: זישע, יודע, איטשע און פאַליע. יעדער פאַר זיך האַלט נישט שטאַרק פון אַנדערן. נאָר מ'לעבט דאָך צוזאַמען. און הלוואי, ווער ווייס, איז דער כּוח פון די דאָזיקע יידישע משפחה־פעדעם נאָך שטאַרק גענוג אויך איצט אין דעם סאָוועטישן לאַנד להכעיס אַלע גזירות און מערדערייען וואָס מען איז דאָרט אויסגעפירט איבער די יידישע שרייבער, קולטור־טוער און לערער. עפּעס יידיש פאַטריאַכאַליש זעט דער דיכטער אין די „זעלמעניאַנער", און ער מאָלט זיי אין ביבלישן נוסח ווי אַ שבט אַזאַ, וואָס האָט זיין באַזונדערן ריח. קולבאַק האָט ניט ווינציקער ליבשאַפט צו זיי ווי צום „זיידן פון קאָבילניק", צום טאַטן און צו די „זעכצן פעטערס" וועלכע ער שילדערט אויך אין נוסח פון אַ חומש־מעשה אין דער פּאָעמע „רייסן".

קולבאַקס פּראָזע איז אַ המשך פון זיינע לידער און פּאָעמעס. אין די לירישע ראָמאַנען „אפרים בן יוסף" און „מאָנטיק" געפינען מיר די אויסגעחלומטע געשטאַלטן וועלכע דער דיכטער האָט בלויז מרמז געווען אין די לידער. די דריי אורחים אין „אפרים בן יוסף" זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים. און זאָגן זאָגן זיי די "תּפילה לעני כּי יעטוף" אין קולבאַקס וואונדערלעכן פּשוטן לשון וואָס דער דיכטער האָט פאַרהיימישט עס זאָל טרייסטן און לינדערן דאָס ביטערע געמיט פון די אָרעמע:

„די תּפילה פון אַן אָרעמאַן וואָס איז פאַרטריעט געוואָרן
און פאַר גאָט טוט ער אויסגיסן זיין האַרץ".

אין די „געקליבענע ווערק" קומט צום אויסדרוק אָט די דאָזיקע תפילהדיקייט פונעם דיכטער וואָס בעט פאַר די אָרעמסטע און געפאַלענע. צום שטאַרקסטן ווירקן אויף אונדז די לידער־אויסגעשרייען, אין וועלכע קולבאַקס אייגענער אומרו און די צערודערטקייט פון זיין דור, די צייט פון ערשטן וועלט־קריג און די הונגער־ און רעוואָלוציע־טעג פון נאָכן קריג, געפינען אַזאַ טיפן אָפּקלאַנג אין זיין דיכטונג:

וואו איך שטיי בין איך צו פיל פאַראַנען, און וואו איך גיי,
טראָג איך מיט דעם ריח פון דער פינצטערניש.
בין איך מקנא דעם פויגל, וואָס אים איז בעסער פון אַלעמען..."

אַ בענקשאַפט צו זיין ווי איינער פון די שטומע באַשעפענישן, „וואָס ווילן גאָרנישט", וויינט אַרויס פון זיין ליד. קולבאַק אַליין האָט געזוכט ווי דער ייד אין דער פּאָעמע „למד־וואָוו", דעם „פאַרשטויסענעם שם איך גאָטס הויז". און די רעטעניש פון מענטש און וועלט „וואָס וויל זיך באַשיידן"...

אַ זעלטענע שלמות פון פאָרעם דערגרייכט קולבאַק אין דער פּאָעמע „דיסנער טשיילד העראָלד". די פּאָעמע איז אויטאָביאָגראַפיש. אין פערזן געמאָסטענע און קאָנדענסירטע ווערט דאָ דערציילט פון די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער דיכטער איז געלאָפן לערנען אייראָפּעס קולטור. נאָך דעם צערונענעם חלום פון דער רעוואָלוציע וואָס מען קען אַרויסלייענען פון דער פּאָעמע „בוניע און בערע אויפן שליאַך", קומט איצט די סאַטירע. דער דיסנער טשיילד העראָלד האָט ממש פאָראויסגעזאָגט, וואָס פון אייראָפּע, בעסער געזאָגט וואָס פון דייטשלאַנד וועט ווערן. און נאָך איצט באַוואונדערן מיר, ווי ביים ערשטן מאָל לייענען, די דאָזיקע פּאָעמע אין וועלכער עס איז אויסגעדריקט געוואָרן די ירידה, דער באַרג־אַראָפּ פון דעם הערן־פאָלק און דער אָנזאָג פון דעם פינצטערן מיטלאַלטער, וואָס האָט זיך אויף דייטשלאַנד אַראָפּגעלאָזט.

# ש. שאַיעוויטש

אין די ליכטיקע פרילינג־טעג דערמאָנען מיר זיך אין דעם וואַר־שעווער געטאָ־אויפשטאַנד. אין די פריילעכע גאולה־טעג פונעם פרייהייט יום־טוב פסח — גייען אויף פאַר אונדז יענע בלוטיקע, קאָשמאַרנע זעקס יאָר פון נאַצישער רציחה, מאָרד און יידן־האַס, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער יידישער געשיכטע. „אין וואַרשעווער געטאָ איז איצט חודש ניסן", בונם העלערס לידער־שורות זאָגן מיר בציבור און ביחידות. זיי דערמאָנען אונדז אין יענער העראָאישער לעצטער שלאַכט — דעם „נס אין געטאָ", ווען יונג און אַלט, פון די לעצט־פאַרבליבענע, זיינען אויפגעשטאַנען קעגן גרעסטן יידישן שונא אין אַלע צייטן, און מיט זייער העלדנטויט געהייליקט דעם יידישן נאָמען.

העלדן גרויסע זיינען אויך געווען די דיכטער, וואָס האָבן חוץ דעם ביקס — אויך די פען פון האַנט נישט געלאָזט פאַלן, און ביז די לעצטע מינוטן פון זייער טראַגיש לעבן, אין הונגער און אין נויט, מיט בלוט פון זייער האַרצן, אַריינגעשריבן און איבערגעגעבן די מאורימדיקע ליידן, דעם פיין און צער פון די געטאָ־יידן, אין דעם גרויסן, טרויעריקן געטאָ־פנקס.

איינער פון די דאָזיקע דיכטער, וועמענס נאָמען עס שיינט אַרויס אין דער ליטעראַטור פון נאָכן חורבן, און וואָס האָט דאָך באַוויזן אַפילו אין דער פינצטערער געטאָ צו לויכטן מיט זיין וואָרט און צו הערן דעם „זילבערנעם קלאַנג פון פאַרצייטישע בשמים־ביקסלעך" — איז געווען דער דיכטער שמחה בונם שאַיעוויטש, הי"ד. די מערסטע כתבים זיינע זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען, שאַיעוויטש האָט אויך געשריבן נאָוועלן. גע־בליבן פון אים זיינען, סך־הכל, צוויי פּאָעמעס: „לך־לך", און „פרילינג תש"ב", וואָס די היסטאָרישע קאָמיסיע ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע יידן, האָט אַרויסגעגעבן אין אַ קליין ביכל, אין לאָדזש, אין יאָר 1946. דאָס דאָזיקע ביכל איז שוין איצט אַ יקר־המציאות, און ס'וואָלט געווען ממש אַ גרויסע עוולה די דאָזיקע צוויי וואונדערלעכע פּאָעמעס נישט אַרויסצוגעבן אין אַ נייער אויפלאַגע, דאָ הי, אָדער אין מדינת

ישראל, וואו עס געפינען זיך לאָדזשער יידן, ניצול געוואָרענע פון לאָדזשער געטאָ, וואָס געדענקען זייער גוט זייער מחבר.

— „אָט אומגערעכט" — דערציילט אונדז נ. בלומענטאַל, אין זיין אַריינפיר צו אָט דעם וואונדערלעכן ביכל — „ברענגט מען אין דער צענטראַל יידישער קאָמיסיע, פון געטאָ־מיסט, אַ ביסל אַלטע שמות, און צווישן זיי, אַ גרעסער יידיש ליד מיט דער אונטערשריפט ש. שאַיעוויטש".

פון בלומענטאַלס רייד איז נישט קלאָר צי אויך די פּאָעמע „פרילינג תש"ב" איז, על פּי צופאַל, געפונען געוואָרן נאָך דער באַפרייאונג, אָדער איז געווען ביי עמיצן אין באַזיץ. סיי־ווי —ביידע גרעסערע פּאָעמעס ריידן פאַר זיך אַליין; זיי זאָגן עדות אויף דעם קרעפטיקן טאַלאַנט פון דעם יונגן מחבר. זיי זיינען, בלי שום ספק, צווישן די געציילטע, גרויסע, פּאָעטישע ווערק וואָס זיינען אונדז געבליבן פון דער חורבן־ליטעראַטור. ש. ב. שאַיעוויטש איז געשטאָרבן אין יאָר 1944, אין דעם לאַגער קאופע־רינג, דייטשלאַנד, וואו ער איז פאַרשיקט געוואָרן. ער איז געפאַלן ביי דער אַרבעט. דער שרייבער ירחמיאל בריקס דערציילט אונדז, אַז מיט דער גאַנצער האָפערדיקייט אין זיין שרייבן, האָט שאַיעוויטש נישט געגלויבט, אַז ער וועט איבערלעבן די מלחמה. אויך דער דיכטער א. יאַאַכימאָוויטש, וואָס איז געווען מיט שאַיעוויטשן אין לאָדזשער געטאָ, גיט אונדז איבער, אַז ווען שאַיעוויטש איז געשטאָרבן האָט ער געמוזט אַלט זיין אַן ערך 34 יאָר.

אין דעם ביכל זיינען אויך אַריין צוויי בריוו וואָס ש. ב. שאַיעוויטש האָט געשריבן צו דעם זשורנאַליסט ש. ראָזענשטיין, וואָס פלעגט העלפן די יונגע יידישע שרייבער אין געטאָ, צו קריגן אַ ביסל אַרבעט כדי צו דער־האַלטן דאָס נפש. מ'האָט געהונגערט בוכשטעבלעך, אָבער נישט אויפגע־הערט צו שרייבן. דער דיכטער יאַאַכימאָוויטש געדענקט צו דערציילן פון דעם ערשטן ליטעראַרישן אָוונט, אין וועלכן ער, ישעיה שפּיגל און — זיי צו לענגערע יאָר — ש. שאַיעוויטש און אַנדערע, האָבן אָנטייל גענומען מיט זייערע פאָרלעזונגען אין דער קיך פון די לינקע פּועלי ציון, אויף בערעק יאָסעלעוויטש גאַס. מען האָט נישט געהאַט וואו־ערגעץ צו דרוקן די אַלע לידער, נאָוועלן — האָט מען זיי געלייענט פאַר אַן עולם. אַ חוץ נ. בלומענטאַלס אַריינפיר, איז אונדז נישט באַקאַנט אז מען זאָל האָבן ערגעץ־וואו פאַרעפנטלעכט כאָטש אַ טייל פון שאַיעוויטשעס ביאָגראַפיע. אין דריטן באַנד „פון נאָענטן עבר" (אַרויסגעגעבן פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, 1957) באַשרייבט ח. ל. פוקס „דאָס יידישע

ליטעראַרישע לאָדזש". ביאָגראַפישע פרטים וועגן שאַיעוויטשן געפינען מיר אָבער דאָרט, צום באַדויערן, זייער ווינציק. פוקס דערמאָנט אויך אַ פּאָעמע שאַיעוויטשעס מיטן נאָמען „סראַל נאַבעל", אָבער ער פאַר־פעלט אונדז צו דערציילן וואו די דאָזיקע פּאָעמע איז געווען געדרוקט, און צי איז זי בכלל פאַראַן ערגעץ־וואו אין כתב־יד. אויך חוה ראָזענפאַרב אין איר „באַלאַדע פון נעכטיקן וואַלד", דערמאָנט די פּאָעמע „ישראל נאָבל".

נ. בלומענטאַל שרייבט מיט אַ סך פאַרשטענדעניש וועגן ש. שאַיע־וויטשן און זיינע צוויי פּאָעמעס, און מיר נעמען אָן, אַז אַלץ וואָס ער דערציילט שטימט מיטן אמת. לאָמיר געדענקען, אַז אין 1946 איז פוילן נאָך נישט געווען אינגאַנצן אין די הענט פון די קאָמוניסטישע מושלים. און די קאָמוניסטישע „היסטאָריקער" מיט זייערע פאַלשע, איינזייטיקע אויסטייטשונגען, האָבן נאָך נישט געהאַט דעם קאָנטראָל איבער דער געשיכטע פון די יידן אין די פאַרשיידענע געטאָס. עס איז אויך נישט באַקאַנט צי בלומענטאַל, וואָס געפינט זיך איצט אין מדינת ישראל, האָט זיך דערמאָנט אויפדאָסניי אין דעם דיכטער פון „לך־לך", וועמענס ערשטער קריטיקער ער איז געווען. אָבער אַלץ וואָס בלומענטאַל דערציילט — אַפילו דאָס ווינציקע — העלפט אונדז בעסער אויפצונעמען אי שאַיעווי־טשעס ליטעראַרישן איבערבלייב, אי די טראַגישע געשטאַלט פונעם יונג־פאַרשטאָרבענעם דיכטער:

„ס'איז דאָס יאָר 1939; שאַיעוויטש איז דעמאָלט געווען אַ יונגערמאַן, געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, מיט אַ „מיצעלע" אויפן קאָפּ. די פּאָהלעך אָדער פאַרוקט אונטער די אויערן, אָדער אינגאַנצן שוין אָראָפּגענומען. עפּעס האָט ער אינדערהיים אויסצושטיין פאַר־שיידנס. עפּעס האָט מען אויף אים אַ חשד, אַז ער איז אַרויס לתרבות רעה און מיטן שרייבן באַהאַלט ער זיך אויס. קומט טיילמאָל אין קאָנטאַקט מיט די גאָר יונגע, ברענגט אונטער די פּאָלעס פון קאַפּאָטַ־קעלע אַ פאַרבאָרגן ליד, לייענט עס שעמעוודיקערהייט איבער, און וויל וויסן, צי איז ער אַ דיכטער, צי ניין? צי דאַרף דאָס שרייבערײ בלייבן זיין פּאַך צי ניין, צי איז ניט גלייכער לחלוטין ניט אָנצוהייבן און האָבן אינדערהיים שלום־בית"?...

טראָץ דעם אַ ביסל־צו־פּראָפּעסאָרישן, כלומרשט־אַקאַדעמישן „אַריינ־פיר" — מיט די „נומערן" וואָס דער בעל־הקדמה גיט יעדן פערז —

שטימט עס גענוי מיט דער געשטאַלט פונעם דיכטער. דאָס בילד וואָס מיר קענען זיך אויסמאָלן פון אים בעתן לייענען די דאָזיקע פּאָעמעס מיט דעם יידיש־טראַדיציאָנעלער תוכן און דאָס לומדיש־חסידישע לשון וואָס איז דעם דיכטערס לויטערע אייגנס.

* * *

פון די צוויי „בריוו" אין בוך „לך־לך", פאַראינטערעסירט אונדז גאָר שטאַרק דער ערשטער בריוו. ער פאַרנעמט קנאַפּע פיר זייטן. דאָס איז אַ בריוו, וואָס אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם גאַנצן שוידער פון די יידן אין דער לאָדזשער געטאָ, אין די יאָרן 1942־43. דער בריוו וועט בלייבן ווי אַ דאָקומענט. ער איז צוגלייך אויך פול מיט ידיעות פון דעם דיכטערס לעבן אין דער געטאָ. מען הערט אין אים אַ וויי־געשריי פון אַ צאַרט־ליידנדיקן פּאָעט וואָס איז אין נויט, און האָט נישט דאָס שטיקל ברויט צו דער זעט. נישט קלענער איז אָבער דער הונגער אין אים נאָך אַ רואיק ווינקל, אַ שעה פון מנוחה, וואָס איז אַזוי נייטיק פאַר יעדן שעפערישן מענטשן. שאַיעוויטש בעט ביי זיין פריינד ראָזענשטיין (וואָס איז געווען דער לייטער פון דער פרעסע אין דער געטאָ), אַז ער זאָל אים העלפן „אָפּראַטעווען פון מאַטעריעלן לחוץ און פון דער אַזוי מאָראַלישער פּוסטקייט אין וואָס (וועלכן) מיין געמיט זינקט".

דער זשורנאַליסט ש. ראָזענשטיין האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף דעם לאָדזשער „געטאָ־קעניג" רומקאָווסקי און דורך אים זיך באַמיט צו העלפן יידישע שרייבער. צי ראָזענשטיין האָט שאַיעוויטשן געהאָלפן בלייבט אַ סוד. פון דעם בריוו ווערן מיר אָבער געוואויר גאָר אַ סך פון שאַיעוויטשן גופא, און זיינע דיכטערישע חלומות. אויב דאָס איז בכלל פאַר אונדז אַ טרייסט אויפן טויט פון דעם יונג־פאַרפייניקטן דיכטער, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן צו שטעלן זיינע ערשטע טריט, און וועמעס וואונדערלעכן אָנהויב עס רופט אַרויס אין אונדז אַזוי פיל חידוש.

שוין דאָס לשון אין דעם בריוו דערציילט אונדז ווי טיף פאַרוואָרצלט ער איז געווען אין דער אַלטער און נייער יידישער קולטור. ער דערמאָנט אין בריוו, אַז ער האַלט אין שרייבן אַ גרעסערע פּאָעמע וועגן געטאָ, אין 17 קאַפּיטלעך, און אַז די דיכטערין מרים אולינאָווער — אין וועמענס הויז די יונגע יידישע שרייבער־גרופּע פלעגט זיך אָפּט צוזאַמענקומען — האָט אים „געדריקט ביידע הענט", בכן, אַז די דאָזיקע פּאָעמע איז „דער געטאָ־מאָנומענט"! אַלץ וואָס ער בעט, איז: אַ האַלבע שעה צייט (דורכן טאָג), בכדי ער זאָל קאָנען פאַרענדיקן די דאָזיקע

פּאָעמע. שאַיעוויטש איז דעמאָלט געווען באַשעפטיקט אין די „ירקות־געוועלבער". קיין „מזון" — שרייבט ער — האָט די דאָזיקע פּרנסה אים ניט געגעבן, נאָר בלויז צער און בושה. ער דערמאָנט ראָזענשטיינען, אַז דער „יידישער פּען קלוב" אין וואַרשע האָט באַשטימט, אַ צייט פריער, אַרויסצוגעבן זיין בוך. וועלכן בוך? מסתמא אַ בוך נאָוועלן. ווייל לידער האָט שאַיעוויטש ערשט אָנגעהויבן צו שרייבן בעתן קריג, אין געטאָ. „דער קינסטלערישער געראַנגל, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט ביי מיר" — שרייבט ער, — „טויכט אויף פון מאָל צו מאָל — מוטיקן מיך דערצו"...

שאַיעוויטש איז באַשיידן, ער פילט אַז:

„איבער מיין פּאָעמע דאַרף איך אַרבעטן, ווי דער זיידע מענדעלע פלעגט זאָגן: 'שלייפן, שלייפן'. נו, שטעלט אייך פאָר מיין ווייטיק, ווי אייך איז באַקאַנט, דויערט די אַרבעט אין די ירקות־געוועלבער פון כלחוך השור ביז כמעט די אשמורה ראשונה. די העלדן פון מיין פּאָעמע פלאָטערן אָפּט סאַר מיינע אויגן מיט תחנונים, די מער־דרייסטערע — מיט פאַרביטערונג און דראָאונג; און די גאָר תקיפע בייטשן מיין האַרץ מיט פלאַמיקע טענות: הלמאי געלאָזט אונדז אויף הפקר... זאָגסט נישט 'יהי אור' אין אונדזער דערווייליקן תוהו־ובוהו, שדימלעך געמאַכט פון אונדז; און איין העלד — אַ האַלבער רשע, און אַ לץ דערצו, — רייצט זיך מיט מיר: וועסט שוין, חלילה, נישט זוכה זיין עס צו פאַרענדיקן..."

צי עס איז געווען אַזוי, ווי דער דאָזיקער לץ — וואָס דער דיכטער האָט געזען אין זיין פיבערדיקן דמיון — האָט נביאות געזאָגט — ווייסן מיר נישט, און מיר וועלן שוין קיינמאָל נישט וויסן, ווייל די דאָזיקע געטאָ־פּאָעמע, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע כתבים פונעם דיכטער, זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען. אָבער פון דעם וואָס עס איז יאָ פון אים געבליבן, קען מען זיך משער־זיין אויף דעם גרויסן ליטעראַרישן פאַרלוסט, וואָס מיר האָבן געליטן.

* * *

דער הויפּט־מאָטיוו אין דער פּאָעמע „לך־לך" איז דער „גירוש", דאָס כאַפּן יידן אין געטאָ און אַוועקשיקן זיי אויף אַרבעט. דער פּחד אין די יידישע שטיבער, וואָס יונג און אַלט לעבן איבער; אָט, אָט — און די רשעים וועלן אָנקומען, אַ קלאַפּ טאָן אין טיר, זיך אַריינרייסן

און טרייבן אין וועג אַריין. אויך ער איז גרייט מיט ווייב און קינד זיך צו לאָזן אין אומבאַקאַנטן וועג אַריין, פון וועלכן ער פילט, אַז קיין לעבעדיקע וועלן זיי שוין ניט קומען צוריק... אָבער ווי טרויעריק די פיר־שורהדיקע לידער־פערזן ווירקן אויף אונדז, בעתן לייענען, גנבענען זיך אַריין אין זיי אויך שטיפערישע טענער, און אַפילו בטחונדיקע רייד, אַלט־דורותדיקע, און טיף־יידישע אין גייסט; דער אייביקער נע־ונד פון אברהם אבינו אָן. „לך־לך" — לערנט ער די חומש־פּרשה מיט זיין פריילעך־שטיפעריש טעכטערל — בלימעלע. דאָס קינד וואָס האַלט אין מיטן שפּילן זיך, ווייס, נעבעך, נישט פון דער גרויסער טראַגעדיע וואָס דער נאַצי־רוצח גרייט צו פאַר דעם מיליאָן יידישע קינדער, די בלי־מעלעך, שׂרהלעך און רבקהלעך. די רשעות איבער אַלע רשעותן, וועט שרייען צו די הימלען עד־סוף כל הדורות!

גלייך אין ערשטן ליד פון דער פּאָעמע ווערן מיר מיטגעריסן מיטן צער פונעם דיכטער, אין דעם פּשוט־האַרציקן ווענדן זיך צו זיין קינד, אַז זי זאָל צוימען די קינדערישע פרייד:

„און אַצינד, בלימעלע, קינד לעב,
צוים דיין קינדערשע פרייד, —
ס׳קוועקזילבערדיקע טייכל אין דיר —
און צום אומבאַקאַנטן וועג לאָמיר זיין גרייט.

שטעל נישט דיינע גרויסע, ברוינע
אויגענעס, אויף מיר נייגעריק אויס,
און פרעג נישט, פאַרווען און פאַרוואָס,
מיר מוזן פאַרלאָזן אונדזער הויז"...

און דאָ קומען לידער אין וועלכע שאַיעוויטש געזעגנט זיך מיט די חפצים אין זיין שטוב. די שטילע יידישע נעסט. אויך ער ווייסט נישט „פאַרוואָס און פאַרווען, מען טרייבט דעם פויגל פון זיין נעסט". דער גירוש איז דאָך געווען נאָר אַ פּינצטערער אָנהייב צו דעם גרויסן אומ־גליק; אָבער אין שאַיעוויטשעס „לך־לך" וואַקסט אויס דער דאָזיקער גירוש צו אַ גרויס טראַגיש ליד; אַ ליד — אַ דאָקומענט, וואָס קיין כוח אין דער וועלט וועט אים נישט קענען פאַרלייקענען. דאָס דאָזיקע יידיש גירוש־ליד וועט אייביק פרעגן און מאָנען אַן ענטפער ביי דעם

געווינסן פון דער וועלט: פאַרוואָס, פאַרוואָס האָט מען נישט אָפּגעשטעלט די האַנט פונעם רוצח ביים ערשטן יידן־מאָרד אין פוילן דער מדינה? פאַרוואָס? ... פאַרוואָס? ...

און ווי יידיש, עכט, אין טיפסטן זינען פון וואָרט, עס איז דאָס געזעגענונגס־ליד פון דעם דיכטער מיט זיין יידישער שטוב! אַזוי, אַזוי, האָבן זיי זיך געזעגנט, די טויזנטער, טויזנטער יידן, איידער זיי זיינען אָפּגעשיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן און טויטן־לאַגערס! אַזוי, אַזוי האָבן זיי זיך געזעגנט מיט זייערע יידישע חפצים — די ירושה פון דורות, מיט די ספרים אין די שאַפעס, מיט די שבתדיקע מלבושים. שאַיעוויטש בעט זיך, אין אַ ליד, ביי זיין טעכטערל בלימעלע, נישט צו וואונדערן זיך וואָס ער מאַכט „קידוש" אין אַ פּראָסטן מיטוואָך; דאָס וויל ער פאַרזיסן, מיט די שבתדיקע רייד, דעם ביטערן כוס פון פיין און צער. דער אויסגעאיידלטער אין יידישער לומדות, פאַרגעסט נישט די פרייד פון אַמאָליקן שבת, דעם שלום־עליכם צו די מלאכים וואָס קומען אין יידישע שטיבער. דאָס זעט ער די מלאכים אין געשטאַלט פון זיינע נאָענטסטע:

„דאָס מאַך איך קידוש: ׳יום השישי׳,
איבער אונדזער היימישער נעסט,
און זאָג מיט פרייד: שלום עליכם
צו די צוויי מלאכים געסט.

וואָס באַגלייטן מיך און גייען
אומעטום מיט מיר ביים זייט,
און וויינען־מיט, מיט מיין געוויין,
און פרייען זיך מיט מיין פרייד.

די צוויי מלאכים געסט — ווער זיינען?
נו, טרעף שנעל, ווי אויסן בויגן די פייל,
דאָס ביסטו דאָך, בלימעלע, קינד שיינס,
און דיין מאַמע — די אשת חיל" ...

יאָ, מיר פאַרשטייען די באַגייסטערונג פון דער טראַדיציאָנעל־פרומער יידישער דיכטערין מרים אולינאָווער (אויך זי איז אומגע־קומען אין אַ טויטן־לאַגער ...) מיט די לידער פון איר יינגערן קאָלעגע שמחה בונם שאַיעוויטש. אויך שאַיעוויטש נוצט אין זיין ליד כמעט

די זעלבע יידישע מעטאַפאָרן, די חומש־בילדער, דאָס עכט־יידישע שטייגער־לעבן, און דאָס רייכע יידישע לשון פון די בית־מדרש יידן — די לערנערס ביי די שטענדערס — וואָס זי, די דיכטערין, האָט גענוצט, אַזוי פשוט און אַזוי גרינג, אין איר באַרימטן לידער־בוך „דער באָבעס אוצר". פאַראַן אַ קרובהשאַפט צווישן זיי.ביידע וואָרצלען מיט זייער ליד אין דער יידישער טראַדיציע. שאַיעוויטש איז טיפער, טעכניש פלינ־קער, און רייכער אין לשון. אין זיין ליד איז שוין ניכר די השפעות פון דער יידישער און ניט־יידישער פּאָעזיע. צוזאַמען מיטן „טלית און דעם קיטל אויף תכריכים" פּאַקט ער איין — חוץ „דאָס קליינע, רויטע תנכל — אויך „לייוויקס לידער אויף צייט פון מנוחה"... אין לינקן פליגל פון דער פליגל־שאַנק ליגן:

„ספרים, ביכער און מיינע כתבים —<br>ישעיה חברט זיך מיט געטען,<br>און רב יונתן אייבעשיץ — מיט טואווים"...

* * *

„לך־לך" פאַרענדיקט דער דיכטער מיט: „לאָמיר נישט וויינען, לאָמיר נישט יאָמערן, און להכעיס אַלע שונאים, — שמייכלען, נאָר שמייכלען, אַז וואונדערן זאָלן זיי זיך וואָס יידן קאָנען"...

גאַנץ אַנדערש אָבער איז געשריבן די צווייטע פּאָעמע „פרילינג תש"ב", פאַרענדיקט ערב פּסח, פון זעלבן יאָר. די פאָרם — אַן אַנדערע, אין לויזע, צופעליקע גראַמען, איטלעכס קאַפּיטל — אַן אַנדער טראַגי־שער עפּיזאָד. שאַיעוויטש איז דאָ מער דערציילעריש, און — טרויע־ריקער. בלויז אין איין קאַפּיטל דערמאָנט ער דאָס טעכטערל בלימעלע; ער הייסט איר, אין דער פּסח נאַכט, פרעגן אַ שפּאָגל־נייע קשיה:

„מה — פאַרוואָס, איז די היינטיקע נאַכט<br>נישט אַנדערש, ווי אַלע נעכט:<br>אַלע נעכט פאַרלאָזן מענטשן די היימען,<br>הלילה הזה — אין דער נאַכט פון פּסח — אויך.

מה — פאַרוואָס איז יעדעס מאָל געשען נסים,<br>און היינט איז אונדז נעבעך אַזוי ביטער,<br>און וויסן קינד שיינס, זאָלסטו,<br>אַז קיין תירוץ אויף דעם האָב איך נישט..."

אין דער פּאָעמע „פרילינג תש״ב" ווייזט שאַיעוויטש אַרויס אַ סך מייסטערשאַפט אין דער שילדערונג. פאַראַן דאָ אַ קאַפּיטל אין וועלכן ער דערציילט זיך וועגן אַ קראַנק מיידל, אויף אַ בוידעם־שטיבל אין געטאָ. זי איז געבליבן אַליין. טאַטע־מאַמע האָבן די דייטשע רשעים פאַרשלעפּט. גייט זי אויס, די לונגען־קראַנקע, פון הונגער, און שאַיעוויטש שילדערט די צען טעג פון איר גסיסה. די דאָזיקע שילדערונגען ווייזן אונדז, אַז געשריבן לידער האָט שאַיעוועטש אין געטאָ — אויס בויט. ס'איז געווען גרינגער פאַרן הונגעריקן דיכטער, אין דער קעלט, צו שרייבן שורהווייז, פראַגמענטן, פּסוקים אַנשטאָט פּראָזע.

דאָס שטאַרקסטע קאַפּיטל אין „פרילינג תש״ב" איז דעם דיכטערס אויסטענהן זיך מיט „דעם מייסטער פון דער שחיטה־שטאָט" — חיים נחמן ביאַליק, וועמען ער פאַרבעט אויף אַ שפּאַציר אין געטאָ: „פון אונדזער געטאָ וועסטו שוין זיין 'צופרידן'" רופט ער ביטערלעך אויס:

„נישט ווי דאָרט, אין יענער שטאָט
וואָס האָט גוזר תענית געווען
און זיך פאַרזאַמלט אין שולן
מיט ווילדע שרעקלעכע יללות,
'מיט אַ ברענענדיקן ים פון טרערן'

אָסור, דיכטער גרויסער, צי וועסט היינט געפינען
ערגעץ אין אַ געטאָ־שול, אַ מנין אויף קדיש זאָגן"...

אויך דאָ בלייבט שאַיעוויטש געטריי זיין יידיש־טראַדיציאָנעלן טאָן. מעשהלעך פון מדרש־איכה, און אַנדערע מדרשים און אגדתאס, קומען אים אויפן זינען. און ווי ביטער און ענג עס איז אים בלייבט זיין ליד אַ האַרצרייסנדיקע תפילה, אַ ממעמקים־געשריי אין דער נאַכט. ער שילט ניט נאָר ער בעט — און אויב אַ קללה, איז מיט די ווערטער פון „שפוך חמתך", אין דער אַלטער הגדה, וואָס ער זאָגט איבער אויף „פּראָסט יידיש־טייטש, און מיט הייליקן טאַטנס ניגון". אין זכות פון דעם דאָזיקן אַלט־דורותדיקן טאַטנס ניגון, וועט שאַיעוויטשס ליד, פון צער און צאָרן, אַריינגענומען ווערן אין דעם „ספר־הדמעות" פון לעצטן גרויסן חורבן.

# ש. ניגער

## (צו זיין 70־יאָריקן יובל)

### א.

דער יובל פון אַ קריטיקער — איז אַנדערש פון די געוויינלעכע ליטעראַרישע יובל־פייערונגען. דער קריטיקער קען זיך, בטבע, גיכער באַגיין אָן די, אָפט־איבערטריבענע, לויבגעזאַנגען וואָס שרייבער גיבן זיך גוטברודעריש איינער דעם אַנדערן בעת אַ יובליי־פייערונג. פאָדערט דאָך דער קריטיקער שטענדיק; מאָס, איינגעהאַלטנקייט, און — דער עיקר — אויפריכטיקייט. און דאָס זיינען אַלץ אַזעלכע זאַכן וואָס פאָרן זיך נישט מיט רעשיקע הללויהס. וואָס עכטער דער קריטיקער — אַלץ מער ישוב הדעת פאַרמאָגט ער. מיר מיינען דאָ, נאַטירלעך, דעם קריטיקער וואָס קומט ניט משפטן, און וואָס טראָגט נישט קיין מיסיעס פאַר דעם שרייבער; לויפט אים נישט פאָרויס, און לויפט אים נישט נאָך, נאָר וואָס קומט פאַרשטיין, געניסן און זיך טיילן מיטן לייענער מיט דעם, וואָס ער, דער קריטיקער, האָט דערזען און דערהערט ביים שרייבער.

אַזאַ אידעאַלער קריטיקער נעמט זיך אָן מיט שטילקייט. אַ שטילקייט וואָס הויערט, אַשטייגער, אין אַ בית־המדרש, אין וועלכן עס זיצן געציילטע ישיבה־בחורים, און לערנען יעדער פאַר זיך, און יעדער מיט זיין אייגן קול, ברומענדיק שטילערהייט, פאַר זיך אַליין, דעם דורות־אַלטן גמרא־ניגון.

בדרך כלל שרייבט דער קריטיקער פאַר געקליבענע לייענער. ער יאָגט זיך בכלל נישט נאָך דעם פרסום וואָס די אַנדערע קאָלעגן אין דעם שרייבער־צעך נייטיקן זיך אין אים פון צייט צו צייט. ער שרייבט פאַר אַ לייענער, וואָס איז, דאָס רוב, אַליין אַ שרייבער, אָדער אַזאַ וואָס איז בראשו וברובו אַריינגעטאָן אין דעם ענין ליטעראַטור. דערצו זיינען די תלמידים און חסידים פון דעם עכטן קריטיקער געראָטן אין זייער רבין. זיי זיינען קנאַפע בראַוואָ־פאַטשערס. עס דוכט אונדז, דעריבער, אַז וואָס שטילער, איינגעהאַלטענער מיר וועלן יום־טובן דעם 70־יאָריקן

געבוירנטאָג פון אונדזער חשובן בעל־יובל ש. ניגער, — אַלץ מער נחת רוח וועט עס זיין פאַר אים.

פייערן ש. ניגערס 70יאָריקן יובל, מיינט פאַקטיש — און דאָס וועט ניט זיין קיין גוזמא, — פייערן יאָרצענדליקער פון דער גאַנצער, צעצווייגטער און פונאַנדערגעבליטער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, וואָס אין איר וואוקס און פאַרנעם האָט ש. ניגער אַ גאָר גרויסן חלק. ש. ניגער איז געוואַקסן אין דער דאָזיקער ליטעראַטור און מיט איר. זי האָט גענערט די שאַפנדיקע כוחות זיינע — און ער, דער עכטער קריטיקער, האָט דער ליטעראַטור אונדזערער געגעבן זיין וואונדערלעכן פירוש. מ׳קען זיך באמת קוים פאָרשטעלן יידישע ליטעראַטור אָן ש. ניגערן.

בעתן לייענען ש. ניגערס ווערק האָט מען דעם געפיל ווי מ׳וואָלט הערן דאָס קול פון איינעם וואָס פאַרמאָגט אין זיך סיי די עניוות און סיי דעם שטאָלץ פו דעם תלמיד־חכם וואָס קומט אונדז מסביר זיין אַ שווערע סוגיא.

— „וואָס איז אייגנטלעך אַ קריטיקער״? פרעגט ש. ניגער, און ער ענטפערט זיך אַליין, עכט יידישלעך: „אַ לעזער וואָס דערפילט אין זיך דעם כוח צו ווערן אַ שרייבער״. אויף אַן אַנדער אָרט, אין זיין בוך „לעזער, דיכטער, קריטיקער״, ציטירנדיק דעם פראַנציישן קריטיקער סען בעוו, לייענען מיר: „דער קריטיקער איז ניט מער ווי אַ מענטש וואָס קען לייענען אַליין און וואָס לערנט לייענען אַנדערע״. דאָס איז, נאַטירלעך, אַ גאַנץ באַשיידענע דעפיניציע פון קריטיק און איז טיילווייז נאָר ריכטיק. אין דער אמתן, חוץ לערנען, חוץ דער אינפאָרמאַציע וואָס מיר געפינען אין ש. ניגערס ווערק, — ווי ביי יעדן עכטן קריטיקער — איז אויך פאַראַן אַזוינס וואָס פאַרשאַפט דעם לייענער יענע גייסטיקע הנאה, יענע פרייד וואָס מען האָט בעת מען לייענט וועלכע עס איז קונסט־שאַפונג. אין די צוויי בענד „דיכטער, לעזער, קריטיקער״, אין וועלכע ש. ניגער באַהאַנדלט די פאַרשיידענע שיטות אין דער ליטעראַרישער קריטיק, קומט, אומדירעקט, אויך צום אויסדרוק זיין אייגענער אני־מאמין אין דער קריטיק. איבערהויפּט געפינען מיר עס אין די צוויי אַרבעטן זיינע וועגן בעל מחשבותן און דוד פרישמאַנען. וועגן פרישמאַנען איז געשריבן געוואָרן אַ סך, אין העברעאיש און אין יידיש. און כאָטש דער טיפּ קרי־טיקער ווי דוד פרישמאַן איז געווען, איז ניגערן ניט איבעריק נאָענט, דאָך אַנטפּלעקט זיך דאָ, אין דער עסיי וועגן פרישמאַנען, ניגערס וואונדער־לעכע אייגנשאַפט; קודם כל קומט ער פאַרשטיין דעם מהות פון פרישמאַנס

טאַלאַנט, במילא איז דער אויספיר ניגערס שוין פון זיך גופא אַ גערעכטער. ווי באַלד ער האָט פרישמאַנען באַנומען, איז אים שוין גרינג געווען אויך אונדז מסביר זיין ווער פרישמאַן איז געווען.

מעטאָדן אין דער קריטיק נוצט ניגער ניט איינעם, נאָר אַ סך. סען בעוו מיט זיין ביאָגראַפישן מעטאָד, און טען מיט זיין שיטה פון מיליע און סביבה האָבן אין ניגערס ווערק באַקומען אַן אייגענע אויסטייטשונג. עס איז געווענדט אין דעם שרייבער, וועגן וועלכן ניגער שרייבט. עס איז אָבער שטענדיק ניכר דער אייגענער, מ'קען זאָגן, ניגערישער מעטאָד, וואָס האָט זיך, אין לויף פון יאָרן, ביי אים געשאַפן ווי עפּעס איינ־הייטלעך גאַנצעס. ווי אַ סך הכל פון דער רייכער קריטיק־ירושה; צו־נויפצונעמען פאַרשיידענע מעטאָדן אין איינעם. דאָס לערנען מיר פון זיינע אייגענע רייד. אין דער אַרבעט וועגן בעל־מחשבותן געפינען מיר צווישן אַנדערע געדאַנקען וועגן קריטיק און איר אמתער פונקציע אין דער ליטעראַטור, די דאָזיקע שטעל:

„דער אמתער קריטיקער, אַזוי ווי דער אמתער דיכטער, האָט נישט קיין 'מעטאָד' וואָס זאָל זיין אַ האַר איבער אים, דער מעטאָד ווענדט זיך אָן דער טעמע, איר ווירקונג אויפן שרייבער איז גרעסער אָפּט, ווי די, וואָס ער האָט אויף איר. אין איינעם מיט דעם אָביעקט ענדערט זיך דער אופן, ווי דער קריטיקער שרייבט וועגן דעם. און זאָל מען עס אים, (בעל־מחשבותן — ש. ד. ז.) נישט אויפ־וואַרפן. סוף כל סוף זיינען אין דער קריטיק, אַזוי ווי אין דער קונסט, אַ ל ע מינים גוט, אַחוץ די לאַנגווייליקע"...

די אַרבעט וועגן בעל־מחשבותן איז בכלל פון די ביז גאָר געלונגענע אין ניגערס פּילצאַליקע ווערק. און ביי יעדער מאָל לייענען די דאָזיקע אַרבעט געפינט מען כסדר עפּעס נייס, ווי אין יעדן קונסט־ווערק וואָס האָט אַ דויערנדיקן ווערט. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז די שטעל אין דער דאָזיקער אַרבעט, וואו ניגער פרעגט: „עס זיינען פאַראַן פאַר־שיידענע סאָרט לעזער, פאַרוואָס זאָלן ניט זיין קריטיקער פאַרשיידענע, און פאַרוואָס קאָנען פון איין און דעם זעלבן קריטיקער נישט באַנוצט ווערן פאַרשיידענע מעטאָדן"?

אויך ניגער, פונקט ווי זיין פאָרגייער בעל־מחשבות, נוצט פאַר־שיידענע מעטאָדן. ביי ניגערן זיינען זיי אָבער נישט אין קיין סתירה, ווי זיי זיינען געווען אַמאָל ביי בעל־מחשבותן אין איניקע אַרבעטן זיינע,

ווי עס באַמערקט זיך טרעפלעך דער דיכטער און קריטיקער נ. ב. מינקאָוו. ענלעכס צו דעם, וואָס דעם אמתן קריטיקער קומט אויס צו קאָמבינירן פאַרשיידענע מעטאָדן אין איינעם, כדי צו דערגרייכן דעם געוואונטשטן אידעאַל פון אמתער קריטיק, — געפינען מיר אין ש. ניגערס אַריינפיר צו זיין בוך וועגן דעם דיכטער ה. לייוויק.

רעדנדיק וועגן לייוויקס „איינציקע שאַפונגען" און דעם וואונטש זיי צו פאַרבינדן איינע מיט דער אַנדערער, „אי אין שייכות צו די יאָרן, ווען דער פּאָעט האָט זיי געשריבן און געדרוקט, אי האַבנדיק אין זינען דעם גאַנג פון זיין (לייוויקס) לעבן", באַמערקט ניגער: „דאָס מיינט ניט — אַז איך האָב גענוצט כסדר דעם סעינט בעוויש, אָדער ביאָ־גראַפישן מעטאָד פון ליטעראַטור־קריטיק. דאָס איז אַ מעטאָד, וואָס אַפילו זיין מייסטער אַליין האָט ניט אויסגעמיטן אים צו קאָמבינירן מיט אַלע אַנדערע ליטעראַריש־קריטישע וועגן און צוגאַנגען".

ווינציקער טראַכטן מיר, בשעתן לייענען ניגערס ווערק, וועלכן מעטאָד אין דער קריטיק ער נוצט, און מיר באַוואונדערן מער זיין קריטיש־קינסטלערישן כח ביים מאָלן פאַר אונדז, אַ שטייגער, די געשטאַלט, דעם קינסטלערישן פאָרטרעט, — פונעם זיידן ר' מענדעלע. דאָס בילד וואָס ניגער האָט געשאַפן פון מענדעלעס לעבן, זיינע גרונטלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע אויפטוען, איז איינציק אין דער גרויסער ליטעראַטור וואָס איז דאָ וועגן מענדעלען. קאַפּיטלעך אין ניגערס „מענדעלע־מאָנאָ־גראַפיע", פאַראינטערעסירן אונדז, היינטיקע לייענער, גאַנץ אָפט פיל מער ווי אַ טייל ווערק פון מענדעלען אַליין, וועלכן מען לייענט איצט אַנדערש און נישט מיט דער זעלבער פאַראינטערעסירטקייט ווי מיט יאָרן צוריק. פּונקט אַזוי לייענען מיר, אַ שטייגער, היפּאָליט טענס „געשיכטע פון דער ענגלישער ליטעראַטור" מיט מער שפּאַנונג, מיט מער חשק, ווי אַ סך פון די ענגלישע דיכטער גופא וואָס מיר געפינען לרוב אָנגעפיקעוועט אין טענס געשיכטע. אָפט איז עס דער קריטיקער וואָס האַלט אָן די לעבעדיקייט פון די פאַרגעסענע שרייבער, און עס איז אויך אַדאַנק דעם קריטיקער, מיט די נייע פירושים וואָס ער שאַפט, ווען דיכטער שטייען גאָר אויף תחית המתים און ווערן צוריק לעבעדיק פאַר דעם לייענער... ש. ניגערס בוך וועגן מענדעלען איז דער שטאַרק־סטער שוץ קעגן די פיילן וואָס אַ טייל יינגערע קריטיקער פּרואוון וואַרפן, פון צייט צו צייט, אין דעם זיידנס ווערק. אַז מען לייענט ניגערס מענדעלע־בוך, בלייבט מענדעלע — מענדעלע. מענדעלע ווערט פאַר

**אונדז ייִנגער מיט זײַן כלומרשט פאַרעלטערטן אויסזען. מענדעלעס לשון ווערט אַדאַנק ניגערס אינטואיטיוון אַרײַנבליק אין מענדעלעס וועלט — מחיהדיק פריש און נײַ. דאָס האָט די קריטיק ניגערס אונדז אַנטפּלעקט אָט די נײַקייט, אָט די פרישקייט אין מענדעלעס לשון.**

**וועגן דער נאַטור בײַ מענדעלען לייענען מיר בײַ ניגערן:**

„מענדעלעס פּייזאַזשען זײַנען אין פלוג אַלטמאָדיש, זיי דער־מאָנען אונדז מער 'אָן ברכי נפשי', ווי אָן מאָדערנער נאַטור־שיל־דערונג. אָבער נאָר פון אויבנאויף איז עס אַזוי. אין דער אמתן באַהאַלט זיך אויך דאָ אונטער דער דרויסנדיקער אַלטפרענקישקייט. אַן אינעווייניקסטע באַנײַאונג־קראַפט. מענדעלעס פאַרײדישטע נאַטור איז נאַטור ניט ייִדישקייט. נאַטור מיט דער גאַנצער פריש־קייט און פולער לעבעדיקייט פון איר וואַקסן און בליען. נאַטור מיט אירע פאַרבן און קלאַנגען".

**טרעפלעך איז די דערקלערונג ניגערס פון וואַנען עס נעמט זיך, וואָס מען זאָגט אָפט לעצטנס אַז מענדעלעס ווערק זײַנען צו אַלט; „עס נעמט זיך פון דעם", זאָגט ניגער „ווײַל דער הײַנטיקער ייִדישער לייענער, ווי דער הײַנטיקער ייִדישער שרײַבער פוילט זיך צו לערנען"... און ניגערס מאָנאָגראַפיע לערנט אונדז אַ פּרק מענדעלע אין וועלכן מיר דערזעען פּלוצעם אַז דער אַלטער מענדעלע איז גאָרנישט אַזוי אַלט, און אַז די שווערקייט זײַנע איז גאָרנישט אַזוי שווער.**

**איינע פון די שענסטע שטעלן אין ניגערס מענדעלע־בוך, איז די, וואו ניגער גיט זײַן אויסטײַטשונג וועגן דעם דואַליזם, די צוויי־געשטאַלטי־קייט אין מענדעלעס כאַראַקטער:**

„דער עצם אומרו פון זײַן געמיט וויגט זיך צווישן קונסט און מאָראַל, שיינקייט און גערעכטיקייט, הומאָר און סאַטירע. מענדעלע איז זיס — און ביטער, ער איז פול מיט ליבשאַפט, און ער איז פול מיט האַס. אָט פאַלט ער זײַנע ייִדעלעך אויפן האַלדז און וויינט אויף זייער ביטערן גורל, און אָט שפּאַסט ער אָפּ און מאַכט פון זיי חוזק".

**ב.**

**בעתן לייענען ניגערס פּרץ־מאָנאָגראַפיע, אָדער דאָס בוך זײַנס וועגן שלום עליכמען, וואָס איז אַרויס אין יאָר 1928, קומען אונדז פאַר אַ סך קאַפּיטלעך, אין בײדע ביכער, באַקאַנט. און מען דערמאָנט זיך**

טאָקע, אַז שוין מיט יאָרן צוריק, בעת די קלאַסיקער אונדזערע האָבן נאָך געלעבט און געהאַלטן נאָך אין רעכטן מיטן שרייבן און איבער־אַרבעטן זייערע ווערק האָט שוין ש. ניגער דעמאָלט, ווי יונג ער איז געווען, געזאָגט וועגן זיי אַזוינס וואָס האָט געוויזן ווי קריטיש און טיף ער נעמט אויף יעדן פון די קלאַסיקער. שוין דעמאָלט האָט ניגער, אין מיניאַטור, געוויזן אונדז דעם יסוד, דעם גאַנצן קינסטלערישן יחוס פון די אבות פון אונדזער ליטעראַטור. אין די אַרבעטן וועגן מענדעלען, שלום־עליכמען און פּרצן, („וועגן יידישע שרייבער", ווילנע, 1913) האָט ש. ניגער שוין דעמאָלט קלאָר געצייכנט דאָס בילד פון יעדן פון די קלאַסיקער. ביים פאַרגלייכן די אַמאָליקע קלענערע אַרבעטן זיינע מיט די באַזונדערע ווערק, וואָס ער האָט שפּעטער געשריבן, מוז מען באַוואונדערן די גוואַלדיק־שעפערישע ענערגיע, דעם גרויסן קריטיש־ קרעאַטיוון כח וואָס ש. ניגער פאַרמאָגט. ווי אַזוי ש. ניגער האָט איבערגעשריבן אַ טייל פון די אַמאָליקע אַרבעטן, ווי אַזוי ער האָט געענדערט דעם שפּראַכלעכן לבוש, דאָ און דאָרט, פון אייניקע שטודיעס, געשריבן אין די יאָרן 1908־1912, — כדי זיי זאָלן זיין ראוי אַרייננעמען צו ווערן אין די באַזונדערע ביכער וואָס ער ווידמעט יעדן פון די קלאַסיקער, — דאָס איז אַ טעמע פאַר זיך אַליין. דאָ איז ער ממש געראָטן אין זיידן ר' מענדעלע, וואָס האָט תמיד געהאַלטן אין איין איבעראַרבעטן זיינע ווערק און דאָס זעלביקע געעצהט די אייניקלעך זיינע אין דעם באַרימטן בריוו זיינעם צו שלום עליכמען.

ש. ניגערס בוך וועגן שלום עליכמען פאַרמאָגט די גרינגקייט, און דעם גוטמוטיקן ערנסט וואָס מיר געפינען אין יעדן קונסט־ווערק וואו הומאָר, „דער זוניקער שמייכל" פון דעם קינסטלער איז זיין הויפּט־אייגנשאַפט. ש. ניגערס שפּראַך־ריטם אין דעם שלום־עליכם־בוך איז אַן אַנדערער ווי אין דעם פּרץ־בוך. יעדער עכטער קריטיקער נעמט זיך אָן פון דעם שרייבערס נוסח וועלכן ער באַהאַנדלט. און ש. ניגער זאָגט עס זייער ריכטיק: „די עכטע קריטיק וועבט זיך צונויף מיט דער ליטעראַטור און ווערט מיט איר איינס". אין אַלע אַרבעטן ש. ניגערס פילט מען דאָס דאָזיקע צונויפוועבן זיך מיט דעם שרייבער און זיין ווערק. אין דעם בוך זיינעם וועגן שלום עליכמען — מער. דאָס נעמט זיך אפשר דערפון וואָס גאָר אין אָנהייב, ווי ש. ניגער דערציילט אונדז, האָט ער „פאַרשטאַנען דעם כאַראַקטער, אָבער נישט דעם פולן ווערט פון שלום־עליכמעס הומאָר". אין לויף פון יאָרן האָט ש. ניגער אויך

פאַרשטאַנען דעם פולן ווערט פון שלום־עליכמס הומאָר. און פאַרשטאַנען אַזוי ווי זעלטן ווער זיינס גלייכן. נאָך איצט זיינען פאַראַן חילוקי־דעות צווישן די קריטיקער וועגן מענדעלען און פרצן. וועגן שלום־עליכמען — ווינציקער. אין ניגערס בוך וועגן שלום־עליכמען, און די אַרטיקלען וואָס ניגער האָט פאַרעפנטלעכט שוין נאָך דער דערשיינונג פון זיין בוך, שטייען, בלי ספק, אין דער ערשטער ריי אין דער ריזיקער ליטע־ראַטור וואָס מיר האָבן וועגן דעם געניאַלן הומאָריסט. אינטערעסאַנט און טיף באַלערנדיק איז דאָס קאַפּיטל אין ש. ניגערס שלום־עליכם־בוך: „דאָס יידישע און דאָס אוניווערסאַלע אין טביה דעם מילכיקן". דאָס וואָס ש. ניגער שרייבט וועגן טביהן און זיינע טעכטער באַקומט זיך ווי אַ בנין, וואָס וואַקסט אויס, בהדרגה, פאַר אונדזערע אויגן. און ווי יעדן ווערק פון גרויסן באַטייט, זעט מען די שטאַפּלען וואָס פירן אַלץ העכער און העכער פונעם פונדאַמענט ביזן שפּיץ פון דאַך, ביזן שיינענדיקן קופּאָל וואָס שפּיגלט זיך אין דער זון. די געשטאַלטן שלום־עליכמס ווערן די העלדן פון דעם קריטיקער. און די אַלע אַריינטייטשונגען זיינען נישט סתם געדאַנקען און סברות. דאָס קומט צום אויסדרוק די רייכע אינעווייניקסטע חכמה פון לעבן צו וועלכער ער, ש. ניגער, איז מיט די אייגענע שאַפונג־כוחות אַליין דערגאַנגען. שלום־עליכם איז ביי אים בלויז די טעמע. ס'איז ווי די באַטור, למשל, ביים דיכטער. מיר האָבן טיפער באַנומען די געשטאַלט טביה דורך ש. ניגערס קריטישע שטודיעס. דאָס האָט ער, ש. ניגער, אויף זיין אייגענעם שטייגער, ווי שלום־עליכם פריער, דעם פשוטן יידן טביהן אַ מאָנומענט געשטעלט, און אים דערהויבן צו אַן אוניווערסאַלן הייך. ייד און מענטש — נישט אָפּצוטיילן. אויף טביהן, מנחם מענדלען און אויף דעם יינגל מאָטל פּייסי דעם חזנס פאַלט אַ שפּאָגל ניי ליכט. דאָס דאָזיקע ליכט קומט פון דעם שעפערישן קריטיקערס אייגענער פאַנטאַזיע, און מיר זעען די שלום־עליכם געשטאַלטן אַזוי ווי ער, דער קריטיקער, וויל אַז מיר זאָלן זיי זען.

* * *

נאָך ביי פרצעס לעבן האָט ש. ניגער שוין דערזען אין פרצן יענעם „ברען־פונקט", יענע „זון־שטראַלן" וואָס שפּעטער צו האָבן עס ערשט די יינגערע קריטיקער דערזען. „פרץ — האָט ש. ניגער געשריבן, — דער גרויסער קאָפּ מיט די הייסע יונגע אויגן, איז נישט די זון, ער איז אָבער דער ברען־פונקט וואו אַלע שטראַלן קלייבן זיך צונויף, סיי די העלע, סיי די בלאַסע"...

אין זיין גרויסער, אין כמות און אין איכות, פּרץ־מאָנאָגראַפיע, האָט ש. ניגער פאַרענטפערט אַ סך, אויב נישט אַלע שאלות, וואָס לייענער פּאַלט איין צו פרעגן בעתן לייענען, אויף דאָס ניי, פּרצעס ווערק. נישט אַזוי די ווערק פּרצעס — ער, פּרץ אַליין, די גרויסע פּערזענלעכקייט, די פּילזייטיקע, ווערט דורך דער ש. ניגער־מאָנאָגראַפיע אונדז קלאָרער, אַנדערש ווי אין די אַרבעטן וועגן שלום־עליכמען, אין וועלכע ש. ניגער פאַרגעסט, דאָ און דאָרט, אָן דעם מייסטער־הומאָריסט גופא, און באַ־גייסטערט זיך מער און באַוואונדערט מער די געשטאַלטן זיינע. דאָ, פאַרקערט, זוכט ש. ניגער צווישן די העלדן פּרצעס, אים, פּרצן אַליין. צי מיר נעמען אָן אין גאַנצן די אויסטייטשונגען ש. ניגערס, אין דעם קאַפּיטל „חסידיש און חסידות”, — צי ניט. אַלץ איינס איז אינטערעסאַנט און ניי — ווי ניי עס איז יעדער לעבעדיקער געדאַנק — ש. ניגערס נייער פּירוש אויף פּרצעס חסידישע מעשיות. אפשר, טראַכטן מיר, איז די מחיצה צווישן „חסידיש” און חסידות ניט אַזוי גרויס. קען זיין אַז פּרץ אַליין האָט אין די ערשטע חסידישע מעשיות זיינע, געשריבן (און פאַרגעלייענט) מיט אַ ניצוץ פון איראָניע, תחילת געזוכט יידישן נוסח סתם, און פאַרבלאָנדזשעט צו חסידות. דער משכיל אין אים האָט עפּעס אַנדערש געוואָלט געפינען, אָבער דער נוסח פון דער חסידישער מעשה האָט אים פאַרכאַפּט, און וואָס ווייטער איז די איראָניע פאַרשוואונדן. דער משכיל אין אים האָט אָפּגעלאָזן, און ער איז אַלץ מער און מער דורכגענומען געוואָרן פון חסידות גופא. דער בריסקער רב אין דער מעשה „צווישן צוויי בערג”, מיט זיין גאַנצער מאַיעסטעטישער געשטאַלט ווערט דאָך בטול פאַרן ביאַלער רבין.

אינטערעסאַנט איז אָבער סיי ווי סיי, ווי דער ליטוואַק, אין פּרצעס „אויב נישט נאָך העכער” ווערט דורך ש. ניגערס קריטישער באַלייכטונג אַרויסגעהויבן. דער ליטוואַק וואָס ווערט דעם נעמיראָווערס אַ חסיד, דאָס איז ער, לויט ש. ניגערן, פּרץ אַליין, דער נעאָ־משכיל, וואָס האָט אויפגעהערט צו לאַכן פון חסידות: „און געשען איז עס ניט דערפאַר”, — וויל ש. ניגער האָבן — „ווייל ער האָט זיך דערנענטערט צו חסידות, נאָר ווייל ער האָט דערנענטערט חסידות צו זיך”... דער תמצית פון פּרצעס חסידישע מעשיות איז, הייסט עס, אַזאַ:

„וואָס פּרץ האָט געזען אין חסידות איז געווען ניט דאָס געט־לעכע, נאָר דאָס מענטשלעכע, און אַפילו די ריין־מענטשלעכע

גרויסקייט פונעם חסידישן רבין איז עטישע גרויסקייט, ניט גרויס־קייט בכלל. דאָס איז געווען פרצעס קוק, ניט דער קוק פון חסידות״...

דער דאָזיקער נייער צוגאַנג צו פרצן וועט די הייסע פרץ־חסידים, וואָס זעען אין פרצן בפירוש ווי אַ באַזינגער פון חסידות — אפשר נישט שטאַרק געפעלן. די דאָזיקע אויסטייטשונגען ש. ניגערס וועט אויך נישט שטאַרק אימפּאָנירן די, וואָס זיינען נאָך מיט דער ״פרץ־רעוויזיע״ נישט פאַרטיק, אָבער וואָס קענען בשום אופן נישט פאַרזען און נישט פאַר־לייקענען דעם ניגון פון חסידות, יענעם ״גילגול פון אַ ניגון״, וואָס נאָר פרץ אַליין, ווי אַ יחיד אין דער עדה פון דיכטער, האָט אויפגעכאַפּט. פרץ האָט דעם ניגון פון חסידות אַ תיקון געגעבן, אין לבוש פון וואָרט אים אָנגעקליידט אויף דורות און דורות. דעם דאָזיקן ניגון הערן מיר אויך ביי אַשן, אָפּאַטאָשון, אהרן צייטלינען און ביי יצחק באַשעוויסן.

ג.

צום אידעאַל פון עכט־שעפערישער קריטיק, וואָס דאַרף געבן ״דאָס אינדיווידועלע בילד און דעם אייגנאַרטיקן סינטעז וואָס דער קריטיקער האָט אין זיין גאַנצקייט״ — דעם דאָזיקן אידעאַל האָט ש. ניגער גע־שטרעבט צו דערגרייכן, נישט בלויז ביים אויפנעמען די ווערק פון די קלאַסיקער — נאָר אויך ביי די דורות שרייבער נאָך זיי. די פולע דערגרייכונג פון דעם דאָזיקן אידעאַל האָבן מיר דערזען אין זיין בוך וועגן שלום־עליכמען; אין די אַרבעטן וועגן דוד בערגעלסאָנען; — (דעם בערגעלסאָנען פון פאַרן ״סאָוועטישן מבול״) אין דעם בוך וועגן שלום אַשן; (וואָס איז איינגעגלידערט אין דעם ווערק ״דערציילער און ראָמאַניסטן״), און דאָ ניט לאַנג, אין דעם בוך וועגן ה. לייוויקן. ניגער איז דערגאַנגען צום דאָזיקן אידעאַל פון עכטער קריטיק אויך אין קלענערע און גרעסערע אַרבעטן וואָס זיינען, ליידער, נאָך צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשיידענע זשורנאַלן און אין דער פּרעסע. מער ווי איין אינטערעסאַנט בוך וואָלט פון אָט די אַרבעטן געקענט צוזאַמענגעשטעלט ווערן. ביים לייענער אין זכרון איז פאַרבליבן דער וואונדערלעכער איינ־דרוק זייערער. אַזוי, אַשטייגער, געדענקט זייער גוט דער שרייבער פון די שורות, ניגערס צוויי עסייען ״אַ גיבור און אַ קדוש״, געדרוקט אין דער ״צוקונפט״, אין די סוף־צוואַנציקער יאָרן, וועגן אשר שוואַרצמאַן און מ. וואַקסער. די שרייבער נאָך די קלאַסיקער וועגן וועלכע ש. ניגער שרייבט מיט ליבשאַפט און אמתער באַגייסטערונג זיינען שלום אַש

אין ה. לייוויק,ביידע גרויסע שריפטשטעלער זיינען אָפּט מיספאַרשטאַנען געוואָרן. אַשן מיט זיינע בלאָנדזשעניש — אים פאַרגינט זיך ניגער, גאַנץ אָפּט, גאָרנישט ווי זיין טבע איז, פאָרויסצוגיין מיט אַ לאָמטערן אין האַנט. און ה. לייוויקן האָט ניגער געוויזן אונדז אין זיין לייוויק־בוך, דעם וועג פון דיכטער ווי אַזוי ער איז דערגאַנגען „פון טונקלקייט צו שעפערישער קלאָרקייט".

„חוץ דעם תוך פון דעם שרייבערס 'איך' וויל ש. ניגער כסדר הערן דאָס עכט יידישע, דאָס „קול־קול יעקב', ביים יידישן קינסטלער. ניגער חלומט דערפון אַלע זיינע יאָרן. ניט סתם צו זען 'קונסט ביי יידן', נאָר אַ „יידישע קונסט", אַ נאַציאָנאַלע, וואָס זאָל זיין ווי די זון, בישט נאָר באַלייכטן זאָל זי אונדזער לעבן, נאָר זי זאָל אויך מאַכן שפּראָצן און וואַקסן".

צו זיין 70 יאָריקן יובל, ווינטשן מיר אונדזער חשובן בעל יובל, ער זאָל דערלעבן דעם דאָזיקן חלום זיינעם אויפן וואָר, צו דערזען אַלץ מער אין דעם יידישן קינסטלער יענעם עטיש־נביאישן פּאַטאָס פון גלויבן אין וועלכן יידישע קונסט „זאָל בליען, שפּראָצן און וואַקסן".

1953

## ד.

דער פלוצעמדיקער טויט פון דעם קריטיקער שמואל ניגער, ע"ה, האָט ווי אַ שווערער וואָלקן פאַרטונקלט דעם הימל פון אונדזער ליטעראַטור, אין ביידע שפּראַכן, מיט וועלכער ער איז געווען פאַרבונדן זיין גאַנץ שעפעריש לעבן, במשך פון פינף צענדליק יאָר. פאַריתומט איז געוואָרן דער בעסערער יידישער לייענער וואָס האָט געוואַרט אויף ש. ניגערס וואָרט, און נאָך מער איינזאַם זיינען איצט די תלמידים זיינע, די אינטעליגענץ, און גאָר באַזונדער, — ביודעים ובלא יודעים — דער ייִנגערער דור קריטיקער וואָס האָבן אים, דעם לערער און וועגווייזער, תמיד געזען פאַר די אויגן. פאַר יעדן פון זיי וועט ער פעלן. און נישט איינער פון די, וואָס וועגט און מעסט און שאַצט אָפּ קינסטלערישע ווערטן, האָט אין מינוטן פון ספיקות און בלאָנדזשענישן געטראַכט פון ש. ניגערן. אין צייטן פון ראַנגלענישן, פון נוצן דאָס נישט פּאַסיקע וואָרט, דאָס פשוטע און ערלעכע, האָט יעדער פון די, וואָס זיינען אויפגעקומען נאָך אים, זיך אַליין געפרעגט:

— וואָס וועט דערויף זאָגן שמואל ניגער?...

איצט וועט פעלן די דאָזיקע גייסט־רייכע געשטאַלט אין דער יידישער ליטעראַטור. ווייל חוץ טאַלאַנט, חוץ די פעאיקייט פון באַנעמען און פאַרשטיין, פון אמתער מבינות, וואָס יעדער קריטיקער האָט, אויב נאָר ער איז ראוי אָנגערופן צו ווערן קריטיקער, — חוץ דער דאָזיקער באַגאַבונג, — האָט ניגער פאַרמאָגט נאָך אַן אייגנשאַפט וואָס איז אַ זעלטנקייט אין אַלע ליטעראַטורן, און באַזונדער, איז עס אַ דוחק ביי אונדז. און דאָס איז: — אחריות. טאַלאַנט אָן אחריות, אָן געוויסן, איז אָפט אַ קללה. און וואויל איז דער ליטעראַטור אין וועלכער עס געפינען זיך ליטעראַטור־קריטיקער מיט כאַראַקטער און מיט ערלעכע, אָן פניותדיקע, צוגאַנגען צו שרייבערס און זייערע ווערק.

שמואל ניגער איז געוואָרן דער פוסק אחרון, דאָס געוויסן פון אונדזער ליטעראַטור, ווייל ער האָט געהאַט דעם כוח זיך צו צאַמען און קאָנצענט־

רירן זיך אי אויף דעם ווערק פונעם שרייבער, אויף דעם חיבור, אי צוגלייך אויפן מחבר. אַוודאי האָט ניגער אָפּט זיך געגריבלט און געפאָרשט דאָס לעבן פון דעם שרייבער, זיין ביאָגראַפיע, סביבה, וכדומה. אָבער דאָס, נאָר אין שייכות צו דעם וואָס ער, דער שרייבער, האָט געשריבן. ניגערן איז דאָס, אמת, אָנגעקומען גרינגער, בעת ער האָט געשריבן וועגן עלטערן דור שרייבער, וועלכע האָבן, פּונקט ווי ער אַליין, פאַרמאָגט אַ גרויסע מאָס אחריות פאַרן פאָלק, פאַרן לייענער, און פּונקט ווי ער, געהאַט אמונה, און דעריבער אין מאָראַליש־עטישן זינען, געוועזן שטאַרקער אַקעגן די נייע שטורעם־ווינטן פון דער צייט, און אַקעגן די טראַגישע איבערלעבונגען אין אונדזער לעבן.

דאָס מיינט נישט, אַז די שרייבער נאָך די קלאַסיקער, דאָ הי און אין אייראָפּע, האָבן, חלילה, נישט געהאַט אמונה אין זייער באַרוף. אָבער, אַז די באַציאונג צווישן שרייבער און לייענער זינט די יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג האָט זיך היפּש אַ וואַקל געטאָן, אין דער וועלט־ליטעראַטור, און אויך ביי אונדז — דאָס איז אונדז אַלעמען באַקאַנט.

ש. ניגער האָט פון תחילת אָן געזען דעם בנין פון דער יידישער ליטעראַטור ווי עפּעס גאַנצעס, שלימותדיקס, און די „מעשה קטניות" איז אים נישט אָנגעגאַנגען. דערפאַר איז ער נישט נתפּעל געוואָרן פון די אַלע ליטעראַרישע מאָדעס, און פונעם גאַנצן טומל, נאָכן ערשטן וועלט־קריג, מצד דעם יינגערן דור שרייבער אַקעגן די עלטערע. אין זיין עסיי „אַלט און ניי", זאָגט ש. ניגער:

„צווישן אַלט און ניי איז גאָר ניטאָ אַזאַ טיפע סתירה, ווי עס דוכט זיך דעם, וואָס געהערט אַליין צו די אַלטע אָדער צו די נייע".

אָט דעם אמת האָט מען ערשט דערפילט מיט יאָרן שפּעטער, ווען די ליטעראַרישע טומלערס פון דער כלומרשטער „נייער קונסט" האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר גאָר קנאַפּע טאַלאַנטן, בעת זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אַליין, ביחידות, אָן דער חברותא צו וועלכער זיי האָבן זיך גערעכנט. פון יעדער ליטעראַרישער שול ביי די אומות העולם, און אויך ביי אונדז, זיינען געבליבן אין דער ליטעראַטור נאָך געציילטע נעמען. די איבעריקע האָבן געלעבט בלויז אין זכות פון די מער־טאַלאַנטירטע אין דער גרופּע. כאַראַקטעריסטיש איז ש. ניגערס ענטפער צו משה גראָסן — דעם באַגאַבטן קריטיקער און פּאָלעמיסט — אים צו לענגערע יאָרן, וואָס האָט אין די צוואַנציקער יאָרן פּאָלעמיש שאַרף געקריגט אַקעגן דער

מרה־שחורה און אַקעגן דער „נייער קונסט״, פון די יונגע יידישע דיכטער און פּראָזע־שרייבער אין וואַרשע און אין ניו־יאָרק. דווקא דער „אַלטער״ שמואל ניגער האָט גראָד דעמאָלט גאָר פּאַרטיידיקט אַ טייל פון די נייע שרייבער, וועלכע גראָס האָט אָנגעגריפן. מיר דערמאָנען דאָס ניט, חלילה, גראָסן לגנאי. פּאַרקערט, אין יענע יאָרן האָט משה גראָס אונדז שטאַרק פּאַראינטערעסירט און מיט אַ סך פון זיינע דעמאָלטדיקע מיינונגען זיינען מיר נאָך איצט מסכים. אָבער כאַראַקטעריסטיש איז די דאָזיקע עסיי ניגערס, וואָס ווייזט ווי ניכטער און ווי ערלעך ער האָט פּאַרטיידיקט די סאַמע יונגע טאַלאַנטן, ווען נאָר ער האָט דערפילט, אַז אַ טייל פון זיי קומט מיט עפּעס אייגנס; ווי באַלד נאָר ער האָט דערהערט פון וויטן אַז אַ טייל פון די דאָזיקע יונגע דיכטער, אין נייעם רוסלאַנד און אין פּוילן, הייבן אָן רעדן מיט זייער אייגן קול. אַזוי האָט ניגער אויך דאָ, אין אַמעריקע, גלייך ביי זיין אָנקומען אַהער, אין יאָר 1919, דערפילט „ווער ס'איז ווער״ אין דער היגער יידישער ליטעראַטור. ניגער האָט, אַשטייגער, נישט געצווייפלט אין דעם טאַלאַנט פון דעם דעמאָלטדיקן, בערך יונגן, שרייבער א. ראַבאָי, דעם שרייבער פון דעם קינסטלערישן ווערק „איז געקומען אַ ייד קיין אַמעריקע״, — און אַנדערע, — צו ווייזן ניגערס שטענדיקן זיך אָפּרופן אויף „יונג און אַלט״ אין אונדזער ליטעראַטור. די דאָזיקע ראַבאָי־עסיי וועט בלייבן אַ קלאַסישער מוסטער פון אמתער קריטיק:

„ניט מיט די מעשיות און ניט מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון זיינע העלדן און אַפילו ניט מיט דער נייקייט פון דער מיליע וואָס ער שילדערט פּאַראינטערעסירט אונדז ראַבאָי, נאָר — מיט זיך אַליין, מיט זיין אייגענער, געזעענער און געטרוימטער וועלט, מיט זיין ווילדן, פרישן סטיל וואָס האָט אין זיך אַזאַ ניט היינטיקע תמימות און אַזאַ נאַטירלעכקייט און בילדלעכע אָנגעזעטיקייט...״

מיט ניט ווייניקער פּאַרשטענדעניש שרייבט ניגער דעמאָלט, אין 1920, וועגן דעם דיכטער און פּראָזע־מייסטער משה נאַדיר.

* * *

עס ווערט טרויעריק צו טראַכטן אַז ש. ניגער איז מער ניטאָ. די לעצטע יאָרן האָט ער ווייניקער געקעמפט און מער זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמלען און איינזאַמלען זיינע ווערק. ניגער האָט פּאַקטיש געשריבן די געשיכטע פון דער אַלטער און נייער יידישער ליטעראַטור״. אין כמות

און אין איכות. ווער ווייס? אפשר האָט ער דערפילט אַז דער סוף איז נאָענט. אָבער זיין עצם געפינען זיך צווישן אונדז האָט, נישט איין מאָל, דערמאָנט אָן דעם גערעכטן קאַמף וואָס ער האָט געפירט, יאָרן לאַנג, קעגן דער פאַרפלאַכונג און פאַרביליקונג פון דער ליטעראַטור און קעגן די כלערליי כלומרשטע פּוסקים און דעמאַגאָגן, וואָס האָבן געוואָלט הערשן און באַהערשן די שרייבער און די לייענער.

חוץ דעם כסדרדיקן וואַכן און אָפּהיטן אַלץ וואָס האָט אַ קינסט־לערישן ווערט פאַר דער יידישער ליטעראַטור האָט שמואל ניגער אויך געפונען צייט — צום גרויסן חידוש פון אונדז אַלעמען — אין די יאָרן צווישן ערשטן און צווייטן וועלט־קריג, — צו פירן אַ קאַמף קעגן דעם פאַרעלטערטן רעאַליזם וואָס האָט געוועלטיקט אין דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור, — פון איין זייט; און קעגן דער העגעמאָניע פון דער „פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור״ וואָס מאָסקווע האָט, אין די צוואַנ־ציקער יאָרן, אויסגערופן, און וואָס איז דאָ, אין ניו־יאָרק, אָנגענומען געוואָרן ממש ווי אַ תורה מסיני. נישט איינער פון די טאַלאַנטירטע יידישע שרייבער, דאָ הי ,איז מיטגעריסן געוואָרן פון די דאָזיקע נייע פּראָלעטאַרישע „צען געבאָט״. אָבער מיט וואָס פאַר אַ שטאָלץ און גלויבן ש. ניגער האָט געפירט דעמאָלט זיין קאַמף מיט די היגע פּראָלעטאַרישע קריטיקער! די מחנה פון ניגערס צד איז געווען אַ שטילע, און קליין אין צאָל. שיר ניט די מערסטע יידישע שרייבער האָבן געריטן אויף דעם פּראָלעטאַרישן „קונסט־פערדל״. און ס׳איז געווען דאָרט, אין לינקן לאַגער „לעבעדיק און פריילעך״. אָבער ניגער האָט, מיט אַ מין עקשנות און מיט ניט ווינציקער טאַלאַנט, בעל־פּה און אין שריפט, פאַרטיידיקט דאָס עכטע און ערלעכע יידיש־שעפערישע וואָרט קעגן די שרייענדיקע, פּראָלעטאַרישע כוהנים אין דעם נייעם טעמפּל פון קונסט פאַר דער כלומרשטער אַרבעטער־מאַסע . . . די דעמאַגאָגיע האָט געהאַט דערפאָלג: דאָס בראַוואָ־פּאַטשן פון דעם עולם. אָבער די לופט אַרום די שרייבער אין דער ליטעראַטור איז אַ דאַנק ש. ניגערן געוואָרן ריינער, שטילער און ערלעכער.

* * *

ש. ניגער איז, פריער פאַר אַלץ, געווען דער יידישער ליטעראַטור־קריטיקער. די פילאָסאָפיע פון קריטיק, די אַלע טעאָריעס אין דער קריטיק האָט ניגער אויפגענומען ניט ווינציקער פון די וואָס האָבן געטראָגן די שילד פון „אייראָפּעער״. דערצו האָט ער, דורך די 35 יאָר

וואָס ער איז געווען אין אַמעריקע, כסדר געלערנט און זיך פּאַרטיפט אין דער ענגליש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור. און ער איז אַלץ מער גע־וואָרן נאָענט צום יינגערן דור יידישע לייענער דאָ הי, מיט דעם, טאַקע, וואָס ער איז ניט געבליבן בלויז ביי דער גייסטיקער אייראָפּע, נאָר געוואָרן דאָ הי אַלץ מער דאָאיק־היימישער און אויפגענומען אַלץ וואָס האָט אַ ווערט אין דער היינטיקער מאָדערנער אַמעריקאַנער און ענג־לישער ליטעראַטור. עס איז ניגערן בכלל קיין שום קונסט־טעאָריע נישט פרעמד געווען. ער האָט אָבער די אַלע קונסט־טעאָריעס פאַר־אייגנט, פאַריידישט און צוגעגעבן אַן אייגענעם יידישן פירוש, מיטן טראָפּ אויף דעם יידישן. און דערביי געשאַפן זיין אייגענעם מעטאָד אין דער קריטיק ביים אָפּשאַצן יידישע שרייבער און זייערע ווערק.

געוויס האָט ש. ניגער געקענט אַמאָל פאַרשווייגן דעם אָדער יענעם דיכטער, אָדער גאָר איבערכאַפּן מיט אַ וואָרט פון לויב דווקא וועגן די שרייבער ביי אונדז וואָס האָבן אַ שם מער מיט זייער לומדות און יידיש וויסן ווי מיט זייער טאַלאַנט. אָבער דאָס האָט אויך געשטימט מיט ניגערס טיפן געפיל פאַר טראַדיציע, פאַר דער ירושה פון דורות און זיין ליבשאַפט פאַר יעדע ליטעראַטורן, אי דער העברעאישער, אי דער יידישער, וועלכע ער האָט געווידמעט זיינע שעפערישסטע כוחות. דאָס זוכן יידישן תוכן ביי יידישע קינסטלער האָט געשטימט מיט דעם אידעאישן צוגאַנג און געפיל פון אחריות וואָס ער האָט גלייך ביי זיין אָנהייב, אין די ערשטע אַרבעטן וועגן שלום אַשן און שפּעטער וועגן די קלאַסיקער, דעפינירט און דערמיט אַרויסגערופן די באַגייסטערונג ביי דער אויפוואַכנדיקער יידישער אינטעליגענץ אין ווילנע, וואַרשע און אין אַנדערע גרויסע שטעט אין אַמאָליקן רוסלאַנד.

בעל־מחשבות האָט זיך דערפרייט מיט ניגערס ערשטע אַרטיקלען. ער, דער ערשטער אמתער קריטיקער אין אונדזער ליטעראַטור, האָט דערפילט ניגערס גרויסן טאַלאַנט: — „ש. ניגער" — שרייבט בעל־מחשבות — „האָט פּרעכטיק אויפגעשפּרייט פאַר אונדז די קינסטלערישע נשמה פון פּרצעס, באַמבערגס און רייזענס ווערק. יעדער פון די דריי, וואָס זייער גייסט איז פונקענווייז צעשפּרייט און צעוואָרפן אין זייערע שריפטן, זיינען ביי אים אַרויסגעקומען ווי גאַנצע, פולע נשמות, איטלעכע נשמה מיט איר קרוין אויפן קאָפּ, מיט אירע וואָרצלען, פון וואַנען זי זויגט איר חיות און מיט די פּגימות פון איר קרוין און אירע וואָרצלען".

בעל־מחשבות, מיט זיין באַגייסטערונג, נישט קוקנדיק אויף די

אַ ביסל פאַרעלטערטע מליצהדיקע אויסדרוקן, — האָט זייער טרעפלעך כאַראַקטעריזירט ניגערס טאַלאַנט. ש. ניגער האָט טאַקע כסדר, אין אַלע זיינע שטודיעס, געזוכט ביי יעדן פון די פילצאָליקע יידישע שרייבערס „די קרוין אויפן קאָפּ“, און די „וואָרצלען“, די ערד, און די סביבה, פון וואַנען דער שרייבער שעפּט זיין קינסטלערישן חיות.

אין זיין לעצטן אַרטיקל אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל“, פון ערשטן יאַנואַר, 1956, וועגן דעם דיכטער י. י. שוואַרץ (צו שוואַרצעס 70־יאָריקן יובל) ווינטשט זיך ש. ניגער — צום גרויסן צער פון אונדז אַלעמען — צו קענען ביי אַן אַנדער געלעגנהייט נאָך שרייבן וועגן י. י. שוואַרצן: „לכבוד זיין יובילי, אָדער יובילייען“, — שרייבט ש. ניגער אַ פּאָר טעג פאַר זיין טויט — „וועל איך נאָך פּרואוון אַרויסנעמען פון זיינע ווערק דאָס, וואָס רירט אָן די וואָרצלען פון זיין שעפערישן איך, זיין שורש, זיין יחוס עצמו“.

ווי טראַגיש!

צו די וואָרצלען פון דעם שרייבערס „שעפערישן איך“ האָט ניגער זיך געצויגן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. די רייכע ירושה וואָס ער האָט אונדז געלאָזן וועט נאָך דאַרפן צונויפגעזאַמלט ווערן. און דעמאָלט וועט מען נאָך מער זען די גאַנצקייט פון דעם גרויסן קריטיקער, וואָס איז פּלוצעם אַוועק פון אונדז.

(1955)

# דר. א. מוקדוני

אין זיינע זכרונות פון אַמאָליקן וואַרשע און לאָדזש דערציילט אונדז דר. מוקדוני, ע״ה, אַז ווען מ׳האָט אים פאַרבעטן צו ווערן אַ מיטאַרבעטער אין פעטערבורגער „פריינד״, האָט מען אים, הויפּטזעכלעך, איינגעלאַדן „ווי אַ טעאַטער־קריטיקער. דאָס — פאַרזיכערט ער אונדז מיט שטאָלץ — איז געווען מיין הויפּט־יחוס״.

דעם דאָזיקן הויפּט־יחוס, קען מען איצט זאָגן, איז געווען צו דערקענען אין אַלץ וואָס דר. מוקדוני האָט געשריבן במשך פון זיינע 50 יאָר ליטעראַרישער טעטיקייט. שוין אין זיינע דערציילונגען, מיט וועלכע ער האָט געמאַכט זיין דעביוט, ווי אַ מחבר, געפינט מען סימנים פון דעם דאָזיקן יחוס. זיי זיינען ס׳רוב געשריבן אין געמיט פון דעם דעמאָלטיקן יונגן סטודענט וואָס איז מוראדיק פאַרקאָכט געווען אין טעאַטער. „טעאַטער״ — שרייבט מוקדוני — איז געווען מייןליידנשאַפט ממש״. מען האָט גוט געקענט דעם דעמאָלטיקן יונגן טעאַטער־ענטוזיאַסט אין די פאַריזער טעאַטערס. ביי טאָג פלעגט ער זיצן אין פאַריזער „ביבליאָטעק נאַסיאָנאַל״, און אין די אָוונטן — שרייבט ער — „פלעג איך גיין אין טעאַטער״:

„מען האָט מיך שוין געקענט אויף די גאַליאַרקעס פון אַ טוץ פראַנצויזישע גוטע טעאַטערס, און מען פלעגט מיך באַגריסן וואַרעם: אָט איז אונדזער רוס״.

נאָכן באַקומען דעם דאָקטאָראַט, ווען דער יונגער דאָקטאָר, מוקדוני־קאַפּעל, קומט אַהיים אין קליינעם ווייסרוסישן שטעטל, קומט ער אָנגעטאָן — ווי ער דריקט זיך אויס — אין זיין „גאַנצן דאָקטאָרישן פוץ״. אין אַ צילינדער־הוט, מיטן אויסלענדישן סורדוט, גייט ער מיטן פאָטער דאַוונען אין בית־המדרש. „איך האָב עולה לתורה געווען״ — שרייבט ער — „און געלייענט די הפטורה שטייענדיק אין מיין הויכן צילינדער״ און ער גוט צו:

„יאָ, איך האָב ליב געהאַט אויסערלעכע עפעקטן, טעאַטראַ־לישקייט".

די דאָזיקע אויסערלעכע עפעקטן, דער טעאַטראַלישער פּוץ, די שאַרפע אַקצענטירונג פון וואָרט, די אָפטע איבעררחזורונגען, אין זיינע קורץ־שורוהדיקע פּאַראַגראַפן, געפינען מיר אין מוקדונים פעליעטאָנען, אין דער פּובליציסטיק און אין דער טעאַטער־ און ליטעראַטור־קריטיק. אין זיין גאַנץ שרייבן האָט מוקדוני, העכסט דראַמאַטיש, אויף אַ הויך קול, תמיד געקעמפט מיט עמעצן, אָדער, פאַרקערט, כסדר פאַרטיידיקט אַן אידיי, אַן אמת אין וועלכן ער האָט טיף געגלויבט. דער דאָזיקער דראַ־מאַטיש־ליידנשאַפטלעכער טאָן אין זיין שרייבן האָט אים אָפט געפירט צו גוזמא און אים פאַרשאַפט אי פריינד, אי נישט ווינציקער שונאים. אויך אין דער ליטעראַרישער קריטיק, אין די אָפּהאַנדלונגען וועגן שריי־בער און זייערע ווערק, איז מוקדוני געווען ביז גאָר שאַרף און אייפער־דיק. איז אים אַ שרייבער געפעלן — האָט מוקדוני אים נישט געשאַנעוועט קיין לויב. און פאַרקערט, ווידער, אין זיין אימפּעטיקע פען נישט מיד געוואָרן צו זוכן רק די חסרונות. מיטלמעסיקע שרייבער האָבן אים — בפרט אין די ערשטע יאָרן פון זיין איבערגיין פון טעאַטער צו ליטעראַטור־קריטיק — נישט פאַראינטערעסירט. זיי האָבן נישט געשטימט מיט זיין איינגעשטעלטן נוסח. אויך ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער האָט מוקדוני געזוכט — ווי אין טעאַטער — דעם שטאַרקן כאַראַקטער, דעם גוטן — ווי דעם שלעכטן.

שרייבנדיק וועגן דיכטער און דערציילער — האָט אים, דאָס רוב, פריער פון אַלץ אינטערעסירט דער מחבר אַליין, און ערשט שפּעטער — זיין ווערק. אין זיינע אָפּשאַצונגען וועגן שרייבער, איז פאַר אים געשטאַ־נען דאָס געשטאַלט פון דעם שרייבער גופא, זיין ביאָגראַפיע, זיין לעבן; שפּעטער פלעגט ער איבערדערציילן דעם אינהאַלט פון דעם שרייבערס ווערק. דאָס האָט מוקדוני נישט געטאָן מחמת דעם, וואָס ער האָט זיך געהאַלטן ביי דער ביאָגראַפישער סעו־בעווישער שיטה אין דער קריטיק. ער האָט, בכלל, זיך נישט געהאַלטן ביי קיין שום ליטעראַרישער ריכטונג. דער דערציילער אין אים האָט ווי געפאָדערט זיינס. מוקדוני האָט פּאַק־טיש זיינע טעאַטער־רעצענזיעס געשריבן אין בעלעטריסטישער פאָרם, אָדער ווי פעליעטאָנען און אינטערעסאַנטע שמועסן. דעם אַקטיאָר און דעם מחבר פון דער פּיעסע פלעגט ער שילדערן מעשה־דערציילער.

און ווען ס׳פלעגט קומען צום אינהאַלט פון דער פּיעסע, צי פון אַ בוך נאָוועלן, דערציילונגען אָדער אַפילו אַ באַנד לידער פון אַ פּאָעט פלעגט ער ווינציק וואָס ציטירן. ער פלעגט, אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן איבער־דערציילן דעם אינהאַלט. אָבער זאָל דאָס נישט גרינג זיין אין די אויגן פון לייענער. ווייל אינעם אופן פון איבערגעבן דעם אינהאַלט פון אַ בוך קומט אומדירעקט צום אויסדרוק דער סטיל פונעם קריטיקער. די עובדה פון יעדן קריטיקער איז דאָס קענען איבערגעבן דעם אינהאַלט פון אַ בוך. מוקדוני האָט זיך, ווי זעלטן זיינס גלייכן, באַזונדער אויסגע־צייכנט אויף דעם געביט. מיט יעדן קורצן זאַץ, מיט די שורהדיקע פסוקים זיינען בהדרגהדיק, און העכסט דראַמאַטיש, אויסגעוואַקסן דאָס עיקריקע און תוכיקע פונעם שרייבער און זיין ווערק.

דר. מוקדוניס ליטעראַרישע אַרטיקלען און אָפּשאַצונגען וועגן יידישע און העברעאישע שרייבער דאַרפן נאָך געזאַמלט ווערן. די הונ־דערטער, מ׳קען זאָגן, טויזנטער אַרטיקלען, מאמרים און פעליעטאָנען געפינען זיך צעשפּרייט אין דער פּרעסע און אין זשורנאַלן. אַ גוטער אָפּ־קלייב פון זיי וועט אונדז פיל העלפן אים אויפצונעמען אין זיין שלמות. פון די פינף ביכער, וואָס זיינען אַרויס ביי זיין לעבן, קען מען, דערווייל, נאָר טיילוויז זיך שאַפן אַ באַגריף, וואָס אַזוינס עס שטעלט מיט זיך פאָר די דאָזיקע שריפטשטעלערישע פּערזענלעכקייט וואָס איז איצט אַוועק פון אונדז אין עלטער פון דריי און אַכציק יאָר.

דר. מוקדוני איז געווען פּראָדוקטיוו ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן. ער פלעגט אַרויסרופן דעם גרעסטן חידוש, בפרט ביי דעם היינ־טיקן יינגערן דור שרייבער, ביי וועמען די קללה פון מידקייט און אָפּ־גענטיקייט הענגט ווי אַ האָרב אויף די פּלייצעס. די שרייבער פון דעם עלטערן דור זיינען בכלל געווען געבענטשט אין זייער שליחות: זיי האָבן, אַפילו אויסערלעך, פאַרמאָגט דעם שריפטשטעלערישן שטעל, די זיכער־קייט אין זייער גאַנג. עס נעמט זיך פשוט דערפון וואָס זיי האָבן, גלייך ביי זייער אָנהייב, געפילט די טויזנטער, טויזנטער לייענער אַרום זיך, וואָס פלעגן אַרויפקוקן צו זיי מיט דרך־ארץ און ליבשאַפט. אין זיינע מעמואַרן דערציילט אונדז מוקדוני וועגן דעם: ווען ער פלעגט זיך באַ־ווייזן אין וואַרשע אויף דער גאַס, פלעגן אים אַרומרינגלען די לייענער זיינע — אָט גייט דר. מוקדוני!

כאָטש מיר האָבן נישט קיין איינציקע זאַמלונג פון זיין ליטעראַרישער

קריטיק, פון דעסטוועגן קען מען אין די צוויי ביכער זכרונות „אין וואַרשע און אין לאָדזש", אין בוך „אויסלאַנד" און גאָר באַזונדער אין בוך „יצחק לייבוש פרץ און דאָס יידישע טעאַטער" געפינען אַן אַ שיעור קאַפּיטלעך וואָס קענען מיט רעכט צוגערעכנט ווערן צו דער עלטערער יידישער ליטעראַטור־קריטיק, אין איין ריי מיט די אַרבעטן פון בעל־מחשבות,שמואל ניגער, זכרונם לברכה, און — אים צו לאַנגע יאָרן — יואל ענטין (וועמעס טעאַטער־ און ליטעראַטור־קריטישע אַרבעטן, דאַרפן, אגב, על־פי־יושר אַרויסגעגעבן ווערן).

אין תוך איז יעדער עכטער טעאַטער־קריטיקער אויך אַ קריטיקער פון ליטעראַטור. און ס'איז געווען נאַטירלעך בעת דער ירידה פון בעסערן יידישן טעאַטער אין אַמעריקע, אַז דר. מוקדוני זאָל זיך ווענדן מיט זיין טאַלאַנט צו דער יידישער ליטעראַטור און אירע שעפערס. פאַרן היינטיקן יינגערן לייענער, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט מוקדוניס ליטעראַרישע טעטיקייט די אַלע יאָרן, דאָ הי, און געלייענט אויך זיינע ערשטע אַרבעטן — פאַרן דאָזיקן לייענער קומען צוריק די ערשטע שטאַרקע איינדרוקן פון זיין שרייבן. מען דערמאָנט זיך זיין אָנקומען קיין וואַרשע פון אויסלאַנד, כדי צו דינען — ווי ער דריקט זיך אויס — „דער יידישער קולטור", זיין מוטיקן קאַמף קעגן דעם יידישן שונד־טעאַטער אין אַמאָליקן רוסלאַנד און אין פּוילן; און בכלל זיין תמיד קעמפערישן זיך איינשטעלן פאַר אַלץ וואָס איז שיין און ווירדיק אין אונדזערעביידע ליטעראַטורן, אין דער יידישער, און דער העברעאישער, אין וועלכער ער האָט זיך אויך געפילט היימיש, ווי אַן אייגענער.

נאָך שמואל ניגערס טויט האָט מען זיך געטרייסט וואָס ער — דער זקן־הסופרים — געפינט זיך נאָך צווישן אונדז. ער איז תמיד געווען מילד און פריינדלעך צו יונגע שרייבער. אין די באַגעגענישן מיט אים פלעגט ער נישט איינעם פון אונדז מוסרן, פאַרוואָס מען פאַרטאַכלעוועט די צייט מיט גאָרנישט: — „שרייבער" — פלעגט ער אַ זאָג טאָן — „דאַרפן יעדער טאָג זיצן און שרייבן, און פאַרגעסן, נישט טראַכטן צי ס'זיינען יאָ די לייענער, אָדער ניט". מען האָט געוואוסט, אַז אויך ער, ווי שמואל ניגער, ע"ה, פאַר אים, פאָלגט נאָך, נישט קוקנדיק אויף זיין טיפער עלטער און ער לאָזט נישט דורך צו לייענען די ניי־דערשינענע יידישע און העברעאישע ביכער, סיי פון עלטערן, סיי פון יינערן דור שרייבער. צווישן מוקדוניס לעצטע אַרטיקלען געפינען מיר, אַ שטייגער, אַן אָפּהאַנדלונג וועגן די „פאַרזעענע יידישע קלאַסיקער" און אַן אַר־

טיקל וועגן דעם ייִנגסטן ייִדישן פּראָזע־שרייבער, יאָסל בירשטיין, פֿון דער גרופּע „יונג־ישראל" אין דער ייִדישער מדינה.

ער איז געבליבן שעפֿעריש, און האָט נישט פֿאַרלאָרן דעם לעבעדיק־צאַפּלדיקן דערציילעריש־פּעליעטאָניסטישן נוסח אין שרייבן ביז די לעצטע טעג פֿון זיין לעבן. ס'איז געגנוג געווען צו לייענען איין־אײנציקע שורה זיינע — און מ'האָט גלייך דערקענט אַז די דאָזיקע שורה געהערט דער אימפּעטיקער, יונגטלעכער און שאַרף־שכלדיקער פּען פֿון דר. א. מוקדוני. ער האָט געמאָלן פּאָרטרעטן פֿון באַרימטע ייִדישע און העברעיִשע שרייבער. באַזונדער צייכענען זיך אויס די זכרונות זיינע וועגן ש. ראָזענפֿעלד און ה. ד. נאָמבערג. די לעצטע האָבן אים, מוקדונין, געהאָלפֿן אין די ערשטע טריט ווי אַ שרייבער.

אין די „פּאָרטרעטן" האָט מוקדוני געזען די שרייבער־געשטאַלטן ווי העלדן אין אַ ראָמאַן. ער האָט באַוויזן אין די קורצע פּסוקימדיקע זאַצן צו שאַפֿן אַ דראַמאַטישע שפּאַנונג ביים לייענער און מ'האָט אָפֿט געהאַט דאָס געפֿיל, בעתן לייענען מוקדוניס איבערדערציילן דעם אינהאַלט פֿון אַ בעלעטריסטיש ווערק — זיין אויסשטעלן די שורות, מעשה־רעזשיסאָר — ווי מען וואָלט זיך געפֿונען אין אַ טעאַטער און געזען פֿאַר זיך אויס־שפּילן, העכסט דראַמאַטיש, אי דאָס לעבן פֿון דעם שרייבער, אי דאָס לעבן פֿון זיינע העלדן, זייערע קאָנפֿליקטן און זייערע צוזאַמענשטויסן.

איצט וועט פֿעלן דער דאָזיקער פֿיל־פֿאַרביקער פּובליציסט און דערציילער, טעאַטער־ און ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס האָט תמיד גע־וועקט חשיבות צו זיך און צו זיינע ווערק.

(1958)

# דר. א. קאַראַלניק

עס האָט גענומען יאָרן ביז מען האָט, אויף אַן אמת, אָנגעהויבן צו דערהערן די עכטקייט פון זיין שטים, דאָס שטיל־שעפערישע קול זיינס, וואָס האָט תחילת געוועקט ספקות. דערפאָלג האָט קאָראַלניק געהאַט גלייך ביי זיין אָנקומען אין אַמעריקע, אין יאָר 1915. דאָס איז געווען דער גרויסער ציַיטונגס־דערפאָלג. ער האָט דעם דערפאָלג כשר פאַרדינט. ווייל זעלטן האָט ווער פון זיינע קאָלעגן, זשורנאַליסטן אין דער פּרעסע, געקענט זיך פאַרגלייכן מיט אים אין פּרט פון סטיל, פון וויסן און פון קענען זיך צונויפרעדן מיט דעם בעסערן, אינטעליגענטערן לייענער.

אָבער דאָ רעדט זיך ניט פון דעם דאָזיקן דערפאָלג. מיר מיינען דאָ דעם דערפאָלג צווישן די שרייבער גופא. דאָס איז שוין אַן אַנדער ענין. און עס קומט אָן שווערער צו דערגרייכן. באַזונדערס מצד דעם יינגערן דור שרייבער, דער דור שרייבער וואָס זעט פאַר זיך, אין דער צוקונפט, גאָר נישט קיין פריילעך בילד. מען האָט קאָראַלניקן אָפט זיין אומעט און צווייפל נישט געוואָלט גלויבן: — „ער חנדלט זיך, ער מיידט אויס אונדזער גבול. ער, קאָראַלניק, רעדט תמיד אין אַבסטראַקטע בילדער, כדי נישט צו זען וואָס אַרום אים טוט זיך". אַזוינס און ענלעכס האָבן די יינגערע שרייבער צווישן זיך וועגן אים גערעדט.

עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. און אויף זיין אייגענעם שטייגער, האָט ער, — מיט זיין ווין־אייראָפּעאישן, עלעגאַנט־געשניצטן און מוזיקאַליש־ריטמישן סטיל, — זיך דערנענטערט צו אונדז, און צו די דורכאויס־יידישע פּראָבלעמען. נישט בלויז אין די שטאָטלעכע, ציור־ניסטיש־וועלטלעכע ענינים — נאָר אין די געמאַרקן פון דער בידנער, פאַרוואָרלאָזטער ליטעראַטור אויף יידיש, איז קאָראַלניק אויף אַן אמת היימיש געוואָרן. אַן אייגענער מענטש. קאָראַלניק האָט זיך אָפּגערופן און גענומען שרייבן וועגן יידישע ביכער. אַרטיקלען וועגן יידישע שרייבער און וועגן דער פונקציע פון דער יידישער קריטיק, האָבן זיך אַלץ אָפטער אָנגעהויבן צו באַווייזן אין די זונטאָג־אויסגאַבן פון „טאָג".

נישט פּלוצים איז די דאָזיקע היימישקייט געקומען. דאָ און דאָרט האָט זיך אין זיין שרייבן געפּילט אַ ביטול טאָן. פון צייט צו צייט האָט דער איראָפּעער אין אים פרעמד אַ שמייכל געטאָן אויף אַ ניי דערשינען יידיש בוך. פראַנץ ווערפעל האָט אים, אַשטייגער נאָך אַלץ מער פאַר־אינטערעסירט ווי דער דיכטער לייוויק, פּאַר וועמען ער האָט אַלעמאָל געטראָגן ליבשאַפט און אָנערקענונג. וועגן יאַקאָב וואַסערמאַנס ראָמאַנען האָט ער מער און אָפטער זיך אָפּגערופן, ווי, למשל, אויף דוד בערגעל־סאָנס ווערק. און ראַינא מאַריאַ רילקע האָט אים מער אין רעליגיעזן עקסטאַז אַריינגעבראַכט ווי אונדזער חיים קרול.

אָבער גאָר לעצטנס, געציילטע יאָרן פאַר זיין טויט, האָט דאָס קהלען זיך זיינס אין פּרץ־שרייבער פאַראיין, פּען־קלוב, און די נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט יידישע דיכטער אין די ניו יאָרקער קאַפייען, אים אינגאַנצן דערנענטערט מיט דער יידישער שרייבער־משפּחה. אים צונויפ־געגלידערט מיט זיי. דער „דאָקטאָר" איז געוואָרן אַ היימישער טיטול, און די לאַטיינישע ציטאַטן, פון וועלכע ער האָט זיך נישט געגעבן קיין ריר, האָבן אָנגענומען אַ יידיש־היימישן אויסזען.

* * *

עס האָט זיך אים תמיד געוואָלט לייענען. ווען אַפילו מען האָט געוואוסט אַז ער איז זיך סותר. דוקא דאָס סותר־זיין זיך, דאָס שטענדיקע אָפּפרעגן, דער „אפשר" און „אָבער", וואָס ער פלעגט איבערשטעלן אין זיינע פיין־געבויטע זאַצן, — האָט פאַראינטריגירט. די אומזיכערקייט, דער צווייפל איז געפעלן. אָט קען זיך אַ שעפערישער מענטש אַוועק־שטעלן אין אַ זייט, און זאָגן: „טאָמער פאַרקערט"? ווען אַלץ אַרום אונדז איז אַזוי זיכער, אַזוי יאָ־מעסיק און צושטימענדיק. קאָראַלניק האָט זעלטן צוגעשטימט. ער איז ס'רוב געווען אויף דער זייט פון דער מינאָ־ריטעט; אַ שטילער, שטימונגספולער יחיד קעגן אַ טומלדיקן רבים וואָס שרייט „יאָ", הויך, אויפן קול. אין דעם „ניין זאָגן", און אין דעם אומ־צופרידענעם שטיל־פּראָטעסטירנדיקן שווייגן איז געלעגן אַ גרויסער כוח. דאָס שווייגן זיינס האָט שפּעטער־צו געבוירן די אַנצאָליקע עסייען מיט די וואונדערלעך־געלונגענע קעפּלעך, וואָס האָבן די לייענער און פאַרערער זיינע גליייך צו וויסן געטאָן דעם טיפן תוכן, וואָס ער איז אויסן מיט זיין שרייבן. פאַראַן איראָניע און הומאָר אַפילו אין די בלויזע נעמען פון זיינע אַרטיקלען.

אין תוך — אַ טיפּישער אינדיווידואַליסט, וואָס האָט אויסגעהאַלטן, ביז זיין לעצטן אָטעם, די שרייענדיקע קולות, די קאָלעקטיווע שטורעם־ווינטן פון דער צייט. קאַראַלניק האָט אויסגעמידן טומל און סענסאַציע, כאָטש אַ סך האָבן אים גאָר חושד געווען אין אינטעלעקטועלן עקסהי־ביציאָניזם. דער חשד איז געקומען צוליב דער טבע זיינער, פון כסדרדיקן זיך גריבלען אין אַלטערטום. מ׳האָט זיך נישט געכאַפּט אַז דאָס וויל אַ גייסטרייכער שרייבער זיך ראַטעווען וואָס איז מיט איראָפּע, און דער קולטור אירער, שוין זאַט, איבערגעגעסן זאַט. און ער וויל געפינען רו, אַן אַנטרינונג אין אַלטן מזרח. אָבער אויך דאָרט, אין די הייל־שלאָפנדיקע לאַבירינטן פונעם אַלטערטום, אין פּאָמפּיי, און צופוסנס די פּאַרגליווערטע ספינקן אויף די וועגן פון אַטענס, און אין די געצעלטן פון סאָקראַט און אַריסטאָטל, — האָט ער אויך קיין רו נישט געפונען.

קאַראַלניק האָט זיך אָנגעטאָן אַ כּוח, בעת ער האָט אין געדאַנק געפירט דיאַלאָגן צווישן דענקער און פילאָזאָפן; דראַמאַטישע עטיודן געשאַפן, און רעדן געלאָזט, אין זיין פּרעכטיקן סטיל, אַנטשוויגן־געוואָרענע דענקער פון אַלע צייטן. אָבער אויך דאָ האָט דער אייביקער אומרו, אין אויסערלעך־כּלומרשטע שטיל־מאַנירלעכע זשעסטן, זיך געריסן אין אים.

אין טעג ווען חשובע, יידישע געסט פון איראָפּע פלעגן אָנקומען אַהער, אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, און אַרום זיי, ווי דער שטייגער, האָט זיך געשאַפן טומל, פלעגט קאַראַלניק זיין צווישן די געציילטע, וואָס האָט זיין שטיל, עכט קול נישט געלאָזט הערן אין גרויסן כאָר פון די יובלער און הויך־שרייענדיקע באַגריסער. צווישן די לעצטע האָט ער געוואוסט כאַפּן זיך אַריין אַ סך פּוסטקייטן, אַ סך קהל־לעפל שרייער. און גאָר נישט האָט קאַראַלניק אַזוי פיינט געהאַט ווי די הויך־גאָרגלדיקע רעדנער. ער פלעגט דאַן באַהאַנדלען דעם גאַסט, — אַ ציוניסטישן פירער, אָדער אַן אַנדער גדול, — מיט דעם שטילסטן פון דאָס שטילע; מיט די רייד פון בודאַ. אַזוי, האָט קאַראַלניק, אומגעפער, באַגריסט ביאַליקן, ז״ל, צו זיין אָנקומען אין ניו־יאָרק, מיט שרייבן וועגן ביאַליקס שטילע שניי־לידער, שניי און שטילקייט. דער עסיי וועגן ביאַליקן, איז געווען ווי אַ שטיל, האַרציק טרייסט־וואָרט צום גרויסן פּאָעט פאַר זיין אָפּריכטן גלות אויף די פרעמדע גאַסן פון ניו־יאָרק, אויף די טומלדיקע אסיפות און באַנקעטן וואָס דער באַרימטער דיכטער האָט געמוזט בייזיין צוליב זיין ציוניסטישער שליחות.

אין אונדזער ליטעראַריש־וועלטל, מיט די קליינע השגות, האָט די

קאָראַלניקישע פּאָזע — דער מאַניר פון באַהאַנדלען די אַבסטראַקציע פון קונסט, מיטן אָנרירן תמיד די טונקעלע שאָטן־זייטן פון קינסטלער, — נישט געקענט אויפגענומען ווערן ווי געהעריק. ער איז ממש געווען אַ יחיד במינו. נישט געוועז פּאַר אים, און ס'איז נישט אויפגעקומען נאָך אים אַ שרייבער וואָס זאָל ביכולת זיין צו טראָגן אין זיך דאָס בעסטע פון דער אַלטער און נייער אייראָפּע, און דערביי דאָך בלייבן היימיש איינגעוואָרצלט אין יידישן גבול. אין יידיש און אין העברעאיש און אין די ליטע־ראַטורן אויףביידע לשונות. שווער צו זאָגן אויף וויפיל קאָראַלניק האָט געקענט די נייעסטע יידישע פּאָעזיע, זיין לשון אָבער, זיין זאַפּטיק־אוקראַינער יידיש האָט אים אַוועקגעשטעלט אין די פאָדערשטע רייען פון די יידיש־מייסטער, פאָרויס דעם נייעסטן וואָרט־נואַנס. קאָראַלניק האָט אָפט געשלאָגן אין דעם שווערסטן ווערטער־שטיין פון יידיש לשון און אַרויסגעהאַקט פון אים די פיין־פּאָלירטע שפּראַך־פאָרמען, קאָראַלניקס וואָרט־אוצר איז אָפט לייכט־וואָגיק, דערפאַר פלאַסטיש פאַרן אויג און דין־וויברירנדיק און קלאַנגיק פאַרן אויער. קאָראַלניק האָט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געברויכט אַ יידיש, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף זיין צונויפגעוואַקסנקייט, אויף זיין נאָכגיין און אָפט פאָראויסגיין דאָס יידישע וואָרט אין זיין פורמען זיך, אין זיין זוכן און אין זיין עקספּערימענטאַלן געפינען. דערביי האָט דאָס בעסערע, דאָס קריסטאַלי־זירטע פון דער, — איצט היפּש אָפּגעפרעמדטער, — אייראָפּעאישער קולטור, זיך נישט געמינערט אין אים, ווי אין אַ סך אַנדערע, וואָס האָבן, פריער, אין זייער היפּער־התפּעלות פאַר דער פרעמד זיך פאַרלוירן און אינגאַנצן אַנטוישט געוואָרן אין דער נישט יידישער קולטור־וועלט.

קאָראַלניק האָט מיט ווייטיק געשוויגן. געליטן וואָס מען האָט פון זיין אייראָפּע געמאַכט. בערלין, ווין, די היכלס פון דער אַלטער, ליבער אייראָפּע זיינער, זיינען שוואַרץ געוואָרן. שטילערהייט האָט ער זיך גע־טרייסט וואָס ער האָט פון פריער נאָך אָנגעגרייט אַ שמייכל פון אַ מידן; — דעם וואָס איז מיט דער מערב־קולטור שוין זאַט און ער זוכט אַן אָפּפרישונג אין אַלטן מזרח און אין אַלטן רוים פון ווירגיל און האָראַציאָ, ביי די הינדוסן, און אין דער אַלט כינעזישער קולטור און דיכטונג. ער האָט זיך אויך געטרייסט וואָס די גייסטיק, אים נאָענטע, פראַנץ ווערפעל און פויכטוואַנגער, סטעפאַן צוויייג און עמיל לודוויג האָבן זיך געראַטעוועט פון די טומאהדיקע לענדער, און ווי יאָזעפוס פלאַוויוס אין דער פויכטוואַנגער נאָוועלע, אַוועק אין דער פרעמד, אין דעם אייביק

יידיש־גייסטיקן נע ונד, און מיטגענומען מיט זיך דאָס שטיק גייסטיקע אייראָפּע וואָס זיי האָבן אין בלוט און אין פייער פונעם ערשטן וועלט־קריג, און אין יאוש נאָכן קריג מיט אַלע ריזן־כוחות פון גייסט געהאָלפן איינהאַלטן, איינהאַלטן ביז דער טייוול — דער פינצטערער נאַציזם האָט זיי באַזיגט און פאַרטריבן.

קאָראַלניקן האָט די טראַגעדיע דייטשלאַנד און עסטרייך — און פריער, נישט ווינציקער, דער באָלשעוויזם אויף אַ זעקסטל פון דער ערד — צעבראָכן. קאָראַלניק האָט אין די דרייסיקער יאָרן ממש נביאיש געדעדט וועגן דער פינצטערער, פּאַשיסטישער ממשלה וואָס רוקט זיך אָן אויף אונדז; גערעדט מיט אומעט, מיט פאַרצווייפלונג און מיט שטילער רעזיגנאַציע.

* * *

קאָראַלניק האָט געגאַנגען אַ פּאָר טריט ווייטער פון דעם קינסטלער־פעליעטאָניסט פון דער אַלטער ווינער טראַדיציע, וואָס איז כולל דעם עסייאיסט און פּאָליטיקער צוגלייך, און וועלכער איז נישט אָן דעם פּאָעטישן ניצוץ. קונסט, פּאָליטיק, האָט זיך ביי קאָראַלניקן געפּאָרט, ער האָט וועגן ביידע באַנוצט דעם זעלבן סטיל. ווייל, אייגנטלעך האָט ער דאָך נאָר איינעם פאַרמאָגט. קאָראַלניק האָט געקענט שרייבן וועגן וואָלטער ראַטענוי און וועגן — ר׳ מענדעלע קאָצקער; וועגן רמב״ם און וועגן — קלעמאַנסאָו; וועגן ר׳ שמעון בר יוחאי און וועגן — נאַפּאָ־לעאָן באָנאַפּאַרט, אין איין אָטעם, אין איין שטימונגספולן, רעזיגנירטן, אומעטיקן טאָן. אין דעם פּרט איז ער געוועזן גאַנץ, דער געבוירענער שעפערישער עסייאיסט, פאַר וועמען דענקער, פּאָליטיקער, שטאַטסמענער און דיכטער זיינען נישט מער ווי טעמעס אין וועלכע ער שפּילט אויס זיין וואָרט־און־געדאַנקען־שפּיל. קאָראַלניק פלעגט, בכלל, וועגן אַ גאַנצן בוך נישט שרייבן. ווי אַן עסייאיסט, און נישט קיין קריטיקער, האָט אים תמיד פאַראינטערעסירט די איינציקע געשטאַלט, די צענטראַלע אין אַ ווערק, און אַרום דער דאָזיקער געשטאַלט, האָט געקרייזט דער קאָראַלניקישער געדאַנק, שפּילעוודיק, לייכט, ווי אַ ליד אין פּראָזע, און מיט אַ טיפן תוכן הינטער דעם זינגענדיקן, לייכטן שפּיל פון ווערטער. עס איז, צוגלייך, קלאָר געוואָרן אי דאָס גאַנצע בוך פון מחבר, אי ער, דער שרייבער אַליין. אָפט פלעגט קאָראַלניק אַרויסציען, ווי מיט אַ כישוף־האַנט, אַ זייטיקן העלד פון אַ ווערק און אים גאָר אויסטייטשן פאַר דעם

צענטראַלן העלד, וואָס דער שרייבער האָט אַפילו נישט מכוון געווען: פונקט קאַפּויער ווי עס איז די עובדה פונעם ליטעראַטור־קריטיקער.

* * *

דאָס לעצטע מאָל האָב איך קאַראַלניקן ע״ה געזען ביי אַ געוויסער ליטעראַרישער פייערונג, צווישן יונגע יידישע שרייבער. ער האָט זיך, אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, געטוליעט צו יינגערע פון אים. געקומען איז ער דעמאָלט צו יידישן פּאָעטן דערציילן זיי וואָס אַזוינס ער האָט געזען אויף די גאַסן פון ניו יאָרק. אַ שטימונגס־מענטש, אַ דיכטער אין האַרצן האָט אים געצויגן אַמאָל מער צום דרויסן ווי צום בוך, מער צום לעבן גופא וואָס פּולסירט, ווי צום בוך וואו עס ווערט באַשריבן און באַמאָלן.

ער האָט גערעדט שטיל, ווי זיין טבע איז געווען. און אין זיינע רייד זיינען אויפגעגאַנגען בילדער פון ניו־יאָרק ביינאַכט. ער איז פאַרביי אַ זייטיקע גאַס און דערזען אַ פעסל, אַ קוק געטאָן — און דערזען אינעווייניק ליגט אַ מענטש, צונויפגעדרייט ווי אַ שלאַנג און — שלאָפט. אין דער גרויסער וועלט־שטאָט, אין דעם ריזיקן ניו־יאָרק — האָט אַ מענטש נישט קיין אָרט וואו צו שלאָפן, סיידן צונויפגעדרייט אין אַ שמאָל פעסל, ערגעץ הינטער אַ גאַס ביים ברעג פון האָדסאָן. — — —

דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַ וויש געטאָן דעם שטערן און ווייטער בנעימותדיק גערעדט. גערעדט וועגן האַרציקייט אין דער דיכטונג, וועגן מענטש וואָס דאַרף זיין די הויפּט־טעמע ביי די פּאָעטן. און ער האָט געעצהט די יידישע דיכטער זיי זאָלן אַרויסגיין אויף די ניו־יאָרקער גאַסן און זען ווי מענטשן לעבן, ווי מענטשן שלאָפן — — —

מיין שכן, אַ יונגער דיכטער, האָט ברייט אַ שמייכל געטאָן; מאָרגן וועט קאָראַלניק עפּעס אַנדערש פּאָדערן פון יידישע דיכטער. זיכער איז יענער יונגער דיכטער געווען גערעכט. קאָראַלניק האָט אַלעמאָל גע־פּאָדערט עפּעס אַנדערש. מיר לייענען דאָס אַרויס אין די לעצטע, און אפשר די שטאַרקסטע זאַכן זיינע, אין די עסייען וואָס ער האָט געשריבן אויף זיין קראַנקען־בעט: „על משכבי בלילות”. קאָראַלניק האָט גע־פּאָדערט דאָס אַנדערשדיקע פון זיך און פון אַנדערע. ווייל ער אַליין איז שטענדיק געווען אין דער בחינה פון דער שעפערישער אַנדערשקייט. אין תוך קומט דאָך דאָס אמת־שעפערישע, איבעראַשנדיק, קוועלנדיק און אין צייט. און אַזאַ איז אויך געווען דער עסייאיסט אברהם קאָראַלניק, שטענדיק איבעראַשנדיק און ניי.

(1953)

אַן אַנדערש מאָל האָט ער געפאָדערט קולטור, אינטעלעקט. ברייי־טערע און טיפערע השגותביים יידישן דיכטער. אין די לעצטע עסייען זיינע, — האַרציקייט, האַרציקער טאָן וואָס זאָל קומען אין דער עכטער און ערלעכער — נישט ליטעראַרישער — איבערלעבונג, ווייל ער האָט, משמעות, געזען אַז אין צופיל מוח־שפּאַלטנדיקע טעאָריעס פאַרנעמען זיך אַפילו די מער טאַלאַנטירטע יידישע דיכטער, צופיל פּראָגראַמען, און שכלדיקייט, פּלאַקאַטן־מעסיקע לידער־אויסגעשרייען וואָס זיינען דער היפּוך פון אמתע דיכטונג, און ער האָט ווידער געוואָלט זיין מיט דעם מיעוט, מיט די ווייניקע אין צאָל, און מיט די שטילערע וואָס טומלען נישט.

1937

# ב. ריוואַקין*)

ווי ס׳רוב אין זיינע עסייען וועגן שרייבער, האָט ב. ריוואַקין אויך דאָס מאָל שטאַרק פּאַראינטערעסירט מיט זיין עסיי „די קונסט איז פון ציניקערס וועגן״ (אין זשורנאַל „שיקאַגע״, 1935). דאָס איז איינס פון אַ סעריע אַרטיקלען וואָס ב. ריוואַקין שרייבט וועגן דעם שריפטשטעלער דוד איגנאַטאָוו, און ווי אָפט אין זיינע עסייען שרייבט דאָ ריוואַקין אי וועגן די ווערק פון דוד איגנאַטאָוו, אי ער זאָגט אַרויס געדאַנקען אַזעלכע וואָס האָבן דירעקט מיט דעם שרייבער דוד איגנאַטאָוו נישט קיין שייכות. און די דאָזיקע געדאַנקען כאַראַקטעריזירן אויף דעם בעסטן אופן ב. ריוואַקין דעם קריטיקער און קונסט־אַפּאָסטאָל, און זיי ווייזן צו וואָס אַלע זיינע זוכענישן אין דער ליטעראַטור האָבן דערפירט.

כדי ווי עס איז צו דערקלערן די אייגנאַרטיקע קונסט פון דוד איגנאַ־

---

*) צווישן די עסייען וואָס ב. ריוואַקין, ע״ה, האָט אונדז איבערגעלאָזט פון זיין רייכער ליטעראַרישער ירושה, און וואָס איז, אין בוך־פאָרם, דורך זיין פרוי, די דיכטערין מינאַ באָרדאָ־ריוואַקין, נאָך נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן, — געפינט זיך די עסיי „די קונסט איז פון ציניקערס וועגן״. דאָס איז אַ קאַפּיטל פון אַ גרעסערער אַרבעט וואָס ב. ריוואַקין האָט געשריבן וועגן דעם שרייבער דוד איגנאַטאָוו. איך האָב זיך בשעתו אָפּגערופן, אין אַ קורצן אַרטיקל, וועגן דער דאָזיקער עסיי. און איך געדענק נאָך איצט ריוואַקינס הילכיקן געלעכטער, ביים באַגעגענען זיך מיט אים, ערגעץ אויף איסט־בראָדוויי, און זיין גוטמוטיקע באַמערקונג, אויף זיין באַסאָוון האַלב־שטאַמלדיקן אופן, ברומענדיק, מעשה גוטער ברודער: „אָט, אָט, נו, גוט אַריינגעזאָגט, האַ?״ קיין בעסערן געגנער צווישן יידישע שרייבער קען מען זיך גאָר נישט ווינטשן ווי ב. ריוואַקין ע״ה איז געווען. זיכער פאַרדינט ב. ריוואַקין אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג. פונדעסטוועגן האָב איך דערוויל געפּועלט ביי זיך איבערצודרוקן, מיט קליינע ענדערונגען, יענעם אַרטיקל (געדרוקט אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע״, 1935), ווייל אין תוך האָט זיך גאָר נישט געענדערט ביי דעם שרייבער פון די שורות בנוגע דער ראָל פון דעם קריטיקער, און די ווערק פון שרייבער, וואָס שאַפן די מעגלעכקייט און וואָס סטימולירן, אַז דער קריטיקער זאָל האָבן וואָס צו זאָגן.

(ש. ד. ז. יאַנ. 1, 1959)

טאָוו האָט ריווקין פריער פאַר אַלץ דערוויל געוואָלט געבן אַ טויט־קלאַפּ דער קונסט בכלל. כדי ווי עס איז איבערצוגעבן און פאַרטייטשן דעם פּרומען, עטישן, ווייניק־מעשהדיק־אינטריגירטן סטיל איגנאַטאָווס, האָט ריווקין דערוויל מבטל געמאַכט די קינסטלערישע פאָרמען און די מלאכה פון שרייבן מיט וועלכע קינסטלער אין אַלע צייטן האָבן זיך באַנוצט. ער איז געקומען צו אַ שלוס, — לאָזט אונדז ב. ריווקין וויסן — אַז „דאָס, וואָס מען פאַרשטייט געוויינלעך אונטער קונסט, האָט מען הויפּט־זאַכלעך דעם ציניקער אינזינען". שרייבן קינסטלעריש, הייסט צופרידנ־שטעלן דעם ציניקער־לייענער, וועלכער איז דאָס רוב אַ מפונק, אַ נישט־גלויביקער, און וועמען עס גייען ניט אָן די גרונט־אידייען פון אַ ווערק, דער גלויבן, די הויפּט־כוונה, מיט וואָס דער שרייבער איז פול געווען בעתן שרייבן דאָס ווערק; אים, דעם ציניקער־לייענער, — (און יעדער גוטער לייענער איז אַ ציניקער לויט ריווקינען...) ליגט אין קאָפּ נאָר דער אויסערלעכער עפעקט, נישט די עצם־פונקציע, דער מיטל, נישט דער ציל, וואָס אַ שריפטשטעלער מיט אחריות דאַרף זיך שטעלן.

אין דער דאָזיקער עסיי האָט ריווקין זיך דערקלערט צו אַזוינס, אויף וואָס מיר האָבן געהאַט אַ חשד פון לאַנג שוין: נעמלעך, אַז ב. ריווקין איז נישט בלויז אַ קריטיקער, אַן אָפּשאַצער, אַן אויסטייטשער פון קינסטלע־רישע ווערטן, נאָר ער איז פריער פאַר אַלץ, אַ שרייבער מיט מיסיעס, מיט פאָדערונגען, וועלכע ער האָלט אין איין אונטערטראָגן דער קונסט. נאָכמער: אָפט איז ער דער פאָרויסגייער, דער פאָרויסטרעגער פון אידייען, אַליין אייגן־אויסגעטראַכטע, פאַר יידישע שרייבער. צווישן די יידישע קריטי־קער — אפשר דער יידישסטער, אַ מיסיאָנער אין דער ליטעראַטור; אַ זוכער פון ריינע, גלויביקע נשמות צווישן שרייבער . . . אַמאָל איז עס געווען „משיחיזם", וועלט־ און מענטש־דערלייזונג, לעצטנס איז עס סתם אַבסטראַקטער גלויבן: „קונסט, וואָס וואָרצלט אין גלויביקייט". קיין אַנדער קונסט עקזיסטירט נישט פאַר ריווקינען.

ב. ריווקין איז פון זיין אידייען־קרייז נישט אַרויס. ער האָט צוגלייך אויך באַוויזן דעם כח אַריינצונאַרן, אַריינצוציען נישט־גלויביקע שרייבער־נשמות, און זיי „אָפּגעראַטעוועט", געמאַכט זיי פאַר אידייען־זוכער, משיח־ברענגער און, לעצטנס, שיר נישט פאַר נביאים . . . ער האָט אין פאַר־לויף פון יאָרן, — נאָך איידער דער לאָזונג פון פּראָלעטאַרישער ליטע־ראַטור איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, — געזוכט תוך, דעם מוסר־השכל, אינ־האַלט ביי שריפטשטעלער. אים איז זעלטן אָנגעגאַנגען, למשל, די אויסער־

לעכע שוואַכע טעכניק פון לייוויקס ערשטע ווערק (ווי מיר לייענען עס אין זיינע אַרטיקלען וועגן לייוויקן), ווי עס איז אים קנאַפּ אָנגעגאַנגען לייוויקס אויסגעוואַקסענע, דערוואַרבנדיקע שלמות און מייסטערשאַפט. אַבי לייוויק איז „בייגעקומען די שטערונגען, וואָס די ציניקער לייגן אין וועג דעם נישט־ציניקער־שריפטשטעלער."

איבעריק צו זאָגן, אַז ריווקין שטעלט זיך אַרויס פון כלל. טיילט זיך אָפּ פון די, וואָס ווילן נאָך מיט אַלע כוחות אָנהאַלטן דעם ביז־איצט אָנגענומענעם נוסח און באַגריף וועגן קונסט. אַזוי האַרב ווי ער משפט דעם ליטעראַט, טוט עס קיינער נישט. ריווקין קומט צוהילף נאָר קינסטלער פון דעם „העכערן מין", די, וועמען ס'איז שווער, לויט זיין מיינונג, נאָכצוקומען די אָנגענומענע „קונסט־כללים..." אַליין שטעלט ער זיך אַוועק מלחמה האַלטן מיט די, וואָס ער רופט „ציניקער". זיין וואָפן איז די טיפע אמונה, אַז „עס מוזן זיכער זיין קינסטלער, וואָס האַלטן פאַר זייער הויפּט־באַרוף ניי־צוגעבערן, ניי־צו־באַשאַפן מענטשן דורך דעם כוח פון גלויבן". דערמיט שליסט זיך ריווקין לגמרי אויס פון דעם עסטעטיקער־צעך.

אָבער וואָס זאָלן מיר פאַרט טאָן, אַז טייל שרייבער מיט די בעסטע כוונות און טיפסטע אידייען זיינען פאַרט נודנע און נישט אינטערעסאַנט?... אַזעלכע זיינען פּרעדיקער, עטיקער, גרויסע און נאָבעלע מענטשן, בעלי־מידותניקעס, אַלץ, נאָר נישט קיין שרייבער אין טיפערן זינען פון וואָרט. ווען אידייען, אין וועלכער עס איז קונסט־ווערק, ווערן ניט אָנגעקליידט דורך לעבעדיקע געשטאַלטן, אין אַן אָפּקלייב פון ווערטער, בלייבן זיי הויל און פּוסט.

און מען קען טאַקע די אַלע דערוואַרבנדיקע דערפאַרונגען, וואָס האָבן געמאַכט געבערן דעם באַגריף „קונסט", צושרייבן אויפן חשבון פון דעם ציניקער?... און לייענער, אָן דעם ציניש „מום", מענטשן, בטבע עטישע און גלויביקע, קענען נישט שטעלן קיין פאָדערונגען דעם שרייבער, אין נאָמען טאַקע פון דעם געווינשטן קונסט־באַגריף?... זיינען דען נישט דאָס רוב לייענער און קריטיקער ווייט פון ציניזם, און דאָך פיינשמעקער און מפונקים?... פאַרוואָס עפּעס איינגיין אויף דערלויבן דעם שריפטשטעלער, געבן קרעדיט זיינע העלדן אין דער האָפענונג, אַז זיי וועלן ווען עס איז, אין שפּעטערדיקע ביכער, אַמאָל אויסוואַקסן? די קונסט זוכט דעם סך־הכל, דעם רעזולטאַט, און ווייס נישט פון אַזאַ סוחרישן באַגריף, זי וויל רק שלמות, פאַרענדיקטע גאַנצע זאַכן. זי איז קאַרג אויף רייד, די האַרינטע קונסט. זי מיידט אויס באַריידעוודיקייטן, און וויל תמיד דעם עיקר: די גאַנצע

געשטאַלט, ווי אַזוי ווידער איז איר „גאַנצע עובֿדה צו באַגרעניצן דעם מענטשן?"

***

ריווקין רודערט אויף מיט זיין וואָרט, זיין געדאַנק שפּרודלט תמיד פריש, איינפאַלעריש און מסוכן־אומדערוואַרט. נאָר צום גרויסן באַדויערן, מיטנעמען אונז אויף די פליגלען פון זיין געדאַנק, דאָס באַוויזט ער זייער זעלטן. מיר באַוואונדערן דעם אימפּעט פון זיין דענקען, אַמאָל גאַנץ־באַ־ריידעוודיקן, פליסנדיקן געדאַנקען־שפּיל, נאָר אַריינגעצויגן ווערן אין אים לאָזט ער אונדז נישט.

זיי שפּילן אָפּ, זיינע „קונסט־טעאָריעס", אָבער ווערן נישט אויסגע־שפּילט. פאַרקערט, זיי רעגן דעם געדאַנק, ממש ווי אין רייען שטייען זיי אויסגעשטעלט און וואַרטן, מען זאָל זיי צונויפקייטלען, צונויפנעמען:

א. משיחיזם.

ב. טעאַטעריי.

ג. פּאַן־יידיש־אַמעריקאַניזם.

ד. העל־זעערישער נביאיזם.

און לעצטנס אין דער נייעסטער מיסיע: „קונסט, וואָס וואָרצלט אין גלויביקייט". די אַלטע טויג נישט. זי איז פון ציניקערס וועגן...

ריווקין האָט אַזוי לאַנג גערעדט וועגן דער מיסיע פון דער קונסט ביז ער האָט זי דערפירט צום מינימום... דער עיקר איז גאָר עפּעס אַנדערש: דער „נאָך־עפּעס" האָט דאָ אויפגעשלונגען די עצם־פונקציע, וואָס איז אין פאַרלויף פון הונדערטער דורות געשטעלט געוואָרן דעם מעשה־דער־ציילער, פּאָעט, דעם מענטש פון דער פאַנטאַזיע, דעם געבוירענעם בעל־חלומות.

בלייבט די פראַגע: איז טאַקע די קונסט פון ציניקערס וועגן?

1935

# הלל ראָגאָף

(וועגן בוך „דער גייסט פון פאָרווערטס")

אין פאָרוואָרט שרייבט הלל ראָגאָף: „דאָס בוך פּרעטענדירט נישט צו זיין אַ געשיכטע פון דער ׳פאָרווערטס׳־רעדאַקציע". ראָגאָפס כוונה איז „אַ פּיל מער באַשיידענע", ער איז דאָ אויסן נישט מער ווי „דערציילן אייניקע פון מיינע דערינערונגען פון די לאַנגע יאָרן וואָס איך בין פאַרבונדן מיט דער ׳פאָרווערטס׳־רעדאַקציע". אין קאַפּיטל פיר קומט צום אויסדרוק אָט דער באַשיידענער צוגאַנג פון מחבר אין די פאָלגנדיקע שורות:

„וואָס עלטער אַ מענטש ווערט, אַלץ מער שווימען אַרויס פון די טיפענישן פון זיין זכרון די איבערלעבונגען פון דער יוגנט. אַזאַ דערפאַרונג האָב איך געהאַט אין די טעג ביים דערגרייכן דעם עלטער פון זיבעציק יאָר".

אַזאַ אינטימער טאָן אין שרייבן, ווי מיר געפינען עס אין דעם בוך, איז פון די זעלטענע פאַלן אין ראָגאָפס רייכער שריפטשטעלערישער טעטיקייט. און געוויס וועלן זיך קענען באַנוצן מיט דעם בוך היסטאָריקער ביים שרייבן די געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע. אָבער נישט ווינציקער וועלן ראָגאָפס זכרונות זיין אַ גרויסע הילף אויך פאַר דעם היסטאָריקער פון דער היגער יידישער ליטעראַטור. ווייל דאָ ווערט דערציילט וועגן אָנגעזעענע יידישע שרייבער, פון זייער לעבן און זייער כאַראַקטער, וואָס זיינען ביז־איצט ווינציק וואָס געווען באַקאַנט.

„דער גייסט פון ׳פאָרווערטס׳", איז אָבער, פריער פאַר אַלץ, אַן אינטערעסאַנט און לייענבאַר בוך. שוין דאַן, ווען דאָס דאָזיקע בוך האָט זיך געדרוקט סעריע־ווייז אין „פאָרווערטס" האָבן די זכרונות ראָגאָפס, קען מען זאָגן, שטאַרק פאַראינטערעסירט אַלע סאָרטן לייענער. מען האָט געוואַרט אויף דעם המשך פון די קאַפּיטלעך, אין וועלכע ה. ראָגאָף האָט אַזוי לעבעדיק און מיט אַזאַ זעלטענער וואַרעמקייט גע־שילדערט די צייט בעת דער „פאָרווערטס" איז געגרינדעט געוואָרן, און די זכרונות פון די ערשטע מיטאַרבעטער, די שרייבער, און אַרבעטער־

פירער, און זייער ביישטייער צו דער צייטונג מיט וועלכער הלל ראָגאָף איז פאַרבונדן אַזוי פיל יאָרן.

פאַראַן אַ באַשיידענער טאָן אין אַלץ וואָס ראָגאָף שרייבט. נישטאָ ביי אים קיין שרייבעריש־גדלותדיקער שטעל; ס'איז די אַרבעט פון דעם געלערנטן, פון דעם פאָרשער, וואָס מיידט אויס סענסאַציעס, און וואָס שטרעבט שטענדיק צו זאָגן עפּעס דעם לייענער, אים צו אינפאָרמירן אויף אַ לייכטן און זאַכלעכן אופן, וועגן צייט־פראַגן און פּראָבלעמען. אַ סך פון ראָגאָפס פּובליציסטישע און ליטעראַרישע אַרטיקלען, גע־דרוקט אין „פאָרווערטס", במשך פון יאָרן, וואָלטן זיכער געקענט צוזאַמענ־שטעלן מער ווי איין ווערטפול בוך. און דאָס דאָזיקע בוך וואָלט, אָן ספק, געקענט פאַרנעמען דעם זעלבן חשובן אָרט אין דער ליטעראַטור, ווי עס פאַרנעמט איצט, אַ שטייגער, זיין „געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן", אָדער דער באַנד עסייען אין ענגליש, וועגן ליעסינען, מאָריס ראָזענפעלדן און אַנדערע, וואָס איז אַרויס מיט יאָרן צוריק.

אין בוך קומט אויך צום אויסדרוק ראָגאָפס געטריישאַפט צו דער צייטונג וועלכער ער האָט געווידמעט אַלע זיינע שעפערישע כוחות. מיר האָבן דאָס געפיל, אַז די אַרבעט אין דער פרעסע האָט ביי ראָגאָפן נישט איין וויסנשאַפטלעך־געשיכטלעכע און ליטעראַטור־קריטישע אַרבעט צו־גערויבט.

מחמת דער ליבשאַפט און געטריישאַפט צו דעם לייענער און צו דער צייטונג, פאַרגעסט נישט ראָגאָף צו דערציילן די מעלות פון דעם פריערדיקן און לאַנג־יאָריקן רעדאַקטאָר אַב. קאַהאַן, פאַר וועמען דער „פאָרווערטס" איז געווען דער העכסטער אידעאַל אין זיין לעבן, און וועמעס השפעה לאָזט זיך מערקן נאָך עד היום. ווי דער נאָכפאָלגער פון אַב. קאַהאַן, פּרואווט ראָגאָף פאַרגלעטן, און פאַרענטפערן די אומפאַר־מיידלעכע טעותן, נישט בלויז ביים פריערדיקן רעדאַקטאָר, אַליין, נאָר אויך ביי אַ סך פון די אַלטע, חשובע מיטאַרבעטער. ראָגאָפן גייט נישט אַזוי אין דעם געפינען דעם גערעכטן אָדער אומגערעכטן צד, דעם שולדיקן אָדער דעם אומשולדיקן, און די לאַנגע ברוגזן, סיכסוכים און צוזאַמענ־שטויסן צווישן דעם רעדאַקטאָר אַב. קאַהאַן און זיינע מיטאַרבעטער, די שרייבער. ראָגאָפן גייט מער אינעם אַרויסברענגען דעם כאַראַקטער, דאָס מענטשלעכע פון יעדן צד. ער גיט, סוף כל סוף, קיינעם נישט גערעכט. ראָגאָף קומט בלויז אונדז געבן צו פאַרשטיין די סיבות וואָס האָבן געפירט צו די אינערלעכע מחלוקתן אין דער צייטונג.

פונקט ווי דער קעגנערישער צד אַזוי האָט אויך אַב. קאַהאַן געמאַכט טעותן. קען מען דען פאַרגעסן אַב. קאַהאַנס באַציאונג צו יידיש, און יידישע שולן, און דער צוקונפט פון יידיש אין אַמעריקע? מען דאַרף אָבער אין זינען האָבן, אַז שרייבנדיק וועגן דער פאַרגאַנגענהייט און די פאַרדינסטן פון די בויער און פיאָנערן, איז, באַטירלעך, פאַר די, וואָס פאַרנעמען זייער אָרט, אַז זיי זאָלן, דער עיקר, וועלן אַרויסברענגען דאָס פּאָזיטיווע, דאָס דויערנדיקע אין דער טעטיקייט פון די פיאָנערן, פון די, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער גרעסטער יידישער צייטונג אין דער וועלט.

ה. ראָגאָף איז געשטאַנען נעענטער צו אַב. קאַהאַן ווי ווער עס איז פון די „פאָרווערטס״־מיטאַרבעטער.

„אַ מענטש״ — שרייבט ראָגאָף, — „וואָס שטייט אין דער שפּיץ פון אַן אָרגאַניזאַציע יאָרן לאַנג קען לייכט זיך אַרומרינגלען מיט פריינט, פּאַטריאָטן, וועלכע זיינען גרייט אים צו פאָלגן בלינדער־הייט, צו שטיצן אַלץ וואָס ער וויל, צי ער איז גערעכט אָדער נישט. דאָס איז נישט געווען דער פאַל מיט אַ. קאַהאַנען אין דער ׳פאָרווערטס׳־אַסאָסיאיישאָן, דאָס האָט נישט געקענט זיין, פשוט דערפאַר, ווייל קאַהאַן איז פון דער נאַטור געווען אומפעאיק צו שאַפן אַזאַ גרופּע אַרום זיך. ער איז געווען אַן איינזאַמער מענטש, אַריינגעטאָן אין זיין אַרבעט, ער האָט זיך זעלטן באַגעגנט מיט פריינט און באַקאַנטע אין פּריוואַטע היימען, אויסערהאַלב דער ׳פאָרווערטס״־געביידע אָדער אין אַנדערע עפנטלעכע ערטער״.

דאָס בוך ראָגאָפס וועט דערמאָנען אַ סך לייענער, וואָס האָבן שוין פאַרגעסן, אין כסדרדיקע קאַמפן אין דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג צווישן רעכטס און לינקס, וואָס דער „פאָרווערטס״ און אַנדערע יידישע צייטונגען, צייטשריפטן און זשורנאַלן האָבן געהאָלפן אויפדעקן די שענדלעכע ראָלע פון די קאָמוניסטן דאָ אין לאַנד; דער ענין סאָוועט־רוסלאַנד, און די באַציאונג פון די כלומרשטע, ליבעראַלע קרייזן צו רוסלאַנד אין די צוואַנציקער יאָרן. ראָגאָף שטעלט זיך אָפּ אויף די וואַקלענישן, און די טעותן, וואָס אַ סך פון דעם דור יידישע אימיגראַנטן האָבן דאַן געהאַט.

„די צוויי גרויסע שלאַכטן״, — שרייבט ראָגאָף — „וואָס דער „פאָרווערטס״ האָט געמוזט פירן, זיינען פאַרגעקומען, איינע קעגן

דער „איי־דאָבליו דאָבליו״, אין די ערשטע פופצן יאָר פון אונדזער יאָרהונדערט, און די צווייטע קעגן די קאָמוניסטן פון די צוואַנציקער יאָרן אָן, און די ׳ביידע שלאַכטן׳, — פירט ראָגאָף אויס, — „האָבן דעם ׳פאָרווערטס׳ זייער פיל געקאָסט. ער האָט זיי ביידע דערפירט צו אַ דערפאָלגרייכן סוף״.

אינטערעסאַנט זיינען די שטעלן אין בוך, אין וועלכע ראָגאָף דער־ציילט פון זיין לעבן, און די יונגע יאָרן זיינע, אַלס סטודענט אין „סיטי קאָלעדזש״, און די באַקאַנטשאַפט מיט אַדאָלף העלד און ה. גרינפעלד. ער האָט דאַן אַפילו נישט געחלומט צו ווערן אַ שרייבער. און ווען אַב. קאַהאַן האָט אים איינגעלאַדן צו ווערן אַ מיטגליד אין דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס״ האָט עס אים אַ ביסל צעטומלט. ראָגאָף האָט זיכער אַ סך מער צו דערציילן פון זיינע סטודענטיש־ישיבה בחורישע יאָרן, דאָ אין לאַנד, אָבער מיט זיין גאַנצער דורכאויס עכט־יידישער דערציאונג, האָט ראָגאָף איבערגענומען אַ סך פון דער היגער אַמעריקאַנער קולטור. די דיסציפּלינירטקייט, און דאָס אויסמיידן צו רעדן וועגן זיך געהערן צו די איינפלוסן פון דער אַמעריקאַנער קולטור וואָס איז נאָך אַלץ, אין תוך, אַנגלאָ־זאַקסיש אין בעסערן זינען פון וואָרט.

צווישן די כאַראַקטעריסטיקס וועגן די שרייבער פון דעם עלטערן דור איז זייער אינטערעסאַנט דער קאַפּיטל וועגן מ. באַראַנאָוו. ראָגאָפס באַגייסטערן זיך פאַר באַראַנאָוון גיט אַ זעלטן און ביז גאָר אינטערע־סאַנטן פּאָרטרעט פון אָט דעם איצט שוין אומבאַקאַנטן טאַלאַנטפולן שרייבער.

אין זיין פאָרוואָרט דערמאָנט ראָגאָף, אַז „נישט וועגן אַלע מיט־אַרבעטער האָב איך געשריבן״. צוליב זיין געזונט צושטאַנד, איז ראָגאָף „געצוואונגען געוואָרן איבערצורייסן די אַרבעט אין מיטן״. עס ווילט זיך טאַקע האָפן, אַז ראָגאָף וועט פאָרזעצן די זייער אינטערעסאַנטע דערינערונגען זיינע, און אויך דערציילן פון די שרייבער, וואָס ער האָט, ליידער, אויסגעלאָזן אין דעם בוך. ראָגאָפס דעראינערונגען פון „פאָרווערטס״ וועלן, אָן ספק, זיין אַ קוואַל פון אינפאָרמאַציע פאַר דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

1955

# נח שטיינבערג

אַז די דאָליע פון דעם קריטיקער ביי אונדז איז איצט ווייט, ווייט נישט קיין געהויבענע — קען מען זען פון די „נעקראָלאָגן" אין דער פּרעסע, אין די זשורנאַלן און וואָכנבלעטער, וואָס נח שטיינבערג און ב. גראָבאַרד ע"ה האָבן געקראָגן נאָך זייער טויט. וועגן נח שטיינבערגן האָבן געשריבן אַלטער עסעלין און יצחק האַראָוויץ („פרייע אַרבעטער שטימע"). אינגאַנצן פאַרשוויגן האָט מען דאָס טויט פון ב. גראבארד, און דווקא וועגן גראבארדן איז געווען צו דערוואַרטן כאָטש אַן איינציקע טרער, אַ וואָרט פון טרויער, פון זיינע נאָענטסטע קאָלעגן, דיכטער און פּראָזע־שרייבער, וועגן וועלכע גראָבאַרד האָט געשריבן מיט אַזוי פיל באַגייסטערונג אין די פאַרשיידענע זאַמל־ביכער און זשורנאַלן, און גאָר באַזונדערס אין זיין בוך „אַ פערטל יאָרהונדערט".

וואָס פאַר אַ מיינונג מיר זאָלן נישט האָבן וועגן גראָבאַרדס בוך, ווערן דאָרט דערמאָנט שרייבער מיט נעמען, וואָס זיינען ליטעראַריש פּראָדוקטיוו אויף אַלע געביטן. פאַרוואָס אַזאַ אומדאַנקבאַרקייט? פאַרוואָס אַזאַ טויט־שווייגן? יאָ, בשעת דער קריטיקער לעבט און ער גיט קאָמפּלימענטן — מהיכי תיתי. שטאַרבט ער — איז לא יזכר. ווי אָפט, אַ שטייגער, ווערט בעל־מחשבות דערמאָנט? צוויי יאָר בלויז זינט ש. ניגער, ז"ל איז אַוועק פון אונדז. וואו זיינען די אַרטיקלען צו זיין יאָרצייט? פאַרוואָס אַזאַ טויטשווייגן וועגן איינעם וואָס האָט אַזוי פיל געלעבט און געאָטעמט מיט דער גאַנצער יידישער שרייבער־משפּחה אין דער גאָרער וועלט?

***

נח שטיינבערגן האָב איך באַגעגנט שוין אין די יאָרן, ווען ער האָט זיך דערווייטערט פון זיינע ליבלינג־שרייבער. ער איז געווען איינזאַם. און געערעכט איז דער דיכטער עסעלין ווען ער זאָגט, אַז שטיינבערג איז געווען „דער איינזאַמסטער פון אַלע שרייבער". אין זיין איינזאַמקייט האָט שטיינבערג קיין גוט וואָרט נישט געהאַט וועגן די מערסטע דיכטער און דערציילער, וועגן וועלכע ער האָט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט געשריבן אין זיין בוך „יונג־אַמעריקע", ווייזט אויס, אַז ס'איז אָפט געזינטער פאַרן

קריטיקער צו לעבן מער מיטן בוך פונעם שרייבער, מיט זיינע ווערק און ווינציקער — מיט אים' אַליין. און שטיינבערגן האָט תמיד מער פאַר־אינטערעסירט דאָס לעבן פונעם שרייבער גופא, זיינע טראַכטענישן, זיין קוק אויפן לעבן, און אַפילו דאָס אינטימע לעבן זיינס, אין דער מסיבה פון זיינע נאָענטסטע אין שטוב, און אין גאַס. אַ ריכטונג אַזאַ אין דער קריטיק, אין אונדזער ליטעראַטור מיט איר ערנסט, און מיט אירע אידיי־אישע שליחותן האָט די דאָזיקע ריכטונג קיין ריכטיקן באַדן נישט זיך אַנצונעמען ווי געהעריק. דערצו האָט שטיינבערגן געפעלט הומאָר, די פאַרויס־פאַרגעבנדיקע פאַרשטענדעניש און די מילדע איראָניע פון אַ ד"ר קאַראַלניק, אַ שטייגער, וואָס האָט געקענט שרייבן וועגן גרויסע פער־זענלעכקייטן, זען זייערע מעלות און חסרונות, און דאָך זיך אָפּשטעלן מער אויף זייערע מעלות, און פאַרזען די חסרונות, די שוואַכקייטן, וואָס אויך גרויסע שרייבער זיינען נישט פריי פון זיי. בה שטיינבערג אין זיין תמימות איז אַנטוישט געוואָרן אין זיינע שרייבער. די לעצטע יאָרן האָט ער גאָר געטראַכט וועגן עטיש־מאָראַלישע פּראָבלעמען; „איך זוך אַ מענטשן", ווי עס הייסט איינס פון זיינע ביכער. אין די דאָזיקע ביכער איז בה שטיינבערג אַ סך ווינציקער אינטערעסאַנט ווי אין זיינע ערשטע עסייען.

אין זיין בוך וועגן משה נאַדירן זאָגט בה שטיינבערג:

„איך וויל אייך געבן אַ לעבעדיקן מענטשן אין אַ בוך. נישט בלויז ביאָגראַפישע פאַקטן, נאָר האַרץ־קאַפּריזן. נישט בלויז מיינונגען וועגן ליטעראַטור און לעבעדיקע מענטשן, נאָר קאָנפעסיעס פון אינטימען לעבן מיט חברים און פרויען. ניט בלויז קריטישע אַנאַליזן פון זיינע שרייבונגען, נאָר גייסט־באַהעפטונגען צווישן מיר און אים. איך וויל אייך געבן צו פאַרזוכן דעם לעבעדיקן משה נאַדיר".

איז שטיינבערגן באמת געלונגען צו געבן דעם „לעבעדיקן משה נאַדיר?" מיר צווייפלען שטאַרק אין דעם, דאָס בוך וועגן נאַדירן ווייזט אויף שטיינבערגס בלייבן שטיין, אויף זיין נישט אַנטוויקלען זיך, און אויף די נישט מקוים־געוואָרענע האָפענונגען וואָס מען האָט דערוואַרט פון אים אין די צוואַנציקער יאָרן.

דאָס בוך וועגן נאַדירן דאַרף נאָך געשריבן ווערן. פונדעסטוועגן האָט שטיינבערג דאָך געמאַכט אַ פּרואוו צו שרייבן וועגן איינעם פון די טאַ־לאַנטפולסטע יידישע שרייבער, וואָס האָט ממש זיין גלייכן נישט אין אונדזער ליטעראַטור. אויך נאַדיר ווערט ביי אונדז פאַרשוויגן, און מיט אומרעכט. מיר זיינען אָבער בטוח, אַז מען וועט זיך אומקערן צו נאַדירן.

אַז עס וועט נאָך קומען אַ קריטיקער, דאָ הי, אָדער אין מדינת ישראל, וואָס וועט דערזען דאָס קרישטאָל־לויטערע אין נאַדירס ווערק, און אָפּטיילן די שטענזן, אַרויסרייסן דאָס ווילדגראָז — צו ריידן בלשון מליצה — וואָס ער אַליין און אַנדערע, האָבן געלאָזט וואַקסן אין זיין גאָרטן . . .

***

דאָס לעצטע מאָל האָב איך שטיינבערגן געזען אין פילאַדעלפיע אין די אָנהויב־פערציקער יאָרן. ער פלעגט גאַנצע טעג פאַרברענגען אין דעם באַרימטן „ליריס" ביכער־קראָם אויף דער ניינטער גאַס. ער האָט זיך געפרייט מיט די ביכער־מציאות, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט פאַר שפּאָט־ביליק. אָט פלעגט ער גלעטן מיט דער האַנט אַן אַלטע אויסגאַבע פון טשאַרלס לעמס עסייען: — „זעט אַ שיינקייט! זעט אַ דרוק, ביי לייטן! זעט אַן איינבאַנד!" פלעגט ער אַריינפאַלן אין התפעלות ווען ער האָט מיר גע־בראַכט ווייזן זיינע ביכער־מציאות. און איך קען נישט פאַרגעסן די פרייד אויף זיין פּנים בעת ער האָט גערעדט וועגן די ענגלישע עסייאיסטן: העזליט, לעם, דע־קווינסי און אַנדערע. אין יענע ווינטער־אָוונטן, אין פילאַדעלפיע, האָב איך צוריק דערזען דעם אַמאָליקן, יונגן נח שטיינבערג! דער וואָס האָט געזוכט שיינקייט ביים דיכטער און די פרייד פון וואָרט, איידער די גרויסע אַנטוישונג איז אים באַפאַלן.

דאָס בעסטע בוך שטיינבערגס בלייבט נאָך אַלץ „יונג אַמעריקע". פאַראַן אין דעם דאָזיקן בוך דיכטערישער געמיט. די עסייען וועגן ה. לייוויק, מאַני לייב, זישא לאַנדוי, א. ראַבאָי, און יוסף ראָלניק רופן נאָך איצט אַרויס אַ פאַראינטערעסירטקייט, צוזאַמען מיט אַ בענקשאַפט נאָך יענע יונגע יאָרן, ווען מען איז אים, שטיינבערגן אויף אַן אמת דאַנקבאַר געוועזן פאַרן באַקענען אונדז מיט די „יונגע", מיט די דיכטער און דער־ציילער וואָס מיר האָבן בלויז געהערט פון זיי, און די ביכער זייערע נאָך רעכט נישט געלייענט. און גערעכט איז געווען ב. ריווקין אין זיין הקדמה צו שטיינבערגס „יונג־אַמעריקע", אַז שטיינבערג האָט אין דעם בוך וועגן די צען, דעמאָלט אומבאַקאַנטע, שרייבער אַריינגעגעבן אַזויפיל מאַטעריאַל, אַז דער מאַטעריאַל קאָן באַשטיין אָן אים אויך".

די דיכטער און דערציילער פון „יונג־אַמעריקע" זיינען שפּעטער אויס־געוואַקסן, האָבן זיך געענדערט און — זיך פונאַנדערגעגאַנגען, יעדער אויף זיין אייגענעם וועג. זיי זיינען אַוועק פאָרויס, און ער, דער קריטיקער, איז עפּעס ווי געבליבן ווייט הינטער זיי. שטיינבערג איז, צום גרויסן באַדויערן, נישט מיטגעגאַנגען. איז נישט מיטגעוואַקסן מיט זיינע שרייבער,

— ווי מיר דערוואַרטן דאָס פון יעדן עכטן קריטיקער — ווענמענס אָנהויב ער האָט, ווי אַן איינציקער פון יענעם דור קריטיקער, דערזען. אפשר פון דעם שטאַמט די פאַרביטערטקייט און די אַנטוישונגען זיינע, די לעצטע יאָרן. דאָך דאַרף מען געדענקען דעם זכות פון שטיינבערגס שעפערישן אָנהויב, דעם לירישן עסייאיסט, וואָס האָט געשטרעבט אין זיין קריטיק צו פאַראינטערעסירן דעם לייענער. עס זיינען געבליבן פון אים אַ סך עסייען נאָך נישט פאַרעפנטלעכע אין בוך־פאָרם, וואָס דאַרפן אַרויסגעגעבן ווערן. ווי אַ שטייגער, די וועגן י. י. שוואַרצן און אַנדערע, וואָס געהערן אין תוך צו זיין בוך „יונג־אַמעריקע"; אַ בוך וואָס דערמאָנט אונדז דעם אידעאַל פון דער נייער, היינטצייטיקער קריטיק, די קריטיק, וואָס וויל נישט בלויז זיין אַ טרוקענער, שיער־נישט ויסנשאַפטלעכער פירוש צום שרייבער און זיינע ווערק, — נאָר פריער פאַר אַלץ אינטערעסאַנט און שעפעריש אין טיפסטן זין פון וואָרט.

1958

# שלמה ביקל

## (וועגן זיינע „עסייען פון יידישן טרויער")

### א

נישט בלויז אין דער דיכטונג, דערציילונג און ראָמאַן, קומען צום אויסדרוק די איבערלעבענישן פון דעם לעצטן גרויליקן יאָרצענדליק. אין יעדן דערשינענעם יידישן בוך כאַפּט זיך אַריין אַ טיפער טרויער, וואָס יעדער ייד טראָגט אין האַרצן. מעג די פאָרם פון דעם שרייבער זיין ווי פאַרשידן, פאַראייניקט איצט יעדן יידיש־שעפערישן מענטשן — איין אחריותדיק געפיל: פאַרצייכענען, דערמאָנען און אויפטויכן אין זכרון געשטאַלטן און געשעענישן איידער זיי ווערן פאַרגעסן. פון דעם הייסן שטראָם פון טרערן, פון דעם שלוכצנדיקן אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן, זיינען אַפילו נישט פריי די קילע קעפּ, די טראַכטנדיקע, וואָס ווילן גאָרנישט מ׳זאָל זיי חושד זיין אין סענטימענטאַליזם.

אויך ביי דעם עסייאיסט, וואָס זוכט דעם סך־הכל, די מחשבה, און דאָס גייסטיקע אין די געשטאַלטן פון דעם טראַגיש־אַוועקגעגאַנגענעם דור, — אויך ביי אים איז קענטיק מער די נעקראָלאָגישע „תנצבה׳ס", דער „יזכור", וואָס קומט זיך צונויף אין די טרויעריקע געזאַנגען פון דעם היינטיקן דור יידישע דיכטער.

דער נאָמען „עסייען פון יידישן טרויער", פּאַסט זייער גוט די זאַמלונג אַרטיקלען, וועלכע שלמה ביקל הייליקט דעם אָנדענק פון די „אייגענע און נאָענטע, וואָס זיינען אומגעקומען אין די געטאָס און אין די טויטן־לאַגערן פון גאַליציע און טראַנסניטריע". די עסייען זיינען אַלע געשריבן אין די אָנהייב פערציקער יאָרן, און זיי טראָגן אַלע דעם פּחד, דעם יאוש און פּיין פון יענע פינצטערע טעג און נעכט. און ווי אַ געטרייער זון, וואָס האָט געלעבט, דערצויגן און אויפגעוואָקסן געוואָרן אין די ישובים פון גאַליציע און בוקאָווינע, באַמיט זיך ביקל צו זיין גערעכט צו די באַרימטע לאַנדסלייט זיינע, אַפילו צו די, וואָס זיינען כלומרשט געווען זיינע פּאַרטיי־קעגנער. פּאַטעטיש לייענט זיך די עסיי וועגן דער

בונדיסטקע שרה כתבן און וועגן דעם אויגן־דאָקטאָר נטע ראָזענבלאַט. מען פילט אין די „עסייען פון יידישן טרויער" דעם היים־ווי נאָך די שטעט קאָלאָמעי, טשערנאָוויץ, בוקאַרעשט און יאַס. ביקל לעבט אויף פאַר אונדז די דאָזיקע „עיר ואמס", און ער באַקענט דעם לייענער מיט נעמען און געשטאַלטן, וואָס קלינגען תחילת פאַר אַ סך פון אונדז — אומבאַקאַנט, אָבער וואָס ווערן היימישער מיטן אַריינלייענען און אַריינ־לעבן זיך אין דער סביבה פון די דאָזיקע גאַליציאַניש־רומעניש יידישע ישובים. ביים מאָלן די געשטאַלטן פון זייער חרובער היים — אין אַ פאָרם, וואָס איז אַ געמיש פון עסיי און בעלעטריסטיק, — בלייבט ביקל געטריי זיין אייגענעם „אני מאמין", וואָס די יאָרן פון גרויסן אומגליק האָבן ניט באַוויזן צו צעשטערן. פאַרקערט, זיי האָבן נאָך מער געשטאַרקט אין אים די אמונה פון דעם יידיש־עטישן וועלט־באַנעם. ביקל איז ניט קיין בעל־תשובה, און ער איז פריי פון דער התנצלות, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ סך יידישע סאָציאַליסטן היינט צו טאָג. אין די „עסייען פון יידישן טרויער" שווימט אַרויף דער גאַנצער סכום פון אידייען און שטרעמונגען, אין וועלכע מער ווי איין דור פירער, סאָציאַליסטישע און ציוניסטישע, שרייבער, כלל־טוער האָבן זיך געהאַלטן, געקעמפט צווישן זיך, און אָפט שלום געמאַכט איינער מיט די אַנדערע.

ביקל איז ביז גאָר אָביעקטיוו צו אַלעמען. ער משפט נישט די באַרימטע לאַנדסלייט זיינע. ער באַמיט זיך נאָר זיי צו פאַרשטיין אין ליכט פון דער צייט, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט. אין דעם סך־הכל, וואָס ער מאַכט איז ער גרויסמוטיק גענוג צו שמייכלען איבער זיך און זיינע צייט־חברים אויף די נאַאיוויקייטן פון אַ דור, וואָס האָט געגלויבט און אָפט געבלאָנדזשעט אין זיין גלויבן.

ווי אַמאָל אין זיין יוגנט, אַזוי איצט, שאַנעוועט ער נישט די אַסימילאַטאָרישע יידישע סאָציאַליסטן מכל המינים. אין דער עסיי „צוויי דייטשע יידן" — איינע פון די בעסטע עסייען אין בוך, — כאַראַק־טעריזירט ביקל אויף אַ העכסט־געלונגענעם אופן געשטאַלטן פון אָפּ־געפרעמדטע פונעם יידישן באָדן: די פאַרדאַרטע צווייגן אויפן יידישן בוים. מיר זעען די געשטאַלטן — וואַלטער ראַטענוי און רודאָלף הילפער־דינג. אַ סך האָט מען שוין געשריבן וועגן אָט די צוויי יידישע מלוכה־לייט אין אַמאָליקן דייטשלאַנד. ביקל גיט צו פיל אייגנס, וויקלט פאַנאַנדער און איז מסביר די פּלאָנטערנישן אין די מוחות פון די דאָזיקע צוויי גרויסע יידן אָפּשטאַמיקע. דער מאַרטירער־טויט איז אפשר מוחל די

**בלאָנדזשענישן פון די דאָזיקע אָפּגעפּרעמדטע, און זייער גלייכן אומעטום, וואָס האָבן מסתמא ערב זייער טראַגישן פאַרשווינדן באַנומען דעם סוד פון זייער שטאַם.**

**„אָנהויבנדיק פון דער גרעניאַלער ראָזע לוקסעמבורג", שרייבט ביקל זייער טרעפלעך, „וועלכע איז געווען דער ערשטער קרבן פון צווישן די פירנדיקע יידישע פּאָליטיקער אין דייטשלאַנד, איבער דעם פינקלדיקן ליטעראַט קורט אייזנער, איבער דעם איידעלן בעל חלומות, גוסטאַוו לאַנדאַוער, און איבער דעם סאָלידן סאָציאַליסטישן פּראַקטיקער הוגאָ האַזע — ציט זיך די קייט פון הריגות צו די צוויי יידישע מיניסטאָרן פון דער דייטשער רעפּובליק; צו וואָלטער ראַטענוי און צו רודאָלף הילפערדינג"...**

**ביקלס עסיי וועגן ראַטענוין און הילפערדינגן, דערמאָנט „אין פאַר־נעם, דעם איצט נאָך פינקלדיקן לעבעדיק־פרישן „ליטעראַרישן בריוו" (אין זיין בוך „שבעה מכתבים על דבר הספרות", בערלין, 1923), וואָס דוד פרישמאַן האָט געשריבן וועגן ראָזאַ לוקסעמבורג.**

**ביקל מאַכט אַ טיפן און ריכטיקן פאַרגלייך צווישן דיביידע יידישע מיניסטאָרן־מאַרטירער; ער זוכט דאָס יידישע אין זיי, דעם דראַנג צום אמת, ציי די דאָזיקע צוויי אָפּגעפּרעמדטע יידן, און ער דערפילט די טראַגישקייט זייערע. אַ זכות געפינט ער אין זייער טויט. ער גיט זיי אַ תיקון:**

„פון די צוויי, איז ראַטענוי, בלי שום ספק, דער זעליש־קאָמ־פּליצירטער, דער יידיש אינטערעסאַנטער און דער מענטשלעך פּאַטעטישערער. דער עיקר אין פּרט פון יידישקייט פאַרכאַפּט עס ממש דעם אָטעם זיך צוצוהערן און צוצוקוקן צו דעם טראַגישן געראַנגל, וואָס עס פירט מיט זיך און מיט זיין יידיש פאָלק דער זון פון איינעם פון די סאַמע רייכסטע אינדוסטריע־מאַגנאַטן אין דייטשלאַנד".

**און וועגן הילפערדינגן לייענען מיר:**

„הילפערדינג, דער מענטש פון קאַבינעט, וואָס קען ביי זיין שרייב־טיש געדאַנקלעך אויפפּלאַנטערן אַלע פּלאָנטערנישן פון אָפּ־פרעגן אַלע טענות, ווערט אין דעם געדראַנג פון טונקעלע קאַריערע־אינטערעסן און שאַרפע מאַכט־אַפּעטיטן, אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד"...

**אין דער עסיי וועגן דער ענגלישער שריפטשטעלערין דזשאָרדזש**

עליאַט פּאַראינטערעסירט אונדז ביקל אין אַט דער אַמאָל זייער פּאָפּולערער פּאַרפאַסערין. ביקל ווייזט אונדז דעם כוח פון דיכטער, וואָס האָבן די וויזיע אויסצוחלומען געשטאַלטן, וועלכע ווערן געבוירן אין צענדליקער יאָרן שפּעטער. זיי ווערן דערלייזער פון אַ דור. די אויסגעחלומטע געשטאַלט פון דניאל דעראָנדאַ ווערט אין אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער — דער ציוניסטישע מנהיג: דר. הערצל. „ביט זיינע אידייען האָבן הערצלען גע־מאַכט פאַר דעם אויסגעחלומטן יידישן פירער. די אידייען האָבן עקזיסטירט פאַר אים"...

די עסייען ביקלס נעמט אַרום איין גרונט־מאָטיוו: דער יידישער מאָמענט — דער ייד אין דער פרעמד, וואָס קערט זיך אום אַהיים דורך טיפע ליידן, ווען די ראָד פון געשיכטע קייקלט און ברענגט אים צוריק און לאָזט אים איבער ביי דער יידישער שוועל... אַמאָל קומט אַזאַ אָפּגע־פרעמדטער ייד אַהיים, ווען ס'איז שוין צו שפּעט; נאָר עס טרעפט אויך, אַז ער ווערט גאָר אויפדאָסניי געבוירן, ווען די טיפע דערקענטעניש פון זיין יידישקייט הויבט ווידער אָן שולט צו זיין אין אים און לעבט אויף אין אים אַלע זיינע גייסטיקע אייגנשאַפטן.

אומגעפער אַזוינס לייענען מיר אין דער עסיי וועגן בעליישאַ און שינוועל. אויך דאָ, ווי אין דער עסיי וועגן ראַטענוי און הילפערדינג, זוכט ביקל אין די ביאָגראַפישע עפּיזאָדן פון די צוויי ענגלישע מלוכה־לייט, — אין ווען עמענס אָדערן עס פליסט יידיש בלוט — דעם יידישן מאָמענט. ווען האָר בעליישאַ ווערט אַראָפּגעזעצט פון זיין פּאָסטן, זעט ביקל אין דעם, אַז טשעמבערליין „האָט זיך געלאָזט פירן פון אַן אַנטי־פּאַטיע — צו דעם זון פון אַ פאַרגעסענעם יידיש־שפּאַניאָלישן טאַטע"; „דער יידישער מאָמענט, וואָס ער, בעליישאַ, האָט אים אַרויסגעלאָזט פון זיין קאַריערע־חלום, איז ניט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט און לאָזט זיך פאַר יעדן פאַל ניט צונישט מאַכן בלויז מיט פאַרשווייגעניש"...

אין דעם פרט דערמאָנט שלמה ביקל אין זיינע עסייען און אַרטיקלען דעם פאַרשטאָרבענעם דר. קאָראַלניק. נישט אַזוי אין נוסח, — ווי אין די אידייען מסקנות. קאָראַלניק האָט אויך, אויף אַ מערקווירדיקן אופן, דערשפירט דעם יידישע אומרו, דעם אייביק־עטישן דראַנג נאָך אמת ביי די אָפּגעפרעמדטע פון יידישן שטאַם, וואָס שטייען כסדר אין צוזאַמענ־שטויס מיט וועלט־געשעענישן. קאָראַלניק האָט געזען דעם יידישן כאַ־ראַקטער דאָרט, וואו קיינער האָט אים ניט געזען.

מיט אַ ליבשאַפט שרייבט ביקל וועגן דעם יונגן דור יידישע שרייבער

פון רומעניע און בעסאראביע. אים גייט ממש אין לעבן צו פארצייכענען די אומבאקאנטסטע נעמען, וואס האבן אנגעהויבן זייער שריפטשטעלערישע טעטיקייט ערב דעם לעצטן חורבן. אין זיינע פריערדיקע עסייען־זאמלונגען „פון זיך און ארום זיך", און אין „דעטאלן און סך־הכלען", טוט ער דאס מער אויספירלעך. אין איצטיקן בוך שרייבט ביקל וועגן דעם יונגן דערציילער הערש לייב קאזשבער, וועמען ער האלט, „פאר דוד בערגעלסאנס א זעלישן קרוב". אונדז איז, לײדער, נישט באקאנט קאזשבערס בוך, נאר דאס, וואס ביקל ציטירט אין זיין עסיי, גיט גרונט צו גלויבן, אז די יידישע ליטעראטור האט אין קאזשבערן פארלוירן א טאלענטירטן יידישן דערציילער.

אינטערעסאנט איז די עסיי „דער זבארזשיאנער". דא מאלט ביקל א בילד פון דער בוקארעשט פון די צייטן פון וועלוול זבארזשער, דער טרובאדור זינגער, וועמען, אגב, איציק מאנגער האט אויך פרעכטיק באזונגען אין א באזונדער לידער־זאמלונג. ביקל דערציילט אונדז דא פון די לעבנגעבליבענע וועטעראנען פון וועלוול זבארזשערס „גראנד ארמיי"; אן אלטער צימבאליסט, וואס קלאפט „מיט די אלטע פינגער אויף די נאך עלטערע סטרונעס, און באגלייט דער טאכטער צום געזאנג פון וועלוול זבארזשערס לידער". מיר הערן דא פון דעם אלטן לודוויג, וואס וויזט אין דער בוקארעשט קרעטשמע „ווי אזוי מען דארף זינגען וועלוולס לידער". אין טרויעריקע שורות דערציילט אונדז ביקל וועגן דעם „זקן מופלג" אדאלף ברוינשטיין: „ער האט גערעדט רומעניש אן אן אקצענט, און אויסגעזען האט ער ווי א פענסיאנירטער באנק דירעקטאר. ס'איז גארנישט געוועזן קיין יידישס אין זיין געשטאלט"; „ס'האט מיר נישט געקענט איינפאלן" — פארצעכנט ביקל וועגן אים, — „אז דער אלטער אדאלף איז קראנק אויף זבארזשערס לידער, און וויפיל דער זכרון דינט אים קען ער זיי אלע אויף אויסנווייניק"...

אין דער דאזיקער עסיי האבן מיר א ביז גאר געלונגענע שילדערונג פון דער סביבה פון וועלוול זבארזשער, אברהם גאלדפאדען, און אים צו לענגערע יארן, — איציק מאנגער, דעם רומעניש יידישן פאעט, וואס ריכט אפ גלות אין לאנדאן, ענגלאנד. דריי דורות יידישע דיכטער־געשטאלטן גייען אויף פאר אונדז אין דער בוקארעשטער קרעטשמע, אויף וואקארעשט „ביי די ברעגעס פונעם אונטערשטן דונײ און פונעם שווארצן ים"...

ביקלס „עסייען פון יידישן טרויער" לייענען זיך ווי די מצבה־אויפ־שריפטן פון באַקאַנטע גרויסע יידן, וואָס טאָרן נישט פאַרגעסן ווערן.
1950

ב.

# דריי ברידער זיינען מיר געווען

אויב ס'איז אמת דער זאָג, אַז אין תוך שרייבט יעדער שרייבער — אַפילו פאַרשטעלטערהייט — זיין אייגענע אויטאָביאָגראַפיע, איז דאָס זיכער אמת בנוגע די עסייען פון שלמה ביקל. דאָס איז קענטיק נישט בלויז אין די ביכער „אַ שטאָט מיט יידן", „יידן דאַוועגען", נאָר אויך אין די „עסייען פון יידישן טרויער", — איינס פון ביקלס שענסטע עסייען־זאַמלונג — און גאָר באַזונדערס אין איצטיקן בוך „דריי ברידער זיינען מיר געווען" (פאַרלאַג „מתנות", 1956). דאָ מאָלט ביקל דעם פאָרטרעט פון זיין יוגנט, אין דאָרף ביי טאַטע־מאַמע אין בוקאָווינע; שפּעטער — אין די שטעט טשערנאָוויץ און בוקאַרעשט, און לסוף דאָ־הי, אין ניו יאָרק הבירה, וואו ביקל זוכט דעם חוט־השני, וואָס זאָל פאַרבינדן די איצטיקע שטימונגען און געדאַנקען זיינע, דעם פרייד און טרויער־שפּיל — מיט דעם רייך־שעפערישן עבר.

אין דער הקדמה דערקלערט אונדז ביקל, אַז „דער נאָמען, דריי ברידער זיינען מיר געווען, הייסט דאָס בוך דערפאַר, ווייל דער נאָמען פון דער ערשטער אין דער אָפּטיילונג, די משפּחה, דעקט, ווי מיר דאַכט זיך, אי די אויטאָביאָגראַפישע אַטמאָספער, און אי די שטימונג פון אַ שטאָט מיט יידן וואָס איך האָב דאָ געוואָלט ממשיך־זיין".

און ס'איז טאַקע אַ מין המשך פונעם בוך „אַ שטאָט מיט יידן". ביקל איז דאָ, אַן ערך, מער דערציילער, מער שילדערער פון מענטשן און זייער סביבה. די אַלע געשטאַלטן — חסידים און יידישע פּויערים, מיטן צוגאָב פון די אָפּגעפרעמדטע, אַסימילירטע פאַרשוינען — וואָס טויכן אויף אין ביקלס זכרון, ווערן דאָ געשילדערט יעדער לויט זיין כאַראַקטער. מ'פילט דאָ דעם בעלעטריסט, וואָס זיצט אין יעדן שעפערישן עסייאיסט. דער סימן מובהק פון יעדן עכטן עסייאיסט איז, פון תמיד אָן געווען: — פון מאָנטאַנען ביז העזליטן און עמערסאָנען — דאָס געבן אויסדרוק דעם אייגענעם געמיט, דערביי כאַראַקטעריזירן גייסטיקע געשטאַלטן אין זייער ווערק. דער עסייאיסט זוכט תמיד דעם סך־הכל פון אידייען־ראַנגלע־נישן, מיטן צוגאָב פון אַן אייגן־געדאַנקלעכן פּירוש. אַלץ צוזאַמען —

אי די לירישע איבערלעבונג, אי דעם כוח צו געשטאַלטיקן — דאָס איז דער קינסטלערישער סימן־מובהק פון דעם עכטן עסייאיסט.

אויך ביקל פּרוּווט איבערגעבן — צו נוצן זיין אויסדרוק — די אי־דייאישע שקלא־וטריהס פון זיין דור. פון זיין ערשטן אַרטיקל אין יידיש — „אַ פּאָלעמיק מיט אחד העמען״ — ביז די איצטיקע עסייען אין בוך „דריי ברידער זיינען מיר געווען״, באַמיט ער זיך, און עס געליגנט אים, אַריינצוגעבן אַ רוח־חיים אין די יידישע מנהיגי־הדור און זייערע אידייען־שליחותן.

איינע פון די שענסטע עסייען אין בוך איז די עסיי „פון מילניצע ביז יבנה״. — „פּאָלג מיך אַ גאַנג״ — הויבט ביקל אָן זיינע זכרונות — פון יענעם „שיינעם זומער־טאָג, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אַ מזרח־גאַליצישן שטעטל ביים טייך דניעסטער — ביז דער נישט ווינ־ציקער פרום־יידישער חתונה אין איינעם אַ נאָך שענערן האַרבסט־טאָג פון יאָר 1950, אין קיבוץ־יבנה, אויף דער היסטאָרישער ערד פון זכאים אַמאָליקער יבנה, אין דרום יהודה״.

צוויי חתונות. איינע — אין מילניצע, רומעניע, ווען ביקל, דעמאָלט אַ בר־מצוה בחורל, קומט מיט דער מאַמען, פון זיין בוקאָווינער דאָרף, אויף יענער זייט דניעסטער אין גאַליציע צו דער חתונה פון דער מאַמעס יונג פאַרשטאָרבענעם ברודערס זון סרול. און די צווייטע — מיט פיר צענדליק יאָר שפּעטער, אין דעם קיבוץ יבנה, צו דער חתונה פון דוד הישראלי, דער זון פונעם קדוש ישראל, וואָס איז „אויפגעגאַנגען מיט כל עדת ישראל, אין רויך פון קידוש־השם, ערגעץ אין די גאַז־אויוונס אַרום דער שטאָט לעמבערג״.

אין דער דאָזיקער עסיי האָט ביקל דער קריטיקער אויך דאָס וואָרט; ער שילדערט די געשטאַלט פון דעם יידישן פּאָעט אין מדינת ישראל, — יעקב פרידמאַן, דעם מילניצער רבינס זון: „איך האָב געטראַכט״ — איז ביקל אונדז מסביר — אַז דער דיכטער יעקב פרידמאַן האָט אין זיין פּאָעמע, פיר בריוו צו דער קאָנטעס פון לינץ, ערגעץ־וואו אויפגעכאַפּט דעם היסטאָרישן זין פון יאָר־טויזנטער אַזוי; „די חרובע ירושלים אין מילניצע, און די חרובע מילניצע — אין דער צוריק־אויפגעבויטער הייליקער שטאָט״.

אין די מערסטע עסייען אין בוך קומט טאַקע צום אויסדרוק אָט דאָס דאָזיקע געפינען דעם „היסטאָרישן זין״ אין דער יידישער געשיכטע, פון יידישן לעבן אין די גלותן, ביזן לעצטן גרויסן חורבן.

* * *

נישט בלויז דעם אייגענעם פּאָרטרעט פון דער יוגנט געלינגט ביקלען פאַר אונדז צו וויזן, נייערט אויך די געשטאַלט פון זיין פּאָטער ר׳ יצחק, דעם משכיל און ציוניסט, דעם אָפּשטאַמיקן פון אַ מיוחסדיק־מתנגדישער משפחה אין גאַליציע, וואָס האָט זוכה געווען צו דערלעבן דעם חלום זיינעם פון דער יוגנט: דאָס אויפקומען פון מדינת ישראל — וואו ער האָט אויסגעלעבט זיינע יאָרן. אין דער עסייען־אָפּטיילונג „מיט משפחה״, ווערן מיר אַ סך געוואויר פון דעם ספר־היוחסין, סיי פונעם פאָטער, סיי פון די צוויי ברידער: מיר האָבן דאָ די זכרונות וועגן דעם דאָקטאָר־כירורג, דעם ברודער אליעזר, וואָס האָט מחבר געווען פילאָזאָפישע ווערק אין דייטש, און פון ברודער משולם, וואָס איז פאַרבליבן אין דער סאָוועטישער רומעניע. די מעשיות וועגן לעבן און טויט פונעם ברודער אליעזר, פון זיינע וואַנדערונגען און גייסטיקע גלגולים — קען ממש סטייען פאַר אַן אינטערעסאַנטן ראָמאַן. דער דאָזיקער ראָמאַן וועגן דר. אליעזר ביקל, דאַרף נאָך געשריבן ווערן. אליעזר איז על־פי־נס געבליבן לעבן נאָכן חורבן, איז לסוף אָנגעקומען אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, ווי אַן אָנגעזעענער געלערנטער און פילאָזאָף. אַ טייל פון זיינע פילאָזאָפישע ווערק זיינען דערשינען אין ציריך, אונטערן נאָמען „ווירקלעכקייט אונד וואַרהייט דעס דענקענס״. מיט שטאָלץ דערציילט אונדז ביקל, אַז בעתן לייענען דעם ברודערס פילאָזאָפישן כתב־יד — „האָב איך געזען נישט בלויז אויף וויפיל טיפער און פאַרנעמיקער עס איז געוואָרן אליעזרס געדאַנק, נאָר איך האָב אויך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט היפשלעך אָוועקגעשפּאַנט אויפן וועג פון עטישער זעלבסט־לייטערונג און שלימות״. אליעזר האָט תחילת געגלויבט „אין דער נויטווענדיקייט פון דער יידישער אַסימילאַציע״. „אָבער — גיט ביקל צו, — טראָגט די דאָזיקע אַסימילאַציע וועלענישן איז פאַר מיר אליעזר געבליבן דער ייד מיט אַ וואָרצלדיק ירושהדיקן יידישן געמיט״.

דעם זעלבן יידישן געמיט געפינט ביקל אויך אין דעם רומעניש־יידישן שרייבער היינריך שטרייטמאַן, וועמען ביקל רופט אָן דעם רומענישן בערנער. שטרייטמאַן, טראָגט זיין שנאה צו יידיש, איז פונדעסט־וועגן געבליבן אַ תושב אין דער מלבי״ם שול, אין בוקאַרעשט, וואָס איז געווען „אַ פעסטונג נישט בלויז פון יידישער פרומקייט, נאָר אויך פון יידיש לשון״.

אין ס׳רוב פון די עסייען קומט צום אויסדרוק ביקלס זוכן דעם

ניצוץ פון יידישן באַוואוסטזיין, ביי די אָפּגעפרעמדטע חברים זיינע פון דער יוגנט. אין דעם פּרט איז דאָס בוך אויך אַ המשך פון די „עסייען פון יידישן טרויער״, וואו ביקל האָט מיטן זעלבן אייפער געזוכט דעם יידישן קוק אויף דער וועלט ביי וואלטער ראטענוי, רודאָלף הילפערדינג און ראָזאַ לוקסעמבורג. אויך דאָ וויקלט שלמה ביקל פאַנאַנדער די פּלאָנ־טערנישן אין די מוחות פון די אַסימילירטע, וואויל־געלערנטע יידישע יונגעלייט, די טשערנאָוויצער לערער, וואָס האָבן געזוכט חיונה אין רומע־ניע, צו לערנען מיט דער דאָרטיקער יידישער יוגנט „די ביבל אויף דייטש״, כדי זיי צו מאַכן פאַר „אייראָפּעאישע אינטעליגענטן״. ביקל איז, סוף־כל־סוף, מלמד־זכות אויף די דאָזיקע אַמאָליקע אינטעליגענטן, בעת זיי קומען אויף דער עלטער, צוריק „אַהיים״ אין יידישן גבול.

פון די עסייען און זכרונות, וואָס האָבן פאַראינטערעסירט בעתן לייענען, איז כדאי צו דערמאָנען דאָס זייער געלונגענע כאַראַקטער־בילד, וואָס ביקל מאָלט פון דעם דאָרפישן ייד, פויער און חסיד „לייזער בער״, און דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן די טשיקאַווע טיפּן „כאַסקל משיח״, „לייבאַ גוי״ און „אַוורום דער שענקער״. אַוורום דער שענקער איז אַ ייד אַ פּשוטער, ווייט פון אַ למדן, אין דעם בוקאָווינער דאָרף זאָטעוויץ קוקן יונג און אַלט אויף אַוורומען מיט גרויס דרך־ארץ, פאַר דער ליבשאַפט און צוטרוי וואָס אַט דער פּשוטער ייד האָט געוואונען פון אַלעמען. אויך די פויערים האָבן צוטרוי צו דעם דאָזיקן דאָרפס־ייד; „אַוורום האָט פאַר־מאָגט עפּעס אַן אומגעוויינטלעכע גאָב פון מענטשלעכער ווירדע אונטער וועלכע אַלע — פויערים און יידן, פרעמדע און בני בית, אַן אויסנאַם — זיינען אַרונטערגעפאַלן״. און דאָ, אין דעם בילד פון אַוורומען, פלעכט ביקל אַריין די קלוגע רייד פון זיין פאָטער ר׳ איציע. און דער לייענער געווינט דאָ טאָפּלט: אי די געשטאַלט פונעם פאָטער לויכט אויף פאַר אונדז און ווערט אונדז נאָענט; אי די פּשטות און די ערלעכקייט פון דעם ייד אוורום ווערט בולטער: „אויף דער עלטער, קראַנק און צע־בראָכן, איז אוורום געוואָרן „אַ שטיקל לערנער״. דער שוחט פון דאָרף, ר׳ יעקב נחום, פלעגט באַדויערן, וואָס אוורום האָט זיך גענומען אַזוי שפּעט צו תורה: „אַ שאָד״, האָט שפּעטער ר׳ יעקב נחום אַ זאָג געטאָן נאָך אוורומס טויט; „אין אוורומען איז דאָך בפירוש געווען אַ ניצוץ פון הלל הנשיאס מעלות״. אויף דעם געדענקט ביקל צו דערציילן אַז „מיין טאַטע, וואָס האָט בטבע פיינט געהאַט גוזמא, פלעגט פונדעסטוועגן אַפילו נישט אַ שמייכל טאָן, נאָר ערנסט צוגעבן: „און נישט נאָר אַ פינקל פון

הללס כוח צו לערנען, נאָר קודם כל אַ פונק פון הללס נוח־לבריותדיקייט און פון זיין געהויבענער פירשטלעכער און מענטשלעכער חשיבות".

אָט די דאָזיקע געהויבענע מענטשלעכע חשיבות — סיי ביי די אַלטע, סיי ביי די יינגערע דורות יידן — באַמיט זיך שלמה ביקל אַלץ מער און מער זיך צו דערמאָנען און צו דערציילן אין זיינע טיף־גע־דאַנקלעכע עסייען, וואָס מיר געפינען אין אַ גרויסער מאָס, אין דעם בוך „דריי ברידער זיינען מיר געווען".

# יעקב פּאַט

(וועגן בוך: „שמועסן מיט יידישע שרייבער")

אין די אַריינפיר־ווערטער צום בוך זאָגט יעקב פּאַט, אַז ער האָט ביי די שרייבער „געוואָלט דערגיין צו דעם, וואָס עס איז ביי יעדערן פון זיי דער עיקר פון זיין שאַפן, וועלכע כוחות, סיבות און רעיונות האָבן אים באַוועגט צו זיינע ווערק". חוץ דער דאָזיקער ניט גרינגער אויפגאַבע איז פּאַטס כוונה אויך געווען „צו ברענגען אַן אינטערעסאַנטן און באַ־לערנדיקן לייען־שטאָף צום לייענער".

אין די „שמועסן" קומען צום וואָרט פערצן אָנגעזעענע יידישע שרייבער, מיט זייער השתפכות הנפש, מיט זייערע רעיונות און איבער־לעבונגען. אָבער אויך פּאַטן אַליין, — מיט זיין דערציילערישן איבער־געבן די ביאָגראַפיעס פון די שרייבער, מיט די בילדער און שילדערונגען פון דעם שרייבערס שטוב, זיין התנהגות און אופן פון רעדן, — פילט מען שטאַרק אין יעדן פון די קאַפּיטלעך אין בוך. אין אַ טייל פון די שמועסן דערקענט מען, אַז עס איז אים, פּאַטן, ניט גרינג אָנגעקומען אַרויסצובאַקומען אַלע ענטפערס פון די שרייבער. פּשוט, ניט יעדן קינסטלער גיט זיך איין אין אַ צוויי־ צי דריי־שעהדיקן געשפּרעך, צו זאָגן אַלץ וואָס אים ווילט זיך זאָגן. וואו, אַ שטייגער, ער, דער שרייבער, האָט געגרייזט אין זיין אַרבעט און וואו, פאַרקערט, אים האָט זיך גרינגער איינגעגעבן נאָכצוגיין זיין לעבנס־לאַנגן חלום; צו געפינען אויסדרוק, צו געבן אַ קינסטלערישן תיקון די איבערלעבונגען, די וויזיעס און די אויסגעחלומטע געשטאַלטן. דערצו זיינען שרייבער בטבע שטימונגס־מענטשן. זייער רעדן איז אָפט אַנדערש ווי זייער שרייבן, און זיי געלינגט ס'רוב מער אויסצודריקן זיך מיט דער פּען ווי דורך אַ געמיטלעכן געשפּרעך.

דאָס האָט, משמעות, פּאַט אַליין דערפילט. ער איז, דעריבער, ווי אַ גוטער דערציילער אַריינגעפאַלן אין די רייד, און פאַרקירעוועט די שמועסן מיט די שרייבער אויף אַזעלכע ענינים וואָס זיינען אים נאָענט און וואָס זאָלן זיין אינטערעסאַנט געענוג, כדי ווי עס איז צו שאַפן דאָס פולע גייסטיקע בילד פון יעדן שרייבער.

אין תוך רעדט יעקב פּאַט אַליין דורך יעדן פון די שרייבער. ווי זיי, די מיטשמועסער, וואָלטן געוועז העלדן אין אַן אינטערעסאַנטער נאָוועלע. אָפט ענטפערן די שרייבער אויף פראַגעס וואָס גייען אים, פּאַטן, אַן ניט ווינציקער פון זיי. אין דעם פּרט זיינען די „שמועסן" אַ גוטע טעמע פאַר דעם בעלעטריסט, פאַר דעם דערציילער יעקב פּאַט וואָס פאַרמאָגט בכלל אַ האַרציק וואַרעמען טאָן אין אַלץ וואָס ער שרייבט, און וואָס האָט, פריער פון אַלץ, סתם ליב צו דערציילן אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע.

ביים איבערדערציילן די ביאָגראַפיעס פון די פערצן יידישע שרייבער איז קענטיק פּאַטס אייגענע פאַראינטערעסירונג, די נייגעריקייט פון די אַלע באַגעגענישן מיט קינסטלער, וואָס יעדער איינער איז אַ וועלט פאַר זיך, און מיט אייגענע דערפאַרונגען וואָס קענען סטייען אויף אָנצושרייבן די שפּאַנענדיקסטע געשיכטעס. אַזוי פילט מען פּאַטס שרייבערישע התפּעלות ביים שילדערן ה. לייוויקס קינדער־יאָרן אין שטעטל איהומען, און שפּעטער זיינע יאָרן אין ווייטן סיביר. דאָ פאַרגעסט פּאַט אין גאַנצן אין דער אויפגאַבע וואָס ער האָט זיך געשטעלט, אַן דעם ציל פונעם שמועס מיטן דיכטער. דאָס לעבן פון דעם פּאָעט לייוויק פאַרכאַפּט דעם מחבר פון די „שמועסן", און די דאָזיקע פאַראינטערעסירטקייט און התפּעלות גיט זיך אויך איבער דעם לייענער.

ענלעך צו דעם לייוויק־קאַפּיטל איז געשריבן דער שמועס מיט דעם עסייאיסט און קריטיקער י. י. טרונק. טרונקס ביאָגראַפיע לייענט זיך שטעלנווייז פאַנטאַסטיש, אַזוי ניט כדרך די קינדער־יאָרן פון יידישע שרייבער. ממש טויזנט אין איין נאַכט. טרונקס גביריש לעבן אין לאָדזש און אין וואַרשע, און שפּעטער, אין 1939, זיין נע־ונד, דאָס פאַרלאָזן זיין רייך הויז מיט אַ זעקל כתבים אויף די פּלייצעס, איז רירענד. פּאַט שילדערט טרונקן אין זיין ניו־יאָרקער דירה. מען זעט דאָס בילד פון פּאַטן דעם אויספרעגער, און טרונקן, וואָס דאַרף ענטפערן, און עס קומט אים אָן שווער:

„איך קאָן ניט טראַכטן און רעדן זיצנדיק", זאָגט טרונק צו פּאַטן.

און אָט ווי פּאַט שילדערט טרונקן אין געציילטע שורות:

„וועט ער אַ ביסל אַרומגיין, אַרומלויפן איבערן צימער, ציפּן יידישלעך זיין גרוי בערדל, זיך שאָקלען בעת מעשה חסידיש, פאַרמאַכן די אויגן, אַריינטראַכטן זיך טיפער, אָנכאַפּן דעם געדאַנק ביים קאָפּ, און ערשט דעמאָלט אַרויסשיסן"...

די ענטפערס וואָס טרונק גיט אונדז, די געדאַנקען וואָס ער ברענגט אַרויס, אַ שטייגער, אַז „אַן אמתער שרייבער שרייבט נאָר איין ווערק אין זיין לעבן: דאָס ווערק איז — קבלהסטיש געזאָגט — זיין נקודה. זיין עיקר וואָס „באַדערט" אים. אַלע פריערדיקע ווערק זיינען נאָר צו־גרייטונגען, צוגאַנגען צום עיקר", — וכדומה, די הייס־חסידישע רייד וועגן דער „יידישער פּיראַמידע", און „דעם גאַנג פון די יידן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט", — די אַלע רייד טרונקס ווערן אונדז נאָענט און קלאָר, נאָכן בילד, די שטוב־אַטמאָספער, ווי פּאַט שילדערט זיין צונויפטרעפן זיך מיט זיין אַמאָליקן נאָענטן קאָלעגע פון דער איצט חרובער וואַרשע. די אַלע בילדער־אַריינפירן, מיטן צוגאָב פון אַ טייל ביאָגראַפיעס פון די שרייבער, דערציילן אונדז זייער אַ סך. זיי גיבן צו צו דער גאַנצקייט פון יעדן פּאָרטרעט, אַמאָל גאַנץ, אַמאָל נאָר אין פּראָפיל, וואָס פּאַט ווייזט אונדז פון זיינע שרייבער. דאָס זיינען מער ווי סתם רעפּאָרטאַזשן. די חפצים, די ביכער, די אַנטיקן וואָס ער דערזעט ביי יעדן פון זיי, פאַרגעסט פּאַט נישט צו פאַרצייכענען.

אַזוי לעבט אויף פאַר אונדז די שטוב פון יוסף אָפּאַטאָשו, ע"ה:

„די ווענט, די פּאָליצעס, די עטאַזשערקעס פון אָפּאַטאָשוס פיר צימערן רעדן מיט רמזים פון יאָרהונדערטער. מאָלערישע בילדער, סקולפּטורן, יקר־המציאותן, היסטאָרישע דאָקומענטן, אַלטע ספרים, אָריגינעלע פאָטאָגראַפיעס. קוקט אַראָפּ פון דער וואַנט אַ פּראַכט־פולע יפת־תואר, אַ מיליאָן פּויליש־יידישע יחוסדיקע מאַמעס, אויס־געדריקט אין געשטאַלט: 'דאָס איז מיין מאַמע נאַנטשע'", האָט אָפּאַטאָשו אַ זאָג געטאָן צו פּאַטן.

אַ שלל מיט ביאָגראַפישן מאַטעריאַל, וואָס איז דעם לייענער ניט באַקאַנט, געפינט מען אין די „שמועסן". מיטן בוך וועלן זיך, אָן ספק, באַנוצן ליטעראַטור־היסטאָריקער, אָדער די, וואָס וועלן שרייבן אַמאָל מאָנאָגראַפיעס וועגן די שרייבער, מיט וועלכע פּאַט האָט געהאַט זיינע אינטערוויוען. און געוויס זיינען אינטערעסאַנט די „שמועסן" מיט איציק מאַנגערן, יעקב גלאַטשטיינען און א. לעיעלעסן, באַזונדער יעדן פון די דיכטערס אייגענער וועג צו זיין ליד, דאָס נייע און היינטיקע וואָס גלאַטשטיין און לעיעלעס, אַ שטייגער, האָבן זיך באַמיט אַריינצוברענגען, צוזאַמען מיט זייערע „אינזיך"־קאָלעגן, אין דער יידישער פּאָעזיע. נאָר ניט ווינציקער אינטערעסאַנט איז דאָס ביאָגראַפישע, די יוגנטלעכע טעג,

פון די אויבנדערמאָנטע דיכטער אין דעם אַמאָליקן ניו־יאָרק. אַזוי אויך מאַנגערס רעמיניסצענסן פון רומעניע, זיין אַמאָליקע היים, וואָס פּאַט שילדערט מיט אַזוי פיל בענקשאַפט:

„די קאַסאָווער בערג, די קאַרפּאַטן, די וועגן צווישן בערג, די היים פון בעל שם־טוב, ליגט אין איציק מאַנגערס זכרון און געמיט. דעם בעל טם־טובס אָרעמע כאַטע, וואָס איז געווען ווי מאַנגער זאָגט: ׳דאָס אויער פון דער וועלט׳...״

אויף דער פראַגע „למי אני עמל״, וואָס פּאַט האַלט אין איין פרעגן ס׳רוב פון די שרייבער, איז דער ענטפער אָפט ניט קיין פריילעכער. אָבער פּאַט, דער הייסער מאמין אין יידיש און אין יידישער ליטעראַטור, לאָזט בשום אופן ניט צו קיין יאוש. ווי ביטער און פינצטער די צוקונפט זאָל ניט זיין, איז פּאַט פול מיט בטחון. אַזוי, למשל, אין דעם פּאָרטרעט וואָס פּאַט גיט פון דעם דיכטער דוד איינהאָרן פעלן אַ סך פון די יאוש־דיקע שטימונגען וואָס זיינען אונדז אַזוי גוט באַקאַנט פון איינהאָרנס עסייען און אַרטיקלען. וואָס טוט פּאַט? מאָלט ער דאָס בילד פון דעם אַמאָליקן יוגנטלעכן דוד איינהאָרן, דעם רעליגיעז געשטימטן, און יידיש־לעכן, דעם דיכטער פון דער „בלאָסער בת־מלכה״, פון „שבת חזון״ און דעם דיכטער פון „לעצטן בעל־תפילה״. אָבער אויך ער, פּאַט, איז דאָ ביים איבערדערציילן די זייער פאַרכאַפּנדיקע געשיכטע פון איינהאָרנס לעבן. נאָכן לייענען דעם שמועס מיטן דיכטער, זיינען פּאַטס אַריינפיר־ווערטער צום קאַפּיטל דוד איינהאָרן פאַר זיך אַליין עסייאיסטיש אין שענסטן זינען פון וואָרט:

„איצט, ווען איך ברענג אַרויף אונדזער שמועס אויפן פּאַפּיר, איז שוין אַ פּאָר וואָכן נאָך אונדזער געשפּרעך. זע איך פאַר מיינע אויגן דאָס בילד פון איינהאָרנס ליד ׳נעילה׳, די זיידעס מיט די לאַנגע ווייסע בערד, מיט די הויכע ערנסטע שטערנס און אַראָפּ־געלאָזטע ברעמען. זייערע לאַנגזאַמע טריט אין פייערלעכן גיין, ווי זיי באַרירן מיט זייערע ווייסע קיטלען די ערד״.

פּאַטן גיט זיך איין איבערצוגעבן דעם לייענער אַ געפיל פון התרוממות הנפש, בעת ער דערציילט אונדז, מיט אַ טאַלק און מיט אַ סדר, פּרטים פון ש. ניגערס רייך, שעפעריש לעבן און שאַפן. פאַראַן אין דעם ניגער־פּאָרטרעט דרך־ארץ צום למדן, דעם שטילן אין זיך פאַרטיפטן קריטיקער, וואָס וואַכט שוין אַריבער פינף צענדליק יאָר איבער דעם בנין

**וואָס רופט זיך יידישע ליטעראַטור. אין זכרון בלייבט דאָס בילד פון יענעם פאַרנאַכט ביי ניגערן אין שטוב: „די צעוואַקסענע סוף־זומערדיקע בלעטער־ביימער", וואָס פּאַט האָט דערבליקט אין דרויסן פאַרן הויז און די נאָענטקייט פון דעם האַרבסטיקן פּאַרק הויערן איבערן גאַנצן בילד, און עס ווערט אי אומעטיק, אי באַנג, מישנדיק די בלעטער פון די מעשיות און רייד וועגן ש. ניגערן, ע"ה:**

„אין דער אַרומרינגלעניש פון טויזנטער ביכער, גאַנצע הורבעס, פּאַקעטן מיט מאַטעריאַלן, זשורנאַלן, צייטונגען פון גאָר דער וועלט, אויף פאַרשיידענע לשונות — יידיש, העברעאיש, ענגליש, דייטש — זיצט ביי אַ קליינעם טישל ניגער אַליין, קוים אים אַרויסצוזען פון צווישן די הויפנס ביכער, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ טייל פון זיי — דער לעבעדיקסטער"...

**אין בוך זיינען פאַראַן שמועסן מיט אברהם רייזען, צביון, מאַני לייב, דוד איגנאַטאָוו און ווי שוין דערמאָנט, יוסף אָפּאַטאָשו, זכרונם לברכה. צום גרויסן צער זיינען זיי, דורך דער צייט, צוגענומען געוואָרן פון אונדז. די שמועסן מיט זיי, זייערע אייגענע רייד, באַקומען דערפאַר, ערשט איצט, אַ טיפערן מיין. כדאי וועגן זיי באַזונדער צו שרייבן. עס קומט פּאַטן מער ווי אַ דאַנק פאַרן אויפהיטן און אָפּהיטן דאָס לעבעדיקע וואָרט פון יעדן פון די שרייבער־נפטרים.**

**ליב און האַרציק נאָענט זיינען אויך די שמועסן מיט די דיכטער ה. רויזנבלאַט, ע"ה, און — אים צו לענגערע יאָרן — דעם יידישן וועטעראַן־פּאָעט, י. י. שוואַרץ, דעם טיף־יידישן דיכטער.ביידע זיינען צו גלייך אויך עכט אַמעריקאַנישע שילדערער פון אונדזער היגער יידיש־אַמעריקאַנער סביבה.**

# י. ראַפּאָפּאָרט

(וועגן „ערשטער שניט נאָכן שטורעם". עסייען
און תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס)

אין זיין „נאָכוואָרט" צו זיין דיקן באַנד עסייען געפינען מיר אויס ווי זעלבסט־קריטיש י. ראַפּאָפּאָרט איז צו זיך אַליין. ער באַצייכנט די שריפט־שטעלערישע טעטיקייט זיינע ביזן יאָר 1939 — אַן ערך צוואַנציק יאָר — אַז ער האָט „אימפּרעסיאָניסטיש, אוממיטלבאַר, פּאָלעמיש־נערוועז רעאַגירט אויף ליטעראַרישע דערשיינונגען."

איך ווייס ניט צי מיר דאַרפן באַדויערן, אָדער, פאַרקערט, גאָר זיין צופרידן, וואָס אין דעם איצטיקן בוך געפינט מען גראָד זייער ווייניק פון דעם באַקאַנטן פּאָלעמיש־נערוועזן נוסח פון ראַפּאָפּאָרטס ליטעראַרישע קריטיק וואָס זיינען באַקאַנט פון פריער. דאָס דאַרף מען אפשר צושרייבן צו דער ווירקונג פון תנ"ך וועגן וועלכן ראַפּאָפּאָרט שרייבט דאָ זיינע דרוש־עסייען. די תנ"ך אימפּראָוויזאַציעס האָבן ראַפּאָפּאָרטן, ווייזט אויס, ביז אַ געוויסן גראַד באַפרייט פון זיין, דאָס רוב, אָנגעכמורעטן — אָפּט גאָר בייזן, „פּאָלעמיש נערוועזן" רעאַגירן אויף „ליטעראַרישע דערשיינונגען". אין תוך אָבער פאַראינטערעסירט ראַפּאָפּאָרט פיל, פיל מער מיט זיינע שאַרפע נעגאַטיווע ליטעראַרישע אַרטיקלען ווי אין די „קליינע עסייען אויף גרויסע טעמעס", און אין די „תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס".

די „חכמת היהדות" אויף יידיש איז טאַקע ווייט נישט צו פאַרגלייכן צו דעם וואָס איז דאָ אויף לשון אַשכנז, און להבדיל, אויף אונדזער אייגן לשון קודש. פונדעסטוועגן איז יעדער יידישער עסייאיסט וואָס וויל אויס־שפּילן אויף יידיש אַ געזאַנג אין פּראָזע צו די אַלטע נביאים, צום טייערן חומשל, און צו די טיפע וואונדערלעכע רייד פון „משלי" און „קוהלת" און די אַנדערע טיילן פון דעם „ספר־הספרים", — מחויב צו וויסן פון דעם שלל פּירושים און פון דעם גאַנצן אָנגעזאַמלטן דרוש וואָס מיר האָבן בירושה. אַ יידישער עסייאיסט וואָס באַהאַנדלט וועלכן עס איז תנ"ך־מאָטיוו דאַרף אומדירעקט אונדז געבן צו פאַרשטיין אַז עס זיינען אים נישט פרעמד

אַפּילו דער „דרוש" פון דעם קליינשטעטלדיקסטן רבל, וואָס אין אונדזערע אויגן, היינט צו טאָג, שטייט ער בלי ספק העכער פון די, להבדיל אלף הבדלות, גויאישע שונאי־ישראלדיקע ביבל־קריטיקער. אַ יידישער עסייאיסט וואָס באַהאַנדלט תנ"ך־מאָטיוון און וואָס פּרובירט אָפּפרעגן יהואשן און זיין איבערזעצונג איז מחויב, כאָטש אומדירעקט, אונדז צו לאָזן וויסן פון זיין באַהאַוונטקייט אין דער רייכער ירושה פון יידישן תנ"ך־וויסן, און דאָס אייגענע ביסל „דרוש" וואָס ער וויל אויף היינטיקן עברי טייטש צוגעבן דאַרף זיין אַ מין המשך פון פריער.

צום באַדויערן פילט מען ניט אַלעמאָל אַז י. ראַפּאָפּאָרט זאָל זיך שטאַרק רעכענען סיי מיט די יידיש־טראַדיציאָנעלע, אַלטע און נייע, אויסטייטשונגען פון תנ"ך, סיי מיט די אייגענע און גויאיש־פרעמדע ביבל־קריטיקער. מיט איראָניע רעדט ער וועגן דער „היסטאָריש־פילאָלאָגישער קוועטשעניש פון די ביבל־קריטיקער". און גלייך ביים אָנהייב פון בוך, עצהט ער, אַז „מען דאַרף זיך אויסלערנען לייענען די ביבל אוממיטלבאַר, נישט דורך די פאַרשידן־קאַלירטע ברילן פון די טראַדיציאָנעלע אויסטייטשונגען".

בעתן לייענען די ל"ב קאַפּיטלעך פון די „תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס", — דעם ערשטן און וויכטיקסטן טייל פון בוך, — שטעלט זיך נישט איין מאָל די פראַגע, צי דאָס „אוממיטלבאַרע" לייענען דעם תנ"ך באַרעכטיקט שוין דעם נאָמען. די געדאַנקען וואָס די פאַרשידענע טיילן פון תנ"ך, און דער עיקר, די נביאים רופן אַרויס ביים מחבר זיינען געוואַגטע, צום טייל אַפּילו אָריגינעלע. נאָר קיין אימפּראָוויזאַציעס זיינען זיי נישט. דאָס זיינען נישט קיין געזאַנגען נאָר סוגעסטיווע הייסע טראַכטענישן. מיר זעען דאָ נישט די געשטאַלטן איבערגעשאַפּענע, — ווי עס איז די עובדה פון דעם אימפּראָוויזאַטאָר וועגן ער נעמט פון פאַרטיקן, נאָר גיכער האָבן מיר דאָ אויסטייטשונגען פון רייד און פון געדאַנקען, פון מעשות און געשעענישן. און כאָטש ראַפּאָפּאָרט האַלט, אַז סיי דער רעליגיעזער צוגאַנג צום תנ"ך, און סיי דער קריטיש־פילאָלאָגישער „פאַרטונקלט די אוממיטלבאַרע שיינקייט פון דאָס דיכטערישע אין תנ"ך", — פונדעסטוועגן זיינען די אימפּראָוויזאַציעס דאָך געשריבן, קעגן זיין אייגענעם ווילן, אי אין גייסט פון די טראַדיציאָנעלע אויסטייטשונגען, אי אין נוסח פון די ביבל קריטיקער, פון וועלכע ער, ראַפּאָפּאָרט, האַלט זייער ווינציק.

אַזוי, למשל, שרייבנדיק וועגן „קוהלת", געפינט ראַפּאָפּאָרט אַז אין די פסוקים 9־10 פון 1טן קאַפּיטל, האָבן זיך פאַרקליבן נישט־אָרגאַנישע

שטעלן. אים ווערט תיכף קלאָר אַז די דאָזיקע פּסוקים, וואָס הייבן זיך אָן מיט די ווערטער „שמח בחור בילדותך", איז אינגאַנצן „אַ פרעמד־קערפּער, אַריינגעבראַכט מיט געוואַלט דורך אַ רעדאַקטאָר וואָס איז געווען מער ייד פאַרן מחבר פון „קוהלת" . . . פאַרקערט ווידער, אין דעם קאַפּיטל „תנ"ך־דיכטונג אַלס געשיכטלעכע קוועלן", איז ראַפּאַפּאָרט מער נאָך ווי געטריי דער טראַדיציאָנעלער אויסטייטשונג פון תנ"ך. ער געפינט אַפילו „אַ פּאָעטישן גבית עדות פאַר קריעת ים־סוף" . . . און כאָטש אויך דאָ איז ער מסופק צי דאָס ליד „אָז ישיר" איז דערגאַנגען צו אונדז אַלס גאַנצקייט, פונדעסטוועגן איז ער זיכער, אַז „דער קערן פונעם ליד שטאַמט פונעם נס ביים ים־סוף" . . .

דאָס וואַקלען זיך צווישן די אַלטע יידישע מפרשים און נייעסטע ביבל קריטיקער באַרעכטיקט אפשר דעם טיטל אימפּראָוויזאַציעס איבער די ל"ב עסייען. סײ־ווי דערציילן זיי פון די איבערלעבענישן וואָס דער קריטיקער י. ראַפּאַפּאָרט איז דורכגעגאַנגען פון דעם פינצטערן יאָר 1939 אָן. דאָס יאָר ווען ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין דעם וויטן שאַנכיי, אין „גלות צווישן יידן", ווי עס הייסט דאָס נאָך־נישט דערשינענע בוך זיינס וועגן די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־שרפה. דער תנ"ך איז נאָך אַלץ „דאָס בוך פון אַלע ביכער", וואָס יעדער בשר־ודם, בפרט אַ היינטיקער ייד, וואָס ווערט פאַרוואָרפן, ווער־ווייס אין וועלכע גלותן, קען שעפּן דערפון אַ ביסל טרייסט.

„איך האָב געלייענט דעם תנ"ך צוליב אַ באַדערפעניש אַרויסצורייסן זיך פון די אייגענע שמאָלע גרעניצן פון אַ פרייען קאָנצענטראַציע לאַגער, און דאָן פון אַ האַלב פרייער געטאָ."

דער פּאָלעמיקער און אמת־זוכער י. ראַפּאַפּאָרט האָט אין גלות־שאַנכיי געקענט רואיקער אַריינקוקן אין תנ"ך און צוריק געפינען כוח פאַר זיין נערוועז־פּאָלעמישן סטיל. איידער וואָס־ווען האָט ער געוואָלט אָפּצאָלן זיין ביסל דאַנקבאַרקייט די באַליבטע נביאים זיינע ,איבערהויפּט דעם נביא ירמיה ביי וועמען ער פילט ממש „די וואַרעמע פולסירונג פון דעם נביאס האַרץ".

פונקט ווי עס איז אונדז פרעמד דאָס אויפנעמען דעם תנ"ך ווי בלויז אַ ריין ליטעראַרישע שאַפונג, אַזוי איז אונדז פריקרע דאָס אָפטע קרובה־שע פאַררופן זיך אויף די נביאים, און דאָס וועלן זיי דורכאויס פאַרהייג־טיקן. מאָדנע קלינגען, דעריבער, יענע שטעלן ביי ראַפּאַפּאָרטן ווען ער רעדט אין זיין „נאָכוואָרט" וועגן זיינע „ירמיה־איבערלעבענישן", און ווען

ער ווענדט אָן זיין שאַרפן קריטישן סטיל אויף אָט דעם אַלטן נביא, למשל, מיט אַזאַ מין זאַג:

„ער האָט אָנגעהויבן זיין דיכטונג מיט אַ פֿאַלשן טאָן, ווי דאָס טרעפֿט על פּי רוב מיט יונגע דיכטער." . . .

דאָס איז אין וואויל־באַקאַנטן, הומאָרלאָזן נוסח. ראַפּאָפּאָרט שרייבט וועגן נביא ירמיהו מיטן זעלבן לשון, ווי ער וואָלט ,אַ שטייגער שרייבן וועגן אַ יידישן דיכטער אין אַמאָליקן וואַרשע, אָדער אין היינטיקן ניו־יאָרק.

דאָס קאַפּיטל וועגן ירמיה בלייבט אָבער סיי־ווי דאָס בעסטע אין די „תנ"ך־אימפּראָוויזאַציעס". ראַפּאָפּאָרט האָט פֿאַר דעם נביא ירמיה, ניט בלויז סתם באַגייסטערונג נאָר אַ מין ליבשאַפֿט וואָס גרענעצט זיך מיט עקסטאַז, אמתע באַגייסטערונג, און עקסטאַז איז דאָך אַזאַ זעלטענער אַרטיקל אין ראַפּאָפּאָרטס שרייבן בכלל. דער טראַגישער גורל פֿון דעם נביא פֿון ענתות פֿאַראינטערעסירט דעם פּובליציסט און קריטיקער מער פֿון אַלע אַנדערע נביאים. „מיר זעען און פֿילן פֿאַר זיך" — זאָגט ער — „אַ מענטשן, אַ פּאָליטישן טוער, אַ נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן קעמפֿער, אַ דיכטער פֿון צער און צאָרן, וואָס איז אונדז נאָענט, ווּעמען מיר קענען פֿאַרשטיין".

אויב ראַפּאָפּאָרט האָט ניט באַוויזן צוצוגעבן עפּעס נייעס אין זיין עסיי וועגן ירמיה, אַזוינס וואָס איז אונדז נישט באַקאַנט פֿון פֿריער, פֿאַר־אינטערעסירט ער דאָך מיט זיין לויב פֿאַר דעם נביא פֿון צער און פּיין. זיין אייגענער גלות־שאַנבויי, זיין אייגן פֿאַרוואָגלט ווערן אין דער פֿרעמד, — דאָס אַרויסגעריסן ווערן פֿון אַן איינגעוואָרצלטער יידישער סביבה פֿון ביאַליסטאָק און וואַרשע, צי ער האָט יאָ געווירקט מיט זיינע אַרטיקלען וועגן שרייבער צי ניט, אָבער געשלאָגן זיך פֿאַר אמתן אין וועלכע ער האָט געגלויבט דאָס געדענקען מיר פֿון יענע יאָרן פֿאַרן חורבן — און אָט דאָס איינשטעלן זיך פֿאַר זיינע אמתן, — געפֿינט ראַפּאָפּאָרט דאָ, אין די רייד וועגן ירמיהן, זיין פֿולסטן אויסדרוק.

אינטערעסאַנט איז אויך דאָס קאַפּיטל ה' „די עפּאָפּייע פֿון טויזנט יאָריקן קריג". דאָס איז דער קריג וואָס איז אָנגעגאַנגען, און גייט נאָך אָן, לויט ראַפּאָפּאָרטן, צווישן יידישן פֿאָלק און זיין גאָט. ניי אַלענפֿאַלס איז די אויסטייטשונג פֿון דעם באַקאַנטן „זכרתי לך חסד נעוריך אהבת כלולתיך לכתך אחרי במדבר בארץ לו זרועה" . . . ראַפּאָפּאָרט רופֿט דאָ אויס בקול רם:

„דאָס איז דאָך נישט אמת! ווער איז נאָך אים נאָכגעגאַנגען מיט ליבע

אין מדבר ? גאָט האָט דאָך אים געשלעפּט נאָך זיך ! דאָס פאָלק ישראל האָט זיך דאָך פאַרשאָלטן דאָס לעבן וואָס עס האָט זיך געלאָזט איבערריידן, ווי שלעכט עס האָט שפּעטער געמוזט זיין דאָס צוזאַמענלעבן פון גאָט און זיין פאָלק אינעם צוגעזאָגטן לאַנד, אויב די מדבר־צייט האָט זיך אים אויס־געוויזן צו זיין אַ חתן־כלה אידיליע.״ . . .

דער גאַנצער עסיי מיט דעם אייגנאַרטיקן דרוש פאַרמאָגט אַ סך איראָניע. „גאָט האָט זיך איינגעביסן אין זיין קרבן און לאָזט אים ניט אָפּ״. עס איז אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. עס איז „דער גרעסטער און ליידנשאַפטלעכער קאַמף אין דער וועלט־געשיכטע״. דאָס יידישע פאָלק, די כלה, האָט תחילת דעם שידוך נישט געוואָלט. מוחל די אויסדערוויילט־קייט, מוחל די מיסיע צו זיין אַן עם קדוש. אַ מלוכה פון כוהנים : „מאָ־מענטנוויז״ — טענהט ראַפּאָפּאָרט — „זיינען מיר שטאָלץ מיט גאָטס ליבע צו אונדז, אָבער מער נאָך זיינען מיר מיד״.

„קיין רואיק, פּשוט גליק ברענגט זי נישט.״
„עס בענקט זיך אַזוי נאָך אַביסל פּשוט גליק.״

אַ נייע סאָרט אויסטייטשונג געפינען מיר אויך אין די נאָטיצן וועגן אליהו הנביא. דאָס איז אַ מין פירוש וואָס איז נאָענט דעם געמיט פון ראַפּאָפּאָרטן דעם פאָלעמיקער און שאַרפן גייך־זאָגער. ער טיילט אָפּ דעם אליהון פון דער פאָלקס־לעגענדע, פון יענעם אליהו וואָס קעמפט מיט די נביאי הבעל. „דער ביבלישער לייב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טייבעלע פון דער לעגענדע״. אליהו דער טרייסטער, דער וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ פויער, דער וואָס ברענגט הילף און היילונג צו אָרעמע און קראַנ־קע — די דאָזיקע געשטאַלט איז די שאַפונג פון דער לעגענדע. די היסטאָרישע אליהו־געשטאַלט, די שטורמישע נאַטור אליהוס איז אונדזער מחבר נעענטער צום האַרצן. אליהו האָט די אייגענע נשמה פאַרוואונדעט בעתן קאַמף זיינען מיט די נביאי השקר. פון דעמאָלט אָן, מיינט דער מחבר, פון דער שחיטה ביים קישון, איז אליהו־הנביא „עפּעס ווי אינערלעך פּוסט געוואָרן״ :

„און דעריבער האָט נאָך קיינער ניט באַמערקט אַז אליהו הנביא זאָל זיך צורירן צו די אָנצאָליקע וויין־כוסות וואָס מע שטעלט פאַר אים בעת די פּסח־סדרים.״

פאַרוואָס ? ווייל די יידן שרעקן אים מיט זייער דונערדיקער תפילה פון „שפוך חמתך״. די דאָזיקע צאָרנדיקע ווערטער דערמאָנען אים זיין

אייגענעם צאָרן, פון וועלכן ער איז אַנטלאָפן. אַנטלאָפן פון זינט ער האָט דערהערט דאָס קול דממה דקה, פון זינט ער האָט דערפילט גאָט אין דער שטילסטער שטילקייט. „לא ברעש ד׳".

איז עס אַ מין מאָדערנער דרוש אויף דער געשטאַלט פון אליהו. און ער קומט זיך צונויף מיט דער קעמפערישער געשטאַלט פון ירמיהון, וואָס ער, ראַפּאָפּאָרט, מאָלט זיך אויס.

אין דער עסיי „אוריה החתי און דוד המלך" ווערן, אמת, איבערגעגעבן די אַלע אָנגענומענע סתירותדיקע כאַראַקטערשטריכן פון מלך דוד, אָבער די באַעוולהטע געשטאַלט פון אוריהן ווערט דאָ ניי באַלעבט און וואַקסט דאָ אויס גרעסער ווי די געשטאַלט פון דעם תהילים־זינגער. ווער, ווער, נאָר דער קריטיקער י. ראַפּאָפּאָרט איז דעם קיניג דוד נישט מוחל זיינע זינד . . . דודס שלאָגן זיך על־חטא „איז גאָר נישט ווערט":

„נישט זיין הספד־ליד אויף יהונתן, און נישט זיין תהילים קאָנען איבערוועגן די געזונקענע וואָג־שאָל פון דודס נשמה אין יענעם מאָמענט, ווען דוד המלך איז געשטאַנען ווי אַ קנעכט פון זיינע נידעריקסטע איינ־סטינקטן פאַר אוריה החתיס איבערערדישע ריינקייט." . . .

אין די אָנצאָליקע לויב־געזאַנגען, אין לויף פון יאָרהונדערטער, וועגן דוד המלך — צו דערמאָנען בלויז ביאַליקס פּרעכטיקע עסיי „שאול ודוד". דאָס זעלבע אין די מערסטע אגדתאס, ווערן בפירוש אויסגעמיטן דאָס טאַדלען דודן פאַר זיינע זינד. ביי ראַפּאָפּאָרטן דעם קנאי ווערט די זינד דודס אַן עיקר. אוריהס נשמה־ריינקייט מאַכט אַ תל פון דודס גרויסקייט.

ראַפּאָפּאָרט דער נישט פשרהדיקער!

ווי אין אַלץ וואָס ער שרייבט זוכט ראַפּאָפּאָרט אויך דאָ, אין די „תנ"ך אימפּראָוויזאַציעס", נאָר דעם אמת. ער איז מוותר אויף דער שיינ־קייט און ער שטעלט העכער די גוטסקייט און די ריינקייט פון מענטשלעכן האַרץ. און ער איז גרייט אַראָפּצורייסן די לעגענדע־מאַסקעס פון גרויסע היסטאָרישע געשטאַלטן, אַבי די גערעכטיקייט זאָל חלילה וחס נישט ליידן.

---

אין די איבעריקע צוויי טיילן פון בוך, אין די קליינע עסייען אויף „גרויסע טעמעס", און אין „אַ געשריי אין דער נאַכט", וועלן דעם לייענער געוויס פאַראינטערעסירן די עסייען וועגן יידישער אַסימילאַציע, „דאָסטאָ־יעווסקי אַנטיסעמיטיזם", „די פאָלקסטימלעכע באַוועגונג אין דער רוסישער ליטעראַטור און אין דער יידישער", „לאָמיר אַרויסרייסן ביי זיי אויך דעם דאָזיקן זיג", און אַן ענטפער אויף וויליאַם טובימס בריוו: „מיר פּוילישע

יידן״. די איינהייטלעכקייט פון די „תנ״ך־אימפּראָוויזאַציעס״ איז אין די איבעריקע טיילן פון בוך שוואַכער. אָבער אין אַלע גרעסערע און קלענערע אַרטיקלען הערט מען דאָס קול פון דעם היינטיקן פאַרוואונדעטן ייד פון לעצטן יאָר־צענדליק. עס איז כדאי געווען דאָס צונויפזאַמלען די אַלע פּובליציסטישע אַרטיקלען און עסייען. דורך זיי ווערן מער פאַרשטענדלעך און קלאָרער אַ סך פון ראַפּאָפּאָרטס ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען. ביים לייענען די עסיי „קנאה״, למשל, קומען אויפן זינען די האַרבע און ביטערע טענות וואָס ראַפּאָפּאָרט האָט תמיד צו יידישע שרייבער. ער מאָנט תוך ביים יידישן קינסטלער. ראַפּאָפּאָרט איז אין תוך מער פּובליציסט, ווי קריטיקער. אין דעם פּרט איז ער אויסגעשפּראָכן יידיש. זיין שרייבן איז פול מיט יענע הייסע שטראָף־רייד וואָס דערמאָנט אָן דעם עטיש־זוכנדיקן קעמפער און מוכיח, וואָס האַלט, אַז דאָס שיינע וואָרט דאַרף זיין אויך אמתדיק. און דאַרף געדעקט ווערן דורך מעשים.

(1948)

# י. פריילין

וועגן י. פרייליכן ע״ה, דעם דערציילער, קריטיקער און פובליציסט, — איז נישט גרינג צו שרייבן. זיינע אַרטיקלען וועגן שרייבער און ביכער זיינען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע זשורנאַלן און זאַמלביכער. דאָס זעלבע — זיינע פובליציסטישע אַרטיקלען. פון זיינע קריטישע אַרבעטן האָבן מיר בלויז דאָס בוך: „יוסף אָפּאַטאָשוס שאַפונגס־וועג״; פון די דערציילונגען — די ביכער „ווידערקלאַנגען״, און „דורות״. דאָס לעצטע איז דערשינען אַ פּאָר חדשים פאַר זיין פריצייטיקן טויט.

עס ווערט טרויעריק ווען מען גיט אַ טראַכט וועגן דעם גורל פון אַ שרייבער, וואָס האָט זיך געראַנגלט צו געפינען זיין וועג; וואָס האָט די בעסטע כוחות זיינע אָוועקגעגעבן אין גרויס ליבשאַפט פאַרן יידישן בוך, יידישן שרייבער. ווייל פריילין איז בטבע געווען פון די אומרואיקע נאָטורן צווישן שרייבער; די, וואָס שטעלן זיך נישט צופרידן מיט זייער אַרבעט אויף איין געביט, נאָר וואָס זוכן תמיד אַלץ נייערע פאָרמען און מאָטיוון. זיינע פילצאָליקע אַרטיקלען אין זשורנאַל „אונדזער וועג״, פון וועלכן ער איז אַ צייט געווען רעדאַקטאָר, און אַנדערע זשורנאַלן זיינען אַ באַווייז פאַר דעם. עס האָט פרייליכן געהאָלפן צו זיין פיל־זייטיקייט, (און אויך געשטערט...) די גרויסע השפעה פון יוסף אָפּאַטאָשו ז״ל. מיר זאָגן דאָס נישט לגנאי. פאַרקערט, פריילין האָט תמיד געטראָגן אַ סך דאַנקבאַרקייט און ליבע פאַרן מחבר פון „אין פוילישע וועלדער״ און מ׳קען פרייליכן רעכענען פאַר אָפּאַטאָשוס טרייעסטן תלמיד און נאָכפאָלגער. נאָכן דערשיינען פון זיין בוך וועגן אָפּאַטאָשון, האָט פריילין אין אַ שמועס מיט קאָלעגן ביי אַ זיצונג אין פען־קלוב, זיך אויסגעדריקט: „וואָס זאָל איך טאָן, חברים, איך האָב אים ליב״... דאָס האָט ער געזאָגט אין אַ טאָן פון התנצלות, ווי וועלנדיק זיך פאַרענטפערן פאַר די יאָרן אַרבעט, און מי, פון לייענען און שטודירן כדי צו קענען אָנשרייבן דאָס בוך וועגן אָפּאַטאָשון, וועמען ער האָט געשעצט און אַרויפגעקוקט צו

אים ווי אַ געטרייער תלמיד צו זיין רבין. אויך אָפּאַטאָשו האָט פרייליכן אַרויסגעוויזן אַ סך פריינטשאַפט און אים מקרב געווען. און נישט איינער פון די ייִנגערע קאָלעגן שרייבער האָט פרייליכן מקנא געווען די דאָזיקע התקרבות פון דעם באַרימטן שריפטשטעלער.

* * *

אַז מען פאַרגלייכט פרייליכס בוך וועגן י. אָפּאַטאָשון, אָדער די אַרטיקלען וועגן שרייבער, — מיט דעם לשון פון די דערציילונגען אין בוך „ווידערקלאַנגען", און אין „דורות", — וואַרפט זיך אין די אויגן די אַנדערשקייט, נישט אַזוי אין לשון גופא, ווי אין דעם אופן פון באַהערשן דאָס לשון. אין דער קריטיק איז פרייליך היפּש באַריכותדיק, ווי ער וואָלט ניט געלייגט קיין אַכט אויף דער פאָרעם; אין דעם רוב פון זיינע לענגערע ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען געפינען מיר אָן אַ שיעור זייטיקע באַמערקונגען, אגב אורחאס און פאַרגלייכן, מיט כסדרדיקע ראיות און ציטאַטן, וואָס זיינען, אָן און פאַר זיך, אָפט אינטערעסאַנט, אָבער וואָס ווענדן אָפּ דעם קריטיקער פרייליך פונעם הויפּט־ציל וואָס ער האָט זיך געשטעלט. פאַרקערט, ווידער, — אין די דערציילונגען איז פרייליך פּשוט גריגנ. די שפע פון געדאַנקען, די התפעלות פאַרן שרייבערס וואָרט, האָט אים, ווייזט אויס, אָפט פאַרכליניעט. פרייליך באַוואונדערט אַ שטייגער, אָפּאַטאָשון דעם בעל־הצמצום, אָבער די דאָזיקע באַוואונדערונג קומט אַרויס ביי אים גאָר באַריכותדיק. מ'האָט דעם איינדרוק אַז שרייבנדיק וועגן אָפּאַטאָשון איז פרייליכן געלעגן אין זין מער די אידעען־אָפּאַטאָשוס, די אויסטייטשונגען פון היסטאָרישע געשטאַלטן, דער קריג זיינער מיט די היסטאָריקער, ווי דער ריין עסטעטישער צוגאַנג צו אָפּאַטאָשוס העלדן. מען דערקענט אָבער דעם גאַנצן י. אָפּאַטאָשון אין פרייליכס בוך. אַפילו אָפּאַטאָשוס אימפּעטיקן און האַסטיקן סטיל, זיין שפּראַך־נוסח, אין פרייליכס קריטישן פירוש. דאָס איז אַ גרויסע מעלה, ווייל דעם אמתן קריטיקער גיט זיך תמיד איין צונויפצולעבן און איבערצונעמען דעם שרייבערס לשון, זיין ריטם, בעתן שרייבן וועגן אים. דאָס איז דער סימן־מובהק פון יעדן קריטיקער וואָס וויל נישט בלויז זאָגן מבינות, נאָר עפּעס מער. פרייליכס בוך וועגן י. אָפּאַטאָשון האָט אויך די מעלה וואָס דאָ קומען צום אויסדרוק מיינונגען און געדאַנקען וועלכע מען קאָן יאָ, און — נישט אָננעמען. ס'איז דאָ וועגן וואָס זיך צו פּילפּולען, און וועגן וואָס צו פירן וויכוחים.

רעדנדיק, אַ שטייגער, וועגן אָפּאַטאָשוס העכסטער, קינסטלערישער דערגרייכונג — דאָס בוך זיינס „אין פּוילישע וועלדער״, — דערמאָנט פרייליך אויך שלום אַשן און זיין „תהילים־ייד״. דער דאָזיקער פאַרגלייך צווישן די צוויי ווערק, — ביים לייענען איצט, אויפדאָסניי, פרייליכס בוך, אין די טעג נאָך אַשס טויט, — רופן אַרויס אַ סך פראַגן און ספקות. יאָ, פאַראַן אַ געוויסע ענלעכקייט צווישן די ביידע היסטאָרישע אָדער כמו־היסטאָרישע ווערק. ביידע, — „אין די פּוילישע וועלדער״ און „דער תהילים ייד״, זיינען געוואָרן ליטעראַרישע שם־דברס אין דער יידישער ליטעראַטור; ביידע שילדערן די געשטאַלטן פונעם קאָצקער רבין, ר׳ מענדעלע. אין ס׳רוב פאַלן איז אָפּאַטאָשו נאָכגעגאַנגען אַשן. ביי פרייליכן קומט אָבער אויס, פאַרקערט, אַז אַש האָט „געפּאַרשט״ און געלערנט ביי אָפּאַטאָשון. פרייליך באַמיט זיך אין כלל צו פאַרמינערן דעם קינסטלערישן ווערט פון אַשס „תהילים ייד״; — „דער קאָצקער אַליין ווערט נאָר דערמאָנט אין „תהילים ייד״, — זאָגט פרייליך וועגן אַשן; — „צו אים״, — דעם קאָצקער, הייסט עס; „האָט אַש נישט געהאַט קיין כוח, נישט געהאַט קיין ווילן זיך צוצורירן. איז ר׳ יחיאל טאַקע אַרויסגעקומען ביי אַשן אַזוי תמימותדיק, אַזוי האַרציק, אַזוי באַזונגען און גלאָריפיצירט, ווי ס׳איז שפּעטער אַרויסגעקומען אַשס מאַן פון נצרת״. „אָבער אָן דער תמימות״, — זאָגט ער, — „פעלט ר׳ יחיאלן אי דעם קאָצקערס טיפקייט, אי דעם קאָצקערס טראַגישע גרויסקייט. ר׳ יחיאל״ — שרייבט פרייליך — „איז אַ נאַאיווו פּשוטער תהילים־ייד, וואָס איז געפּאַנצערט מיט בטחון און אמונה, ער איז שלום אי מיט זיך, אי מיט דער וועלט, אי מיט גאָט״.

אין דעם כלומרשט־נעגאַטיוון צוגאַנג דערפילט מען אָבער אויך פרייליכס באַהאַלטענע התפעלות פאַר אַשן. ווערטער און אויסדרוקן וועגן אַשן ווייזן, אַז פרייליך וואָלט געקענט שרייבן וועגן דעם דיכטער פון „שטעטל״ מיט נישט ווינציקער ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש, ווי וועגן דעם מחבר פון „היברו״, און פון „אַ ניו־יאָרקער געטאָ״. אָבער פרייליך איז געווען גייסטיק באַווירקט פון אָפּאַטאָשוס אידעען־וועלט; דער עטיש־מאָראַלישער צוגאַנג צו ליטעראַטור איז פאַר פרייליכן, ווייזט אויס, געווען וויכטיקער ווי דער ריין קינסטלערישער. און ער איז גע־פאַנגען אין דער דאָזיקער אחריות־גייסטיקער נעץ פון כלומרשטער שליחות און דער נייער חשיבות פון ייד צו מענטש אין דער איצטיקער תקופה פון יידישן לעבן, אַז ער האָט פאַרקוקט אַ סך. ערשט אין די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט, האָט י. פרייליך זיך דערנענטערט צו די

פּראָבלעמען פון קונסט, און געזוכט אויך די געשטאַלטן, נישט נאָר די אידייען, אין די ווערק פון יידישע שרייבער.

יאָ, געוויס איז אַשס „תהילים־ייד" אַנדערש פון אָפּאַטאָשוס „אין פוילישע וועלדער". ביי אַשן איז יאָ פאַראַן אַ הויפּט־העלד, יחיאל, און ביי אָפּאַטאָשון — הויפּט־העלדן; מרדכי, ר' איטשע דער מקובל, און ר' מענדיל קאָצקער. אַמאָל דער, אַמאָל יענער, פאַרנעמט דעם אויבנאָן פונעם ווערק. אָפּאַטאָשוס קינסטלערישע כוונה איז געווען צו ווייזן די ירידה פון חסידות, איר באַרג אַראָפּ; אַשן, פאַרקערט, איז געגאַנגען אין לעבן צו געשטאַלטיקן דעם כוח פון אמונה בכלל. און דער קאָצקער ווערט פיל, פיל מער ווי „בלויז דערמאָנט אין תהילים ייד". אין דעם איינציקן קאַפּיטל, ווען דער פאָטער ברענגט דעם ייִנגל יחיאל צום קאָצקער, אין זיין חדר־מיוחד, געלינגט אַשן צו געבן אונדז די געשטאַלט פונעם קאָצקער, עס שטייט פאַר אונדז לעבעדיק פאַר די אויגן אַ רבי — מיט די מידות פון אַ שטרענגען בעל־דין, — אַ גילגול פון פּרצעס בריסקער רב, נאָר אין חסידישער טראַכט, — וואָס הייסט דעם פרומען ייִנגל יחיאל, דער, וואָס האָט „מורא פאַר גאָט", זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים יעדן טאָג. מידת הדין און מידת הרחמים, קומען זיך דאָ צונויף. צו זען אין יחיאלן בלויז „אַ תהילים־ייד", הייסט בפירוש פאַרזען די דאָ־זיקע גרויסע געשטאַלט אין וועלכער אַשן איז קינסטלעריש געלונגען צו פאַרקערפּערן דאָס העכסטע און הייליקסטע אין חסידות. דאָס מיינט נישט אַז אָפּאַטאָשון איז ווינציקער געלונגען, אויף זיין שטייגער, צו געבן דאָס טראַגישע בילד פונעם קאָצקער דעם מיזאַנטראָפּ, וואָס איז פול מיט ספקות, אָדער פון ר' איטשען, דעם מקובל, וואָס איז, לויט אָפּאַטאָשון, דער לעצטער פון אַ דור. ר' איטשע קומט, נאָך דער פּטירה פונעם קאָצ־קער, ראַטעווען די חסידים, איינהאַלטן זיי אין רבינס הויף, אָבער ער קומט נישט ראַטעווען דאָס חסידות גופא.

די, און ענלעכע באַמערקונגען, זיינען נישט אויסן צו מינערן דעם אַל־געמיינעם ווערט פון פריילי‌כס בוך וועגן אָפּאַטאָשון, וואָס וואַקסט אויס פון קאַפּיטל צו קאַפּיטל. מיר זעען דאָ די היפּוכדיקע צוויי וועלטן — די וועלט פון חומר, און די וועלט פון גייסט, — וואָס האָבן זיך געראַנגלט אין אָפּאַטאָשון דעם קינסטלער. און עס וואַקסן אויס פאַר אונדז די גע־שטאַלטן אָפּאַטאָשוס, פון די ערדישע יידן אַרום דעם סטופּסקער וואַלד, ביז די גייסטיקע ריזן פון ר' איטשע דעם מקובל — און העט, העט, צוריק אין די צייטן פון ר' עקיבא. די וואָס וועלן אַמאָל גרינטלעך וועלן

קענען דעם שרייבער י. אָפּאַטאָשו און זיינע ווערק, וועלן נישט קאָנען פאַרבייגיין דאָס בוך: „יוסף אָפּאַטאָשוס שאַפונגס־וועג״, פון י. פריליך.

* * *

אין די דערציילונגען איז פריליך, ווי געזאָגט, גרינגער און פשוטער. אָבער אין תוך, קומט אויך אין די דערציילונגען צום אויסדרוק פריליכס גייסטיקע שטרעבונג אויפצולעבן לאַנג־פאַרגעסענע יידישע געשטאַלטן, און צו רעווידירן די פאַלשע מיינונגען פון אַ טייל יידישע געשיכטע־שרייבער, ווי דאָס האָט געטאָן זיין פאַרגייער יוסף אָפּאַטאָשו. דערביי וויזט פריליך, אין אַ טייל דערציילונגען, אין דעם בוך „דורות״, למשל, — אַז ער קאָן זייער גוט אויך די יידישע קעגנוואַרט, די נאָענטע פאַר־גאַנגענהייט, און די פאַרשיידנסטע יידישע טיפּן, סיי גייסטיקע, סיי די פּראָסט־פּשוטע יידן. און עס איז צום באַדויערן וואָס פריליך האָט נישט באַוויזן זיך אָפּצוגעבן מער און שילדערן פּשוטע יידן ווי „בערל נאָזדרע״, (אין דער דערציילונג „צוויי אָמניבוסן״). פריליך איז דאָ, אין דער שיל־דערונג פון דעם פּשוטן יידן בערל ,אַ סך אָריגינעלער און פרייער, ווי אין זיינע היסטאָרישע דערציילונגען וואָס ער האָט געשריבן ווי וועלנדיק אויס־פאָלגן און נאָכגיין אַ באַשטימטע אידייע.

אין בוך „דורות״ לייענען מיר וועגן יידן אין דעם אַמאָליקן יידישן שטעטל, פון פאַרן חורבן, און — דיאַלאָגן צווישן יאָזעפוס פלאַוויוס און זיין גריכישן פריינד עפּאַפראַדיטוס; אַ דערציילונג וועגן אַן אָפּגע־פרעמדטן יידן אין אַרגענטינע, כאַסינטאַ־חזקיה, און וועגן אַ שופט אין נגב, אין דער נייער אויפגעריכטער יידישער מדינה; אַ דערציילונג וועגן מרת גליקל האַמעלן, און וועגן אַן אַמעריקאַנער־יידישן דאָקטאָר אין דעם הייַנטיקן ניו־יאָרק, אַן אור־אייניקל פון אַ חסידישן רבין. אַ טייל דער־ציילונגען זיינען אין תוך עסייען אין דער פאָרעם פון מעשות. דורך זיי רעדט דער קריטיקער י. פריליך. באַזונדערס איז קענטיק דער עסייאיס־טישער עלעמענט אין די דערציילונגען „מאַלעקולישע געדאַנקען״ און „פאַרנאַכטיקע שאָטנס״.

די שטאַרקסטע זאַך אין בוך „דורות״ איז די דערציילונג „פייגל״. פריליך אידעאַליזירט דאָ דעם גייסטיקן יידישן בחור, משה, וואָס קומט צום שטאַרק־אָפּגעפרעמדטן פעטער אין אַרגענטינע — כאַסינטאַ. סיי די טעמע, סיי דער אופן פון שרייבן איז דאָ דורכאויס אייגן און עכט. אַ ניי ווינקל פון יידישן לעבן אין אַרגענטינע ווערט דאָ אַנטפּלעקט. דאָס בילד גופא גיט איבער, און דערציילט אַפילו אָן איבעריקע רייד, פון די טראַכ־

טענישן, סיי פון יונגן פלימעניק משה, דעם שטאָלצן גרינעם בחור, סיי פון די טרויעריקע איבערלעבענישן פון דעם פעטער כאַסינטאַ, די אַלע יאָרן אין אַרגענטינע. מיר לייענען דאָ פון דער מאָדנער פרנסה, — פּופּוגייען מיט קעסטלעך, — וועלכע דעם פעטערס מענטשן טראָגן אַרום איבער דער שטאָט. כאַסינטאַ בענקט צום אַלטן טאַטן זיינעם, וואָס האָט אים פאַרטריבן פון שטוב און אים גערופן „טויבן־כאַפּער". די דאָזיקע דער־ציילונג ווייזט אַז נישט בלויז ניו יאָרק אַליין, די איסט־סייד האָט געהאַט דאָס פּראָבלעם גרינע און אויסגעגרינטע, אויך בוענאָס־איירעס איז נישט פריי דערפון.

די פאַרשיידענע מאָטיוון אין בוך „דורות" דערציילן אונדז פון די זוכענישן, פון דעם וועלן האָבן אַ באָדן אונטער זיך, פאַר די געדאַנקען און געפילן מיט וועלכע י. פריילך האָט זיך אַרומגעטראָגן יאָרן לאַנג. פאַראַן דאָ דערציילונגען פון נייעם ישראל אין וועלכע פריילך האָט אויס־געדריקט זיין אייגענעם אַני־מאַמין פאַר דער נייער יידישער מדינה.

אַזאַ איז די דערציילונג „אויף רשי גאַס". אין מרדכי פעלדן, מיט זיין טעקע, אין אָט דעם אַמעריקאַנער ייד, וואָס קומט אין מדינת ישראל זאָגן שלום זיין עלטער פעטער נתן, — דערקענט מען י. פריילכן אַליין. פון ערגעץ־וואו טראָגט זיך צו מרדכין: „אַ בענקענדיק־נאַגנדיקער גע־זאַנג, אַ ניגון אַזאַ, וואָס האָט אים דערמאָנט אין לאַנג־פאַרגאַנגענע טעג". דאָ דריקט פריילך אויס די טראַכטענישן און דעם געמיט פון גאָר אַ סך יידן היינט־צו־טאָג, די, וואָס קומען, — נאָכן גרויסן יידישן חורבן, — אין דער יידישער מדינה:

„וואַרשע, ניו יאָרק, תל־אביב, האָבן מרדכיס ליפּן געשעפּ־טשעט. און נאָך האָבן זיינע ליפּן געמורמלט: וואַרשע — נישטאָ. ניו יאָרק — ווייט אַוועק. יידן — נישט יידן, אַפילו יידן, ווער ווייסט ווער עס איז דאָרט אַ ייד? שווער, גאָר שווער צו דערקענען דאָרט אַ ייד. און אָט תל־אביב: דעם ערשטן מענטש אָפּגעשטעלט, גע־פרעגט וואו איז רשי־גאַס, און אַוודאי איז ער געווען אַ ייד, אַלע יידן, אין תל־אביב"...

די דאָזיקע דערציילונג „אויף רשי גאַס" גיט איבער פיל מער ווי צענדליקער רייזע־אַרטיקלען, באַשריבן פון די, וואָס מאַכן נסיעות אין דער יידישער מדינה. פריילך גיט דאָ אויך איבער די ענדערונגען פון אַ טייל פרומע יידן און זייער באַציאונג צום נייעם דור אין ישראל, דער דור

פרומע יידישע יונגעלייט, וואָס פאַרלאָזן די ווענט פן דער ישיבה אין מאה־שערים, און לאָזן זיך אַוועק אויפבויען די וויסטע שטרעקעס אין נגב.

אין דעם דאָזיקן קפיצת הדרך דורך דורות יידיש לעבן, דורך די דאָזיקע פאַרשיידענע מאָטיוון, פון אַלטערטום ביז דער נייער צייט, וואָס מיר געפינען אין דעם בוך „דורות", — דערציילן פון דעם אומרואיקן געמיט פונעם יונג־פאַרשטאָרבענעם שרייבער י. פריילין.

# פרץ און די יידישע שול

(„פון פרצעס אוצר", פרץ־אַנטאָלאָגיע, צונויפגעשטעלט און פאַרטייטשט פון זלמן יעפרויקין, אַרויסגעגעבן פון דעם בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג, ניו־יאָרק, 1952)

פרץ און די יידישע שול — דאָס איז אַ באַזונדער דאַנקבאַרע טעמע. פּרצעס „חסידיש" און „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" ברענגען אַריין אַ יום־טובדיקייט, מאָמענטן פון דערהויבונג אין דער גרויער וואָכעדיקייט מיט וועלכער די יידישע שול אין אַמעריקע ראַנגלט זיך שוין מכמה יאָרן. אין די ערשטע וואָכן פון זמן, ווען ס'פאַלן אויס די ימים־נוראים, איז פרץ דער געווינטשסטער אורח, אויף וועלכן מען וואַרט ער זאָל זיך באַווייזן אין קלאַסצימער, ווי אַ שטייגער, אליהו הנביא פּסח צום סדר אין די יידישע שטיבער. פּרצעס „ניסים אויפן ים", „אויב נישט נאָך העכער" ווערן געלייענט מיט אַ פרומקייט, ווי שטיקער „פּיוט" פון מחזור . . . די דאָזיקע מעשיות פאַרמאָגן אין זיך אַ ניצוץ פון קדושה. עס ווערט וואַרעמער דורך זיי, און ליכטיקער אין יענע חשבון־הנפשדיקע טעג, צווישן ראש־השנה און יום־כיפּור, אַרום די אומעטיקע ווענט פון דער יידישער שול. דער יידישער לערער זוכט צו שטילן זיין דעמאָלטיקן נישט־פריילעכן געמיט קוקנדיק אויף די בילדער פון די קלאַסיקער, וואָס קוקן אַראָפּ צו אים פון די ווענט. און זיין אויג פאַלט אויף דעם פייערל וואָס פינקלט אין די שוואַרצע אויגן פון י. ל. פרץ . . .

דווקא די האַרבע מעשיות פּרצעס פאַרמאָגן דעם כוח צו פאַראינטערעסירן דעם יונגן תלמיד מיט דעם דורכאויס־יידישן אינהאַלט וואָס איז פאַראַן אין זיי. פרץ פאַרטראַגט ווינציקער די אַנאַלאָגיע, מ'זאָל אים קענען פאַרגלייכן צו אַנדערע ניט־יידישע שרייבער. אַפילו שלום עליכמס אידיאָמאַטישע באַרעדעוודיקייט האָט סוף כל סוף זיינע גרענעצן, שלום עליכם איז גאָר נישט אַזוי אויסער דעם גדר פון „ליטעראַטור", ווי זי ווערט פאַרשטאַנען פון די יוגנטלעכע אין די מיטלשולן, אָדער פון די „קורסאַנטן" וואָס האָבן אָנגעהויבן טועם צו זיין פון „ריינער" ליטעראַטור. פרץ איז פאַר דער יוגנט, און אויך פאַר די דערוואַקסענע, מער ווי ליטעראַטור.

אַפילו אין די רעאַליסטישע דערציילונגען פּרצעס, וואָס פאַרמאָגן משכילישע טענדענצן, — ווי, למשל, „אַ כעס פון אַ יידענע", וואָס דערמאָנט אין י. ל. גאָרדאָנס באַקלאָגן זיך אויף דער דאָליע פון דער יידישער פרוי — איז פּרץ אויך מער ווי סתם אַ שילדערער פון יידישן לעבן. דער ייד וואָס וואַרפט אין גאַנצן אַראָפּ פון זיך דעם עול פון פּרנסה, און ער היט זיך פאַר ביטול־תורה ווי פאַרן גיהנום, — אַזאַ ייד וואַקסט גאָר אויס פאַר אונדזערע אויגן. און נישט ווילנדיק באַקומט דער דאַזיקער העלד אַן אַנדער אויסזען ווי אַפילו פּרץ גופא האָט אים מכוון געווען צו שיל־דערן . . . די יוגנטלעכע פּרץ־לערנער ווערן אידעאיש באַווירקט ביים לייענען פּרצן, און זיי הייבן אָן פאַרשטיין אויך אַנדערע יידישע לימודים, דער עיקר — דעם לימוד פון יידישער געשיכטע.

דער ענין יידישקייט, דער לאַנגער יידישער גלות, די ליידן און פּיין, דער „פאַרוואָס" און „פאַרוועו" וואָס חברה יונגוואַרג, די מער טראַכטנדיקע, פרעגט אָפט אין די קלאַסן, ווערן מיט דער הילף פון פּרצן אויך נישט פאַרענטפערט אין גאַנצן; דאָך זיינען די פּרץ־מעשות אַ גרויסע הילף פאַרן יידישן לערער צו פאַרענטפערן די ספקות, דאָס פרעגן פון די מער־געראָטענע תלמידים. די פּרץ־מעשה — באַזונדערס די, פון בוך „חסידיש", און פון די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", איז נישט פאַרבונדן מיט איין באַשטימטער תקופה אין דעם גלות־לאַנגן יידישן לעבן. פּרצעס מעשיות שפּאַנען איבער צייטן און דורות. מיר לייענען וועגן אַ יידן אין אַ קליין שטעטל, טאָמאַשאָוו, ערגעץ אין אַמאָליקן פוילן, און אָט פון אַ יידן אין פאַרצייטיקן צפת, און אין אַ דריטער מעשה לייענען מיר גאָר אַזוינס וואָס פאַרלויפט זיך אין דער מדינה האָלאַנד מיט אַ יידישן פישער וואָס וואוינט אין אַ האַלב־איינגעזונקען הייזל ביים ברעג פון ים; — מיר לייענען וועגן שלמה המלך, צו וועמען מען קומט משפּטן דעם בייזן ווינט, וואָס רייסט אַרויס, אָן רחמנות, דאָס לעצטע שטיקל ברויט פונעם מויל פון אַן אָרעמער אלמנה, און — אָט דערציילט אונדז פּרץ וועגן דעם הייליקן נעמיראָווער צדיק, וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ פּויער, און וואָס זוכט אויס דווקא צו זאָגן סליחות אין שטיבל פון אַ קראַנקער פרוי, בעת ער, דער רבי, בכבודו ובעצמו, הייצט איין דעם אויוון . . . די תלמידים בלייבן זיצן געפּלעפּט. דאָס זיינען נישט סתם מעשיות דורך וועלכע מען לערנט ווי יידן האָבן אַמאָל געלעבט, געהאַנדלט, די קינדער חתונה געמאַכט און געהאַט צו טאָן מיט די גויאישע שכנים. דאָס זיינען מעשיות וואָס קומען אונדז עפּעס לערנען, וואָס צווינגען אונדז מ׳זאָל זיך וועגן זיי פאַרטראַכטן

און זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר השכל. מ׳קען גריילעך לערנען פּרצן מיט אַ ניגון ווי מען לערנט אַ שטייגער די קלוגע און מוסרדיקע רייד פון אונדזערע חכמים:

—.„שני דרכים — צוויי וועגן פירן צו זיין ליבן נאָמען, וואָס איז די נשמה פון דער וועלט און דער תוך פון דער וועלט. איז איינער פון זיי דער וועג פון שכל, אויב דער בשר ודם שאַרפט זיין מוח אין דער תורה הקדושה; און דער צווייטער — דער וועג פון האַרץ פון אַ בשר ודם, אויב ער רייניקט עס און הייליקט עס לעבודת הבורא״ . . .

דאָס איז דער אָנהייב פון „די שטומע נשמות״, וואָס איז אַ מין הקדמה צו „אַ קאַפּיטל תהילים״. דער באַס אין „די שטומע נשמות״, — איינע פון די טיפסטע און געלייטערטסטע „געשיכטן״, — רעדט צו אונדז נישט ווי אַ סתם פּאָעטיזירטער חסיד. מיר האָבן דאָס געפיל, אַז מיר הערן דאָס לויטערע קול פונעם של״ה הקודש אַליין. רייד פול פול מיט חכמה, פאַרשריבענע אין אַלטע ספרים.

***

ז. יעפּרויקין אין זיין „פּרץ־אַנטאָלאָגיע״ איז מסביר פאַר די יוגנט־לעכע, — און אויך פאַר די דערוואַקסענע וואָס האָבן אַמאָל אַריינגעקוקט אין אַ פּרק פּרץ, — דעם נישט גרינגן נוסח, דעם מעשה בתוך מעשהדיקן אופן פון פּרצעס קונסט פון דערציילן. אין דער „פּרץ־ביאָגראַפיע״, מיט וועלכער דאָס בוך עפנט זיך, באַנוגנט זיך יעפּרויקין נישט בלויז מיט די אייגענע טרעפלעכע באַמערקונגען וועגן פּרצן, נאָר ער איז משלים זיין אַרבעט מיט אויסצוגן וואָס ה. ד. נאָמבערג און ש. ניגער, זכרונם לברכה, האָבן געזאָגט וועגן פּרצן. „די פאָלקסטימלעכע געשיכטן״ האָט, דוכט מיר, ש. ניגער דער ערשטער אָנגערופן נישט קיין בוך, נאָר אַ ספר . . .

אין פּרצעס „חסידיש״ און „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״ רעדט דער ייד פון דער יידישער געשיכטע. פּרץ זעט אים אַ לעבעדיקן, און דער דאָזיקער ייד ווערט געשילדערט קינסטלעריש מיט אַלע ליבשאַפטן, וואָס דער יידישער לערער וויל אַזוי שטאַרק איבערגעבן דעם יידישן קינד. ווי אַזוי, מיט וועלכע מיטלען זאָל דער לערער זיך באַנוצן אויף איבער־צוגעבן ליבשאַפט צו יידן און יידישקייט? ווי אַזוי זאָל ער געבן צו פאַרשטיין דעם יונגן תלמיד, און דעם יוגנטלעכן, דעם זין פון יידישן קיום, דעם סוד פון בלייבן יידן דורך די אַלע יאָרהונדערטער?

נישט איין לערער קען דערציילן פון זיין דערפאַרונג בעתן לערנען פּרצן מיטן לעצטן קלאַס מיטלשול, אָדער מיט קורסאַנטן, וואָס זיינען

ממשיך זייער לערנען נאָכן פאַרענדיקן די מיטלשול, ווי יום־טובדיק, ווי דערהויבן עס איז דאָס געמיט פון לערער און די תלמידים, בעתן לערנען אַזאַ דערציילונג ווי „צווישן צוויי בערג". געוויס קומט נישט אָן גרינג, באַזונדערס דער היגער יידישער יוגנט, דאָס אויפנעמען אַזאַ עכט חסידישע זאַך. אָבער נאָכן פאַרענדיקן די דאָזיקע חסידישע נאָוועלע איז פאַראַן דאָס געפיל אַז צו דער קינסטלערישער הנאה איז צוגעקומען נאָך עפּעס. די תלמידים האָבן עפּעס געלערנט. דער ענין חסידות, מתנגדות, די תורה וואָס דאַרף זיין אַ „תורת חיים", און אַז יידישקייט דאַרף זיך אויסדריקן אין גוטע מעשים, דאָס אַלץ און נאָך ווערט אַרומגערעדט און פאַרטיפט. און די תלמידים באַנעמען צו ביסלעך, יעדער אויף זיין אופן. און דער עיקר — זיי פאַרשטייען דעם ביאַלער רבינס בקשה, ווען ער בעט ביים בריסקער רב: „רבי, פירט מיך אַרויס פון דאַנען! איך וויל נישט זיין אַליין מיט אייך! איך וויל זיין מיט כל ישראל!"

„צווישן צוויי בערג", ווי אַ סך מעשיות פּרצעס, איז אַ מין קלעטערן אויף בערג. אָבער ס'איז כדאי דאָס קלעטערן . . .

***

יעדערער געפינט אין פּרצן זיין שרייבער. ז. יעפּרויקין האָט געפונען אין פּרצן דאָס וואָס ער האָט געזוכט צו געפינען. און געזוכט האָט יעפּרויקין מער דאָס סאָציאַל־עטישע ווי דאָס ריין־קינסטלערישע. פּרץ איז, אין אַ סך פּרטים, אין דער בחינה פון דעם גוטן ייד, צו וועמען מען קומט מיט אַ קוויטל אין וועלכן מען שרייבט אַריין אַלץ וואָס ליגט אויפן האַרצן, די שווערקייט פון געמיט, ווען מען זוכט ביים רבין אַ וואָרט פון טרייסט. יעדע תקופה אין דער יידישער געשיכטע איז פול מיט זיינע טראַגישע איבערלעבענישן. און יעדער דור לערנט פון פריערדיקן. בפרט דער דור יידן וואָס לעבט נאָך אין שאָטן פון דעם גרעסטן פון אַלע קאַטאַסטראָפעס. און עס זוכט דער היינטיקער ייד אין די כתבים פון דעם אייביק־יונגן פּרץ אַן ענטפער אויף דעם צער און אויף דער פרייד, אויף די מאוימדיקע קלעפּ פון דעם רשע, און אויף דער טרייסט פון דעם אויפקום פון מדינת ישראל. און ביי פּרצן, וואָס האָט אינעם עבר געזען אויך די צוקונפט, קען מען הערן אַ סך וואָס רעדט אויך צו אונדז היינטיקע. אָפּט דוכט זיך אַז דאָס האָט פּרץ טאַקע געמיינט אונדזער אייגענעם דור, דעם דור פון נאָך מיידאַנעק . . .

דאָס סאָציאַלע און עטישע אין פּרצעס ווערק איז אויך איצט נישט מעגלעך אָפּצוטיילן. אָבער עס זיינען פאַראַן זאַכן ביי יעדן קלאַסיקער,

אין וועלכע די צייט האָט געלאָזן זיינע שפורן. ז. יעפּרויקין האָט זיך באַמיט צו דערקלערן, אַפּצווישן די דאָזיקע שטויב־שפּורן מיט פאַרקירצן דאָרט, וואו ס'איז נייטיק געוועזן, און אויסטייטשן און פאַרטייטשן די צו־שווערע עברי מיט וועלכער פּרץ איז אַזוי רייך.

ז. יעפּרויקין האָט דאָ געהאַט אַ פיל שווערערע אויפגאַבע ווי ביים צונויפשטעלן סתם אַ טעקסטבוך פאַר דער יידישער שול. אין די ביז־איצטיקע כרעסטאָמאַטיעס (בשותפות מיט ח. בעז און י. מאַרק), האָט ער אין זינען געהאַט דעם מאַטעריאַל, און ווינציקער דעם שרייבער. דאָ האָט יעפּרויקין געהאַט צו טאָן מיט די ווערק פון אין שריפטשטעלער, און דערצו נאָך אַזאַ קאָמפּליצירטן און פילזייטיקן ווי פּרץ, אַ קינסטלער וואָס האָט אויסגעשפּילט זיין וואונדערלעכן ניגון אויף אַלערליי אופנים און פאָרמען. אפשר האָבן געדאַרפט אויסגעלאָזן ווערן פון דער „פּרץ־אַנטאָ־לאָגיע" אַזעלכע זאַכן ווי „מענדל בריינעס", „דער תענית", „דער נזיר און דער פּראָם" און „די היטערין פון הייליקן פייער". פאַראַן אָבער, דאָס רוב, אַ געלונגענער אויסוואַל פון די בעסטע און רייפסטע מוסטערן פון פּרצעס ווערק.

דאָס בוך „פון פּרצעס אוצר" איז פון די געציילטע און זעלטענע אַנטאָלאָגיעס נישט בלויז פאַר דעם היגן יידישן לייענער, וועמע עס איז שווער צוצוקומען צו פּרצן און צו אַלע זיינע ווערק. אונדזער וואונטש איז, אַז ביי דער צווייטער אויפלאַגע זאָלן די פאַרשיידענע מוסטערן פון פּרצס ווערק איינגעטיילט ווערן פונעם מחבר אין באַזונדערע אָפּטיילונגען און, אויב מעגלעך, אויך מיט קורצע אַריינפירן צו יעדער אָפּטיילונג.

אַ פיינער אויפטו איז די באַזונדערע אָפּטיילונג אין בוך „פון פּרצעס געדאַנקען־וועלט". דאָ געפינען מיר אויך די „פּרץ־פונקען" וואָס פרישן אָפּ אין זכרון פון דעם אַמאָליקן פּרץ־לייענער די פאַרשיידענע פּעריאָדעס אין פּרצעס שאַפן. דאָס זיינען דעם דיכטערס אייגענע פּרושים אויף דער רייכער ליטעראַרישער ירושה וואָס ער האָט אונדז געלאָזן. און ריכטיק זאָגט עס ז.יעפּרויקין אין זיין פּרץ־ביאָגראַפיע, וואָס איז אין תוך אַ מין סך־הכל פון פּרצעס לעבן און שאַפן, — אַז „פּרץ איז נאָך היינט פאַר אונדז אַ קוואַל פון דערמוטיקונג, פון דערהייבונג". ז. יעפּרויקין האָט מיט דער דאָזיקער „פּרץ־אַנטאָלאָגיע" צוזאַמענגעשטעלט אַ מין פּרוזדור של פּרץ, ניט נאָר פאַר די קינדער און יוגנטלעכע, נאָר אויך פאַר די דערוואַקסענע, וואָס זאָלן שפּעטער קענען אויך אַריינטרעטן אין די אינעווייניקסטע, רייכע חדרים פון פּרצעס ווערק.